


ז. וויינפער

געצייכנט דורך דעם דיכטער בער האַראָוויץ (1937)

# Z. WEINPER
# SHREIBER UN KINSTLER
## (Writers and Artists)

Published by
YIDDISHER KULTUR FARBAND
(YKUF)
189 Second Avenue, New York 3, N. Y.

1958

PRINTED IN THE U.S.A.

PROMPT PRESS, 113 Fourth Ave., New York 3, N. Y.
209

# אינהאַלט

זייט


ז. ווײַנפּער (צייכענונג) — פון בער האָראָוויץ — 2
צו די לייענער — פון נ. מייזיל — 7


## I

## ז. ווײַנפּער וועגן זיך און זײַן שאַפן


דאָס פערטל־יאָרהונדערט פון מײַן ליטעראַרישער טעטיקייט — 11
מײַן וויטערדיקער גאַנג — 14
מײַן טיפסטן דאַנק — 18


## II

## יידישע שרייבער


1) י. ל. פּרץ; 2) שבת־יום־טובדיקייט — 21
שלום עליכם — 43
אַלעקסאַנדער האַרקאַווי — 51
דר. חיים זשיטלאָווסקי — 57
יעקב מילך — 63
יהואָש — 72
דוד פּינסקי — 77
מ. אָלגין — 85
שלום אַש — 98
פּרץ הירשביין — 112
יוסף ראָלניק — 115
מאַני לייב — 124
ראובן אייזלאַנד — 137
1) דוד בערגעלסאָן; 2) ביים פּאָרטרעט פון דוד בערגעלסאָן — 145
פּיניע קאַץ — 159
נחמן מייזיל — 169
ב. לאַפּין — 187
נפתלי גראָס — 193
י. י. סיגאַל — 203

אינהאַלט


יונה ראָזענפעלד — 214
יעקב מעסטל — 222
בער האָראָוויץ — 232
ב. ריווקין — 240
לייב אַליצקי — 252
שלום שטערן — 261
אבא שטאָלצענבערג — 266
ברוך אַליצקי — 271
אהרן קרישטאלקע — 278


## III

## יידישע קינסטלער


הענעך גליצענשטיין — 283
אברהם וואָלקאָוויץ — 293
אברהם מאניעוויטש — 303
א. אבראַמאָוויטש — 313
סעם אָסטראָווסקי — 319
מאָריס קאָלעם — 326
פרענק קוירק — 332
פעני ראבעל — 344


## IV

## מיטן גאַנג פון איקוף


די ערשטע צוועלף יאָר — 351
צום יום־טוב פון דער אַנטאָלאָגיע — 361
דער גאַנג פונעם איקוף — 365


---


מיין טאַטע — פון נחמה וויינפער — 378

# צו די לייענער

ערשט איצט, אָנהויב 1958, צום ערשטן יאָרצייט פון אונדזער אומפּאַרגעסלעכן ז. וויינפּער, פאַרווירקלעכן מיר זיין וואונטש און פירן אויס דעם צוזאָג פונעם ז. וויינפּער־יובל־קאָמיטעט (וואָס איז געשאַפן געוואָרן צו זיין 60־יאָריקן געבוירנטאָג, 1952), אַרויסצוגעבן דעם דריטן וויינפּער־בוך „שרייבער און קינסטלער". דאָס ערשטע בוך פון די געפּלאַנטע דריי ביכער — „אַ גאַסט אין אַמעריקע", איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין 1953, דאָס צווייטע בוך, „לייד און פרייד", איז דערשינען אין יאָר 1954, און דאָס דריטע אַנאָנסירטע בוך, „שרייבער און קינסטלער", ווערט ערשט איצט אַרויסגעגעבן. ז. וויינפּער האָט די לעצטע פּאָר יאָר און בעיקר — די לעצטע חדשים פון זיין פלוצים איבערגעריסענעם לעבן געגרייט די אָפּהאַנדלונגען פאַר דעם דאָזיקן באַנד.

די דריי ביכער — דער ראָמאַן, די לידער־פּאָעמעס און די עסייען — האָבן באַדאַרפט אַרויסברענגען די קאָלירפולע קינסטלעריש־שאַפערישע געשטאַלט פון ז. וויינפּערן, דעם דיכטער, דערציילער און פּאָרטרעטן־מייסטער. דריי, אין פלוג, באַזונדערע און פאַרשיידענע געביטן פון ליטעראַטור, אָבער וועלכע, ווי באַקאַנט, זיינען ביי ז. וויינפּערן אויף אַ וואונדערלעכן אופן פאַראייניקט געווען ווי צווייגן, וואָס וואַקסן אַרויס פון איין שטאַם. דער עפּישער עלעמענט איז געווען אַ זייער וויכטיקער אין זיין דיכטונג, ווי דער פּאָעטישער מאָמענט פּרעוואַלירט אין זיין פּראָזע, און ווי די ביידע, דער דיכטערישער און שילדערישער, פאַרנעמען אַ גאָר־וויכטיקן אָרט אין זיינע שרייבער־און קינסטלער־עסייען, וועלכע מיר ברענגען איצט צו די לייענער־פאַרערער פון ז. וויינפּערס שאַפן.

עס איז וויכטיק צו דערמאָנען, אַז נאָך צוריק מיט 25 יאָר, אין 1933, האָט ז. וויינפּער אַרויסגעגעבן זיין ערשט בוך „יידישע שריפטשטעלער", וואו עס זיינען אַריין 24 פּאָרטרעטן־אָפּהאַנדלונגען וועגן יונגע דאַן יידישע שרייבער, זיינע מיטצייטלער. מיט דריי יאָר שפּעטער, אין 1936, איז דערשינען דער צווייטער באַנד „יידישע שריפטשטעלער" מיט אָפּהאַנדלונגען וועגן יידישע שרייבער „פון אַביסל אַ פריערדיקן פּעריאָד" ווי די 24 שרייבער, וואָס וועגן זיי זיינען געשריבן געוואָרן די פּאָרטרעטן אינעם ערשטן באַנד. דער אונטערשייד צווישן די צוויי ביכער איז געווען אַ גאַנץ־באַדייטנדיקער, וואָס ז. וויינפּער גופא האָט אויף דעם אָנגעוויזן. אינעם ערשטן באַנד זיינען געווען שילדערונגען וועגן „נאָך יונגע מענטשן", וואָס „זיינען געקומען אין דער יידישער ליטעראַטור אין דער זעלבער, אָדער באַ־אומגעפּער אין דער זעלבער צייט" מיט וויינפּערן. אין צווייטן באַנד זיינען שוין די האַנדלטע שרייבער „אָפּגערוקט פון אים אויף אַביסל אַ וויטערן שטח", — זיינען שוין די אָפּהאַנדלונגען וועגן זיי נענטער צו קריטיק, ווי צו פריינטלעכע פּאָרטרעטן. אין ערשטן באַנד איז אויך אַריין אַן אויטאָפּאָרטרעט פון ז. וויינפּערן, אַ זייער כאַראַקטעריסטישער פאַר דער אַלגעמיינער זעלבסט־אויפפאַסונג פון דעם דיכטער אין יענעם פּעריאָד פון זיין שאַפן.

פאַר די איבער צוויי צענדליק יאָר, וואָס טיילן אָפּ יענע צייט, ווען די פּאָרטרעטן־קריטיקן פון די צוויי בענד „יידישע שריפטשטעלער" זיינען פאַרעפנטלעכט, ביז די יאָרן, ווען די איצטיקע פאַרשיידענע אָפּהאַנדלונגען וועגן שרייבער און קינסטלער זיינען געשריבן, האָט ז. וויינפּער, ווי אַ מענטש און דיכטער, אַרורכגעמאַכט אַ לאַנג־לאַנגן וועג.

עס איז נישט נאָר דער ווייטער צייט־מהלך, נאָר אויך די דיסטאַנץ פון וואַנדלונגען־איבער־וואַנדלונגען, וואָס די וועלט און דאָס יידישע לעבן האָבן אַדורכגעמאַכט, און בעיקר — דער לאַנגער און וויכטיקער וועג, וואָס ז. וויינפּער איז אַדורכגעגאַנגען אין זיין קינסטלעריש־אידעאָלאָגישער צילאָנגעווענדקייט און קולטור־געזעלשאַפטלעכן אויפנעמען שרייבער און שאַפן. דאָס זעט מען אין יעדער פון די איצטיקע אָפּהאַנדלונגען, וואָס ז. וויינפּער האָט געשריבן אָפּטמאָל אייליק, אויף דער הייסער מינוט, אָבער שוין מיט אַ גאָר אַנדערן צוגאַנג צו מענטש און שאַפער.

אין דעם קורצן אַריינפיר צום צווייטן באַנד „יידישע שריפטשטעלער" (1936) פּרעגט ז. וויינפּער אַליין אָפּ דעם כאַראַקטער פון זיינע פריערדיקע פּאָרטרעטן, און ער זוכט אַן אַנדערע, ערנסטערע באַצייכענונג פאַר זיינע שילדערונגען. „אַ פּאָרטרעט פון אַ מענטשן — שרייבט ער — איז סוף כל סוף נישט קיין פאָטאָגראַפיע. בשעת די פאָטאָגראַפיע רעגיסטרירט מערסטנס בלויז דאָס אויסערלעכע, זוכט דער פּאָרטרעט אַרויסצוברענגען אויך דאָס אינערלעכע און אַזוי אַרום איז דער אמתער פּאָרטרעט אויך אין אַ געוויסן זין קריטיק".

און אַוודאי איז דאָס ריכטיק און אָנגעמאָסטן פאַר זיינע אַרטיקלען, וואָס זיינען אויפגעקליבן אין דעם איצטיקן בוך. דאָ האָבן מיר שוין ערנסטע שאַרפע כאַראַקטעריסטיקעס, אַנאַליטישע אָפּהאַנדלונגען וועגן שרייבער, וועלכע ער פירט אַדורך און פירט אַרויס אין פאַרשיידענע מאָמענטן פון זייער לעבן און שאַפן און אין וויכטיקע צייט־אָפּשניטן. פּונקט ווי ער איז געוואָרן מער מאָנער פון זיך, אַזוי איז ער אויך מער מאָנער פון אַנדערע.

ז. וויינפּער איז אין זיין דיכטונג במשך פון די לעצטע צוואַנציק יאָר געוואָרן אַלץ־פאַרטיפטער, סאָציאַל־אָנגעזעטיקטער און אידייאיש־אָנגעלאָדענער. ער האָט עס קלאָר באַוויזן אין זיינע דיכטערישע שאַפונגען פאַר אָט דער צייט („פּיניע" 1939, „דאָס געזאַנג פונעם גלויביקן" 1943, „ביים גרענד קעניאָן" 1947, „פּאָעמען וועגן די נביאים" 1950, „לייד און פרייד" 1954). ער איז אויך אַ גאָר אַנדערער אין זיינע אָפּהאַנדלונגען־שילדערונגען פון יידישע שרייבער. ער איז רייכער געוואָרן אין זיין אידייאישן וועלט־באַנעם און רייפער אין זיין צוגאַנג צו מאָלן מענטשן און סיטואַציעס. דאָס זעט מען באַשיינפּערלעך, ווען מיר פאַרגלייכן די פּאָרטרעטן־שילדערונגען פון אַמאָל מיט די אָפּהאַנדלונגען־עסייען פון די לעצטע יאָרן. אַפריער איז עס געווען מער אַן אַרבייט פון אַ „ליבהאָבער"־פּאָרטרעטיסט, אַן ספּעציעלע כוונות און אַן טיפערע פאַרלאַנגען פון זיך און פון שרייבער. אין זיין אַריינפיר צום ערשטן באַנד „יידישע שריפטשטעלער" (1933) זאָגט ער טאַקע: „איך בין נישט בעסער און נישט ערגער פון די קאָלעגן, וואָס גייען אַריין אינעם ערשטן בוך, ווי אויך פון יענע, וואָס וועלן אַריינגיין אין די ווייטערדיקע ביכער". אין די לעצטע יאָרן האָט ז. וויינפּער זיך איבערגעשמידט. וועגן דעם האָט ער אונדז אויף זיין דיכטערישן אופן דערציילט אינעם אויטאָביאָגראַפישן און אויטאָפּאָרטרעטישן ווערק „פּיניע" (1939), און אין זיינע שפּעטערדיקע שאַפונגען, וואו ער האָט איבערגעגעבן וועגן זיינע זוכענישן, וואַקלונגען און שטרויכלונגען און באַזונגען זיין נייע אויפפאַסונג פון וועלט און מענטשן, ווי אויך זיין נייעם צוגאַנג צו זיך גופא, און צו זיינע קאָלעגן. שוין נישטאָ יענער גלייכגילט, וואָס ער האָט אַמאָל עס באַצייכנט ווי „נישט בעסער און נישט ערגער". ניין! איצט איז ער מער באַזיניקט געוואָרן, און מיט אָט דעם קלאָרן אויסגעשפּראָכענעם באַוואוסטזיין גייט ער צו צו זיך און צו אַנדערע, צו נאָענטע און ווייטע.

די אַלע אַרטיקלען, וואָס זיינען אָנגעשריבן די לעצטע 15־16 יאָר, וועגן די פאַרשיידענע שרייבער, — דיכטער, דערציילער, וויסנשאַפטלער, סאָציאָלאָגן — באַווייזן, אַז וויינפּער האָט געהאַט אַן אַלזייטיקע טיפע פאַרשטענדעניש פאַר די פאַרשיידענע צווייגן פון

דער יידישער קולטור און געווען שטאַרק באַהאַוונט אין דעם שאַפן און אין די אויפטועך־דערגרייכונגען פון די יידישע שרייבער, די אַלטע, עלטערע און יונגע. דער קרייז אינ־טערעסן און קענטעניש פון דעם דיכטער ז. ווײַנפּער איז באמת פיל, פיל ברייטער ווי מיר האָבן זיך פאָרגעשטעלט.

און נאָך עפּעס : ווי אַלעמאָל האָבן מיר אין די אָפּהאַנדלונגען אויך וויכטיקע שטריכן צום כאַראַקטער פון ווײַנפּערן גופא און אינטערעסאַנטע פּרטים וועגן זײַנע איבערלעבענישן אין פאַרשיידענע צײַטן און אין פאַרשיידענע סיטואַציעס, ווען ער קומט אין באַריר, אין קאָנטאַקט מיט די אַלערליי, פאַרשיידענע שרייבער און קינסטלער, וואָס ער ברענגט זיי אַרויס. דאָס גיט צו זײַנע אָפּהאַנדלונגען אַ ספּעציעלע וואַרעמקייט און אינטימקייט, זיי שלאָגן אָן היימישע, ליריש־נאָסטאַלגישע טענער און מאָטיוון, זיי ברענגען צום אויסדרוק ז. ווײַנפּערס צושטאַנד און שטימונג אין פאַרשיידענע צײַטן פון זײַן לעבן־שאַפן און זײַן גערנגל פאַר דער אויסגעשטאַלטיקונג פון זײַן דיכטערישער פּערזענלעכקייט.

---

עס איז אפשר נישט נויטיק צוצוגעבן, אַז ווען ז. ווײַנפּער אַליין וואָלט צוגעגרייט דאָס איצטיקע בוך צום דרוק, וואָלט ער זיכער אייניקע אָפּהאַנדלונגען געקירצט אָדער געענדערט. ער וואָלט אויך דאָס בוך דערגאַנצט מיט אייניקע אָפּהאַנדלונגען וועגן שרייבער און קינסטלער, וואָס ער האָט זיך ספּעציעל געקליבן, ווי מיר ווייסן, צו שרייבן וועגן זיי. מיר האָבן דעם געבראַכטן מאַטעריאַל געטיילט אין פיר טיילן :

אינעם ערשטן טייל זײַנען געגעבן אייניקע רעדעס־אַרויסזאָגונגען פון ז. ווײַנפּערן וועגן זיך גופא, וועגן זײַן שאַפן און וועגן זײַנע פּאָעטישע און קולטור־געזעלשאַפטלעכע איבערוואַנדלונגען. זיי זײַנען אַ שליסל צו זײַן דיכטערישער פּערזענלעכקייט.

אין צווייטן טייל קומען אָפּהאַנדלונגען וועגן שרייבער, וואָס ז. ווײַנפּער האָט גע־שריבן די לעצטע 15־16 יאָר. דאָס רוב פון זיי איז געווען געדרוקט אין דער „יידישע קולטור".

אינעם דריטן טייל האָבן מיר אַרטיקלען וועגן קינסטלער־מאָלער. ווי באַוואוסט, האָט ז. ווײַנפּער אַרויסבאַוויזן די לעצטע יאָרן אַ באַזונדערן אינטערעס און ליבשאַפט צו פּלאַסטישער קונסט, צו קינסטלער־פּלאַסטיקער.

דער פערטער טייל ברענגט ז. ווײַנפּערס אייניקע רעדעס־אַרויסטרעטונגען וועגן דעם איקוף, די קולטור־שאַפערישע באַוועגונג, וואָס ער איז די לעצטע צוואַנציק יאָר געווען מיט איר מיט לײַב און לעבן געבונדן און וועמען ער האָט אַוועקגעגעבן אַ שטיק פון זײַן דינאַמישן פּראָדוקטיוון לעבן.

לסוף ווילן מיר דאָ באַדאַנקען דעם פילאַדעלפיער איקוף און זײַנע לייען־קרייזן, דעם לאָס־אַנדזשעלעסער איקוף מיט זײַנע לייען־קרייזן, ווי אויך דער פריינדין ליובע האָראָוויץ, פון לאָס־אַנדזשעלעס, פאַר איר ביישטייערונג אין אָנדענק פון איר מאַן נייטן האָראָוויץ, ע״ה. אַדאַנק זייער ברייטהאַרציקער הילף און ביישטייערונגען איז מעגלעך געווען אַרויסצוגעבן דאָס דאָזיקע בוך צום ערשטן יאָרצייט פון אונדזער ז. ווײַנפּער.

נ. מייזיל

יאַנואַר, 1958.

# ביכער פון ז. וויינפּער

פון אונדזער לאַנד, פ׳ „בצלאל״, ניו־יאָרק, 1920, 98 ז״ז.
ראַטמיא, פ׳ „קונסט און בוך״, פילאַדעלפיע, 1921, 76 ז״ז.
ביי דער גרעבליע, פ׳ „קולטור״, נ״י, 1922, 128 ז״ז.
גאָלד גרין, פ׳ „די פעדער״, נ״י, 1925, 188 ז״ז.
דער באַפרייטער, פ׳ „מתנות״, נ״י, 1925, 40 ז״ז.
גילדענער האָן, פ׳ „שוואַלבן״, נ״י, 1925, 125 ז״ז.
אייגנס, פ׳ „אויפקום״, נ״י, 1929, 160 ז״ז.
געקליבענע לידער, פ׳ „אויפקום״, ניו־יאָרק, 1932, 304 ז״ז.
יידישע שריפטשטעלער, ב׳ 1, פ׳ „אויפקום״, נ״י, 1933, 158 ז״ז.
אונטערוועגנס (לידער), פ׳ „אויפקום״, נ״י, 1934, 138 ז״ז.
בירא־בידזשאַן (לידער), פ׳ „קולטור־צוייג ביים איקאָר״, נ״י,
1935, 64 ז״ז.
יידישע שריפטשטעלער, ב׳ 2, פ׳ „אויפקום״, נ״י, 1936, 158 ז״ז.
משה לייב האַלפּערן, פ׳ אויפקום״, נ״י, 1940, 124 ז״ז.
פיניע, פ׳ „אויפקום״, נ״י, 1939, 128 ז״ז.
מיטן יידישן לעגיאָן, פ׳ איקוף, ניו־יאָרק, 1942, 318 ז״ז.
דאָס געזאַנג פונעם גלוביקן, פ׳ איקוף, נ״י, 1943, 318 ז״ז.
אויף די זאַמדן פון יהודה, פ׳ איקוף, נ״י, 1946, 253 ז״ז.
ביים גרענד קעניאָן, פ׳ איקוף, 1947, 143 ז״ז.
דער גילדענער האָן, פ׳ איקוף, בוענאָס־איירעס, 1948, 173 ז״ז.
פּאַעמען וועגן די נביאים, פ׳ איקוף, נ״י, 1951, 220 ז״ז.
אַ גאַסט פון אַמעריקע (ראָמאַן), פ׳ איקוף, 1953, 308 ז״ז.
לייד און פרייד (לידער), פ׳ איקוף, נ״י, 1954, 288 ז״ז.

---

AT THE RICH MAN'S GATE—Poems by Z. WEINPER. Translated by Morton Deutsh. Published by Coward McCann, New York, 1936, 64 pp.

# דאָס פערטל־יאָרהונדערט פון מײַן ליטעראַרישער טעטיקייט

דאָס פערטל־יאָרהונדערט פון מײַן ליטעראַרישער טעטיקייט ליגט אויסגעשפרייט פאַר מיר מיט זײַנע שטרויכלונגען, דערגרייכונגען, פּײַן און שײַן, און איבער אַלץ און אַלעמען — מײַן אומרו, וואָס האָט מיך קיינמאָל ניט אָפּגעלאָזן.

אין 1915, ווען מײַן אומרו האָט אָנגעהייבן צו קומען צום אויסדרוק דורך ליד, בין איך נאָרוואָס געווען אַריבערגעקומען קיין ניו־יאָרק, און ווײַל איך האָב זיך דעמאָלט געפילט אַ צעמאָלענער אונטער דער גרויסשטאָטישער שטיינערדיקער ראָד, האָט מײַן אומרו געקוקט מיט גרויס בענקשאַפט אויף צוריק צו מײַן היים־שטעטל טריסק אין וואָלין, וואו די יידישע קבצנות האָט געטראָגן אינדערוואָכן אַ קאָרטן כאַלאַטל און שבת — אַ צעריסענע לאַסטיקענע קאַפּאָטע.

אָבער אַרום דעם שטעטל זײַנען געווען שטילע, גרינע לאָנקעס מיט זילבערנע טײַכן, וואו מען האָט געזען ווײַסע גענדז, וואָס עס האָבן געפּאַשעט געזונטע באָרוועסע מאַרוסיעס און געזונגען צוזאַמען מיט די פישער־יונגען, וועלכע האָבן געצויגן די פיש־נעצן.

איז דערפאַר אין יענער צײַט געקומען צום אויסדרוק דורך מײַן ליד דאָס שטעטל און די דערפלעך אַרום דעם שטעטל.

ניט קיין גליקלעך שטעטל איז געווען דעמאָלט. און די דערפער אַרום זײַנען אויך קיין גליקלעכע ניט געווען. און ווי האָבן זיי געקאָנט גליקלעך זײַן, אַז געווען זײַנען זיי דעמאָלט ניט מער, ווי שטיף־קינדער בײַ דער שרעקלעכער צאַרישער אימפּעריע.

אויב עס האָט זיך אַפילו דעמאָלט דורכגעריסן געזונטער אָפּטימיזם דורך מײַנע לידער, איז דאָס ניט געווען די געזונטקייט פון דעם דעמאָלטיקן לעבן, נאָר די געזונטע בענקשאַפט נאָך אַ לעבן אַ שענערס, וואָס וועט סוף כל סוף מוזן קומען.

אין מײַן דעמאָלטיקער בענקשאַפט נאָך אַ גאַנץ יידיש לעבן, האָב איך גענומען די ביקס און זיך געלאָזט אויפן וועג צו באַפרײַען פּאַלעסטינע פאַר

---

רעדע, געהאַלטן פון ז. ווײַנפּער אויף דער פײַערונג פון זײַנע 25 יאָר שאַפן (דעם 10טן נאָוועמבער, 1940, אין ניו־יאָרק).

אונדזער פֿאָלק. אָבער פּאַלעסטינע האָט זיך ניט באַפֿרײט. זי איז בלויז אײַ־בערגעגאַנגען פֿון אונטער דער טערקישער יאָך צו דער יאָך פֿון גרויס־בריטאַניע. איך האָב זיך אומגעקערט צוריק קײן ניו־יאָרק מיט דעם געפֿיל פֿון אַ מאַן, וואָס איז געגאַנגען אויפֿזוכן זײַן געליבטע און זי געטראָפֿן אין די אָרעמס פֿון אַ פֿרעמדן.

ביסלעכווײַז איז ניו־יאָרק מיר געוואָרן אײגענער. איך האָב אָנגעהױבן ליב צו קריגן די שטאָט, וואו עס האָט זיך אָנגעהויבן אויסצופֿאָרמירן אַ ייִדישע אַרבעטערשאַפֿט, און מײַן ליד האָט אָנגעהויבן צוצולײגן אַן אויער.

אַ שטיק צײַט איז דאָס געווען ניט מער, ווי צוגעלײגט אַן אויער צו דער טיר פֿונעם היגן ייִדישן אַרבעטער און פֿאָלקס־מענטש.

פֿאַרוואָס איז דאָס געווען ניט מער, ווי אַ צוגעלײגטער אויער?

אַ ביסל איז דאָ געווען די שולד פֿון די גלײַכגילטיקע שומרים צו דער ייִדישער ליטעראַטור. זײ, די שומרים, זײַנען געשטאַנען בײַ דער טיר פֿון אונדזער ייִדישן פֿאָלקס־לעבן און מיט זײער גלײַכגילטיקער באַציאונג האָבן זײ ווי אָפּגעטריבן. עס איז אָבער אויך געווען היפּש אונדזער שולד. מיר האָבן געדאַרפֿט זײַן אַגרעסיוו קעגן די שומרים.

מיר זײַנען דאָס אָבער ניט געווען. איז דערפֿאַר אין יענער צײַט מײַן ליד געווען כאָטש שוין ניו־יאָרקיש־ייִדיש, אָבער דאָך אַ זײַטיקס און אַן אײנזאַמס.

אין יענער צײַט האָב איך זיך אין אײנס פֿון מײַנע לידער געקלאָגט, אַז איך האָב אַ קול, נאָר קײנער דערהערט דאָס ניט.

דער ליטעראַטור־קריטיקער ש. ניגער האָט מיך אַפֿילו געטרײסט אין זײַנעם אַ וואַרעמען אַרטיקל וועגן מיר, אַז איך האָב זיך ניט אויף וואָס צו באַקלאָגן, וואָרים מײַן קול דערהערט מען יאָ, אָבער די טרײסט איז פֿאַר מיר קײן טרײסט ניט געווען, וואָרים איך האָב געוואוסט, אַז ניגער האָט געמײנט די יחידים־פֿײַנשמעקער, און מיר האָט זיך געבענקט ניט נאָך זײ, נאָר נאָך דער גרויסער ייִדישער מאַסע, פֿון וועלכער איך קום אַרויס און אין וועלכער איך פֿיל זיך, ווי אַ ניט אָפּגעטײלטער טײל.

הײַנט שטײ איך ניט מער מיט מײַן אויער בײַ דער טיר, נאָר איך בין אינעווײניק. איך פֿיל זיך גוט צו זײַן אײנער פֿון דער מאַסע, — אַ פֿעדעמל אינעם גרויסן געוועב, וואָס הײסט: ייִדיש פֿאָלקס לעבן.

דער קאַמף פֿון דער מאַסע איז הײַנט מײַן קאַמף. אירע האָפֿענונגען זײַנען מײַנע האָפֿענונגען, און עס איז מיר גוט צו וויסן, אַז מײַן קול ווערט הײַנט דערהערט דערפֿאַר, ווײַל מײַן קול איז איצט אויך דאָס קול פֿון דער ייִדישער מאַסע, וואָס קעמפֿט און וועט ניט אויפֿהערן צו קעמפֿן פֿאַר אַ בעסער און שענער לעבן אויף דער ערד.

אין סאַמע אָנהייב פון מיין פערטל יאָרהונדערט אין דער יידישער לי־טעראַטור האָב איך געפילט אויף זיך די שטאַרקע האַנט פון דעם גרויסן אומ־פאַרגעסלעכן דיכטער און פריינט מיינעם משה לייב האַלפּערן, — זאָל דער־פאַר דאָ היינט דערמאָנט ווערן זיין נאָמען מיט ערפורכט.

דאָס יאָר ניינצן־ניין־און־צוואַנציק איז פאַר מיר געווען אַ געשעעניש. איך האָב זיך באַקאַנט און זיך באַפריינדט מיט דוד בערגלסאָן און עס איז געווען ער, וועלכער האָט מיין פּנים אַ קער געטאָן צו דעם קאַמף פון דער לינקער אַרבעטער באַוועגונג דאָ אין אַמעריקע. שפּעטער האָב איך געפילט אויף זיך דאָס וואַרעמע ליכטיקע אויג פון דעם אומפאַרגעסלעכן מ. אָלגין.

איך בין ניט מער אויף קיין זייטיקע סטעזשקעס, נאָר אויף דעם ברייטן טראַקט, דעם טראַקט, וואו מען זיצט ניט קיין וויינענדיקע און קיין קרעכצנ־דיקע און מען וואַרט אויף עפּעס אַ משיח, נאָר וואו מען רייסט אַליין פון זיך די קייטן און מען שפּאַנט פאָראויס מיט שטאָלצע און דרייסטע טריט, זייענדיק אַליין די אייגענע משיחים.

אַ שווערער גאַנג דורך שאָטן צו ליכט, און איך בין גליקלעך צו זאָגן, אַז איך זע איצט, אַפילו אין די שווערסטע טעג אונדזערע, אַ סך מער ליכט, ווי איך האָב דאָס געזען ביים אָנהייב פונעם פערטל־יאָרהונדערט.

איך פיל זיך אויך איצט אַ סך גליקלעכער מיט מיין שרייבן. איך פיל זיך גליקלעך מיט מיין אַרבעט אינעם איקוף. מיין וואָרט גייט איצט אויף דורך צוויי ריינע און לויטערע פאָלקס־אָרגאַנען — די „מאָרגן פרייהייט" און דער זשורנאַל „יידישע קולטור" פון אונדזער איקוף.

מיין וואָרט ווערט איצט דערהערט, ווייל עס איז דאָס וואָרט פון פאָלק צוריק אין דעם פאָלק אַריין.

איך הייב אָן דאָס צווייטע פערטל־יאָרהונדערט פון מיין ליטעראַרישער און געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט מיט אַ סך ליכטיקערע האָפענונגען פאַר אַ ניי שיין לעבן פון אונדזער אייגן יידיש פאָלק צוזאַמען מיט אַלע פעלקער אויף דער ערד.

.1940

# מיין ווייטערדיקער גאַנג

חשובע פֿאַרזאַמלטע:

אײנעם ליכט פֿונעם כבוד, וואָס איר גיט מיר היינט אָפּ, וואַקסט אויס מיין ביז איצטיקער גאַנג אין אַ חשיבות, אין ווערלכער איך אַליין בויטיק זיך, כדי צו דערמוטיקן מיינע טריט ממשיך צו זיין דעם זעלבן גאַנג אין מיינע ווייטער־דיקע יאָרן.

עס איז קלאָר, אַז ניט גרינג איז דעם שאַפֿערישן מענטשן, וועמענס שאַ־פֿונג איז ניט געמיינט, כדי צו קריגן פֿאַר זיך אַ גרעסערע שטיק עולם־הזה, נאָר איז אַ שליחות, וואָס איז פֿאַרבונדן מיטן גערענגל פֿונעם לעבן זיך צו באַפֿרייען פֿון די אומגערעכטיקייטן, וואָס בינדן דעם די הענט און די פֿיס און פֿאַרסאַזשען דעם דאָס פּנים. אַזאַ שעפֿערישקייט איז מערסטנס קעגן ווינטן און זאַווערוכעס, און לאָזן זיי וויען ניט ווען דיך אויף אַ ווייל אָפּ, איז דער וועג סיי ווי מיט אָנגעגליטן זאַמד, וואָס ברענט און צעבריענט ניט איין מאָל די טריט.

בלויז דער טיפֿער גלויבן אין דער שליחות, וואָס דו טראָגסט אין זיך, גיט דיר כּוחות ניט אַנידערצופֿאַלן אינמיטן וועג.

אָבער אָט דער גלויבן איז ניט אַזוינס, וואָס קאָן געגנערט ווערן בלויז פֿונעם אייגענעם קוואַל אין זיך, וואָרים עס איז אין דער אמתן גאָר ניטאָ אַזאַ קוואַל, וואָס שלאָגט נאָר פֿון זיך אַליין און איז ניט אויסשעפּלעך. אויב זיינע אָדערן זיינען ניט פֿאַרוועבט אויך מיט די אָדערן פֿון אַנדערע, מוז ער זיך אויסשעפּן. בלויז דורך פֿאַרוועבונג מיט אַנדערע איז זיין שפּרודלדיקער כּוח אין דער שליחות, און דערהאַלט דעם גלויבן אין אַלע שווערע וועטערן און קלימאַטן.

אַזאַ מסיבה, ווי די היינטיקע פֿאַר מיין כּבוד וועגן, איז בויטיק פֿון צייט צו צייט פֿאַר יעדן איינעם פֿון אונדז, וואָס גייט ניט איבערן וועג פֿונעם לעבן גלאַט אַזוי שפּאַצירן, נאָר גייט מיט אַ מיסיע, כדי אָנצוקומען צו אַ באַשטימטן אָרט אויסצולאָדן פֿון זיך דאָס אָנגעלאָדענע, און באַלד טאַקע אויפֿן זעלבן אָרט זיך אָנצולאָדן אויפֿסניי.

אַזאַ מסיבה, ווי די היינטיקע פֿאַר מיין כּבוד וועגן, פֿאַרשטאַרקט אין מיר דעם באַוואוסטזיין, אַז די אָדערן פֿונעם כּלל זיינען צונויפֿגעוועבט מיט מיינע,

---

רעדע, געהאַלטן אויפֿן פֿייערלעכן באַנקעט צו זיין 60סטן געבוירנטאָג, זונטיק, דעם 4טן אָקטאָבער, 1953.

און אַז די שליחות, וואָס איך טראָג דורכן וואָרט איז ניט בלויז מיינע אַ פּער־זענלעכע, נאָר איז די שליחות פונעם כלל, פונעם ציבור.

פאַר אַט־דעם פאַרשטאַרקטן באַוואוסטזיין אין מיר, בין איך פול מיט דאַנק צו אייך, און עס איז ביי מיר גאָר קיין ספק ניט, אַז ניט איין מאָל וועט מיין האַרץ אייך שיקן דעם זעלבן דאַנק, ווען עס וועט אויף די ווייטערדיקע וועגן זיך אָנשלאָגן אָן אַ ווינט, וואָס וועט עס פּרובירן אַ פּריר צו טאָן, אַ זאַווערוכע, וואָס וועט זיך באַמיען עס פאַרגליווערן, אָדער אַ שווערער וואָלקן, וואָס וועט פּרובירן פאַרציען די נעץ פון אומעט און איינזאַמקייט אַרום דעם. איך ווייס, אַז ביי אַזעלכע שווערע נסיונות וועט אויפשיינען די היינטיקע מסיבה פון ליבשאַפט, און ניט נאָר וועט איר זיי פאַנאַנדערטרייבן, נאָר איר וועט זיך צעשיינען, ווי אַ גליענדיקער קאַיאָר פאַר מיינע טריט.

איך ווייס, אַז עס איז ניט דווקא די ציפער 60, וואָס האָט אייך אַהער צונויפגעבראַכט, נאָר עס איז אונדזער אַלעמענס געפעק, וואָס איך, אייער שליח, טראָג פאַנאַנדער איבער די וועגן פון אונדזער לעבן, האָט אייך צו־נויפגעבראַכט. ווײַל איך דערפאַר די ציפער 60 אינגאַנצן איגנאָרירן און בע־סער פאַנאַנדערפּאַקן דאָס געפעק, וואָס איז אונדזער אַלעמענס און לאָמיר אַ קוק טאָן אויף דעם.

גלייך ביים בראשית פון מיין שרייבן, ווען איך בין געווען קוים אַ צוואַנ־ציקער, האָב איך אָרגאַניזירט אַ גרופּע אָנהויבער און גענומען אַרויסגעבן אַ ליטעראַרישן זשורנאַל „אָנהויב", וואָס איז איין צייט געווען די טריבונע פאַר אָנהויבער וואָס זיינען דערנאָך געוואָרן שרייבער מיט נעמען, און וואָס זיינען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען דערנאָך אין פאַרשיידענע דרכים. ווען מען איז אַרויס פון די וויקעלעך און מען איז שוין ניט געווען מער קיין אָנהויבער, איז דאָס געווען דער זשורנאַל „אויפקום", אַרום וועלכן עס האָבן זיך גרופּירט אַלע יענע שאַפערישע כוחות, וואָס האָבן דערקלערט קריג די ירידה־שטימונגען אין אונדזער דעמאָלטדיקער יידישער פּאָעזיע, וואָס איז דערגאַנגען אַזש ביז צו דער גלאָריפיצירונג פון „אומקום" ביי אַזאַ דיכטער, ווי עס איז ה. לייוויק.

געווען גוט צו פילן אַרום זיך אין נאָענטקייט די כוחות פון משה לייב האַלפּערן, בערל לאַפּין, און אויף לאַנגע לעבעדיקע יאָר דעם אָפּטימיסטישן כוח פון דעם דיכטער ב. י. ביאַלאָסטאָצקי.

עס איז מיר גוט צו טראַכטן, אַז דער זשורנאַל „אויפקום" האָט שוין אין יענע יאָרן געהאַט אין זיך די קערנדלעך, וואָס זיינען דערנאָך אויפגעגאַנ־גען צוזאַמען מיט דער שפּע׳דיקער זריעה, וואָס דער יידישער קולטור־קאָנגרעס אין פּאַריז האָט פאַרזייט אין אונדזער לעבן, ווען עס איז געבוירן געוואָרן אונדזער באַליבטער „איקוף".

און וואָס איז דער איקוף אויב ניט די קאָנצענטרירונג פון יענע שאַפנדי־

קע, און בליענדיקע כוחות אין אונדזער יידישן לעבן, וואָס זייערע קוואַלן זיינען ניט קיין אָפּגעזונדערטע, נאָר זיינען פאַרוועבטע דורך זייערע אָדערן איינע מיט די אַנדערע?

זשיטלאָווסקי און אַלגין, וואָס זיינען געווען מענטשן מיט באַזונדערע אָנשויאונגען אויף דעם געביט פון פּאָליטיק, זיינען אָבער געווען פאַרוועבט איינער מיטן צווייטן אין זייער שפּרודלדיקן שאַפן און בויען אונדזער יידיש קולטור־לעבן. אַזוי איז מיט אַ סך אַנדערע, וואָס שטייען ביי דער איקוף־אַרבעט. און דערפון איז קלאָר, אַז בלויז טויבע קאָנען דאָס ניט דערהערן, און בלינדע קאָנען דאָס ניט דערזען, — אַז ניט די, אָדער יענע פּאָליטיש־אויסגעשפּראָכענע אידעאָלאָגיע איז דער דאָמינירנדיקער כוח אינעם איקוף. און די, וואָס זוכן צוצובינדן דעם איקוף צו דער אָדער יענער באַשטימטער פּאַרטיי־אידעאָלאָגיע זיינען אָדער בלינדע און טויבע, אָדער פּשוט באַוואוסט־זיניקע בלבול־מאַכער און מוסרים, פאַר וועלכע די קולטור פון אונדזער פאָלקס־לעבן איז בלויז אַ שילד צו באַהאַלטן הינטער איר זייער פּוסטקייט און ציניזם.

עס איז ביז גאָר פיינלעך צו זען, ווי מענטשן, וואָס קלאָגן ביי יעדער געלעגנהייט וועגן דעם שווערן גורל פון אונדזער יידישער קולטור טראַכטן אויס ניט געשטויגענע בלבולים אויפן איקוף, כאָטש זיי ווייסן, אַז דער זשור־נאַל און ביכער אונדזערע זיינען לעבעדיקע עדות קעגן זייערע היפּאָקריטישע אויסטראַכטענישן.

מיט אַ צייט צוריק שטעלט מיך אָפּ אין גאַס אַ ציוניסטישער עסקן, אַן אַלטער באַקאַנטער מיינער, מיט וועמען איך בין געווען צוזאַמען אין דעם יידישן לעגיאָן קעגן די טערקן אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, און צעטענהט זיך:

— סטייטש, סטייטש, איר, זישע ווינפּער, וואָס איר זייט פאַרוואָרצלט אין דער יידישער טראַדיציע, — ניט נאָר זייט איר געווען אין דעם יידישן לעגיאָן, נאָר האָט אויך געשריבן אַזעלכע וויכטיקע פּאָעמעס וועגן ישראל, וואָס זיינען איבערגעזעצט געוואָרן אין העברייאיש, זאָלט איצט שטיין מיטן רוקן צו אונדזער מדינת־ישראל?

אָט אַזוי האָט ער זיך צעטענהט, און זאָל מיר דערלויבט זיין היינט אי־בערצוחזרן דאָס, וואָס איך האָב אים געענטפערט:

— שקר וכזב, אַז איך שטיי מיטן רוקן צו מדינת־ישראל! דער פאַקט, וואָס מיר איז דערווידער די רעאַקציאָנערע איינשטעלונגען פון די איצטיקע הערשנדיקע עלעמענטן דאָרטן, איז דווקא דער בעסטער באַווייז, אַז מיין האַרץ קלאַפּט מיט טיפער ליבשאַפט צו אונדזער אויסגעבענקטער מדינה און צו אונדזער ליידנדיקן פאָלק אין איר! — האָב איך אים אַריינגעשריגן

אין פּנים אַרײַן, און דערבײַ צוגעלײגט:

— און אַז מיר איז דערװײַדער דער מעקאַרטיזם און דער מעקערײַזם אין מײַן אײגן לאַנד, איז דען מײַן האַרץ ניט אָנגעפילט מיט טיפער ליבשאַפט צו מײַן אַמעריקע?

אָט דאָס איז געװען מײַן אױפריכטיקער ענטפער.

ליבשאַפט צו אַלץ, װאָס איז שאַפעריש און בױיענדיק איז דער דאָמי־נירנדיקער כוח אינעם גאַנג פון מײַנע טריט, און װײַל אָט־די ליבשאַפט איז אױך דער דאָמינירנדיקער כוח פון אונדזער איקוף, איז דערפאַר מיר גוט צו טראָגן דאָס געפעק, און עס איז אַ מחיה הײַנט אױנט דאָס פאַר איך פאַנאַנ־דערצופּאַקן, װי איך פּאַק דאָס פאַנאַנדער אומעטום, װאו איך באַגעגן זיך מיט ייִדישע פאָלקס־מענטשן, אין װעמעס געמיטער עס איז דאָ די זעלבע ליבשאַפט צום שאַפנדיקן און בױיענדיקן.

טױזנטער לעבעדיקע עדות זײַנען איבער ייִדישע ישובים װעגן מײַן ליבשאַפט צו דעם ייִדישן שאַפנדיקן װאָרט.

אין אָט אַזעלכע באַגעגענישן, װי די הײַנטיקע גײט אױף מײַן גלױבן אין גאָר אַ באַזונדער ליכט, — אַ ליכט, װאָס בלענדט מיט מענטשלעכער דער־הױבנקײט און חשיבות, — מיט דערהױבנקײט און חשיבות פון דעם לעבע־דיקן, שאַפנדיקן ייִדישן פאָלק.

אינעם ליכט פונעם כבוד, װאָס איר גיט מיר הײַנט אָפּ, באַגריס איך אײַך, טײַערע פאַרזאַמלטע, און גיב דעם טיפסטן דאַנק צו דעם ניו־יאָרקער איקוף שטאָט־קאָמיטעט, װאָס האָט די הײַנטיקע יום־טובדיקע באַגעגעניש מעגלעך געמאַכט. מײַן טיפסטן דאַנק אױך צו אַלע די, װאָס האָבן מעגלעך געמאַכט די דערשײַנונג פון מײַן בוך „אַ גאַסט פון אַמעריקע" צו דער הײַנ־טיקער באַגעגעניש, און צו אַלע אַנדערע, װאָס מאַכן מעגלעך די דערשײַנונג פון מײַנע װײַטערדיקע ביכער, דורך װעלכע עס קומט צום אױסדרוק מײַן ליבשאַפט צו מײַן פאָלק אומעטום, װאו עס געפינט זיך, און צו מײַן לאַנד אַמעריקע, װאו איך בין געװאַקסן, זיך געריפּט און געװאָרן, װאָס איך בין.

בײַ דער געלעגנהײט װאָלט זיך געװאָלט אָנרופן נעמען, אַ צאָל ביז גאָר נאָענטע און אײגענע נעמען, װאָס האָבן אין די אַלע שװערע יאָרן מיר גרינגער געמאַכט דאָס געפעק, און דערמוטיקט מײַנע טריט, אָבער דאָס װאָלט צוגע־נומען צופיל צײַט.

אַ באַזונדערן דאַנק מײַן פרוי זיטע, װאָס גײט־מיט מיט מיר די אַלע יאָרן, און מיט איר טיפער פאַרשטענדעניש און ליבשאַפט פאַרלײַכטערט זי מיר מײַן גאַנג, און באַזונדער פאַר איבערנעמען מײַן חלק אין דער דערציאונג פון אונדזער טאָכטער נחמהלע, אין װעמעס טײַער האַרץ עס דאָמינירט די רײַנע ליבשאַפט צום לעבן און צו מענטשן.

.1953

# מיין טיפסטן דאַנק

מיין טיפסטן דאַנק צו די אָרגאַניזירער פון די יובילײ־קאָמיטעטן און די אָנטײלנעמער אין זיין פאַר דעם כבוד פון באַצייכענען מיינע זעכציק יאָר מיט אַזעלכע האַרציקע יום־טובים אין אַזוי פיל ערטער, און דער עיקר פאַר דעם באַשלוס אַרויסצוגעבן דריי פון מיינע ביכער, פון וועלכע דאָס ערשטע „אַ גאַסט פון אַמעריקע" איז שוין אין פאַרשפּרייטונג, דאָס איצטיקע, וואָס איז שוין דאָס צווייטע, „ליד און פרייד", און דאָס דריטע, „יידישע שרייבער און קינסטלער", ווערט געגרייט צום זעצן.

מיין וואַרעמסטן גרוס צו די וואָרט־און פען־קאָלעגן פון הי און פון אַנדערע לענדער פאַר די ברכות צו מיר.

איך הער דורך זיי דאָס קול פון יידישער שעפערישקייט אויף אונדזער אייגן יידיש לשון, וואָס איז נאָך דער מוראדיקסטער קאַטאַסטראָפע אין אונדזער געשיכטע, להכעיס אַלע בייזע ווינטן, נאָך אַלץ אַזוי קרעפטיק שעפעריש און פול מיט בטחון.

דער מוראדיקער שטורעם, וואָס האָט זיך דורכגעטראָגן איבער אונדזער דור און אַזוי פיל בוימער אַרויסגעריסן ביי אונדז מיט די וואָרצלען, האָט דאָך ניט באַוויזן מיטצושלעפן מיט זיך דעם גאַנצן וואַלד, און פאַרשטומען אַלע זינגענדיקע פויגל.

אַוודאי פילן זיך די איבערגעבליבענע בוימער שווער פאַריתומט, און אינעם געזאַנג פון די געבליבענע פויגל הערט זיך ניט איין מאָל דער טיפער ציטער־צאַפּל פון געוויין אויף די, וואָס זיינען אַזוי גרויזאַם אָפּגעשניטן געוואָרן פון אונדז. אָבער דאָס פאַרשניטענע וויגט זיך אום אין דער רוים, ווי דאָס קול פון אַ צוואה, וואָס דערמאָנט און מאָנט, און דערמאָנענדיק און מאָנענדיק געפינט עס אַ תיקון אין דעם קול פון דעם איבערגעבליבענעם, וואָס איז ממשיך דעם המשך ניט נאָר פאַר זיך אַליין, נאָר אויך פאַר דעם אומגעקומענעם.

ווי און ווינד איז אונדז, די איבערגעבליבענע אינעם לעבן, נאָך אַזאַ מוראדיקן שטורעם צו טרעטן איבער די חורבות. ניט איין מאָל ציטערן ביי אונדז די קניען פונעם געוויין אין די טריט, דאָך טרעטן מיר, און אין אונדזער

אַן אויסצוג פונעם אַריינפיר צום בוך „ליד און פרייד", ניו־יאָרק, 1954.

עקשנות זיינען אונדזערע הענט איינגעקלאַמערט אויף די אַקער־אייזנס איבער דער חרובער ערד פאַר ווייטערדיקן פאַרזיי. מיר אַקערן און פאַרזייען אין אונדזער טיפסטער לייד מיט דער האָפענונג אויף פרייד. און אָט די האָפענונג בלאָזן מיר פאַנאַנדער מיט דעם גאַנצן אָטעם אונדזערן אין אַ גלויבן, וואָס שטעלט זיך אַנטקעגן יעדער בוכהאַלטערישער לאָגיק.

אונדזער גלויבן לאָזט זיך ניט אויסלעשן פון קיין שום שטורעם־ווינטן אַפילו אין יענע לענדער, וואו אונדזער איבערבלייב איז ניט מער, ווי אַ פּאָר מנינים, — בפרט אין די יידישע קאָמפּאַקטערע ישובים, וואָס זיינען נאָך דאָ אין אַזוי פיל לענדער איבער דער ערד. אונדזער גלויבן שטאַרקט אונדז מיט דער טרייסט, אַז בשום אופן איז נאָך ניט אויסגעטריקנט געוואָרן דער קוואַל פון יידישער שעפערישקייט, — אַז ממשיך זיין וועט זיך דאָס אומעטום: אין אַלע לענדער פון אייראָפּע, אין די לענדער פון דעם אַמעריקאַנישן קאָנטינענט, אין אונדזער אייגן גרויסן און באַליבטן לאַנד, וואו עס געפינט זיך איצט דער רוב מנין ובנין פון אונדזער פאָלק, און אַז אויך אין אונדזער מדינת ישראל וועט די שעפערישקייט אויף אונדזער יידיש לשון האָבן איר אָרט זייט ביי זייט מיט העברייאיש — איר עלטערע שוועסטער פון די זעלבע טאַטע־מאַמען.

מדינת ישראל איז אונדז ליב און טייער, ווייל ליב און טייער איז אונדז דער עיקר עם־ישראל.

ווי זכיהדיק עס איז צו לעבן, שאַפן און בויען, ווען עס איז דאָ מיט וועמען און פאַר וועמען, און אַז עס איז בפירוש דאָ מיט וועמען און פאַר וועמען, באַווייזט מיר קלאָר די באַציאונג צו מיר ביי מיינע זעכציק יאָר.

פיל איך זיך טאַקע דערפאַר ביז גאָר זכיהדיק, און פאַר אָט דער זכיהדיקייט, וואָס איך פיל איצט אין זיך, — אַ דאַנק! אַ דאַנק!

.1954

# י. ל. פרץ

## א.

אַ פערטל־יאָרהונדערט, אַז י. ל. פרץ איז פיזיש מער נישטאָ מיט אונדז. שוין אַ פערטל־יאָרהונדערט!

אַז איך מאַך צו די אויגן, דאַכט זיך מיר אויס, אַז ערשט דאָ נישט לאַנג איז אָנגעקומען די ידיעה קיין ניו־יאָרק וועגן זיין טויט, און סאַראַ רושם אָט־די ידיעה האָט דעמאָלט געמאַכט!

אין אייראָפּע האָבן אויך דעמאָלט, ווי איצט, געדונערט די קאַנאָנען, און דאָס דונערן האָט אָפּגעהילכט אין אונדזערע הערצער דאָ אויף דעם אַמע־ריקאַנישן קאָנטינענט. אָבער דער שטאַרקסטער און שרעקלעכסטער עכאָ איז געווען אָט־די ידיעה. פריער האָבן מיר געהערט, אַז אונדזער גרויסער מייסטער איז צוזאַמען מיט זיין נאָענטסטן פריינט יעקב דינעזאָן פאַרנומען מיט רעטונגס־אַרבעט. די ראָד פון אונדזער געשיכטע האָט מיט אירע איי־זערנע ציין זיך נישט אויפגעהערט איינצובייסן אין אונדזערע לייבער, און פרץ מיט דינעזאָנען זיינען געשטאַנען מיט באַנדאַזשן אין די הענט און האָבן געזוכט איינצוהאַמעווען דאָס פליסנדיקע בלוט. ספּעציעל האָבן זיי געזוכט צו ראַטעווען די היימלאָזע קינדער, און אויב אונדזער גרויסער מייסטער האָט צו יענער צייט ווען נישט וועז, געגומען די פען אין האַנט, איז דאָס געווען אויפצושרייבן אַ ליד אויף צו טרייסטן און באַרואיקן דאָס יידישע, היימלאָזע קינד.

פלוצלינג די ידיעה, אַז ער איז געפאַלן אינמיטן אָט־דער גרויסער און הייליקער אַרבעט, און טויזנטער, טויזנטער ווערן אויפגעטרייסלט פון טיפן צער.

עס טרויערן אויך אַזעלכע מענטשן, וואָס האָבן דעם נאָמען פרץ פריער זעלטן אַרויסגעבראַכט. וואָרום דער נאָמען פרץ איז שוין אויך דע־מאָלט ביים פאָלק געווען פיל מער, ווי דער נאָמען פון אַ גרויסן שריפט־שטעלער, וואָס מען זאָפּט איין אין זיך בלויז, ווען מען לייענט זיינע ווערק. עס איז געווען דער נאָמען פון דער גרעסטער פערזענלעכקייט, וואָס דער דור האָט אַרויסגעבראַכט. דער נאָמען פרץ איז שוין געווען אין אונדזער לופט, און מען האָט אים געפילט מיט אַלע חושים אומעטום.

עס שטייט אויף דער אומפאַרגעסלעכער זכרון־אָוונט, וואָס איז דורכ־געפירט געוואָרן אין קאַרנעגי האָל.

איך פיל נאָך איצט די איינדרוקספולע רעדע פון דר. חיים זשיטלאָווסקי.

עס שטייט פאַר די אויגן שלום עליכם מיט זיין צעבראָכנקייט און דערשלאָגנ־קייט אויף דער בינע.

אין די אויערן קלינגט נאָך איצט אַזוי פריש אַש'ס פּאַטאָסדיקער אויסרוף:

— איצט, אַז די יידישע ליטעראַטור האָט שוין אַזאַ קבר, איז זי טאָפּל־דיק געהייליקט אויף דער ערד, און קיינער וועט שוין נישט וואַגן אויפצו־הויבן אַ האַנט קעגן איר!

עס האָבן אויף יענעם אָוונט אויך נישט געפעלט קיין בעל־דרשנס, וואָס האָבן אַ קליינע שייכות געהאַט מיט דער געשעעניש. דר. שמריהו לעווין האָט געשפּרודלט מיט מגידות ווענן פּרצן און ציוניזם. אַב. קאַהאַן האָט גערעדט גלאַט אין דער וועלט אַריין, און ש. יאַנאָווסקי איז געווען אָפּנהאַרציק, אַז ער איז זייער ווייניק באַקאַנט מיט פּרצעס ווערק, נאָר וואָס־זשע דען? ער ווייסט, וואָס דער נפטר איז געווען פאַר דעם יידישן פאָלק, און דערפאַר שליסט ער זיך אָן אין דעם אַלגעמיינעם טרויער.

און עס זיינען געווען די רעדעס פון די לעצטע, וואָס האָבן אויפגעברויזט משה לייב האַלפּערנס היים, דיכטעריש, געמיט אויסצוהאַמערן זיין באַרימט, פּאַטעטיש און סאַטיריש ליד אויף פּרצעס טויט.

## ב.

ערשט אַ פערטל־יאָרהונדערט!

לויט די איבערלעבונגען פון דעם יידישן פאָלק זינט פּרצעס טויט זיינען דאָס שוין הונדערטער יאָרן. לויט דעם מהלך, וואָס אונדזער יידישע ליטע־ראַטור האָט דורכגעמאַכט, זינט ער, איינער פון אונדזערע ערשטע און גרעסטע קלאַסיקער, האָט צוגעמאַכט די אויגן, איז דאָס שוין אַזוי ווייט, אַזוי ווייט.

היינט די ענדערונגען, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין אונדזער לעבן זינט ער האָט אונדז פיזיש פאַרלאָזן!

און דאָך איז די פּרץ־פיגור נישט נאָר נישט פאַרשאָטנט געוואָרן דורך אָט־די ענדערונגען, נאָר, אדרבה, זי שיינט און צעשיינט זיך, וואָס־ווייטער אַלץ לויטערער און לויטערער.

מיט יעדן נייעם יאָר גייט זי אויף איבער אונדז אין אַלץ העכערע הויכן, און מיר ווערן קיינמאָל נישט מיד צו פאַררייסן די קעפּ צו אָט דער הויכקייט.

שוין אַ פערטל־יאָרהונדערט? און ערשט אַ פערטל־יאָרהונדערט?

אָט זיץ איך איצט און שרייב אָט־די שורות, און מיין קאָפּ דרייט זיך ווי אַ ראָד.

פון איין זייט, דאַכט זיך מיר אויס, אַז ערשט דאָ נישט לאַנג האָב איך אים געזען אין דער וואַרשעווער אָפּערע ביי אַ פאָרשטעלונג פון „קאַרמען“,

אַז ערשט נישט לאַנג צוריק בין איך געזעסן אַ פֿאַרכשופֿטער אין דעם וואַר־שעווער „פילהאַרמאָניע״, געקוקט אויף אים און געשלונגען יעדעס וואָרט פון זיין לעקציע וועגן זיין „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק״, און פון דער צווייטער זייט גלויבט זיך מיר נישט, אַז דאָס איז געווען אין דערווירקלעכקייט. עס דאַכט זיך אויס, אַז דאָס איז געווען נישט מער, ווי אַ חלום, וואָרום עס איז דאָך שוין אַזוי לאַנג, אַזוי לאַנג, אַז דער נאָמען פּרץ איז איינגעוועבט אין מיין געמיט, ווי עס זיינען איינגעוועבט אין מיר די נעמען פון די אבות אין חומש, די נעמען פון די נביאים אין תנ״ך, די נעמען פון די תנאים און אמוראים אין דער גמרא. איז ווי־זשע איז דאָס מעגלעך, אַז איך זאָל טאַקע האָבן געזען פּרצן מיט מיינע אייגענע אויגן און געהערט זיין קול מיט מיינע אייגענע אויערן?

אַט לאָז איך איבער די פּען איבערן פּאַפּיר, און כאַפּ אַ קוק אויף זיך אין שפּיגל.

עס איז אמת, אַז עס איז שוין פאַראַן גרוי ביי מיינע שלייפן, אָבער בלאָנדקייט איז נאָך אַלץ דאָ גענוג, און קיין זקן בין איך דאָך אַוודאי נאָך נישט. איז ווי־זשע איז דאָס מעגלעך?

שוין אַ פערטל־יאָרהונדערט? און ערשט אַ פערטל־יאָרהונדערט?

עס דרייט זיך מיין קאָפּ, ווי אַ ראָד, און בילדער טויכן אויף, שלינגען איין איינע די אַנדערע און קומען ווידער אויף.

ג.

ווינטער פון ניינצן הונדערט צוועלף. איך בין אין וואַרשע אַ פאַרשיכור־טער פון דער גרויסשטאָטישקייט. איך אַרבעט אַמאָל אין אַ פאַבריקל פון קעמעלעך, אַמאָל אין אַ פאַבריקל פון קנעפּלעך, און פון צייט צו צייט בין איך אַ בריוול־שרייבער ביי אַ קאָמיסיאָנער צו זיינע קונים אין די פּראָווינץ־שטעטלעך.

דער קאָמיסיאָנער האָט גאָר אָנגעקוואָלן פון מיינע בריוולעך, און באַ־לוינט אויסער פינף קאָפּיקעס פאַר אַ בריוול, אויך מיט אָנערקענונג, אַז איך בין אַ יינגל מיט אַ פּען אין האַנט, אָבער איך האָב געבענקט נאָך גאָר אַן אַנדער מין אָנערקענונג. איך האָב געהאַט לידער אין אַלע מיינע קע־שענעס און אַך, ווי איך האָב באַגערט אָפּצושטעקן אַ וויזיט פּרצן און הערן מבינות פון אים אַליין. אָבער איך האָב דעם וויזיט קיינמאָל נישט אָפּגעשטעקט.

וויפל מאָל בין איך דאָס געשטאַנען אויף דער צעגליאַנער גאַס לעבן דעם טויער פון עם הויז, וואו פּרץ האָט געוואוינט?

אַ סך, אַ סך מאָל געשטאַנען, אָבער אַריינגיין האָבן מיך די כוחות נישט געטראָגן.

פאַרוואָס?

איצט, נאָך יאָרן שפּעטער, באַנעם איך קלאָרער מײַן דעמאָלטדיקן פּחד. עס איז געווען אַ טאָפּלדיקער פּחד.

פֿון אײן זײַט דער נאַטירלעכער פּחד פֿאַר אַ פּערזענלעכקײט, וואָס רופֿט כּסדר אַרויס אין דיר אַ טיפֿן יראת־הכּבֿוד.

צו אַזאַ פּערזענלעכקײט קלאַפּט זיך נישט אָן אַזוי גרינג אין דער טיר און עס קומט זיך נישט אַרײַן אַזוי גרינג מיטן וואָרט אויף די ליפּן:

— איך אַזעלכער און אַזעלכער, בין געקומען צו אײַך, כּדי איר זאָלט לייענען, וואָס איך שרײַב, און זאָגן מבֿינות.

עס איז אָבער געווען נאָך אַן אַנדער פּחד, און אַ פֿיל שטאַרקערער.

אין האַרצן האָט געשלאָגן די שרעק, אַז טאָמער אַ קשיא אויף אַ מעשה, נעמט ער מיך טאַקע אויף, לייענט איבער מײַנע אַ פּאָר זאַכן און טראָגט אַרויס אַ פּסק־דין פֿון זײַן מויל:

— יונגערמאַנטשיק! אומזיסט אײַער אַרבעט! טוט בעסער עפּעס אַנדערש, וואָרום מיט שרײַבערײַ האָט איר קײן שײַכות נישט.

בין איך טאַקע צו פּרצן נישט אַרײַנגעגאַנגען. מורא געהאַט, ווי יענער ייִד, וועמען עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז ער האָט פֿאַרלוירן דאָס ביסל מזומן, אַ טאַפּ צו טאָן אין די אייגענע קעשענעס, ווײַל טאָמער ווײַזט זיך אַרויס, אַז די קעשענעס זײַנען טאַקע, חלילה, ליידיק וועט ער אַוועקחלשן און פּטור אַן עסק!

ד.

ווען איך האָב אין האַרבסט פֿון יאָר 1937 באַזוכט פּרצעס אלמנה אין וואַרשע, האָט די שײנע און חשובֿע זקנה בײַ מיר געפֿרעגט, צי איך בין אין מײַנע פֿריִע יוגנט־יאָרן געווען בײַ איר אין שטוב, און צי איך האָב געקענט פּערזענלעך איר מאַן.

איז איר נאָכפֿרעגן זיך געווען אויס פּשוטן נײַגיר? צי איז דאָס געווען אויס בענקשאַפֿט נאָך איר אַמאָליקער שטוב, ווען מענטשן זײַנען געקומען צו איר מאַן, ווי חסידים צו אַ רבין?

גיכער דאָס צווייטע, וואָרום ווען איך האָב איר דערציילט, ווי אַזוי איך פֿלעג שטיין אין דרויסן בײַם טויער און מורא געהאַט אַרײַנצוגיין, זײַנען אירע גרױלעכע אויגן פֿײַכט געוואָרן, און זי האָט זיך איבערגעטראָגן אין איר פֿריערדיקן לעבן אַרײַן, דערמאָנענדיק אַ גרויסע צאָל הײַנטצײַטיקע באַרימטע שריפֿטשטעלער, וואָס זײַנען אין די פֿריערדיקע יאָרן געווען אײַנגייער בײַ איר אין הויז.

— איצט קומען זיי נישט, — האָט זי זיך געקלאָגט און אָנווײַזנדיק אויף אַלטער קאַציזנען, וועלכער האָט מיך געבראַכט צו איר, האָט זי מיט אַ סך

דאַנקבאַרקייט און ליבשאַפט צו אים געזאָגט:

— בלויז ער, אַלטערל, פאַרגעסט נישט.

אויפן טיש איז געווען טיי, אַ טעלערל מיט עפּעלעך, און אַ טעצעלע מיט צוקערקעס.

— טרינקט, טרינקט, ליבער! — האָט זי נישט אויפגעהערט צו בעטן און ווי זי וואָלט מיר געמיינט צו פאַרגיטיקן פאַר מיין שטיין אין די פריער־דיקע יאָרן ביי דעם טויער אין דרויסן, האָט זי עטלעכע מאָל איבערגעחזרט מיט אַ שמייכל:

— מיין מאַן וואָלט געווען זייער צופרידן, ווען איר וואָלט געווען אַרויפ־געקומען.

זי האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף יידישע שרייבער אין ניו־יאָרק. זי האָט עטלעכע מאָל דערמאָנט וולאַדעקן מיט אַ באַזונדערער וואַרעמקייט. זי האָט זיך צערעדט מיט אַ שטילער פאַרטראַכטקייט וועגן דער צייט, ווען איר מאַן האָט געפּלאַנעוועט אַ רייזע קיין ניו־יאָרק, און דערנאָך — טיף אָפּגע־זיפצט:

— נו, די צייטן זיינען אַוועק, און איצט ?...

די העלע האַרבסטיקע נאָכמיטיק זון האָט זיך דורכגעריסן דורך די שווערע פאָרהאַנגען איבערן פענצטער און זיך געלייגט מיט אַ טונקעלער גילדנקייט איבערן בעט, לעבן וועלכן עס איז געשטאַנען אַ גרויס נישט־געראַמט אויל־בילד פון פרצן.

העלענע פרץ האָט באַמערקט ווי איך באַטראַכט דאָס בילד, און זי האָט געזאָגט:

— יצחק גרינבוים האָט ביי מיר געבעטן אָט־דאָס בילד. איך האָב דאָס אָפּגעזאָגט פאַר אים אין מיין צוואה. אָבער ביז מיין טויט וויל איך דאָס האָבן לעבן זיך.

די וואַנט קעגנאיבער מיר איז געווען פול באַהאַנגען מיט פרץ־צייכע־נונגען און פאָטאָגראַפיעס. אַ היפּשע צאָל פון זיי זיינען באַקאַנט, אָבער דאָרטן זיינען געהאַנגען אויך אַזעלכע, וואָס זיינען נאָך קיינמאָל נישט אַרויס אין דער עפנטלעכקייט.

ווען איך בין שפּעטער צוגעגאַנגען צו דער וואַנט, איז זי מיטגעגאַנגען מיט מיר:

— אָט־די איז פון דער צייט ווען איך בין פאַר אים אַ כלה געוואָרן, — האָט זי שטיל אָנגעוויזן אויף אַ יוגנטלעכער פאָטאָגראַפיע פון פרצן, און ווען זי האָט דאָס געזאָגט, האָט איר קול אַ שטילן ציטער געטאָן, איר פנים איז דערביי, ווי יינגער געוואָרן, און איר פיגור האָט זיך געטאָן אַ גלייך אויס, אַזוי, אַז דאָס שטעקל אין איר רעכטער האַנט איז דעמאָלט נישט געווען מער אויף אָנצושפּאַרן זיך אויף דעם.

זי האָט מיר אויך אָנגעוויזן אויף אַ פאָטאָגראַפיע פון פּרצן מיטן זון, און ווען מיינע בליקן האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ בילד פון גאָר אַ יונגן מענטשן, וואָס איז געהאַנגען אין אַ זייט, האָט זי שטיל באַמערקט:

— דאָס איז דאָס איניקל.

און אָפּזיפצנדיק מיט אַ טיפן פיינלעכן זיפץ, האָט זי נאָך שטילער צוגעלייגט:

— אָבער אָן אים איז מען אַליין.

איך האָב אַ קוק געטאָן אויף איר, און געוואָלט עפּעס זאָגן, אָבער דאָס מאָל איז שוין ווידער געשטאַנען פאַר מיר אַ הילפלאָזע, עלנטע זקנה, און איך האָב שוין גאָרנישט געזאָגט.

ביים געזעגענען זיך האָט זי באַדאַנקט אַלטער קאַציזנען דערפאַר, וואָס ער האָט מיך געבראַכט צו איר, און אויסשטרעקנדיק מיר איר פיינע ביי־נערדיקע האַנט, האָט זי געזאָגט:

— אַ דאַנק פאַר דער באַציאונג צו מיין מאַן!

איך בין געבליבן שטיין אַ דערציטערטער פון אָט־דעם זאָג אירן, וואָרום עס איז דאָך געווען קלאָר, אַז זי מיינט צו זאָגן, אַז עס איז נישט צו איר צו וועמען איך בין געקומען.

איך האָב זיך טיף פאַרנויגט פאַר איר און אין גרויס יראת הכבוד גע־קושט איר האַנט.

אויפן וועג אַרונטער די שטיגן, האָב איך זיך געכאַפּט אַז איך טראָג מיט זיך דעם „ייוואָ"־זאַמלבוך, וואָס זי האָט מיר געגעבן. אין אָט־דעם זאַמלבוך זיינען אָפּגעדרוקט אַלע פּרצעס ליבעס־בריוו צו זיין העלענען, ווען זי איז זיין כלה געווען. און איצט, אַז איך לייען זיי, שטייט נאָך אַמאָל פאַר מיינע אויגן אָט־די חשובע זקנה און עס איז שווער צו גלויבן, אַז אויך איבער איר שטייט שוין איצט אַ מצבה.

ה.

אָ, יאָ, פּרצעס מצבה!

זומער ניינצן ניין־און־צוואַנציק האָט דער זעלבער אַלטער קאַציזנע מיך גענומען אויפן וואַרשעווער בית־עולם צו דער מצבה פון יצחק לייבוש פּרץ.

איך זאָג „מצבה" און נישט „קבר", ווייל אויף פּרצעס קבר האָב איך נישט געפילט קיין שום שטימונג פון טויט וואָס רעדט צו דיר פון עפּעס, וואָס איז געווען, און איז איצט נישטאָ מער, און נעמט דיך דערפאַר אַרום מיט פאַרלוירנקייט, עלנטקייט און הילפלאָזיקייט.

אדרבה.

שטייענדיק פאַר פּרצעס מצבה איז אויפגעגאַנגען פון מיין געמיט לעבן, גרויס־לעבן, שבת־יום־טובדיק לעבן.

און אַזוי,
אַזוי גייען מיר,
זינגענדיק און טאַנצנדיק . . .
מיר גרויסע, גרויסע יידן,
די נשמות פלאַקערן !

אויך אין מיר האָט די נשמה דעמאָלט אויפגעפלאַקערט, זיך צעצונדן, ווי אָט די וואונדערלעכע ווערטער, וועלכע זיין שלמה פון דער „גאָלדענע קייט" האָט אַ וואָרף געטאָן אין לעבן אַריין, און וועלכע זיינען איצט אויסגע־קריצט אין גאָלד אויף זיין מצבה.

די זון האָט געשיינט איבערן גאָלד, און דאָס גאָלד האָט שעמערירט קעגן דער זון, און ביידע האָבן זיך צעבלענדט אין מיר מיט לעבן, גרויס־לעבן, שבת־יום־טובדיק לעבן.

ביי די זייטן פון פרצעס מצבה זיינען די מצבות פון זיינע צוויי נאָענטע חברים : — יעקב דינעזאָנס — רעכטס, און ש. אַנסקיס — לינקס, און אַלע דריי צוזאַמען בילדן איין אוהל.

קומען יידישע פאָלקס־מענטשן פון דער גאָרער וועלט, און נישט נאָר שטייען זיי מיט גרויס יראת־הכבוד פאַר אָט־דעם אוהל, נאָר שעפן מוט און האָפענונגען.

איך געדענק, אַז ווען איך האָב דעמאָלט פאַרלאָזן פרצעס מצבה זיינען מיר נאָכגעגאַנגען אַ גרויסע צאָל יידישע בעטלער :

— שענקט אַ נדבה אינעם נאָמען פון דעם הייליקן רבין ר' יצחק לייבוש פרץ, — האָבן זיי געבעטן.

פאַר די בעטלער איז קיין ספק נישט געווען, אַז פרץ איז געווען אַ הייליקער רבי, וואָרום אַז נישט, איז פאַרוואָס־זשע קומען אַזוי פיל מענטשן און שטייען מיט אַזאַ טיפן יראת־הכבוד ?

און אפשר זיינען טאַקע די בעטלער גאָר גערעכט געווען ?

איז דאָך פרץ געווען דער רבי פון צוויי, און אפשר פון דריי דורות יידישע שריפטשטעלער !

צו וועמען פון די אַנדערע ערשטע קלאַסיקער אונדזערע האָט מען זיך אַזוי געצויגן, ווי צו אים ? נאָך וועמעס וואָרט האָט מען אַזוי געגאַרט, ווי נאָך זיינס ?

און עס איז נישט געווען נאָר זיין פערזענלעכע באַציאונג צו די יינגערע שריפטשטעלער, זיין „פראַווען טישן" מיט זיי, וואָס האָט אים געגעבן די רבי־קרוין, נאָר עס איז דאָך אויך געווען דער סאַמע עצם פון זיין שאַפן, וואָס האָט געצוואונגען, אַז מען זאָל אַרויפקוקן צו אים, ווי צו אַ מדריך.

בשעת מען האָט געלייענט מענדעלען מיט געוואַלדיקער באַוואונדערונג,

שלום עליכמען מיט אמתער ליבשאַפט און פאַרגעניגן, האָט מען פּרצן געלערנט, ווי מען האָט געלערנט אַ בלאַט גמרא, און דער באַמען יצחק לייבוש פּרץ איז דעריבער אויפגעגאַנגען פאַרן לערנער, ווי אַ תנא פון דער גמרא.

און נישט נאָר זיינע אַלעגאָרישע מעשהלעך, זיין „חסידיש״, זיינע אידייען־אָנגעפּיקעוועטע דראַמען: „אין פּאַליש אויף דער קייט״, און זיין „גאָלדענע קייט״ און זיין מיסטישע דראַמע „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק״ האָט מען געלערנט, נאָר אפילו זיין פּראָסטער פּשט איז געווען אַן אַנדערער.

עס איז געווען אַ פּראָסטער פּשט, וואָס איז ערשט פּראָסט און פּשוט געוואָרן נאָכדעם, ווי מען האָט אים גוט באַנומען סיי מיטן קאָפּ און סיי מיטן געמיט.

און נאָך אַ זאַך איז געווען, וואָס האָט אים די קרוין פון אַ רבין אין דער דעמאָלטדיקער ליטעראַטור אונדזערער אָנגעטאָן און אָט־די קרוין שיינט נאָך איבער אונדז ביז איצט.

עס איז געווען די „גרויס־יידישקייט״, וואָס האָט געשלאָגן, און שלאָגט נאָך ביז היינט צו טאָג פון זיינע ווערק.

עכטע יידישקייט שלאָגט פון אַלע אונדזערע ערשטע קלאַסיקער, אָבער גרויס־יידישקייט האָט בלויז פּרץ אונדז דעם ערשטן מאָל באַוויזן אין אונדזער קינסטלערישער ליטעראַטור.

— שבת זאָל זיין! — האָט אויסגעשריגן פּרצעס שלמה פון דער „גאָלדענער קייט״, און עס איז שבתדיק געוואָרן אין די וואָכעדיקע געמיטער פון דעם יידישן לייענער.

— שלמה מאַכט קיין הבדלה נישט! — האָט אויסגעשריגן די העלבעפיגור פּרצעס, און די הערצער פון די יידישע לייענער זיינען זיך פאַרגאַנגען אין פאַרגאַפונג פון אָט־דער גרויס־יידישער עקשנות.

און אַזוי,
אַזוי גייען מיר,
זינגענדיק און טאַנצנדיק . . .
מיר גרויסע, גרויסע יידן,
די נשמות פלאַקערן!

ווי גוט, וואָס גראַדע אָט־די שורות זיינען אויסגעקריצט אויף פּרצעס מצבה!

ו.

ערשט אַ פערטל־יאָרהונדערט? און שוין אַ פערטל־יאָרהונדערט?

בילדער שטייען אויף פאַר די אויגן. ווערן צעגאַנגען, און טויכן ווידער אַמאָל אויף.

טריסק, וואַרשע און ניו־יאָרק!

אין טריסק האָב איך צום ערשטן מאָל זיך באַקאַנט מיט פּרצעס שרייבן, און איך געדענק, אַז ווען איך האָב געקוקט אויף זיין בילד, וואָס איז געווען איבערן ספר, האָב איך זיך נישט געקאָנט צוגעוואוינען צום געדאַנק, אַז דאָס איז אַ ייִד.

דאָס קיילעכדיק אויסגעפּילט פּנים, וואָס האָט געשלאָגן מיט שטאָלצ־קייט און אַגרעסיווקייט האָט גיכער דערמאָנט אין איינעם פון דער גראַפסקער משפּחה אין אונדזער שטעטל!

מיט אַ ווינטער שפּעטער האָב איך דאָס זעלבע פּנים דערזען אין דער ווירקלעכקייט אין דער וואַרשעווער אָפּערע. איך בין דעמאָלט געווען צום ערשטן מאָל אין וואַרשע און צום ערשטן מאָל אין דער אָפּערע. און כאָטש די מוזיק און דער באַלעט פון „קאַרמען" האָבן מיך ממש אָפּגעכישופט, זיינען זיי ביידע פאַרבלייכט געוואָרן אַזוי גיך, ווי מיינע בליקן האָבן זיך אָנגעשלאָגן אויף פּרצעס פּנים, וואָס איך האָב אויפגעכאַפּט אויף איינער פון די גאַלערייען.

איך געדענק, אַז ווען איך האָב דעמאָלט ביים אַרויסגאַנג זיך אָנגעשלאָגן אָן אים, האָב איך אַזאַ גלאָץ געטאָן אויף אים מיט מיינע אויגן, אַז איך האָב פאַר מיין אייגענער אויגנגלאָצעניש זיך דערשראָקן און איך בין אַנטלאָפן געוואָרן... — — —

זאַקסישער גאָרטן אין וואַרשע. פּרץ שפּאַצירט דאָרט אָפּט, און אַלע ווייסן ווער ער איז און מען האָט אים ליב. יוגנטלעכע באַוואָרפן אים אַמאָל מיט קאָנפעטי, און ער גיט אַ וואויל־יונגערישן צי מיטן ווייכן קאַפּעליוש און שענקט אַ בליציקן שמייכל. איך קוק אים נאָך מיט בענקשאַפט, אָבער וואַג נישט צוגיין אין זיין נאָענטקייט, אָבער דעם גאַנצן פּרצן האָב איך געזען אין דעם זאַל „פילהאַרמאָניע", און זיין קול געהערט, וואָס קלינגט מיר ביז איצט קלאָר אין מיינע אויערן.

עס איז געווען אַ שבת נאָכמיטיק פון דער ווינטער 1913־1912. דער זאַל איז פול, אויסער די ערשטע פּאָר רייען, וואָס זיינען מסתּמא געווען באַשטימט פאַר הויכע פּרייזן און זיינען נישט פאַרקויפט געוואָרן. דער עולם איז שטיל און פול מיט דערוואַרטונג. די בינע מיט די גרויע טרעפּ אַרויף איז פאַר דעם אָרקעסטער, וואָס דאַרף אויפטרעטן אין אָוונט, אָבער אין דער נידער צום עולם צו שטייט אַ טישל מיט אַ לעמפּל, און עס דאַכט זיך, אַז אויך דאָס טישל און דאָס לעמפּל זיינען פול מיט דערוואַרטונג.

און אָט באַווייזט ער זיך אין דער הויך פון יענער זייט בינע. און דער עולם שטעלט זיך אויף. זיין מאַסיווע נידעריק־געוואַקסענע פיגור שטערט נישט זיינע טריט צו שפּאַנען ריטמיש און זיכער פון טרעפּ צו טרעפּ אַרונ־טער צום טישל מיטן לעמפּל און צום עולם צו. מיט יעדן טראָט ווערט קלאָרער זיין קיילעכדיק אויסדרוקספול פּנים, זיינע גרויליך־דראָטענע האָר,

זיינע שאַרפע שפּיציקע וואָנצעס, זיינע שיינענדיקע אויגן און דער עולם שטייט און אַפּלאָדירט.

און ווען ער האָט ענדלעך דערגרייכט דאָס טישל מיטן לעמפּל, האָט ער קודם מיט זיינע בליקן געטאָן אַ נעם דורך דעם עולם, און מיט אַזאַ היי־מישקייט אַ זאָג געטאָן:

— צו וואָס לאָזן אַט־די לייִדיקע בענקלעך פון פאָרנט? קומט נעענטער, איך בעט אייך.

דער עולם האָט זיך אַ לאָז געטאָן, און איך אויך בתוכם צום פאָרנט.

די לעקציע איז געווען וועגן זיין דראַמע „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק", צו וועלכער אַ סך קריטיקער האָבן געהאַט טענות, אַז מען פאַרשטייט זי נישט.

נישט די גאַנצע לעקציע געדענקט זיך מיר, און אפשר האָב איך גאָר די גאַנצע לעקציע נישט דערהערט, וואָרום איך געדענק גוט, אַז מער, ווי דאָס וואָס ער האָט דעמאָלט גערעדט, האָט מיך פאַרשלונגען ער אַליין, — זיין אויסזען, זיינע באַוועגונגען, זיין קול.

אפילו דער אָנצוג זיינער האָט מיך ביז גאָר פאַראינטערעסירט. אַ טונקעלער אָנצוג מיט ברייטע העלע פּאַסן.

אָבער שטיקלעך און ברעקלעך פון דער לעקציע האָבן זיך דאָך יאָ איינגעקריצט אינעם זכרון.

באַזונדער איין שטיקל, וואָס אַז איך מאַך צו די אויגן, דאַכט זיך מיר, אַז איך הער נאָך איצט זיין קול, וואָס האָט אַזוי שאַרף און סטאַקאַטאָדיק אַרויסגעבראַכט די ווערטער:

— מען פרעגט, פאַרוואָס נישט קיין דראַמען פון אונדזער ווירקלעכקייט? אָבער, וואו זאָל מען נעמען אין אונדזער ווירקלעכקייט דראַמאַטישן מאַטעריאַל?

ז.

און איז דאָס שוין אַ פערטל־יאָרהונדערט, אַז ער איז טויט?

דאַכט זיך, אַז ערשט נישט לאַנג צוריק האָבן יידישע שרייבער אויף אַן אסיפה אויף הענרי סטריט געפּלאַנירט מעגלעך צו מאַכן פּרצעס אַ וויזיט קיין ניו יאָרק.

עס שטייט אויך אויף דאָס בילד אינעם ליטעראַרישן רעסטאָראַנדל פון די „יונגע", ווען דוד איגנאַטאָוו האָט געקראָגן אַ בריוול פון יעקב דינעזאָן, אַז פּרצן געפעלן די זאַמלביכער „שריפטן". איך זע, ווי ערשט נעכטן וואָלט דאָס געווען, דעם טריאומף אויף איגנאַטאָווס פּנים.

און דאַן די ידיעה וועגן זיין טויט!

די „יונגע" גיבן אַרויס אַ ספּעציעלן נומער „ליטעראַטור און לעבן" — משה לייב האַלפּערנס באַרימט ליד.

ערשט נעכטן איז דאָס געשען, און דאָך איז נישט נאָר פּרץ שוין נישטאָ צווישן אונדז, — עס איז שוין נישטאָ צווישן אונדז מ. ל. האַלפּערן אויך, און זישאָ לאַנדוי, און אברהם משה דילאָן, וועלכע האָבן אָנטייל גענומען אין דעם דעמאָלטדיקן ספּעציעלן נומער, וואָס די „יונגע" האָבן אַרויסגעגעבן און אַזוי אויפריכטיק און אַזוי טיף באַוויינט פּרצעס טויט.

אָ, וויפל כּוואַליעס האָבן זינט יענער צייט איבערגעשווענקט אונדזער לעבן! וויפל איבערקערענישן! וויפל פּיין! און וויפל האָפענונגען!

און דאָך איז די פיגור פון פּרצן נישט נאָר נישט פאַרשאָטנט געוואָרן, נאָר, אדרבה, פון יאָר צו יאָר ווערט זי אַלץ ליכטיקער און ליכטיקער.

.1940

# שבת־יום־טובדיקייט

## א.

און אַט זיינען שוין אַוועק דרייסיק יאָר זינט דעם טאָג, ווען יצחק לייבוש פּרץ איז געשטאָרבן.

בלויז מיט אַ שטיקל צייט פריער, איידער ער איז פּלוצים אַוועק פון דער וועלט, האָבן יידישע שרייבער געפּלאַנירט אָראָפּצובריינגען דעם טאַטן פון דער יידישער ליטעראַטור קיין אַמעריקע. עס איז געווען אַ מיטינג פון יידישע שרייבער צוליב אָט־דעם צוועק. פאַרזאַמלט איז מען געווען אין איינעם אַ ווינטער־אָוונט אויף עפּעס אַן ערשטן שטאָק אין העברי, אָדער מעדיסאָן גאַס, אין ניו־יאָרק. אָנגעפירט מיטן אָוונט האָט אברהם שאָמער, וואָס האָט זיך אין יענער צייט געפילט היימיש צווישן יידישע שרייבער, אַדאַנק דעם דערפאָלג פון זיין קאָמעדיע „דער גרינער מיליאָנער", און ווען די פאַרזאַמלטע האָבן טאַקע אים באַשטימט פאַר דעם אָנפירער פונעם אַראַנזשיר־קאָמיטעט, האָט ער גלייך אויפן אָרט פאָרגעשלאָגן, עס זאָל גענומען ווערן אַ ספּעציעלע שיף, אויף וועלכער עס זאָלן זיך פאַרזאַמלען אַלע וויכטיקע יידישע שרייבער פון ניו־יאָרק. די שיף זאָל זיין אַ באַפּאָנטע פון אַמעריקאַנער און יידישע פאָנען. פאַרשטייט זיך, אַז אַ קאַפּעליע זאָל אויף איר שפּילן, און אויף אָט־דער שיף זאָל מען אַנטקעגן פאָרן יענער גרעסערער שיף, וואָס וועט ברענגען צו אונדזערע ברעגן יצחק לייבוש פּרצן.

— ווי געטרייע קינדער וועלן מיר מיט גרויס כּבוד באַגעגענען אונדזער

טאַטן! — האָט אברהם שאָמער אויסגערופן עכט־טעאַטראַליש, און דער יונ־גער, שוימיקער דיכטער יואל סלאָנים איז געווען אינעם זיבעטן הימל פון אַט־דעם פּלאַן.

עס טוט זיך אַ מיש אַ בלעטל פון דיין דורכגעלעבטן לעבן אויף צוריק־וועגס, און די פאַרגאַנגענהייט ווערט אויף אַ וויל צוריק די קעגנוואַרט.

אַט זיץ איך אין דעם קעלערדיקן, מילכיקן רעסטאָראַנדל אויף איסט־בראָדוויי. עס איז אַן אָנהויב פרילינג־אָוונט. די טיר ביים אַריינגאַנג איז שוין האַלב־אָפן. משה לייב האַלפּערן טראָגט שוין איינעם פון זיינע העל־קאָליריקע שניפּסן. אברהם משה דילאָן מיט אַ רויט בלימל אין לאַץ. ביים וואַנט זיצט דער דריילינג: מאַני לייב, זישא לאַנדוי און ראובן אייזלאַנד. משה נאַדיר, מיט אַ ציגאַר אין מויל, שפּאַנט פון טישל צו טישל, אויספּרו־בירנדיק אַ נייעם וויץ זיינעם, פון וועלכן ער צעלאַכט זיך אַליין נאָך איידער זיינע צוהערער באַוויזן אַ שמייכל צו טאָן. דייוויד, דער גאַליציאַנער, טראָגט גלעזער קאַווע מיט צובייסנס, זיך בעטנדיק, אַז מען זאָל אים לאָזן אַ וועג, ווייל דאָס וואָס ער טראָגט איז „האַיס“.

עס איז אַן אָוונט ווי אַלע אַזעלכע אָוונטן אינעם קעלערדיקן, מילכיקן רעסטאָראַנדל.

פּלוצלינג — אַן אָנגעלאָף פון אַ שטאַרקער כמאַרע. ערגעץ דאָ נאָענט האָט אַ בליץ געטאָן און אַ דונער האָט אַ קנאַל געטאָן:

— יצחק לייבוש פּרץ איז טויט!

אין איין מאָמענט זיינען שוין אַלע געווען צוזאַמען און אויסגעקוקט האָט מען ווי אַ סטאַדע איבערגעשראָקענע שאָף, פאַר וועמעס בליקן דער פּאַסטוך איז פון אַ בליץ צו דער ערד אַנידערגעפאַלן.

אינעם גאַנצן טרויער, וואָס האָט מיך אַרומגעכאַפּט צוזאַמען מיט אַלע־מען, האָב איך דעמאָלט גאָר זיך פאַרטראַכט וועגן דעם נשמה־צושטאַנד פון זישא לאַנדוין, וועלכער איז געזעסן קעגנאיבער מיר מיט צער־פּולע, שטאַרע אויגן און צציטערטע ליפּן.

— דער וואַרשעווער ליטעראַט! — האָט מיר געקלונגען אין די אויערן זישא לאַנדויס אַן אויסדרוק אויפן חשבון פון יצחק לייבוש פּרץ.

אָבער אָט איז געקומען די נייעס, אַז דער „וואַרשעווער ליטעראַט“ איז שוין נישט מער צווישן אונדז לעבעדיקע. און זע, ווי אַט־דער יונגער, בלאָנדער, שקאָצעוואַטער זישא לאַנדוי איז צערודערט!

— איז דאָס געוויסנביסן? — האָב איך געפרעגט.

ב.

דרייסיק יאָר זינט יצחק לייבוש פּרץ איז טויט, און אָט איז דאָך שוין

אויך דער יונגער, בלאַנדער זישא לאַנדוי נישט מער צווישן אונדז. אַזוי אויך משה דילאָן, משה נאַדיר, יואל סלאָנים און משה לייב האַלפּערן.

עס געדענקט זיך דאָס רויטלעכע, ווינטיקע פּנים פון משה לייב האַלפּערן אַ פּאָר אָוונטן נאָכדעם אויף אַ מיטינג פון יידישע שרייבער, וואָס האָט באַ־האַנדלט דעם ענין, ווי אַזוי צו פאַראייביקן דעם נאָמען פונעם גרויסן נפטר.

— פּרצן פאַראייביקן! — האָט משה לייב האַלפּערן געברומט צו זיך אַליין, און אָנווייזנדיק מיט אַ פינגער אויף אַ געוויסן שונד־ראָמאַניסט, האָט ער צו מיר געמורמלט אין אַן אויפגערעגטן טאָן:

— קוק אים אָן! ער איז באַזאָרגט, אַז פּרץ וועט, חלילה, פאַרגעסן ווערן ביים יידישן פאָלק!

ווען אויף אַ מיטינג וועגן פּרצן האָט מען פאָרגעשלאָגן צו זאַמלען אַ פאָנד אויפצושטעלן אַ מאָנומענט פאַרן נפטר אין דעם פאַרקל אַנטקעגן דער „פאָרווערטס״־געביידע, איז געקומען אַ באַמערקונג פון עמעצן צווישן דעם עולם, אַז די פּרץ־פיגור זאָל שטיין מיט אַ דראָענדיקער האַנט צו דער „פאָרווערטס״־געביידע, און אָט־די באַמערקונג האָט באַזונדער אויפגערעגט דעם שונד־ראָמאַניסט פונעם „פאָרווערטס״.

— וואָס איז דאָ? אַ פאַרזאַמלונג פון לצים? — האָט ער זיך צעקאָכט.

פון דעם פאָרשלאָג וועגן אַ מאָנומענט איז גאָרנישט געוואָרן, אָבער דער מיטינג איז פונדעסטוועגן נישט געבליבן אינגאַנצן אָן רעזולטאַטן.

עס איז אויסגעקליבן געוואָרן אַן אַראַנזשיר־קאָמיטעט דורכצופירן אַ מעמאָריעל־אָוונט צו די שלושים, און יענער מעמאָריעל־אָוונט איז באמת געווען זייער אַן איינדרוקספולער.

איצט טראַכט איך, אַז יענער אָוונט איז אפשר געווען די ערשטע גרויסע יידישע ליטעראַטור־דעמאָנסטראַציע אין ניו־יאָרק.

דער „קאַרנעגי־האָל״ איז געווען איבערגעפּאַקט מיט די בעסטע ליב־האָבער פון דער יידישער ליטעראַטור פון יענער צייט אין ניו־יאָרק.

אויף דער בינע איז געווען אַן אמתער פּאַראייניקטער פראָנט פון אַלע צדדים, וואָס האָבן סיי אין לעבן און סיי אין דער פּרעסע נישט געהויזט צוזאַמען.

אַב. קאַהאַן און דר. שמריה לעווין, ש. יאַנאָווסקי און דר. חיים זשיט־לאָווסקי, די שונד־ראָמאַניסטן פון דער פּרעסע צוזאַמען מיט שלום־עליכמען, שלום אַש, אברהם רייזענען. די יינגסטע, די יונגע צוזאַמען מיט די על־טערע און די עלטסטע.

דר. ח. זשיטלאָווסקיס רעפעראַט האָט געהאַלטן דעם עולם געשפּאַנט ביז גאָר. ער האָט גערעדט וועגן די דריי זיילן פון דער נייער יידישער לי־טעראַטור, מענדעלע, שלום־עליכם און פּרץ.

דער זאַל איז אָנגעפּילט געוואָרן מיט טיפער גערירטקייט, ווען שלום־עליכם, אַן אויסגעבליכטער, האָט באַקלאָגט דעם ערשטן פון די דריי געפאַלענע זײַלן:

— איצט זײַנען מיר שוין נישט מער ווי צוויי, דער זיידע מענדעלע און איך, — האָט ער זיך געקלאָגט, אָבער גלײַך געגומען טרייסטן סיי דעם עולם און סיי זיך אַליין:

— די ליטעראַטור האָט זיך קיין עין־הרע צעוואַקסן, — האָט ער ווײַך געזאָגט, און אָנווײַזנדיק אויף דער גרויסער גרופּע ייִנגערע שרײַבער, האָט ער צוגעגעבן: — זיי קומען, און וועלן קומען!

שלום אַש האָט אָנגעהויבן זײַן רעדע אין אַ ליריש־שטילן טאָן, אָבער שפּעטער איז ער אַרײַנגעפאַלן אין אַ דראַמאַטישער אויפגערעגטקייט:

—איצט, אַז מיר האָבן שוין אויך אַ קבר, איז די ערד געהייליקט געוואָרן מיט דעם גרויסן ייִדישן קינסטלערישן וואָרט, און קיינער וועט מער נישט וואַגן אויפהויבן אַ פינגער קעגן אונדזער ייִדישער ליטעראַטור.

דר. שמריה לעווין האָט געזוכט צונויפצובינדן פּרצעס ירושה מיט דער ירושה פון די נביאים. און כאָטש די גאַנצע רעדע איז געווען מער מגידות, ווי עפּעס אַנדערש, האָט זי דאָך געשלאָגן פון זיך מיט ביז־גאָר פײַנער ייִדישער פאָלקס־חכמה און דער עולם האָט געשלונגען יעדן אויסדרוק זײַנעם.

לגבי אַט די רעדעס, וואָס זײַנען געשטאַנען אויף אַ הויכער קולטור־ניוואָ, האָבן די רעדעס פון אַב. קאַהאַן און ש. יאַנאָווסקי געגרילצט אין די אויערן. אַב. קאַהאַן האָט געדרשנט, אַז כאָטש די מעשיות, וואָס פּרץ האָט געשריבן וועגן צדיקים, זײַנען נישט לויט זײַן „גוסט", איז דאָך נישט אָפּ־צולייקענען, אַז ער איז אַ גרויסער ליטעראַט געווען. און ש. יאַנאָווסקי האָט זיך געחכמהט וועגן דעם, וואָס ער האָט פּרצן זייער ווייניק געלייענט. אָבער די דרשות פון אַב. קאַהאַן און ש. יאַנאָווסקי האָבן נאָך שאַרפער אַרויסגע־שטעלט די רעדעס פון די איבעריקע, און דער עולם איז אַרויסגעגאַנגען אַ גאָר דערהויבענער פון יענעם מעמאָריעל־אָוונט.

די „יונגע" האָבן צוגעגרייט אַ ספּעציעלן נומער פון זייער זשורנאַל „לי־טעראַטור און לעבן". עס געדענקט זיך באַזונדער דער שטאַרקער אײַנדרוק פון משה לייב האַלפּערנס ליד „און דו ביסט טויט", וואָס ער האָט געלייענט פאַר דער חברה פאָעטן ביי אַ טיש אין עם קעלערדיקן, מילכיקן רעסטאָראַנדל. אַלע „יונגע" האָבן אָנטייל גענומען אין אָט־דעם פּרץ־נומער.

ג.

דאָס ערשטע מאָל האָב איך געזען דעם טאַטן פון דער ייִדישער לי־טעראַטור אין דעם וואַרשעווער אָפּערע־הויז, וואו מען האָט געשפּילט

די באַרימטע אָפּערע „קאַרמען".

עס איז געווען מיין ערשטער באַזוך אין דער אָפּערע, און כאָטש איך בין געווען אויף דער העכסטער גאַלעריי, אַ שטייענדיקער, בין איך אָבער געווען ממש אויפן זיבעטן הימל פון דער מוזיק, פון דער פאַרביקייט, פונעם שפּילן און פון אַלצדינג, וואָס איז געווען אַרום מיר.

פּלוצלינג דערפיל איך, ווי מיין חבר, וואָס האָט מיך טאַקע אין דער אָפּערע גענומען, ציט מיין אַרבל.

— וואָס ווילסטו? פרעג איך אים.

— קוק! — ווייזט ער מיטן פינגער צו איינער פון די נידעריקערע גאַלעריען. און נאָכפאָלגנדיק זיין ווייז־פינגער דערזע איך דאָס פּנים, וואָס איז מיר שוין לאַנג געווען אַזוי נאָענט פון די בילדער, וואָס איך האָב שוין פריער געהאַט געזען.

— יצחק לייבוש פּרץ! — האָב איך אין גרויס באַגייסטערונג אַרויס־געמורמלט, און דעמאָלט האָט שוין די לאָזשע, וואו ער איז געזעסן, שטאַרק קאָנקורירט מיט דעם וואָס איז פאָרגעקומען אויף דער בינע.

ביים אַרויסגאַנג האָב איך פּרצן געטראָפן צוזאַמען מיט אַ חסידיש־אויס־זעענדיקן יונגמאַן.

— י. י. טרונק, — האָט מיר מיין חבר, וואָס האָט געקענט אויפן אויס־קוק די יידישע שריפטשטעלער אין וואַרשע, געלאָזט וויסן.

אַ צווייטן מאָל האָב איך געזען דעם טאַטן פון דער יידישער ליטעראַטור צוזאַמען מיט דעם ליבן פּעטער.

— טאַטע פּרץ און פּעטער דינעזאָן, — האָט דער דעמאָלטדיקער יונגער שרייבער איטשע בידערמאַן באַמערקט, און זיך צעשמייכלט.

דאָס איז געווען אַ שבת־נאָכמיטאָג אין דעם וואַרשעווער זאַקסישן גאָרטן. דער „טאַטע" מיטן „פּעטער" זיינען געגאַנגען שפּאַצירן אונטער די באַוואונ־דערנדיקע בליקן פון דער יידישער יוגנט, וואָס האָט זיך געקוויקט מיט דעם פּעטערס „אבן נגף", „הערשעלע" און „יאָסעלע" און מיט דעם טאַטנס „פאָלקסטימלעכע געשיכטן" און „חסידיש".

אָבער געזען יצחק לייבוש פּרצן האָב איך גאָר אַנדערש מיט אַ פּאָר וואָכן שפּעטער, אויך אין אַ שבת־נאָכמיטאָג, אין דער וואַרשעווער „פיל־האַרמאָניע". דעמאָלט האָב איך אים נישט נאָר געזען פון דער נאָענט, נאָר אויך אים געהערט פאַר איבער אַ שעה. ס'איז געווען אַ לעקציע וועגן זיין פּאָעטישער דראַמע „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק".

מיין האַרץ האָט דאַן געקלאַפּט פון דערוואַרטונג ביז איך האָב אים דערזען.

דער זאַל איז געווען נישט פול. דער עיקר איז געווען ליידיקלעך אין די ערשטע רייען, וואָס האָבן מסתמא געקאָסט אַביסל מער, ווי די מיטלע

און די הינטערשטע. מײַנע אויגן זײַנען געהאַנגען אויף דער ברייטער פּלאַט־פאָרמע, וואָס האָט זיך געהויבן, ווי אַ באַרג מיט ברייטע טרעפּ אַרויף צו צוויי זײַטיקע טירן.

— פון וועלכער טיר וועט ער זיך באַווייזן? — האָב איך זיך געפרעגט, און מײַנע בליקן האָבן זיך געוויגט פון רעכטס אויף לינקס און אויף צוריק־וועגס.

ענדלעך האָט ער זיך באַוויזן דורך דער טיר אויף לינקס. דער עולם האָט אים באַגעגנט מיט ענטוזיאַסטישע אַפּלאָדיסמענטן, וואָס האָבן אָנגע־האַלטן די גאַנצע צײַט ווען ער האָט זיך געלאָזט איבער די טרעפּ אַרונטער און אַפילו ווען ער איז שוין געשטאַנען בײַם שטענדער, האָט דער עולם נאָך אַלץ אַפּלאָדירט.

אָט שטייט ער מיר פאַר די אויגן. אַ מיטל־וואוקסיקער, אָבער זייער געפּאַקטער, אין אַ טונקעלן אָנצוג מיט העלע שטרײַפן. דאָס פּנים אַ טונקלס, אַ רונד־פולס מיט גרויע וואָנצעס און ענלעכע האָר, וואָס האָבן געגעבן דעם אײַנדרוק פון האַרטקייט, אָבער די אויגן שײַנענדיקע, גלאַנציקע און שמייכ־לענדיקע.

— זעצט זיך נעענטער, — האָט ער אַ רוף געטאָן סײַ מיטן קול און סײַ מיט אַ באַוועגונג פון זײַנע הענט, און איך האָב צוזאַמען מיט אַנדערע זיך אַ יאָג געטאָן און בין געווען ביז גאָר גליקלעך, וואָס מיר האָט זיך אײַנ־געגעבן צו זיצן אויף אַ שטול אין דער ערשטער ריי פּונקט אַנטקעגן אים.

זײַן קול האָט מיך בײַם אָנהויב אַביסל אַנטוישט. לויט דער געפּאַקט־קייט פון זײַן פיגור און דער מאַסיוויקייט פון זײַן קאָפּ און פּנים, האָב איך מסתמא דערוואַרט אַ טיפן באַריטאָן. זײַן קול האָט אויפגעקלונגען אין מײַנע אויערן אַביסל דין, ספּעציעל ווען עס איז אַרײַנגעפאַלן אין די העכערע טע־נער און געקלונגען ווי אַ פאַלצעט, איז דאָס געווען פאַר מיר אַנטוישנדיק. דאָס האָט אָבער נישט אָנגעהאַלטן צו־לאַנג. באַלד האָב איך אין דער דינ־קייט דערפילט די קראַפט פון מעטאַל, און אַביסל שפּעטער איז מיר שוין דאָס קול געוואָרן ביז גאָר נאָענט.

איך בין געווען אײַנגאַנצן אויער און אויג, מורא־האָבנדיק צו פאַרלירן יעדן מינדסטן טאָן און באַוועגונג.

פאַר מיר, דעם קליינשטעטלדיקן ייִנגל, וואָס האָט גיכער געלערנט זײַנע ווערק, ווי זיי געלייענט, איז געווען אַ געוואַלדיקע געשעעניש אָט דאָס, וואָס איך זיץ און האָב די מעגלעכקייט אים צו הערן, און צו קוקן אויף אים.

— אָט איז ער! דער מײַסטער פון די „צוויי בערג", פון „אויב נישט העכער", פון „באַנציע שווײַג", פון „שלום־בית", פון „מאָניש", „אין פאַליש אויף דער קייט", „די גאָלדענע קייט" און נאָך און נאָך וואונדערבאַרע ווערק,

מיט וועלכע איך בין געוועזן ביז גאָר פאַרשיכורט.

— אָט איז ער, דער טאַטע פון דער יידישער ליטעראַטור, ביי וועמענס טיר אויף צעגליאַנאַ גאַס איך בין שוין אומצייליקע מאָל געשטאַנען מיט אַ קלאַפּנדיקן האַרץ, און נישט געקאָנט קריגן גענוג מוט אין זיך זי צו עפענען, ווייל עס האָט געפעלט דער גלויבן אין זיך.

איך האָב זיך געוואַלדיק געפרייט, וואָס ער רעדט דווקא וועגן זיין „ביי־נאַכט אויפן אַלטן מאַרק“. דאָס ווערק האָב איך אין יענער צייט נישט באַ־נומען, ווי עס געהער צו זיין.

פלוצלינג האָב איך זיך געכאַפּט, אַז אין מיין טיפן ענטוזיאַזם הער איך מער זיין קול, ווי איך הער זיך צו צו די געדאַנקען וועגן זיין ווערק, און איך האָב זיך אַזש דערשראָקן.

ד.

נישט אַלץ, וואָס יצחק לייבוש פּרץ האָט דעמאָלט געזאָגט, געדענקט זיך מיר איצט. אָבער איין מאָמענט פון זיין לעקציע געדענקט זיך מיר זייער קלאָר, און איך וועל אָט דעם מאָמענט איבערגעבן אין זיינע ווערטער:

— מען פרעגט ביי מיר, פאַרוואָס עפעס אַ דראַמע מיט טויטע אין דער האַנדלונג, און מען מיינט אַוודאי מיט אָט־דער פראַגע צו ציען מיין אויפ־מערקזאַמקייט אויף דעם לעבעדיקן לעבן.

— אָבער, מיינע חשובע צוהערער! — האָט ער אויסגערופן, און אויס־שפּרייטנדיק די הענט האָט ער געפרעגט:

— וואו איז די דראַמע אין אונדזער יידישן לעבן?

— אונדזער היינטיק יידיש לעבן איז טרויעריק, אָבער דראַמאַטיש איז דאָס נישט. איך זע נישט קיין דראַמע אין אונדזער איצטיק יידיש לעבן.

— כדי צו זיין דראַמאַטיש מוז דאָס לעבן זיין גרויס־לעבן. אונדזער לעבן איז קליין־לעבן. די גויים האָבן פּרינצן, גראַפן, אָפיצערן, וואָס רופן אַרויס איינע די אַנדערע אויף דועלן, בשעת ביי אונדז כאַפּט מען זיך אין בעסטן פאַל ביי די בערד אין דער קלויז איבער אַ מפטיר, אָדער אַ שישי. ביי די גויים זיינען דאָ ליבהאָבער, וואָס זיינען פּייאיק אויף גרויסע אַוואַנ־טורעס צוליב זייערע געליבטע, בשעת ביי אונדז האָט מען חתונה דורך אַ שדכן און מען שרייבט ליבעס־בריוו פון בריוושטעלער אַרויס.

איבערבויגנדיק זיך איבערן שטענדער און דורכנעמענדיק אַלעמען אין זאַל, האָט ער זיך צערעדט אין אַ געמיטלעכן טאָן:

— אָט לאָמיר נעמען אַ שטיק פון אונדזער יידיש לעבן, וואָס איז אייך אַלעמען אַזוי גוט באַקאַנט ווי מיר, און לאָמיר זען צי מען קאָן דערפון אויפ־שטעלן אַ דראַמע.

זײַנע אויגן האָבן זיך צעגליט מיט אַ גלי פֿון גוט־מוטיקייט און מילד־קייט, און ער האָט אָנגעהויבן:

— אַ יאָריד אין אַ ייִדיש שטעטל. דער מאַרק איז פֿול מיט פּויערשע וועגענער. פֿערד זײַנען אויסגעשפּאַנט, כראָמטשען מיט די מאָרדעס, בלאָזן מיט די נאָזלעכער און טרײַבן מיט די ווײַדלען די זלידנע פֿליגן איבער זייערע פֿעלן. די זון באַקט, און די לופֿט איז אָנגעפֿילט מיט טומל פֿון קויפֿער און פֿאַרקויפֿער. דער האַנדל איז אין פֿולן גאַנג. אַ סחורה איז אַלצדינג — חזירים, עופֿות, שטיוול, זאַקנבענדלעך, ציץ, לײַוונט, און פֿערד און תבֿואה.

— שאַט, אָט האָבן מיר פֿאַר זיך אַ העלד פֿאַר אַ דראַמע. ער איז אַ גוטער העלד. ער דאַרף מיט זיך פֿאַרשטעלן דעם יושר און דעם צדק פֿון אונדזער ייִדישן לעבן. לאָמיר אים אַ נאָמען געבן ברוך. ער איז אַ בלאָנדער, גוטמוטיקער מיטליאָריקער ייִד, וואָס האָט אַ ווײַב און קינדערלעך מפֿרנס צו זײַן. ברוך שטעלט זיך אָפּ בײַ אַ פּויעריש וועגעלע, טאַפּט אָן מיט דער האַנט אַ זעקל קאָרן.

— מענטש, וואָס ווילסטו פֿאַרן קאָרן?

— זיבן גילדן, — ענטפֿערט דער פּויער און קראַצט זיך אין דער פּאַטילניצע.

— נעם זעקס, — פּרובירט זיך ברוך אַ דינג טאָן.

— זעקס און אַ האַלבס, — לאָזט דער פּויער אַרונטער.

ברוך שײַנט אויף. ער זעט בפֿירוש, אַז דער רבונו של עולם האָט אים צוגעשיקט אַ פּאַרדינסטל, און ער נעמט אויסצײלן דעם פּויער דאָס ביסל מזומן. אָבער דאָ ווײַזט זיך אַרויס, אַז עס פֿעלט אים אויס אַ גילדן, און ער ווענדט זיך צום פּויער:

— מענטש, עס פֿעלט מיר אַ גילדן, וועל איך צולויפֿן אָט דאָ נישט ווײַט צו מײַנעם אַ שכן און כאַפּן אַ גמילת־חסד.

— איך וועל וואַרטן, — זאָגט דער פּויער.

— ווּעסטו? — דערפֿרייט זיך ברוך מיט דער גוטסקייט פֿונעם פּויער, און ער בענטשט אים און זאָגט צו אים: — איך האָב אַ ווײַב מיט קינדער, פֿאַרשטייסט?

דער פּויער שאָקלט מיטן קאָפּ, אַז ער פֿאַרשטייט, און זאָגט נאָכאַמאָל צו, אַז ער וועט וואַרטן. אָבער ווי נאָר ברוך איז אַוועק, באַווײַזט זיך אַ שוואַרצער יונגערמאַן, וועמען מיר וועלן רופֿן זרח.

— מענטש, וואָס האָסטו אין זאַק? — פֿרעגט ער בײַם פּויער.

— קאָרן האָב איך, אָבער שוין פֿאַרקויפֿט.

— פֿאַרקויפֿט?

— נו, יאָ, פֿאַרקויפֿט, — דער ייִד איז געלאָפֿן כאַפּן אַ גמילת־חסד.

— פאַר וויפל האָסטו פאַרקויפט?

— פאַר זעקס מיט אַ האַלבס.

— איך וועל דיר געבן גאַנצע זיבן, — זאָגט זרח.

דער פויער קראַצט זיך אין דער פּאַטילניצע. פאַר זעקס און אַ האַלבס וואָלט ער געוואַרט, אָבער פאַר זיבן? פאַר אַ האַלבן גילדן קאָן מען דאָך קויפן אַ טרונק בראָנפן.

— גיב געלט! — זאָגט דער פויער מיט בייזקייט, וואָרום אים האָט, אָפּנים, פאַרדראָסן, סיי אויף זרחן און סיי אויף זיך אַליין, הלמאי מען טוט אָפּ אַזאַ שטיקל אַרבעט.

ווי נאָר זרח איז אַוועק מיטן זעקל, איז געקומען צו לויפן ברוך אַ פאַר־שוויצטער, אָבער זייער אַ צופרידענער:

— אָט האָסטו דיין געלט! — רופט ער אויס צום פויער. אָבער דער פויער ענטפערט אים מיט די אויגן צו דער ערד:

— שוין פאַרקויפט.

— פאַרקויפט? — פרעגט ברוך אָן איבערראַשטער.

— יאָ, — ברומט דער פויער נאָך אַלץ מיטן פּנים צו דער ערד, און פאַרענטפערט זיך: — געקומען אַ שוואַרצער „זשידאָק" און געגעבן גאַנצע זיבן גילדן, האָב איך פאַרקויפט.

— האָסטו אים דערציילט?

— דערציילט, דערציילט! אָבער אַז ער האָט געגעבן גאַנצן זיבן, האָב איך...

— אַי, אַ רוח אין זיין טאַטן אַריין, אָט דעם זרחל גנב!

ברוך איז אויפגעבראַזט, זיינע בלויע אויגן צעצינדן זיך, ווי צוויי אָנגעצונדענע שטורקאַצן, און ער לאָזט זיך לויפן.

— איך וועל אים קורע כדג זיין, אָט־דעם משיג־גבולניק! — שרייט ער, און לויפנדיק איבער דעם טומלדיקן מאַרק איז זיין באָרד צעציטערט, און זיינע פּאָלעס צעפלויגן פונעם ווינט.

יצחק לייבוש פּרץ האָט אויסגעגליכן זיין פיגור, אַ וויילע געקוקט אויף די צוהערער, און שמייכלענדיק געפרעגט:

— איז דאָס נישט קיין דראַמע? אַוודאי אַ דראַמע! איר האָט דאָ אַ דעם גוטן יידן, וואָס ווערט באַעוולהט, און איר האָט דאָ דעם רשע, וואָס האָט נישט קיין טראָפּן געוויסן. אָבער וואָס קומט אַרויס? קיין דראַמע ווערט דערפון סיי־ווי נישט, וואָרום ווען ברוך איז אַזוי געלאָפן אָן אויפגעבראַזטער, איז ער גראָד פאַרבייגעלאָפן זיין חסידיש־שטיבל, וואו מען האָט דעמאָלט געדאַוונט אַ פרייע מנחה, און דורך די אָפענע פענצטער האָט זיך דורכגעריסן אַ „יתגדל ויתקדש", איז ווי־זשע שטעלט מען זיך נישט אָפּ און מען ענטפערט

נישט אַן „אָמן יהא שמיה רבא״ ?

— יאָ, אונדזער ברוך האָט זיך טאַקע אָפּגעשטעלט, און צוזאַמען מיטן „אָמן יהא שמיה רבא״ איז אַוועק זיין כעס, און סע איז צערונגען געוואָרן די דראַמע.

מיט אָט דעם מעשהלע האָט פּרץ געוואָלט באַווייזן, אַז אינעם יידישן לעבן אַרום אים איז נישט געווען קיין מאַטעריאַל פאַר קיין דראַמע, און ער האָט דערפאַר געמוזט זיך ווענדן נאָך דראַמאַטישן מאַטעריאַל צו דעם לעבן פונעם נעכטן, אָדער גאָר צום בית־עולם.

ה.

איז מיר נאָך זיין לעקציע קלאָר געוואָרן דער זין פון זיין „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק״ ? ניין, מיר איז דעמאָלט גאָרנישט קלאָר געוואָרן. אָבער אין יענעם מאָמענט בין איך אַזוי שטאַרק געווען באַרוישט מיט אים אַליין, אַז איך האָב נישט געוואָגט צו שטעלן קיין פראַגע. אין מיין דורשט נאָך אים אַליין, האָב איך געוואַרט ביים אַרויסגאַנג, כדי צו קאָנען כאַפּן נאָך אַ קוק אויף אים.

ביים אַרויסגאַנג פונעם זאַל איז ער געווען אָנגעשפּאַרט אויפן אָרעם פון אַ יונגנמאַן אין אַ ברוינעם מאַנטל מיט אַ געבויגענעם קאַפּעליוש פונעם זעלבן קאָליר, איבער די אויגן, פון אונטער וועלכן עס האָבן זיך געשפּיצט צוויי טונקעלע וואָנצעס.

— דר. א. מוקדוני, — האָט מיר מיין חבר געלאָזט וויסן, און איך בין נאָכגעגאַנגען ביז זיי זיינען פאַרשוואונדן.

איך בין נאָכדעם געשטאַנען נאָך עטלעכע מאָל ביי דער טיר פון פּרצעס היים, אָבער אַריינגעגאַנגען בין איך דאָך נישט.

נישט געהאַט דעם מוט און נישט געוואָגט, כאָטש נאָך זיין לעקציע איז שוין די פראַגע נישט געווען בלויז וועגן מיינע יוגנטלעכע לידער, נאָר אויך אַ צאָל פראַגן, וואָס איך האָב דעמאָלט געוואָלט ביי אים פרעגן.

ביי מיר איז אויסגעקומען, אַז ער איז נישט געווען אינגאַנצן גערעכט צו דעם יידישן לעבן פון זיין ציית, ווייל איז דען אין יענער צייט טאַקע גאָרנישט געווען אַזוינס אין אונדזער יידיש לעבן, וואָס האָט זיך געבעטן צו דראַמאַטיזירן ? איז דען דאָס גאַנצע יידישע לעבן אונדזערס אונטער דעם קנאַפּל פונעם צאַריזם נישט געווען איין גרויסע דראַמע ? און איז דאָך שוין אויך אין יענער צייט געווען אַ שטאַרקער יידישער רעוואָלט אין אונדזער לעבן. עס זיינען שוין געווען יידישע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען אין אונדזער לעבן, וואָס האָבן שוין געהאַט אפילו צו פאַרצייכענען גרויסע העלדן, וועגן וועלכע דאָס פאָלק האָט שוין אפילו לידער געזונגען — הירש לעקערט, ברוך

שולמאַן און נאָך און נאָך.

אָט די און ענלעכע פראַגן האָט זיך מיר געוואָלט פרעגן, אָבער אַריינ־געגאַנגען בין איך נישט.

היינט, נאָך אַזוי פיל יאָרן, אַז איך דערמאָן זיך אָן יענע פראַגן, וואָס האָבן מיך דעמאָלט געמאַטערט, שמייכל איך צו זיך. עס שמייכלט זיך מיר וועגן מיין דעמאָלטדיקער מוטלאָזיקייט און נישט־געוואַגטקייט אַריינצוגיין, און עס שמייכלט מיר וועגן די פראַגן, וואָס האָבן מיך דעמאָלט געמאַטערט.

היינט איז דער ענין פאַר מיר קלאָר: אמתע קינסטלער שאַפן נישט זייערע ווערק לויט אַ טעאָריע, נאָר באַשאַפן די טעאָריע לויט די ווערק, וואָס עס שאַפט זיך דורך זיי.

היינט איז פאַר מיר קלאָר, אַז די פאָלקסטימלעכקייט און דאָס חסידיש פון וועלכע יצחק לייבוש פרץ האָט געשאַפן זיינע גרויסע ווערק, זיינען גע־ווען אין אים, זיינען געווען זיין רעאַלע וועלט און ער האָט זיך גאָרנישט גע־דאַרפט פאַרענטפערן הלמאי זיי זיינען געווען דאָס לייס, פון וועלכער ער האָט געקנאָטן זיין גרויסע קונסט.

גייט עס דען באמת בלויז אין דעם פידעלע? ניין, עס גייט אַ סך מער אין דעם, וואָס אין דעם פידעלע שטעקט!

און אין דעם פידעלע שטעקט אַלצדינג. עס שטעקט אין דעם דער היינט און דער מאָרגן אפילו, ווען עס שפילט דעם נעכטן. נישט מער, עס ווענדט זיך ווער און ווי אַזוי ער שפילט אויף דעם.

לייענט מיט כוונה די „דריי מתנות" און איר וועט ביסלעכווייז דערזען, אַז דאָס זיינען נישט בלויז מתנות פונעם נעכטן, נאָר אַז זיי זיינען אויך די מתנות פון אונדזערע היינטיקע טעג. דאָס אייגענע מיט „אָראָפּגעלאָזטע אויגן", מיט „אויב נישט נאָך העכער" און נאָך און נאָך. די „צוויי בערג" זיינען אויך בערג פון אונדזער היינטצייטיקן לעבן. דער ביאַלער רבי און דער בריסקער רב האָבן בלויז געביטן זייערע אויסזענס, אָבער זיי לעבן דאָך אויך היינט ביי אונדז אין זייער אַנדערשקייט, און גאָרנישט איז געמינערט געוואָרן פון זייער באַרגיקייט.

און איז דען „אין פּאָליש אויף דער קייט" נישט קיין היינטצייטיקע דראַמע? כאַפּט אַ טיפערן קוק אין אונדזער לעבן און איר וועט דערזען דעם פרוש, כאָטש ער איז היינט אַנדערש געשלייערט. דעם „בטלן" אויך, און נאָך און נאָך פון יצחק לייבוש פרצעס פיגורן.

נעמט דעם רבין ר' שלמהלען פון דער „גאָלדענע קייט", הערט זיך צו פאַרוואָס ער וויל קיין הבדלה נישט מאַכן, און די געפייניקטע נשמות אינעם גיהינום פאַרוואַנדלען זיך אין די לעבעדיק־געפייניקטע אויף דער ערד, אין וועמענס נעמען מען איז זיך מקריב. אינעם ליכט פון דער היינטיקער

צייט איז דער רבי ר׳ שלמהלע אַ גרויסע רעוואָלוציאָנערע פיגור.

„אָט אַזוי גייען מיר, —
מיר גרויסע, גרויסע יידן,
טאַנצנדיקע,
זינגענדיקע״.

ז.

דרייסיק יאָר!

סאַראַ מוראדיקע דרייסיק יאָר דאָס זיינען געווען אין אונדזער יידיש לעבן!

נישטאָ שוין אויך די אלמנה, נישטאָ מער אַלטער קאַציזנע, ווי עס זיינען נישטאָ מיט אונדז אַזוי פיל אַנדערע.

ווער ווייס, צי אפילו די מצבה איבער יצחק לייבוש פרצן איז נאָך דאָ. אפשר האָבן זי די נאַצישע רשעים גאָר איינגעמויערט אין דעם ברוק אויף איינער פון זייערע גאַסן.

אָבער יצחק לייבוש פרץ איז דאָ, פונקט ווי עס איז דאָ זיין פאָלק. און זיין וועט דאָס אייביק, און טראָגן וועט דאָס אומעטום די שבת־יום־טובדיקייט פון אונדזער גרויסן טאַטן יצחק לייבוש פרץ.

1945.

# שלום־עליכם

## א.

אין זיין צוואה האָט שלום־עליכם אָנגעזאָגט, מען זאָל נאָך אים ניט טרויערן, נאָר לייענען זיינע ווערק און לאַכן!

— לאַכט, יידן, לאַכט, — דאָקטוירים הייסן לאַכן! — האָט ער געראָפן נאָך ביי זיין לעבן. און יידן האָבן אים געפאָלגט און מען פאָלגט אים אויך איצט.

מען לייענט נאָך איצט זיינע ווערק און מע לאַכט. אמת, אָפטמאָל לאַכט מען דורך טרערן, — מען לאַכט „מיט יאַשטשערקעס״, ווי מען זאָגט ביי אונדז, אָבער לאַכן לאַכט מען סיי־ווי.

עס איז, ווי מען וואָלט אַרויסגעלאָכט פון זיך אַלע פּיינען, אַלע בזיונות, לייענענדיק שלום עליכמען. עס איז אַ מין להכעיס־געלעכטער אין פּנים אַריין דער רשעות פון דער וועלט צו אונדז.

עס דערמאָנט זיך מיר דאָס ערשטע שלום־עליכם־געלעכטער אין מיין לעבן.

עס איז געווען אַ קאַלטער ווינטער־אָוונט אין מיין וואָלינישן היים־שטעטל טריסק. איבער אַ פאַרקילונג איז מיר דערלויבט געווען צו בלייבן אין שטוב און ניט גיין צום גמרא־מלמד, ביי וועמען איך האָב דעמאָלט געלערנט. די זעלבע פאַרקילונג האָט מיר אויך געגעבן די פּריווילעגיע זיך צו פאַרשפּילן מיט אַזאַ זאַך, ווי אַ „זשאַרגאָניש״ ביכל אַנשטאָט צו זיצן איבער אַ בלאַט גמרא. וויפיל בין איך דעמאָלט אַלט געווען? מסתמא, אַ יאָר צוועלף! ווי אַזוי איז אַריינגעפאַלן שלום־עליכמס אַ ביכל צו אונדז? מסתמא איז דאָס געווען ברוך דעם סטעלמאַכס, וואָס האָט געהאַט זיין סטעלמאַכניע אין אונדזער הינטער־שטער דירה.

אַ מאָדנער יונגערמאַן איז געווען אָט דער ברוך!

געהאַט האָט ער זיין אייגנס אַ ווייבל, אַ קינד אין אַ וויג, אַ סטעלמאַכניע אין אונדזער הינטערשטער דירה מיט אַ שטעלכל ביי דער זייט, וואו ער פלעגט פאַרריכטן צעבראָכענע פויערשע וועגענער, און כאָטש ער האָט געהאַט אַ קליין געל בערדל און פאַהלעך אַרום די אויערן, האָט ער אָבער געהאַט אַ טבע צו קויפן ביי יעדן פאַרבייפאָרנדיקן פאָקנטרעגער „זשאַרגאָנישע״ ביכלעך און זיי לייענען אויפן קול אין די אָוונטן פאַר זיין ווייבל.

— ברוך לערנט שוין ווידער אַ „פּרק משניות״ מיט זיין ווייב! — פלעגט

אַמאָל מײַן פעטער יצחק הלצהדיק אַ ברום טאָן אין זײַן שוואַרצער באָרד אַרײַן, ווען ברוכס קול פלעגט זיך אַרײַנרײַסן צו אונדז אין דער פעדערשטער דירה אַרײַן.

מײַן מאַמע, ביי ווענען דער פעטער יצחק — איר צווייטער מאַן — איז געווען זייער געהויבן צוליב זײַן למדנות, האָט פונדעסטוועגן באַמיט זיך צו פאַרענטפערן דעם שכן.

— נו, מילא... אין תוך אַן ערלעכער ייד... פראַצעוועט שווער אויף זײַן שטיקל ברויט... און אַז קיין בלאָט גמרא קען ער נעבעך ניט, איז אַ יידיש־טײַטש ביכל וועגן צדיקים אויך אַן ענין.

אָט אַזוי פלעגט מײַן גוטע מאַמע זײַן אַ מליץ־טוב פאַר דעם שכן ברוכן, און דער פעטער יצחק האָט שוין גוטמוטיק געשמייכלט:

— נו, מילא!

הכלל, דאָס שלום־עליכם ביכל האָט אַוודאי פאַרבלאָנדזשעט צווישן די מעשה־ביכלעך פון דעם שכן ברוך און פון דאָרטן אַריבערגעבלאָנדזשעט אין דער פעדערשטער דירה אַרײַן.

מײַן מאַמע — אַ פלייסיקע לייענערין פון דעם טײַטש־חומש, צאינה־וראינה, קב־הישר און ענלעכע אַזעלכע ווײַבערשע ביכלעך, האָט דאָס זיכער געבאָרגט ביים שכן, מיינענדיק אַוודאי, אַז דאָס איז עפּעס אַ מעשה פון אַ צדיק, און ביז וואָס, האָב איך דאָס דערווייל אין יענעם ווינטער־אָוונט אַן עפן געטאָן.

און אַז איך האָב דאָס אַן עפן געטאָן, איז גלײַך די גאַנצע שטוב אַן אַנדערע געוואָרן.

די מאַמע, וואָס איז פריער געזעסן אויף דער באַנק לעבן דער אָנגעהייצ־טער חרובע און שווייגנדיק געפליקט גענדזענע פעדערן אין אַ זיפּל אַרײַן, האָט פלוצלונג אויפגעהויבן אויף מיר אירע בלויע אויגן, און איידער זי האָט באַוויזן צו זאָגן דאָס, וואָס זי האָט געוואָלט זאָגן, האָט זי זיך דערווייל צעלאַכט.

צעלאַכט האָט זיך אויך מײַן שוועסטערל חנהקעלע, וואָס איז געזעסן לעבן דער מאַמען, אונטערטראָגנדיק מיט אירע הענטלעך אַלע ווײַלע אַ בינטל פעדערן פונעם זיפּל דערבײַ. צעלאַכט האָט זיך אויך דער נאַפט־לאָמפּ, וואָס האָט פריער אַזוי שטיל און שטום געשײַנט. אַפילו די פעדערן פונעם זיפּל אַרויס האָבן זיך אָנגעהויבן אויפצוהויבן מיט אַ טענצלדיקן געלעכטער, און איך, דער לייענער אויפן קול, האָב זיך ממש געקאַטשעט פון געלעכטער.

דאָס ביכל, וואָס שלום עליכם האָט שפּעטער איבערגעאַרבעט אונטערן נאָמען „דאָס פאַרכישופטע שנײַדערל", האָט דעמאָלט געהייסן „אַ מעשה אָן אַן עק", און שמעון־עלי „שמע־קולנו", וואָס האָט געשפּאַנט אַהין און צוריק

צווישן קאָזאָדאָיעווקע און זלאָדייעווקע מיט דער ציג צוגעבונדן צו זיין גאַרטל, וואָס האָט זיך אין שטעטל פון זיין קרוב, דעם אַרענדאַר, פאַרוואַנדלט אין אַ צאַפּ, האָט פּלוצלונג אַריינגעשפּאַנט מיט זיין גאַנצער קאָמישער טראַגישקייט אין אונדזער פרומער, למדנישער שטוב אַריין און אַנגעמאַכט אַ גאַנצע איבערקערעניש.

איך געדענק דאָס פאַרקייכטע געלעכטער פון מיין פעטער יצחקן אינעם דערבייאיקן אַלקערל, וואו ער איז שוין געלעגן אין בעט.

אַ ביסל שפּעטער האָט ער זיך באַוויזן אויף דער טיר אין זיינע גאַטקעס און גרויסן טלית־קטן, האַלטנדיק מיט דער האַנט די יאַרמעלקע, וואָס האָט ממש געטאַנצט איבער זיין קאָפּ פון געלעכטער.

— ווער איז דאָס, אָט דער לץ? — האָט דער פעטער געפרעגט, שאָקלענדיק זיך פון געלעכטער, און דערביי צוגעלייגט:

— נו, אַ לץ! נו, אַ מה־יעשהניק! ווער איז ער דאָס, אָט־אָ דער? כאַ! כאַ! כאַ! אַז דאָס מויל זאָל ביי אים אָפּגענומען ווערן! כאַ! כאַ! כאַ!

## ב.

אין אונדזער קלאַסישער יידישער ליטעראַטור ווערט שלום עליכם באַצייכנט ווי דאָס אייניקל. ער אַליין האָט אין יענע טעג, ווען ער האָט אונטערגעטראָגן מענדעלען די קרוין פונעם זיידן אין דער יידישער ליטעראַטור, האָט זיך באַצייכנט ווי דאָס אייניקל.

און אייניקלדיק איז ער ווירקלעך געווען סיי אין זיין שרייבן און סיי אין זיין אויסזען.

פאַראַן אַזאַ חנעוודיקע שטיפערישקייט ניט נאָר אין זיין „מאָטל פייסי דעם חזנס", נאָר אַפילו אין זיין „מנחם־מענדל", אין זיין „טביה", זיין „רב יוזעפל". אין אַלץ, אין אַלץ, וואָס ער האָט געשריבן, איז פאַראַן אַ חנעוודיקע, יינגלשע שטיפערישקייט. זיין גאַנצער סטיל איז אַ יינגלש־שטיפערישער. אַפילו ווען ער לאַכט דורך טרערן איז ער יינגלש־שטיפעריש. אין דעם זינען איז ער דאָס אייניקל ניט נאָר פון זיידן מענדעלען, נאָר אַפילו איצט איז ער דאָס ליבע אייניקל פון אַשן, בערגעלסאָנען, אָפּאַטאָשון, ראַבאָיען און פיל אַנדערע וויכטיקע שרייבער, וואָס זיינען געקומען נאָך אים.

זיין אויסזען איז אויך געווען אייניקלדיק.

ווען איך האָב דאָס ערשטע מאָל אים דערזען פנים אל פנים, האָב איך אָנשטאָט יענעם דרך־ארץ, וואָס מען דאַרף דערפילן ביים שטעלן זיך פאַר אַזאַ גרויסן שריפטשטעלער, ווי ער איז געווען, גאָר דערפילט אין זיך אַ געוואַלדיקע, צערטלעכע, פריידיקע ליבשאַפט. עס איז געווען די צערטלעכע ליבשאַפט און היימישקייט, וואָס מען דערפילט צו אַ זייער חנעוודיק

און געראָטן קינד.

אַ קלײן־געוויקסיקער מיט אַ צאַרטער, בלײַכער הויט אויפן פּנים. אַפּילו די קנײטשלדיקייט פון דער הויט האָט גיכער געגעבן דעם אײַנדרוק פון שטי־פערישער לאַכנדיקייט, אײדער פון עלטער. אויך די דורכדרינגלעכע בליקן דורך זײַנע ברילן האָבן געגעבן דעם אײַנדרוק מער פון נײַגעריקייט אײדער פון עפּעס אַנדערש, וואָס דאָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר קלוגער יוגנטלעכ־קייט. דאָס אײנציקע, וואָס איז געווען בײַ אים מאַסיוו אין פּראָפּאָרציע צו זײַן וואוקס איז געווען זײַן קאָפּ. זײַנען אָבער די האָר איבער אים געווען טונקל־בלאָנד און קוטשעראַווע־ווײך, ווי בײַ אַ יונג חנעוודיק פּאַרשײט ײנגל. אַ ווײכקייט איז אויך געווען איבער זײַן קלײן אַרומגעשוירן בערדל און וואָנצעס.

אַפּילו איצט, ווען מיר קומט אַמאָל אויס צו קוקן אויף זײַן פּאָרטרעט, זע איך דאָס אײביקע זשוואָוועדיקע און שטיפערישע אײניקל.

ספּעציעל ווען איך קוק אויף אים לעבן די פּאָרטרעטן פונעם זײדן מענ־דעלע, און דעם טאַטן פּרץ איז ער דורכאויס דאָס אײניקל.

אדרבא, שטעלט זיך אַמאָל אַוועק און באַטראַכט רואיק די פּאָרטרעטן פון אונדזערע דרײַ ערשטע גאונים אין דער מאָדערנער ײדישער ליטעראַטור. איר וועט דעמאָלט איבערראַשט ווערן פון דער טרעפלעכקייט אין די נעמען, וואָס דאָס פאָלק האָט זײ געגעבן.

מענדעלעס פּנים — קלוג און שאַרף. די קנײטשעלעך אויפן פּנים דער־צײלן פון דורותדיקער דערפאַרונג. קוקסט אויף די ברילן איבער זײַן נאָז און האָסט דאָס געפיל, אַז אָט, אָט און זײ וועלן זיך אַ הויב טאָן צו זײַן שטערן און די אויגן וועלן זיך אַזוי זײדיש צעקלינגען און פון זײַן מויל וועלן זיך צעציטערן די ווערטער:

— זעצט זיך אַרום, ליבע קונדסים מײַנע, און איך וועל אײַך דערצײלן אַ מעשה פון . . .

— אוי, אָמר רב מענדעלע! — צעקלינגט זיך שוין אין אײַערע אויערן, און אײַך ווערט אויפן געמיט אַזוי זיס און ביטער.

זיס — פון זײַן טײַערן, זיסן, זײדעשן קול, און ביטער — פּאַרוואָס ער איז אין די איצטיקע, מוראדיקע, שווערע טעג אונדזערע ניטאָ אונדז צו טרײסטן.

נו, און דער פּאָרטרעט פון פּרצן?

ספּעציעל יענער, וואָס מיטן פולן פּנים צו אײַך, — קוקט ניט אַרונטער קײן טאַטעדיקייט פון אים אויף אײַך?

ניט געקוקט אויף דער ראָמאַנטישקייט אין זײַנע צוויי גרויסע אויגן, קוקט דאָך אויף אײַך פון זײַן הויכן שטערן און פולן, אָפענעם פּנים מיט

טאַטעדיקער תכליתדיקייט.

און טאַטעדיק־תכליתדיק איז ער דאָך געווען אין זיין שרייבן. ווען ער איז געקומען צו דער יידישער ליטעראַטור, איז ער געקומען ווי אַ באַ־לעבאָס, וואָס נעמט קודם־כל אַ סך־הכל פונעם פאַרמעגן און דערנאָכדעם הויבט ער אָן אַריינצובערענגען דאָס וואָס עס פעלט אויס.

פון אָנהייב האָט זיך אים געדאַכט, אַז דער עיקר פעלט אויפקלערונג, איז ער געוואָרן אַן אויפקלערער. שפּעטער האָט ער דערזען, אַז דעם יידישן לעבן פעלט זעלבסט־חשיבות, האָט ער דורך זיינע „פאָלקסטימלעכע גע־שיכטן" און „חסידיש" אָנגעהויבן צו געבן די דערהויבנקייט פון דעם איי־גענעם פאָלק.

מיט איין וואָרט, — אַ טאַטע אַ בעל־תכלית, וואָס האָט זיך באַוואוסט־זיניק באַמיט צו באַרייכערן דאָס פאַרמעגן פאַר אונדז, זיינע קינדער.

און צווישן זיי — דאָס שטיפערישע פנים פונעם אייניקל שלום עליכם, וואָס גיט אייך דעם איינדרוק, אַז אָט, אָט וועט ער אַרונטערנעמען די האַנט פון אונטער זיין קין און זי געבן אַ פריילעכן שטרעק אויס צו אייך, זאָגנדיק מיט אַ לאַכנדיקער ברייטקייט:

— שלום עליכם, שלום עליכם! איז וואָס זשע הערט זיך עפּעס ביי אונדז, די יידעלעך פון דער וועלט?

## ג.

וויפיל מאָל האָב איך געהאַט די זכיה צו זען אים פערזענלעך? אַקוראַט וויפיל מאָל — געדענקט זיך מיר ניט גענוי, אָבער אָט זע איך זיך אויף אַן אָוונט, אין קלינטאָן־זאַל אין דער ערשטער ריי, און ער אויף דער פּלאַטפאָרמע לייענט זיין „זעקס און זעכציק".

דער עולם האָט געקראַכט פון געלעכטער, און ער מיט דער רעכטער האַנט אויף דעם ביכל, לאַכט אויך מיט אַזאַ ווייך און דין געלעכטער ביים לייענען.

עס גייט אויף אַ קורצער באַזוך ביי אים מיט משה לייב האַלפּערן אין עפּעס אַ וואָרעמען נאָכמיטאָג.

עס געדענקט זיך זיין שטענדערל, די ווייסע, באַפּינטלטע שטיקלעך פּאַפּיר, און ער אַ צעשויבערטער, אַ קרענקלעכער און דאָך אַזאַ שמייכלענ־דיקער און אַזאַ פריינטלעכער.

אָט דערזע איך זיך לעבן אים יום־כיפור צו כל נדרי אין אַ געפּאַקטער שול ערגעץ אויף וואַשינגטאָן־הייטס, זיך צוהערנדיק צום וואונדערלעכן נגינהדיקן „זאָגן" פון יאָסעלע ראָזענבלאַט.

ווי אַזוי איך בין אַריינגעפאַלן אין יענער שול, געדענקט זיך מיר ניט גאַנץ קלאָר, אָבער אַדאַנק דעם, וואָס שלום עליכם האָט מיך דערזען און

מיך געגומען אונטער זיין שוץ, האָט מען באַלד מיך צוגעפירט צום סאַמע אויבנאָן.

איך געדענק אים אין היפשן, האַרטן טונקעלן קאַפּעלוש אויפן קאָפּ, און מיט אַ טלית אויף די אַקסל.

— אַ וואַזשנע כלי! — האָט ער צו מיר באַמערקט אין התפעלות פאַר יאָסעלע ראָזענבלאַט.

בלויז איין מאָל האָב איך אים געזען זייער אַ צעבראָכענעם און זייער אַ טרויעריקן.

דאָס איז געווען אויף דעם אָוונט פון די שלשים אין קאַרנעגי־זאַל נאָך פּרצעס טויט.

ער איז געזעסן אַ ציטערדיקער אויף דער שטול צווישן די קאָלעגן אויף דער בינע און מיט צוגעמאַכטע אויגן, אָן אויסגעבליכטער, זיך צוגעהערט צו דעם וואונדערלעכן רעפעראַט, וואָס דר. חיים זשיטלאָווסקי האָט געהאַלטן וועגן די „דריי", וואָס האָבן געלייגט דעם יסוד פאַר אונדזער נייער יידישער ליטעראַטור.

די „דריי" זיינען, פאַרשטייט זיך, געווען: דער זיידע מענדעלע, דער טאַטע פּרץ און דאָס אייניקל שלום עליכם.

ווען עס איז געקומען שלום עליכמס ריי צו רעדן, האָט ער זיין רעדע געהאַלטן זיצנדיק, און די ערשטע ווערטער זיינע זיינען געווען:

— דער חשובער דר. זשיטלאָווסקי האָט היינט גערעדט וועגן „דריי", און מיר איז אַזאַ ווייטיק צו טראַכטן, אַז איצט זיינען געבליבן בלויז צוויי.

אָבער אַפילו דעמאָלט, אין זיין גרויסן צערפולן טרויער, איז ער געווען אייניקלדיק.

אייניקלדיק אין זיין צעצאַפּלטן ציטער און אייניקלדיק אין דער אומ־געהויערער ליבשאַפט, מיט וועלכער אַלע, סיי פון דער בינע און סיי פונעם עולם אין דעם גרויסן זאַל, האָבן געקוקט אויף אים.

ד.

שוין דרייסיק יאָר!

און אפשר וואָלט מען גאָר געדאַרפט אַנדערש שטעלן די פראַגע:

— ערשט דרייסיק יאָר?

גאָט, וואָס פאַר אַ דרייסיק יאָר דאָס זיינען געווען אינעם לעבן פון אונדזער יידיש פאָלק!

אינעם טשאַד און אינעם פלאַם פון די מוראדיקע געשעענישן אין אונדזער לעבן פאַר די לעצטע יאָרן איז דער גרעסטער וואונדער, וואָס מיר, אַפילו די איבערגעבליבענע, האָבן נאָך דעם כוח אָנצוצינדן אַ ליכט לזכרון איינעם

פון די ליכטיקסטע געשטאַלטן, וואָס האָט צוגעמאַכט די אויגן מיט דרייסיק יאָר צוריק.

קיין כוח איז אפשר טאַקע ניטאָ. נאָכדעם ווי אַ דריטל פון דעם שלום־עליכם־פאָלק האָט צוגעמאַכט די אויגן, נאָכדעם ווי אַזוי פיל יידישע שריפט־שטעלער און קינסטלער זיינען מיט אַ גרויסן טייל פון פאָלק צעאַשט געוואָרן אין די גאַז־אויוונס, איז טאַקע קיין כוח ניטאָ.

אָבער מען טוט זיך אָן אַ כוח און מען מוז זיך אָט דעם כוח אָנטאָן. ווייל דאָס פאָלק פון שלום עליכמען טאָר ניט, וויל ניט און וועט ניט אָפּגעווישט ווערן פון דער ערד.

— ניט טרויערן נאָך מיר, — האָט ער אָנגעזאָגט אין זיין צוואה, און מיר האָבן זיך באַמיט צו אויסצופאָלגן.

איך זאָג „זיך באַמיט“, ווייל ניט גרינג איז פאַר אונדז געווען ניט צו טרויערן נאָך זיין ליכטיקער, טרייסטנדיקער שפּילעוודיקייט. מיר האָבן זיך אָבער יאָ באַמיט, ווייל אין אונדזער באַוואוסטזיין ווייסן מיר, אַז טרויער קאָן זיך ניט פאַרוואַנדלען אין קיין רידל און האַמער אויף צו בויען ווייטער אונדזער לעבן.

אויך איצט מוזן מיר זיך באַמיען ניט איבערצוגעבן זיך אינגאַנצן דעם טרויער אויף אונדזער גרעסטן חורבן.

מיר וואָלטן אפשר געדאַרפט דעם אָנזאָג פון שלום עליכמען איבערוואַרפן אין אַ צוואה אין די מיילער פון אַלע אונדזערע אומגעקומענע קדושים, וועל־כע האָבן אַוודאי געוואָלט, אַז דאָס פאָלק, פאַר וועלכן זיי זיינען אומגעקומען, זאָל ווייטער לעבן.

לעבן, כדי זיי צו געדענקען, כדי אָנצוצינדן ליכט זיי לזכרון, ווי מיר צינדן דאָס ליכט לזכרון דער געשטאַלט פון אונדזער שלום עליכמען.

## ה.

ערשט דרייסיק יאָר, אַז ער האָט אונדז פאַרלאָזן?

עס איז דאָך אַזוי לאַנג, אַזוי לאַנג, זינט איך האָב געקוקט אויף זיין קליינעם פאַרגליווערטן גוף און אויף זיינע צוויי נאָר־וואָס צוגעשלאָסענע אויגן.

אַ קליין זייטיק צימערל אויף אַן אויבערשטן שטאָק ערגעצוואו אין קעלי גאַס, אין די בראָנקס.

אין די פעדערשטע צימערלעך איז געווען אַ געטומל פון פאַרשיידענע מענטשן, וואָס זיינען געקומען צו לויפן, און אינעם קליינעם זייטיקן צימערל איז געלעגן דער קליינער גוף פון דעם גרויסן נפטר אויף דריי הילצערנע צונויפגערוקטע שטולן איבערגעדעקט מיט אַ ליילעך, און לעבן אים צו־קאָפּנס פרץ הירשביין.

נאָך אַ יונגערמאַן געווען דעמאָלט פּרץ הירשביין. די האָר נאָך שאַטענע און קרויזיקע, אָבער דעמאָלט האָט אַזאַ פאַרעלטערטקייט אַרונטערגעקוקט אויף מיר פון זיין קנאָכיק פּנים.

— ניטאָ מער אונדזער שלום עליכם! — האָט ער מיט ציטער אויף די ליפּן זיך צעמורמלט צו מיר.

די זעלבע נאַכט האָבן מיר, אַ גרופּע עלטערע און יינגערע ייִדישע שריפטשטעלער, געוואַכט איבער זיין בעט, אין וועלכן מען האָט אים שפּע־טער איבערגעטראָגן.

מיר האָבן זיך צוגעקוקט, ווען דער באַרימטער ייִדישער פּאָרטרעטיסט יואל לעוויט האָט אַרונטערגעצייכנט דאָס טייערע, פאַרגליווערטע פּנים פאַר דער אייביקייט אויף אונדזער ערד.

דאָס פאָלק האָט געשטראָמט און געשטראָמט מאַסנווייז דורך די פּאָר טעג און נעכט, וואָס מען האָט אים געהאַלטן אין שטוב.

און דאַן די לוויה!

זינט ניו־יאָרק איז אַ שטאָט, האָט זי נאָך אַזאַ לוויה ניט געזען.

עס איז געווען אַ שיינער, זוניקער טאָג, און דאָס פאָלק אַ פּאַראייניקטס אין זיין צער אויף דער גרויסער אבדה, האָט געטראָגן דעם אָרון אויף די אַקסל.

די לוויה האָט זיך געצויגן פון קעלי גאַס אין די בראָנקס ביז אַרונטער דורך איסט־בראָדוויי צו דער בריק אויף דילענסי.

די ענגלישע צייטונגען זיינען געווען פול מיט אָט דער לוויה. גרויסע פעטע „קעפּ" איבער די ערשטע זייטן האָבן געלאָזט וויסן, אַז דער „ייִדישער מאַרק טווען" איז געשטאָרבן, און געשאַצט האָט מען די נאָכגייער אין מי־ליאָנען.

פאַר מיינע אויגן שטייט דאָס בילד אויפן אַרבעטער רינג בית־עולם. אַ ריזיקער, ריזיקער עולם.

די זון האָט געשיינט פון אַ בלויען הימל אַרונטער, אָבער פון די צענד־ליקער טויזנטער אויגן האָט גערעגנט מיט טרערן.

ערשט דרייסיק יאָר?

גאָט מיינער, ווי לאַנג, ווי לאַנג צוריק דאָס איז געווען!

.1946

# אלעקסאַנדער האַרקאַווי

### א.

אויף איינעם פון די יידישע בית־עולמס אַרום ניו־יאָרק, וואָס געהערט צום „אַרבעטער־רינג", האָב איך מיט עטלעכע יאָר צוריק זיך אָפּגעשטעלט לעבן אַ מצבה — אַ טאָפּלדיקע פון איין שטיין, וואָס האָט אויף דער לינקער זייט דערציילט, אַז דאָ ליגט די פרוי פון אַלעקסאַנדער האַרקאַווי, און אויף רעכטס איז געווען אָנגעשריבן דער נאָמען אַלעקסאַנדער האַרקאַווי, דער טאָג פון זיין געבורט, און אַ ליידיקע שורה, וואָס האָט געוואַרט, אַז איבער איר זאָל אויסגעקריצט ווערן דער טאָג פון זיין טויט.

הינטער דער טאָפּלדיקער מצבה אויף לינקס — אַן אויפגעהייבן בער־געלע, און אויף רעכטס — אַ גראָזיקע פלאַך, וואָס האָט געוואַרט אויפגעהויבן צו ווערן, ווי דאָס בערגעלע אויף לינקס.

אַ מאָדנע בילד.

אַ בילד, וואָס האָט גערעדט וועגן דעם טויט מיט אַזאַ סטאָאישער רו־איקייט, ווי מען רעדט רואיק וועגן איבערפאָרן פון איין שטאָט אין דער אַנדערער.

פון דעמאָלט אָן, אַז מיר איז אויסגעקומען זיך צו באַגעגענען מיט אַלעק־סאַנדער האַרקאַווין, האָב איך שטענדיק געהאַט דאָס געפיל, ווי ער געזעגנט זיך מיט מיר, און אַז באַלד, באַלד וועט ער אַריבערפאָרן צו יענעם אויפגע־הויבענעם בערגעלע, און הינטער דער טאָפּלדיקער מצבה וועט זיך אויפהויבן נאָך אַ בערגעלע, וואָס וועט קוקן צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע בערגלעך אין דער אייביקייט אַריין.

### ב.

ער האָט געלעבט די לעצטע פּאָר יאָר אין דעם „בראָדוויי צענטראַל האָטעל", וואו עס איז דער הויפּט־אָפּיס פונעם איקוף, און יעדעס מאָל, ווען מיר איז אויסגעקומען דורכצוגיין די לאָבי, האָבן מיר זיך געגריסט. פון צייט צו צייט האָב איך זיך אָפּגעשטעלט לעבן אים, גלאַט אַזוי זיך אָפּגע־שטעלט, אָט אַזוי ווי מען שטעלט זיך אָפּ לעבן אַ זייער חשובן עלטערן משפּחהניק, כדי ער זאָל וויסן, אַז ער איז, חלילה, נישט קיין פאַרלאָזענער, קיין אַליינינקער, אַז ער מיינט עפּעס ביי אַן אונדזעריקן מענטשן.

דאָס פאַרלאָזנקייט און אַליינינקייט איז געווען אויסגעשפּרייט איבער אים אַזוי מאַסיוו, אַז מען האָט עס געקאָנט אָנטאַפּן מיט די הענט.

קוקנדיק אויף אָט דעם דינעם, גרויען אַלטיטשקן, וואָס איז די מערסטע צייט געזעסן אין לאָבי אויף דער אַלט מאָדישער שטול מיט רויטן פּליוש געבעט, אָנגעשפּאַרט מיטביידע דאַרע הענט אויף זיין שטעקן, פלעגט אויפשטיין דער זעלבער אַלעקסאַנדער האַרקאַווי פון די פריערדיקע יאָרן.

ער האָט אין די פריערדיקע יאָרן אויך ניט געשטראַלט מיט קיין העלדישן אויסזען, אָבער דאָס טונקל־אינטעליגענטישע פּנים, די נעטע הלבשה אויף זיין דינער פיגור און דאָס שטענדיקע שוואַרצע, קינסטלעריש־אויסגעבונדן שניפּסל, וואָס האָט נאָך שאַרפער אַרויסגעבראַכט די ווייסקייט פון זיין העמד, האָט געוועקט נייגיר און דרך־ארץ.

קיין רוישנדיק לעבן האָט ער, אויף וויפל איך געדענק אים, נישט געהאַט. אין דעם ברויזנדיקן קאָך פון אונדזער יידישער עפנטלעכקייט, האָט ער קיינמאָל נישט מיטגעברויזט, אָבער אַלע האָבן געוואוסט זיין ווערט און מען האָט זיך באַצויגן צו אים מיט גרויס חשיבות.

נישט געווען קיין איין אויפטריט פון יידישע אינטעלעקטואַלן, אַז אַלעקסאַנדער האַרקאַווי זאָל נישט זיצן אויף דער פּלאַטפאָרמע צווישן זיי.

די, צווישן עולם, וואָס האָבן נישט געוואוסט, ווער ער איז, האָבן זיך שטענדיק נאָכגעפרעגט:

— ווער איז אָט דער?

— וועלכער?

— אָט דער טונקעלער, וואָס קוקט אויס, ווי אַן אַראַבישער פּראָפעסאָר אין אייראָפּייאישע קליידער.

— אָ, דער? דאָס איז דאָך אַלעקסאַנדער האַרקאַווי!

— פונעם ווערטערבוך?

— יאָ, פונעם ווערטערבוך און אַנדערע אַרבעטן, — האָט מען געגעבן צו פאַרשטיין.

— אַזוי, אַזוי, דאָס איז ער?

קיין שטאַרק קול האָט אַלעקסאַנדער האַרקאַווי נישט געהאַט אויך אין זיינע פריערדיקע יאָרן, אָבער, אַז ער האָט גערעדט, איז געווען שטילער פון שטיל.

אַלע האָבן געוואָלט הערן, וואָס אָט דער שיינער און געלערנטער ייד מיט דעם גאָר באַזונדערן אויסזען האָט אַזוינס צו זאָגן.

ג.

קיין אויסערגעוויינלעכע זאַכן האָט ער נישט געזאָגט, אָבער דאָס וואָס ער האָט יאָ געזאָגט, איז געווען אַזוי ריין און ערלעך, ווי ריין און ערלעך עס איז די אַרבעט פון אַ האַרעפּאַשניק. אין אַ סך הינזיכטן איז ער טאַקע געווען דער קולטור־האַרעפּאַשניק צווישן די פירנדיקע פיגורן פון זיין דור.

איינער פון די ערשטע אינטעלעקטואַלע יידישע אימיגראַנטן, האָט ער זיין וויסן און זיינע פייאיקייטן קיינמאָל נישט געזוכט אויסצונוצן, כדי צו מאַכן פאַר זיך אַ קאַריערע, נאָר ער האָט זיין וויסן און פייאיקייטן געשטעלט אין דינסט פון דער יידישער געזעלשאַפט, נישט מאָנענדיק ביי איר קיין באַזונדערע אָנערקענונג פאַר זיינע אַרבעטן.

איך האַלט זיך נישט פאַר געצוג בר־סמכא צו געבן אַן אָפּשאַצונג וועגן דעם באַטייט פון זיין ווערטערבוך, אָבער איך געדענק זייער גוט די ניצלעכקייט פון זיין ווערטערבוך פאַר די יידישע אימיגראַנטן, וואָס האָבן זיך געלערנט ענגליש. דער נאָמען אַלעקסאַנדער האַרקאַווי איז מיט יאָרן צוריק געווען פאַר טויזנטער און טויזנטער יונגע יידישע מיידלעך און יינגלעך דער לאַמטערן איבער דעם נאַכטיקן וועג צו דער שפּראַך און קולטור פון דעם נייעם לאַנד, אין וועלכן מען איז געקומען אויף צו פאַרבלייבן.

און דער לאַמטערן איז נישט געווען אַזאַ, וואָס באַשיינט בלויז דעם פאַראויס, נאָר אַ לאַמטערן אַ זיך וויגנדיקער פאָראויס און צוריק. פון איין זייט די מעגלעכקייט זיך צו לערנען אַ גוטן ענגליש, און פון דער צווייטער זייט — אַ ריינעם און אָפּגעהיטן יידיש, וואָס האָט געוועקט חשיבות צו זיך. אַזוי, אַז לערנענדיק זיך ענגליש, דורך אַ ריינעם און גוטן יידיש, איז אויך די חשיבות צו דער אייגענער שפּראַך געוואַקסן און שטאַרקער געוואָרן.

און עס איז ביז גאָר כאַראַקטעריסטיש פאַר אַלעקסאַנדער האַרקאַווין, וואָס אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן האָט ער אין אַ סעריע געדרוקטע לעקציעס אינעם „מאָרגן זשורנאַל" געלערנט די אַמעריקאַניזירטע יידן, ווי אַזוי צו לייענען און שרייבן יידיש.

עס איז געווען, ווי ער וואָלט דורך אָט־די לעקציעס געוואָלט דערמאָנען די טויזנטער טאַטעס און מאַמעס, וואָס האָבן אַדאַנק אים זיך אויסגעלערנט מיט יאָרן צוריק די ענגלישע שפּראַך, אַז ער האָט ניט געמיינט, אַז ענגליש זאָל איינשלינגען יידיש, נאָר — יידיש און אויך ענגליש.

ד.

איז אַלעקסאַנדער האַרקאַווי געווען אַן אויסגעשפּראָכענער יידישיסט? ניין.

ער האָט פון דער יידישער שפּראַך קיין פעטיש נישט געמאַכט. נישט מער, מיליאָנען יידן רעדן יידיש, האָט ער אויס פּיעטעט פאַר דעם פאָלק ליב געהאַט און דרך־ארץ געהאַט פאַר דער שפּראַך, אויף וועלכער דער גרעסטער טייל פון זיין פאָלק רעדט. עס האָט זיך אָנגעזאַמלט אַ גרויסער קולטור־אוצר אויף יידיש, האָט ער געהאַט ליבשאַפט און אַכטונג פאַר אָט דעם אוצר. פונקט אַזאַ ליבשאַפט און דרך־ארץ האָט ער געהאַט פאַר די נייע ווערטן,

וואָס ווערן געשאַפן אין יידיש איבער דער גאַרער ערד. צו לייענען און נאָכצופאָלגן האָט ער אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן פשוט קיין פיזישע כוחות נישט געהאַט, אָבער אינטערעסירט האָט ער זיך ביז גאָר.

— גרויסע יידישע שרייבער אין סאָוועטנפאַרבאַנד? — האָט ער נישט איין מאָל זיך נאָכגעפרעגט, און אַז מען האָט אינפאָרמירט וועגן די בייע יידישע שריפטשטעלער אינעם סאָוועטנפאַרבאַנד, אָדער ערגעץ־אַנדערש־וואו, זיינען זיינע האַלב־אויסגעלאָשענע אויגן גליאיק געוואָרן.

ער האָט זיך ביז גאָר אינטערעסירט מיטן איקוף, און עס איז געווען צוליב דעם, וואָס דער איקוף אָפיס איז אין „בראָדוויי צענטראַל האָטעל", וואָס אים האָט געצויגן דאָרטן צו וואוינען.

ווען ער האָט איין מאָל אין די הייסע זומער־חדשים זיך איבערגעצויגן אין אַן אַנדער האָטעל, ביים ים, האָט ער זיך דערפילט זייער אומעטיק דאָרטן, און ער האָט זיך באַלד אומגעקערט.

— דאָ איז דער איקוף... עס קומען און גייען אַלערליי יידן... און שריפטשטעלער זעט מען אויך פון צייט צו צייט...

אָט אַזוי האָט ער זיך פאַרענטפערט, הלמאי ער זיצט שוין דאָ אינעם האָטעל אפילו אין די זומערדיקע הייסע חדשים, ווען עס איז שווער צו אָטעמען.

אָבער טענות האָט ער אויך געהאַט, כאָטש קיין בייזקייט האָט זיך אין זיינע טענות קיינמאָל נישט געפילט.

— וואָס איילט מען זיך אַזוי? — פלעגט ער אָפּשטעלן אַמאָל נחמן מייזילן און אַמאָל מיך, און נישט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפער, פלעגט ער זיך שטיל און טיף צעזיפצן: — שווער, האַ? נישטאָ קיין געלט? נו, יאָ, די רייכע יידן אינטערעסירן זיך נישט מיט קיין יידיש.

ביז גאָר רירנדיק איז געווען זיין גליק, ווען נחמן מייזיל האָט איבער־געזעצט זיינע זכרונות פון אַ העברייאיש ביכעלע, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן מיט יאָרן צוריק, און זיי אָפּגעדרוקט קאַפּיטלעכווייז אין דער „יידישע קול־טור".* יעדעס מאָל, ווען איך האָב אים צוגעטראָגן אַ נייעם נומער, האָבן זיינע דאַרע הענט געציטערט מיט אַזאַ פרייד, ווי ביי אַ קינד, וואָס מען טראָגט אים אונטער עפּעס אַ ניי און אויסטערליש שפּילצייג.

און באַזונדער רירנדיק איז געווען, ווען אַלעקסאַנדער האַרקאַווי האָט אַמאָל מיט נחמן מייזיל געלייענט די קאָרעקטורן פון זיינע זכרונות אין זשורנאַל. עס איז געווען אַ שילדערונג, ווי יונגערהייט איז מען געפאָרן אויף דער שיף און איידער די שיף איז צוגעקומען צו די אַמעריקאַנער ברעגן, האָט

---

* פאַרעפנטלעכט אין „יידישע קולטור", 1939, אין די נ"נ 6, 7, 8, 10־9.

מען געכאַפּט אַ טענצל. א. האַרקאַוויס אויגן זיינען פול געוואָרן מיט טרערן און האַלב־כליפּענדיק האָט ער זיך צעמורמלט:

— אוי, ס'איז דאָך פּונקט טאַקע אַזוי געווען!...

און ס'איז אויסגעקומען ווי מיטן פאַרעפּנטלעכן די בלעטלעך זכרונות האָט ער פונסניי איבערגעלעבט די אַמאָליקע יאָרן.

און ווי ער האָט מקפּיד געווען אויף יעדן וואָרט אין די זכרונות און ווי ער איז געווען געהיט מיט יעדן אויסדרוק!

ווען עס איז פאָרגעקומען דער קריזיס אינעם איקוף, און אַ גרופּע שריפט־שטעלער זיינען אַוועק, האָט ער זיך זייער שטאַרק מצער געווען.

— נישט געדאַרפט אַוועקגיין! — האָט ער געמורמלט, און דערביי פונ־דעסטוועגן געפּרובירט געפינען אַ זכות אויף די אַוועקגעגאַנגענע.

ה.

אין אַ ווינקל פון דער לאָבי אינעם „בראָדוויי צענטראַל האָטעל" שטייען עטלעכע אַלטמאָדישע שטולן מיט רויטן פּלוש איבערגעצויגן. אויף איינער פון אָט די שטולן איז די לעצטע עטלעכע יאָר פון זיין לעבן טאָג־טעגלעך געזעסן אַלעקסאַנדער האַרקאַווי. פון צייט צו צייט האָט מען געזען זיצן לעבן אים אַמאָל אַן אַלטן פריינט זיינעם, וואָס פלעגט אים קומען באַזוכן, און אַמאָל האָט זיך אויך צוגעזעצט לעבן אים איינער פון אונדזערע מענטשן, וואָס האָט געקאָנט אָפּרייסן עטלעכע מינוט פונעם געטומל, אין וועלכן מען איז אַריינ־געוואָרפן.

איינער פון אָט־די מאָמענטן שטייט איצט באַזונדער פאַר מיינע אויגן:

עס איז געווען שפּעט ביינאַכט. איך בין אַריינגעקומען אין דער לאָבי און דערזען זיצן אַלעקסאַנדער האַרקאַווין איינעם אַליין אויף זיין שטול אָן איינגעהויקערטן. זיין לינקע האַנט האָט גערוט אויף זיין שטעקן, און מיט זיין רעכטער האָט ער שטיל און פאַרטראַכט געגלעט זיין רעכטע קני.

איך האָב געוואוסט, ווי שטאַרק ער ליידט אויף זיין רעכטן פוס, און איך האָב זיך צוגעזעצט לעבן אים.

— וואָס זיצט איר אַזוי שפּעט, חבר האַרקאַווי?

ער האָט אויפגעהויבן זיינע אויגן און זיך שטיל צעשמייכלט:

— וואָס־זשע, איר הערט זיך גאָרנישט צו צו דער ראַדיאָ?

דאָ האָב איך זיך געכאַפּט, אַז די ראַדיאָ ברענגט צו אונדז די קרוינונג פונעם נייעם פּויפּסט אין דעם וואַטיקאַן.

אין לאָבי פונעם „בראָדוויי צענטראַל האָטעל" אין ניו־יאָרק האָבן זיך געטראָגן דינגע, זילבערנע גלאָקנקלאַנגען, צוגעמישט מיט כאָר־געזאַנגען.

— ער איז שוין אַ זקן, דער נייער פּויפּסט, — האָט ער געמורמלט צו

זיך, און דערבײַ צוגעגעבן: — און פֿאַרן טויט האָט ער נישט קיין מורא!

— מיט וואָס זײַט איר אַזוי זיכער? — האָב איך געפֿרעגט.

— אַז ער האָט נישט מורא פֿאַרן טויט? — האָט ער איבערגעפֿרעגט, און קוקנדיק פֿאַר זיך אין חלל אַרײַן, האָט ער שטיל געענטפֿערט:

— נו, ער גלייבט דאָך אין אַ יענער־וועלט!

איצט, אַז איך גיי פֿאַרבײַ דער שטול, וואָס איז ווי פֿאַריתומט, שטייט אויף פֿאַר מײַנע אויגן דאָס שטיקל גראָזיקע פֿלאַכקייט הינטער דער טאָפּלדיקער מצבה, וואָס איז איצט שוין אַ בערגעלע, ווי דאָס בערגעלע דערנעבן, איבער זײַן געטרײַער פֿרוי אין שכנות, ווי די בערגעלעך אַרום, וואָס קוקן רואיקע אין דער אייביקייט אַרײַן.

נישט מער, די שטול אין דער לאָבי פֿונעם „בראָדווײ צענטראַל האָטעל" איז עפּעס, ווי קלענער געוואָרן, און פֿאַר מיר איז עפּעס זייער אַ שיינע און לויטערע זאַך, ווי פֿאַרשוואונדן געוואָרן.

1940.

# דר. חיים זשיטלאָווסקי

## א.

איך בין געזעסן אין צימער פונעם פענסילווייניע האָטעל און זיך צו־געהערט צו דר. חיים זשיטלאָווסקין וועגן דעם רוף פון די זעקס־און־צוואַנציק סאָוועטיש־יידישע אינטעלעקטואַלן צו די יידן פון דער גאַרער וועלט.

פלוצלינג האָב איך זיך געכאַפּט, אַז עס זיינען נישט די רייד, וואָס איך הער, נאָר בלויז דאָס קול הער איך.

פאַרחידושט האָב איך זיך נישט. וואָרום דאָס, וועגן וועלכן דר. זשיט־לאָווסקי האָט גערעדט, איז געווען אַ סך שטאַרקער, ווי אפילו די רייד, וואָס אַ דר. חיים זשיטלאָווסקי קאָן רעדן, — אַ סך שטאַרקער, ווי אפילו דער מאַניפעסט, וואָס די זעקס־און־צוואַנציק קינסטלער פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד האָבן צו אונדז אַריבערגעשיקט.

די געשעענישן פון אונדזערע טעג האָבן ווייט, ווייט אַריבערגעיאָגט אין שטאַרקייט דאָס לשון, וואָס מיר פאַרמאָגן, און עס וועט נאָך נעמען זייער לאַנג ביז דאָס וואָרט וועט קאָנען באַווייזן צו ווערן אַ לבוש פאַר אָט־די געשעענישן.

אָבער אַ קול איז גאָר עפּעס אַנדערש. עס איז פיל מער פונעם וואָרט. דאָרט וואו דאָס וואָרט דערגרייכט נישט, דערגרייכט שטענדיק דאָס קול, אויב אַזוינס איז דאָ אינעם געבראָכטן וואָרט צו דיר. נישט אַלעמענס ווער־טער האָבן קולות. פאַראַן אַזעלכע ווערטער, וואָס פאַלן אַרונטער, ווי ווייכער שניי, אָן דעם מינדסטן ווידערקלאַנג, ווען זיי דערגרייכן דעם גרונט. עס איז, ווי זיי האָבן גאָר דעם גרונט קיין מאָל נישט דערגרייכט. דאָס איז דערפאַר, ווייל זיי האָבן נישט קיין קול, איז ממילא קיין ווידערקלאַנג נישט געקומען.

אָבער דאָס קול פון דר. חיים זשיטלאָווסקין דערהערסטו און דו מוזט דאָס שטענדיק דערהערן!

אין לויף פון איבער דעם פערטל־יאָרהונדערט, וואָס איך געפין זיך אין ניו־יאָרק, האָב איך אַ סך מאָל געהערט אָט דאָס קול. נישט שטענדיק בין איך דעם קול נאָכגעגאַנגען, אָבער אפילו דעמאָלט האָב איך זיך אָפּגעשטעלט און זיך צוגעהערט צו דעם.

דאָס מאָל בין איך נישט נאָר נאָכגעגאַנגען נאָך דעם, נאָר איך האָב גע־האַט דאָס געפיל, אַז מיין אייגן קול איז פאַרוועבט אין זיינעם.

אָבער פאַרוואָס שלאָגט הײנטיקס מאָל אַזאַ צער פון זײן קול?

אמת, אונדזערע איצטיקע טעג זײנען געוואַלדיק צעפײניקטע. די נאָ־צישע האָרדעס, וואָס האָבן שוין באַוויזן אויף אַזוי פיל פעלקער אַרויפצו־שטעלן זײערע ברודיקע קנאַפּל, גײען שוין איצט אויך אין זײער בלוטיקן־פאַראויס איבער דער ערד פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד, מיט וועלכן עס זײנען פאַרבונדן אונדזערע שענסטע האָפענונגען. אָבער איז דאָך דר. חיים זשיט־לאָווסקי זײן גאַנץ לעבן אַ רעוואָלוציאָנער און ווי אַזעלכער וואָלט ער דעם צער אין זיך געדאַרפט דערשטיקן, וואָרום צער האָט אַ טבע צו צעברעכן, און צעבראָכנקײט פירט צו רעזיגנאַציע, צו דעפּיטיזם.

— גאָט מײנער! אויף די פראָנטן האָבן אונדזערע קעמפער נישט קײן צײט פאַר אַזעלכע שטימונגען. און מיר דאָ דאַרפן זיך נעמען אַ בײשפּיל פון זײ!

אָט אַזוי האָב איך זיך געטראַכט וועגן דעם צער, וואָס איז דעמאָלט אויפגעגאַנגען פון דר. זשיטלאָווסקיס קול און אין דער זעלבער צײט האָב איך שאַרף אָנגעשריגן אויפן צער אין דעם אײגענעם געמיט.

איך האָב באַטראַכט דעם געקליבענעם עולם, וואָס איז געזעסן אינעם מאָט־באַלויכטענעם מיטינג־צימער און אין מײנע אויגן אַרײן האָבן זיך גע־וואָרפן דוקא די פנימער פון יענע, וואָס זײנען נישט געקומען, מער ווי די, וואָס זײנען געזעסן שווײגנדיקע אויף די שטולן.

— פאַרוואָס־זשע זײנען זײ נישט געקומען?

אַ רגע האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז אָט די פראַגע האָט געפרעגט דר. זשיטלאָווסקי. אָבער אָנשטעלנדיק אויף אים די אויגן, איז מיר געוואָרן קלאָר, אַז געפרעגט האָט זי זיך אין מיר אַלײן, און ערשט דעמאָלט איז מיר קלאָר געוואָרן דער צער אין זײן קול.

ב.

נישט שײך קײן צער אין דעם מאָמענט, ווען מען איז איבערן האַלדז אין קאַמף קעגן אַ שונא, וואָס זוכט דיך אײנגאַנצן צו פאַרניכטן. נישטאָ קײן צײט דערפאַר בײ דעם קעמפער, און אין קאַמף זײנען מיר דאָך איצט אַלע. ווער אויפן פראָנט פנים אל פנים מיטן שונא, ווער אין הינטער־לאַנד אין זײן רוקן, און מיר, וואָס זײנען פיזיש ווײט אַוועק פון יענע פראָנטן און פון יענע הינטער־לענדער, האָבן אויך אַ סך וואָס צו טאָן.

דר. חיים זשיטלאָווסקי האָט דאָס פאַרשטאַנען און עס איז געווען ער, וואָס האָט גורם געווען אָט־די פאַרזאַמלונג. אמת, ער האָט אויך געשיקט אײנלאַדונגען צו אַ צאָל מענטשן, וואָס ברוגזן זיך לעצטנס אויף אים, אָבער דער ענין, צוליב וועלכן ער האָט די אײנלאַדונגען אַרויסגעשיקט, איז פון

אַזאַ קאַלאָסאַלער באַדייטונג, אַז ער איז געווען זיכער, אַז קיינער וועט איצט נישט נעמען אין אַכט אָט די אונטערשיידן צווישן זיי און אים, וואָס זיינען אינעם איצטיקן מאָמענט, ווי בלעזלעך אין אַ גלאָז וואַסער לגבי אַ צעשטורעמטן און ברויזנדיקן ים.

אָבער זיי זיינען דאָך נישט געקומען און זיי איז ניחא אין אַזאַ מורא־דיקער צייט אָנצוהאַלטן ווייטער דעם ברוגז.

דאָס ברוגזן זיך אויף אים איז פאַר דר. חיים זשיטלאָווסקי קיין נייעס נישט.

זינט ער האָט זיך באַוויזן אין דעם עפנטלעכן לעבן, איז שטענדיק געווען דער אָדער יענער צד, וואָס האָט זיך אויף אים געברוגזט.

אַזוי אין דער אַלגעמיינער רעוואָלוציאָנערער וועלט, אין וועלכער ער האָט פאַרנומען אַ ביז גאָר אָנגעזען אָרט און אַזוי אין דער יידישער וועלט, צו וועלכער ער איז שפּעטער פון יענער אַלגעמיינער רעוואָלוציאָנערער וועלט געקומען.

עס האָט אים נישט געהאָלפן דאָס, וואָס ער האָט גרינטלעך אויפגעלייזט אין זיך דעם רוסישן „יעפים" און זיך דורכאויס אַדאַפּטירט צו דעם פּשוטן יידישן „חיים", אַז די, אָדער יענע פאַרשטייער פונעם רעליגיעזן און עקסטרעם־נאַציאָנאַליסטישן יידנטום זאָלן אים נישט באַטראַכטן, ווי אַן עוכר־ישראל. נישט ווייניק פּריסיק האָט מען אויך געשאָטן אונטער זיינע טריט אין דער וועלט פון דעם ראַדיקאַלן יידנטום. דער „בונד" איז געווען קעגן אים אי־בער זיין „עסערישקייט"; דער ציוניזם האָט געקוקט אויף אים, ווי אויף אַ פרעמדן דערפאַר, וואָס ער האָט נישט געזען אין פּאַלעסטינע די גאָרע פאַר־ענטפערונג פון דער יידישער פראַגע. דער פּועלי־ציוניזם, וואָס האָט יאָ אים געפּרובירט צוצואוואַרעמען צו זיך אין פאַרשיידענע פּעריאָדן, האָט אָבער בשום אופן נישט געקאָנט אַרונטערשלינגען זיין יידישיזם; און ווען ער איז שפּעטער אַריבערגעקומען קיין אַמעריקע, האָט ער געהאַט קעגן זיך די מערסטע פונעם היגן יידישן גענאָסנטום פאַר זיין יידישע נאַציאָנאַליזם.

הכלל, דר. חיים זשיטלאָווסקיס דרך איז שטענדיק געווען אַזאַ אייגנאַר־טיקער און אַזאַ באַזונדערער ביי אונדז, וואָס כאָטש ביז גאָר רייצנדיק און ביז גאָר אינטערעסאַנט פאַר אַ סך צדדים אין אונדזער לעבן, האָבן אָבער די זעלבע צדדים אים בשום אופן נישט געקאָנט אַקצעפּטירן אינגאַנצן, און ווייל גרויס דרך־ארץ איז דאָך געווען ביי אַלעמען צו אָט דעם, וואָס האָט דעם וועג באַשאַפן, איז מען נאָך געווען מער ברוגז, הלמאי מען קאָן דעם וועג נישט אַקצעפּטירן.

אָבער אין טייל, און אַ זייער וויכטיקער טייל פון אונדזער לעבן, האָט יאָ אָנגענומען דר. חיים זשיטלאָווסקין אָט אַזוי ווי ער איז. און נישט נאָר אָנ־

גענומען, נאָר זיך ממש אָנגעשפּאַרט אָן אים.

אָט דער טייל איז געווען אונדזער יידישע וואַקסנדיקע ליטעראַטור.

און עס איז געווען זייער נאַטירלעך, וואָס די ליטעראַטור האָט אים אויפ־גענומען אָן קיין שום רעזערוואַציעס.

פאַר איר איז זיין באַזונדערקייט נישט נאָר נישט געווען קיין שטער, נאָר אדרבא. די נייע וואַקסנדיקע יידישע ליטעראַטור האָט זיך גענויטיקט אין באַזונדערקייטן, און דר. זשיטלאָווסקיס געדאַנקען־וועלט איז פאַר איר געווען נאָך אַ געזונטער און זייער וויכטיקער טאָן אין דעם פאַנאַנדערוואַקסנדיקן אָרקעסטער.

ג.

איז טאַקע די יידישע ליטעראַטור געווען די וואַרעמסטע היים פאַר דר. חיים זשיטלאָווסקין.

דאָ האָט מען נישט נאָר אים אויפגענומען, זיך צוגעהערט צו אים, אָפּ־געשאַצט די קוואַליטעט פון זיין שרייבן און זיין רעדן, נאָר זיך אויך געיחוסט מיט אים.

עס איז נישט געווען דווקא צוליב זיין וויסנשאַפטלעכער באַגרינדונג פון־נעם יידישיזם, וואָס די בעסטע פאָרשטייער פון דער נייער יידישער ליטע־ראַטור האָבן צו אים אַרויפגעקוקט. אויף יידישיזם האָבן די יידישע שריפט־שטעלער נישט געדאַרפט קיין הסכמה. זיי זיינען אַליין געווען יידישיזם. זיי האָבן געלעבט, געטראַכט און געשאַפן אויף יידיש. הסכמות אויף יידיש האָבן געגעבן אויך אַנדערע גרויסע יידן, וואָס האָבן פאַרנומען אָנגעזעענע פּלעצער אין דער נישט־יידישער וועלט. אָבער בשעת אַזאַ באַרימטער שריפטשטעלער, ווי ישראל זאַנגוויל, האָט נאָך זיין וואַרעמער הסכמה אויף דער יידישער שפּראַך, דאָך ווייטער געשריבן נאָר אויף ענגליש, האָט דר. חיים זשיטלאָווסקי זיך אַליין איבערגעפּלאַנצט אין אונדזער לשון אַריין.

ער האָט אונדז געגעבן נישט נאָר זיין באַגרינדונג פון דעם יידישיזם, נאָר ער האָט אונדז געגעבן זיך אַליין, — זיין גאַנצע קאַלירדייכע געדאַנקען־וועלט אויף דער יידישער שפּראַך און אַזוי־אַרום מיטגעבראַכט מיט זיך אין אונדזער יידישער ליטעראַטור אַריין, וואָס איז געווען ביז אים הויפּטזעכלעך אַ בעל־לעטריסטישע, אויך דעם אָנהויב פון דער פילאָזאָפישער און וויסנשאַפטלע־כער עסיי.

אויף דעם געביט איז ער ביי אונדז אָן שום ספק דער ערשטער און וויכ־טיקסטער קלאַסיקער. דאָס וואָס מענדעלע, פּרץ און שלום־עליכם זיינען פאַר אונדזער קינסטלערישער ליטעראַטור, איז ער פאַר אונדזער וויסנשאַפטלעכער און פילאָזאָפישער.

די יידישע ליטעראַטור האָט דאָס שטענדיק געוואוסט און האָט הויך געשאַצט די פערזענלעכקייט חיים זשיטלאָווסקי. עס האָט דאָס אויך געוואוסט די גאַנצע יידישע קולטור־וועלט און צי מען האָט יאָ, אָדער נישט מסכים געווען מיט דר. חיים זשיטלאָווסקיס וועלט־איינשטעלונג, האָט מען סיזוי אַרויסגעוויזן אומעטום צו אים גרויס אַכטונג. אָבער דאָס איז געווען פריער, ווען די יידישע ליטעראַטור איז געווען אַ מין באַזונדערע אויטאָנאָמיע אינעם יידישן לעבן און ווען די יידישע קולטור־וועלט האָט קודם־כל אָפּגעשאַצט ווערטן. איצט איז דאָס גאַנץ אַנדערש. דער גרויסער געראַנגל צווישן די פּאָליטישע ריכטונגען אין אונדזער לעבן האָט זיך אויך אַריבערגעטראָגן אין דער ליטעראַטור אַריין און אויך אין דער קולטור־וועלט. איז איצט די פראַגע צי ביסטו דאָרט, וואו איך בין פּאָליטיש, אָדער ערגעץ אַנדערש, און ביסטו ערגעץ אַנדערש, האָב איך מיט דיר גאָרנישט וואָס צו טאָן.

אָט איז איצט אַ מאָמענט, ווען די דראָענדיקע פּויסט פונעם היטלעריזם דראָט דעם גאַנצן יידישן כלל, און דאַך, ווען דר. חיים זשיטלאָווסקי האָט אַרויסגעשיקט איינלאַדונגען, אַז מען זאָל זיך צונויפקומען און זיך דורכרעדן וועגן דעם, זיינען נישט אַלע געקומען אויף זיין רוף.

ווייל יע, ניגער נישט זען די מפּלה פונעם היטלעריזם אויפן סאָוועטישן פראָנט? ווייל דאָס נישט ה. לייוויק? יוסף אָפּאַטאָשו און דר. א. מוקדוני? אוודאי ווילן זיי, אַז די סאָוועטישע אַרמייען זאָלן באַזיגן די פינצטערע נאַצישע האָרדעס, אָבער זיי זיינען נישט געקומען דערפאַר, ווייל גערופן האָט דעם מיטינג דר. חיים זשיטלאָווסקי, מיט וועמען זיי זיינען די לעצטע צייט נישט שוה־בשוה פּאָליטיש.

אָט דערפאַר דער גרויסער צער אין דר. חיים זשיטלאָווסקיס קול.

עס איז נישט איבער דער שווערער לאַגע אויף די פראָנטן. דאָרטן איז נישט שייך איצט קיין צער. דאָרטן איז צאָרן און עקשנותדיקער ווילן פאַר קאַמף ביז אַרונטער, אָבער די צעריסנקייט און די צעבראָכנקייט אין דעם אייגענעם ווינקל, ווען עס נויטיקט זיך אחדות און גאַנצקייט, איז באמת מוראדיק פיינלעך. און עס איז נישט קיין וואונדער, וואָס פון זיין קול שלאָגט איצט אַזוי פיל צער.

ד.

אָט פייערן מיר איצט דעם 75־יאָריקן געבוירנטאָג פון דר. חיים זשיטלאָווסקין און עס וועט זיכער זיין אַ גרויסע פאָלקס־פייערונג, אָבער עס איז ביז גאָר פיינלעך, וואָס אַ סך פון זיינע לאַנג־יאָריקע פריינט און פאַרערער שטייען אינגאַנצן אָן אַ זייט פון זיין איצטיקן יובילעי.

עס דערמאָנען זיך זיינע פריערדיקע יובילעי־פייערונגען.

ווען מען האָט זיך געגרייט צו זיין זעכציק־יאָריקן יובילײ, האָט זיך געווענדט צו מיר דר. א. מוקדוני אינעם נאָמען פונעם קאָמיטעט, איך זאָל אויפשרייבן אַ טעקסט פאַר לעאָ ליאָוון דעם מוזיקער, כדי עס זאָל דורך זיין כאָר געזונגען ווערן אַ ספּעציעלער זשיטלאָווסקי־נומער.

— פאַר אַ זשיטלאָווסקין מעג אַ דיכטער שרייבן אפילו ספּעציעל, — האָט ער צו מיר געטענהט און איך בין אָנגעוואָרעמט געוואָרן פון דעם ענ־טוזיאַזם, וואָס האָט געשלאָגן צו מיר פון דר. א. מוקדוניס רייד.

אָט אַזוי איז געווען דעמאָלט און איצט איז דער זעלבער מוקדוני אָן אַ זייט און אַזוי ניגער, לייוויק, אָפּאַטאָשו און אַ צאָל אַנדערע, וועלכע האָבן זיך געפילט הויפּט־מחותנים אויף דעם זעכציק־יאָריקן און שפּעטער אויף דעם זיבעציק־יאָריקן יובילײ, זיינען איצט אָן אַ זייט. גלייך דר. חיים זשיטלאָווסקי איז געוואָרן גאָר אינגאַנצן אַן אַנדערער.

אַן אַנדערער?

זיך צוהערנדיק צו אים אינעם מיטינג־צימער פונעם פּענסילווײניע האָטעל, האָב איך זיך איבערגעטראָגן אין אַן אַנדער צימער פונעם זעלבן האָטעל, וואו איך האָב פאַרבראַכט מיט אים אַ פּאָר שעה פאַרן מיטינג.

ער איז געזעסן אין דעם ווייכן פאָטעל אונטערן ליכט פון לאָמפּ און גע־רעדט צו מיר וועגן די איצטיקע וועלט־געשעענישן אין אַ טאָן פון אַ יוגנט־לעכן קעמפער, וואָס גרייט זיך אין שלאַכט־פעלד אַריין. די ריינע קנייטשעלעך אויף זיין ביז גאָר פיינעם ראָזעווען פּנים האָבן געגעבן גיכער דעם איינדרוק פון אָנשטרענגונג, ווי פון אַלטקייט. אַזוי זיינע אויגן, וואָס האָבן געשלאָגן מיט ליכטיקער בלויקייט דורך זיינע גלאַנציקע ברילן. אפילו די ווייסקייט פון זיינע האָר אויפן קאָפּ און דעם נעט־אַרומגעשוירן בערדל און וואָנצעס האָט געשלאָגן מיט לעבעדיקן אימפּעט.

איך האָב געקוקט אויף אים און פאַר מיינע אויגן איז געשטאַנען דאָס בילד פון דעם זעלבן מענטשן מיט אַ פערטל יאָרהונדערט צוריק, ווען איך האָב אים צום ערשטן מאָל געזען. דעמאָלט בלאָנדלעך און איצט — ווייס, אָבער די איצטיקע ווייסקייט בלענדט פון אים מיט דער זעלבער שיינקייט ווי עס האָט געבלענדט פון אים די דעמאָלטדיקע בלאָנדקייט.

דעמאָלט עקשנותדיק פאַר זיין וועלט־באַנעם, און הייַנט אויך אַזוי.

איז מיט וואָס־זשע איז דר. חיים זשיטלאָווסקי איצט אַן אַנדערער?

.1942

# יעקב מילך

## א.

אין יעקב מילכס „זכרונות" וויקלען זיך פאַנאַנדער פאַר אונדז פאַרשיידענע פאַזעס פונעם יידישן לעבן אין דער נאָענטער פאַרגאַנגענהייט, וואָס זיינען איצט, אין ליכט פון די גרויסע ענדערונגען פאַר די לעצטע צוויי צענדליק יאָר, שוין כמעט פרע־היסטאָריש.

פרע־היסטאָריש איז פאַר אונדז שוין אויך ער אַליין מיט זיין שווערן געראַנגל אין זיין פרייער יוגנט מיט דער בויט און דעם אַבסקוראַנטיזם, וואָס האָבן געהערשט אין זיין אייגענער יידישער סביבה און אינעם אַלגעמיינעם לעבן אונטער דעם טיראַנישן רעזשים פון דעם צאַרישן רוסלאַנד.

פרע־היסטאָריש און ממש לעגענדאַריש איז דאָס מעבל־סטאָליער יינגל יאַנקל זויערמילך, וואָס האָט מיט אַזאַ געוואַלדיקער אָנשטרענגונג און עקשנות־דיקן ווילן אויסגעפורעמט פון זיך דאָס שפּעטערדיקע תלמיד־חכם־געשטאַלט — יעקב מילך.

די מערסטע פון אונדזערע ערשטע יידיש־שעפערישע שריפטשטעלער זיינען געקומען צו אונדז פון דער טיפסטער בויט און אַבסקוראַנטיזם, אָבער די, וואָס זיינען געוועזן געבענטשט מיט דער ברכה פון נאַטירלעכער שעפע־רישקייט, זיינען פאַר אונדז ניט אַזאַ וואונדער, ווי די, וואָס האָבן אין זיך פאַרמאָגט ניט מער, ווי בלויז דעם ווילן אויפצומאַכן פאַר זיך די טירן צו די חדרי־הדרים פון די אָנגעקליבענע אוצרות דורך דורות. די ערשטע האָבן געהערט, געזען און באַנומען, ווייל די נאַטור האָט זיי באַשאָנקען מיט יענער פאַרשאַרפטקייט אין זייערע חושים, וואָס מיר רופן אָן מיטן נאָמען טאַלענט, און ווען זיי האָבן גענומען די פענעס אין די הענט אַריין, האָט אַ קוואַל גע־טאָן פון אונטער זיי מיט אוצרות, פון וועלכע זיי אַליין זיינען נשתומם גע־וואָרן, ווייל זיי אַליין איז ניט קלאָר געוועזן, פון וואַנען זיי זיינען געקומען. אָבער די צווייטע האָבן געמוזט שטאַרק האָרעווען זיך אָנצולאָדן, און ווען די אָנגעלאָדנקייט האָט דערגרייכט צו אַן איבערגעלאָדנקייט, איז זיי אָנגעקומען גאָר ניט גרינג זיך אויסצולאָדן.

זיינען דערפאַר די צווייטע פאַר אונדז אַ פיל גרעסערער וואונדער ווי די ערשטע.

ספּעציעל זיינען אַ וואונדער יענע, וואָס זיינען געקומען צו אונדז פון דער

סאַמער געדיכטער נויט און דעם טונקלסטן אָבסקוראַנטיזם און ניט געהאַט די מעגלעכקייט פאַר קיין שום סיסטעמאַטישער שולונג און בלויז מיט דעם אייגענעם ווילן און די אָנגעשטרענגסטע כּוחות זיך דורכגעריסן און דורכגעביסן און געוואָרן דאָס, וואָס זיי זײַנען געוואָרן ביי אונדז.

ב.

אַזעלכע זײַנען געווען ביי אונדז אַן אַ צאָל, און אַ צאָל זײַנען נאָך דאָ ביי אונדז אויך איצט, וועמעס ווירקונג עס פילט זיך אויף אונדזער לעבן.

איינער פון זיי איז געווען יעקב מילך.

אָט דערמאָנט זיך מיר אַ מאָמענט, וואָס איז כּדאַי, ער זאָל פאַרצייכנט ווערן.

איך בין געזעסן ביי מיין אַרבעט־טיש אין איקוף־צענטער אין שכנות מיט נחמן מייזיל, וואָס איז געווען פאַרגראָבן מיט די אויגן אין אַ מאַנוסקריפּט. איך בין געווען וואַכיק צו אַ דיספּוט צווישן דר. חיים זשיטלאָווסקי און יעקב מילך אין צווייטן צימער, וואָס איז געווען אָפּגעטיילט פון אונדזערן דורך אַ ווענטל. אַ האַרבסטיקער נאָכמיטיק האָט אַריינגעקוקט דורכן פענצטער, וואָס האָט אָנגעזאָגט אויף אַ רעגן, אָבער פון יענער זייט ווענטל האָט אין מיינע אויערן ממש, ווי געדונערט און געבליצט.

דער דיספּוט איז אָנגעגאַנגען צווישן די צוויי תּלמידי־חכמים וועגן דעם, צי דער איקוף דאַרף זיך אַריינוועבן אין דעם פּאָליטישן גערּאַנגל פון די צדדים אויף דער וועלט, אָדער שטיין אינגאַנצן אָן דער זייט פון אים. ביידע, סיי דר. זשיטלאָווסקי און סיי יעקב מילך, זײַנען געווען מסכּים, אַז קולטור קאָן ניט זיין קיין זאַך, וואָס איז איזאָלירט פון דעם געראַנגל אינעם לעבן, אָבער זיי זײַנען זיך שטאַרק פונאַנדערגעגאַנגען אין דעם אופן, ווי אַזוי דער איקוף דאַרף רעאַגירן. איך האָב נאָכגעפאָלגט דעם דיספּוט מיט פאַרכאַפּטן אינטערעס ניט אַזוי צוליב די אויספירן, צו וועלכע ביידע זײַנען געקומען, ווי צוליב דעם אופן פון זייערע אַרגומענטן. ביידע זײַנען געווען פלינק און שטאַרק, ווי גלאַדיאַטאָרס אויף אַן אַרענע, און ביידע האָבן געהאַלטן מיין באַוואונדערונג געשפּאַנט צו זיך.

פּלוצלונג איז געקומען פון דר. חיים זשיטלאָווסקיס מויל אַן אויסדרוק, אויף וועלכן איך האָב זיך ניט געריכט:

— דרך־ארץ, יעקב!

איך בין געבליבן זיצן דערשטוינט, און זיך שטאַרק פאַרחידושט, און אין מיין מוח איז דורכגעלאָפן די פראַגע:

— האָט דער טיף־דענקענדיקער און פלינקער דר. חיים זשיטלאָווסקי

שוין ניט קיין אַנדער אַרגומענט קעגן זיין קעגנער, אַז ער דאַרף זיך באַנוצן מיט אַזאַ אויסדרוק?

אָבער באַלד איז געקומען יעקב מילכס ענטפער, וואָס האָט אַרויסגערופן אין מיר אַ פריידיקן שמייכל:

— דרך־ארץ? פאַרוואָס עפּעס דרך־ארץ? — האָט זיך אַ צי געטאָן דאָס ברוסטיקע קול פון יעקב מילך, און דאַן זיינען געקומען אַזוינע ווערטער:

— איר האָט דעם דאָקטאָר טיטול, און איך ניט? נו, יאָ, אַוודאי, ווען איך וואָלט געווען אַ קינד פון רייכע עלטערן, ווי איר זייט געווען, וואָלט איך אויך געווען אַ סטודענט אין דער שווייץ און היינט געהאַט אַ דאָקטאָר־טיטול. איז אפשר דרך־ארץ פאַר אייערע פינף־און־זיבעציק יאָר? ווייל איך, אַז איר זאָלט וויסן, אַז אין אַ יאָר אַרום ווער איך אויך שוין אַ פינף־און־זיבעציקער.

מיין געמיט איז גרינגער געוואָרן, ווען איך האָב דערהערט גלייך נאָך דעם זייער ביידנס האַרציק געלעכטער, און שפּעטער, ווען מיר זיינען צוזאַמען געזעסן ביי אַ זיצונג, האָב איך געהאַט דעם איינדרוק, אַז ביידע קוקן איינער אויפן אַנדערן מיט אַ באַזונדערער וואַרעמקייט.

ג.

דעם נאָמען יעקב מילך האָב איך צום ערשטן מאָל באַגעגנט אין מיין יוגנטלעך לעבן אויף יענער זייט ים.

אין עפּעס אַ ליטעראַרישער אויסגאַבע, וואָס איך קאָן זיך ניט דערמאָנען דעם נאָמען פון איר, האָב איך איבערגעלייענט אַן אַרבעט וועגן שעקספּירס „שיילאָק" פון יעקב מילך, און געקראָגן דעם איינדרוק, אַז ער איז אַ יונגער ליטעראַטור־קריטיקער, וואָס לעבט און ווירקט אין ניו־יאָרק. די אַרבעט איז געווען געשריבן אין אַ פּאָלעמישן טאָן אַנטקעגן יענע, וואָס האָבן זיך באַמיט אָנצוהענגען אויף דעם גרויסן ענגלישן דראַמאַטורג דאָס שאַנדצעטל פון אַנטיסעמיטיזם. יעקב מילך האָט אויף אַ זייער ווירקזאַמען אופן אַוועקגעשטעלט די פיגור „שיילאָק" אין אַזאַ מענטשלעכן טראַגיזם, און עס איז אַרויסגעקומען, אַז שעקספּיר האָט, אדרבא ואדרבא, געהאַט אַ סך מיטגעפיל און פאַרשטענדעניש פאַר אָט דער ייִדישער פיגור, וואָס ער האָט פאַר אונדז אויסגעמאָלן.

איך געדענק, אַז עס איז ניט געווען אַזוי דער אויספיר, ווי דער אופן פון דער אויפגעשריבענער אַרבעט, וואָס האָט אויף מיר געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק, און עס איז דערפאַר געווען פאַר מיר אַ שטיק אַנטוישונג, ביי מיין אָנקומען קיין ניו־יאָרק, צו דערזען יעקב מילכן אין גאָר אַן אַנדער ליכט,

ווי איך האָב זיך אים פֿריער פֿאָרגעשטעלט. אפֿנים, אַז דער פֿאַקט, וואָס עס איז ניט געווען די ליטעראַטור אַליין, וואָס האָט געהאַלטן זיין הויפּט־אינטערעס, איז געווען געגנוג, אַז איך זאָל זיך פֿילן אַן אַנטוישטער, ווייל אין יענער צייט איז די קינסטלערישע ליטעראַטור געווען דער צענטער פֿון מיין אייגענעם אינטערעס אין לעבן.

אמת, זיין סאָציאַליסטישע פּובליציסטיק האָט מיך אימפּאָנירט מיט איר ערנסט לגבי דער וואולגאַריזאַציע, וואָס האָט זיך געטראָגן פֿון די אַרטיקלען ביי אַנדערע פֿון דעם מין שרייבער. אימפּאָנירט האָט אויך, וואָס ער איז שוין אין יענער צייט געווען שטענדיק אין אָפּאָזיציע צום קאָהאַניזם, וואָס האָט אָרודעוועט אויף דער יידישער גאַס, און דאָך איז ניט געווען אין אים עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל באַצווינגען.

אַ הויכער, שטאַטלעכער קרעפּטיקער מאַן מיט אַ פּנים פֿון אַן אינטע־לעקטואַל, וואָס איז איינגעשפּאַנט אין ערדישער פּראַקטישקייט, איז דער־פֿאַר קיין חידוש ניט געווען, וואָס ער, אַ געוועזענער רעדאַקטאָר פֿון דעם סאָציאַליסטישן זשורנאַל „צוקונפֿט״, און פֿון אַנדערע סאָציאַליסטישע אויס־גאַבן, קאָן גאָר זיין אַ דערפֿאָלגרייכער פֿאַבריקאַנט פֿון צוקערקעס.

אָבער איין זאַך איז באמת געווען צו באַוואונדערן אין אים, און דאָס איז געווען, וואָס דער דערפֿאָלגרייכער פֿאַבריקאַנט אין אים האָט ניט אויפֿ־געפּרעסן זיין סאָציאַליזם און זיין דראַנג אויסצולאָדן פֿון זיך דאָס אינטעלעק־טועלע פֿאַרמעגן, וואָס ער האָט באַוויזן אָנצוזאַמלען אין זיך.

פּלוצלינג הערט מען, אַז יעקב מילך זיצט אין די פֿרייע שעה׳ן נאָך זיינע גרויסע געשעפֿטן טאָג־טעגלעך על התורה ועל העבודה, און דער רעזולטאַט איז געווען — זיין גלענצנדיקע איבערזעצונג פֿון פּלאַטאָס דיאַלאָגן, וואָס זיי־נען שפּעטער דערשינען אין אַ בוך.

ד.

— הערט זיך איין, יונגערמאַן — האָט ער מיך איין מאָל אין אַ הייסן זו־מער־נאָכמיטיק אָפּגעשטעלט אויף איסט בראָדוועי, און אַ צי־אויס געטאָן צו מיר זיין האַנט, — מיין נאָמען איז מילך, יעקב מילך. איר, יונגע פּאָעטן, האָט אַוודאי צו אַזעלכע, ווי איך בין, אַ קנאַפּע באַציאונג, אָבער איך האָב געלייענט אייער זשורנאַל „אויפֿקום״, וואָס איז אַריינגעפֿאַלן אין מיינע הענט, און איר אינטערעסירט מיך דווקא זייער שטאַרק.

איך געדענק זייער גוט, ווי שטאַרק איך בין צעטומלט געוואָרן פֿון אָט דער באַגעגעניש. און קיין חידוש איז דאָס ניט געווען. וואָרים די מערסטע יידישע שרייבער פֿון יעקב מילכס קאַליבער, האָבן צו די יונגע יידישע דיכ־

דער באַגעגעניש. און קיין חידוש איז דאָס ניט געווען. וואָרום די מערסטע ווילן, איז אָבער זיכער געווען אַ ביטול־באַציאונג, און דאָ — אַזאַ מין אָפּ־שטעלן מיך אינמיטן גאַס!

ער האָט מיך פאַרבעטן אין אַ דערבייאיקן מילכיקן רעסטאָראַנדל, מיך מכבד געווען מיט קאַווע, און דערביי אין אַ גאַר חברשן טאָן אָנגעהויבן רעדן צו מיר:

— די מערסטע לידער פון די „יונגע" דענערווירן מיך. שיינע, קליינ־געגדיקע פערזן זיינען פאַר מיר ניט גענוג. איך מוז עפּעס אַרויסקריגן פון דעם איבערגעלייענטן. אין אייער „אויפקום" זיינען מיר צום האַרצן אייערע לידער און ביאַלאָסטאָצקיס. קיין קלאָרן גאַנג זע איך ניט אויך ביי אייך ביידן, אָבער עס איז פאַראַן אַ לעבעדיקער אָטעם, און דאָס ווירקט.

איך האָב אים דערציילט וועגן מיין איינדרוק פון זיין אַרבעט איבער שעקספּירס „שיילאָק" און ער האָט זיך זייער שטאַרק דערפרייט.

—אַזוי, אַזוי, האָט איר הייסט עס געלייענט מיין אַרבעט נאָך אויף יענער זייט ים, — האָט ער זיך געפרייט, און דערביי צוגעלייגט:

— דאָס מוז איך דערציילן מיין פעניק, — זי וועט דערפון שטאַרק הנאה האָבן.

זינט יענער באַגעגעניש איז געקומען אַ וואַרעמקייט צווישן אונדז, און יעדע צופעליקע טרעפעניש איז געוואָרן אַ באַגעגעניש ביי אַ טעפּל קאַווע אין אַ רעסטאָראַן און אָפט מאָל אַ היפּשער דיספּוט וועגן דער שליחות פון אַ שעפערישן מענטשן.

ה.

— וואָס האָט איך באַוואויגן איבערצוזעצן פלאַטאָס דיאַלאָגן? — האָב איך אים איין מאָל אַ פרעג געטאָן.

— איר, יונגע פאָעטן, זינגט, ווייל עס זינגט זיך אייך. אויף וויפיל אייער זינגען איז ווערטפול, איז דאָס אַ צושטייער אין דעם שייער פון אונדזער פאָלקס־קולטור. איך אָבער געהער צו אַ דור, וואָס פילט אין זיך די שליחות עפּעס צוצוטראָגן. די פלאַטאָ־דיאַלאָגן זיינען פון אומגעהויערער באַדייטונג פאַר יעדער פאָלקס־קולטור.

דער דור מיט דער שליחות אין זיך!

ניט יעדער האָט דערפירט אָט־די שליחות, וואָס האָט אויפגעגליט אין זיין האַרצן אין דער יוגנט צו דעם זעלבן אָנגעצייכנטן ציל אויף זיינע עלטערע יאָרן.

געווען געגנוג צווישן אָט־דעם דור, און אַ צאָל פון זיי איז נאָך איצט דאָ

אפילו, וואָס האָבן אָט די שליחות פאַרלוירן אין דער מיט פון זייער לעבן. וועער פון אָט־דעם דור איז דערגאַנגען צו קראַנקהאַפטן ציניזם און ווער — אפילו צו נאָך עפּעס ערגערס, ווי דאָס.

יעקב מילך איז צווישן די געציילטע, וואָס זיינען דורכגעגאַנגען זייער לעבן ביזן סוף אָט אַזוי לויטער ווי זיי האָבן אָנגעהויבן אין זייער פריער יוגנט.

אָפּטמאָל איז זיין גאַנג געווען שוין אַביסל צו גראַדליניק, אָבער אפילו ווען אָט־די גראַדליניקייט האָט אַרויסגערופן אַ געוויסע איריטירטקייט, איז אָבער דער דרך־ארץ צו אים קיינמאָל ניט געמינערט געוואָרן.

זיין טואונג אינעם איקוף דורך די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן איז געווען פון אומגעהויערן ווערט. אין אים האָט זיך קאָמבינירט די פּראַקטישקייט פון אַן אונטערנעמער, די ערלעכקייט פון אַ צדיק און די דינסטע פאַרשטענדעניש פאַר מענטשן. אָט האָט ער געשטורעמט קעגן נחמן מייזיל, הלמאי ער האָט אַרויסגענומען אַ פּאַראַגראַף פון זיינעם אַן אַרטיקל אין דער „יידישער קול־טור" און אין דער זעלבער צייט אים געגעבן די אויפריכטיקסטע אָנערקענונג, ווי אַן אחריותפולן און גלענצנדיקן רעדאַקטאָר פונעם זשורנאַל.

איך בין אַמאָל געטאַדלט געוואָרן, הלמאי איך האָב אויף מיין אייגענער אחריות, אָן דער הסכמה פונעם פּרעזידיום, אַרויסגעשיקט אַן אַלאַרם־בריוו צו עטלעכע הונדערט מענטשן וועגן דעם שווערן צושטאַנד פונעם איקוף, האָט ער זיך פאַר מיר איינגעשטעלט:

ער האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן מיט אויפגעלויכטנקייט אויף זיין פּנים, און געזאָגט:

— קיין זיגער משפּט מען ניט! — האָט ער פּראָטעסטירט קעגן דער טאַדלונג, און פאַרלאַנגט פון פּרעזידיום מיר צו באַדאַנקען פאַר דער וואַכ־זאַמקייט, און דער רעזולטאַט איז געווען אַ ספּעציעלע רעזאָלוציע פון צו־טרוי און אָנערקענונג.

אין די פאַרפּלאָנטערטע פראַגן איז ער געווען דער פלינקסטער אויס־פלאָנטערער, און דאָ האָט מען שטענדיק דערזען, ווי זיין גראַדליניקייט ווערט געפירט פון אַ געזונטער גראַדער שכלדיקייט, וואָס האָט אים קיינמאָל ניט פאַרלאָזט.

אַזוי אין זיינע שמועסן, אַזוי אין זיינע רעדעס, און אַזוי אין זיינע אַר־טיקלען.

אפילו אין זיינע פּאָלעמישע שאַרפקייטן קעגן זיינעם אַ קעגנער האָט ער ניט אויפגעהערט צו שפּרודלען מיט געזונטער שכל־הישרדיקייט.

ו.

אויף מענטשן, וואָס זיינען בלויז צופעליק געקומען מיט אים אין קאָנ־טאַקט, האָט ער אָפטמאָל געמאַכט דעם איינדרוק פון האַרטקייט און טרוקנ־קייט, אָבער די, וואָס האָבן געאַרבעט מיט אים אין נאָענטקייט, האָבן געפילט דעם ציטער־צאַפּל פון זיין געמיט, וואָס איז אָפטמאָל דערגאַנגען צו סענטי־מענטאַלקייט.

דער אַלגעמיינער איינדרוק וועגן אים איז געווען, אַז אויסער וויסנ־שאַפטלעכער ליטעראַטור לייענט ער ניט. קיין חידוש איז דאָס ניט געווען. זיינע מערסטע אַרטיקלען האָבן אָפּערירט בלויז מיט וויסנשאַפטלער און פי־לאָסאָפן. מאַרקס און ענגעלס זיינען, פאַרשטייט זיך, געווען זיין גרעסטער אָנשפּאַר, אָבער ווער עס איז געווען אין זיין נאָענטקייט האָט אים געהערט רעדן מיט גרויס ליבשאַפט וועגן דעם ענגלישן שעלי, דעם אַמעריקאַנער וואָלט וויטמאַן, דעם דייטשישן פרייליגראַט. פון די עלטערע יידישע שריי־בער און פּאָעטן זיינען אים געווען נאָענט: פּרץ, באָווּשאָווער, מאָריס ראָ־זענפעלד און טייללוויז אברהם ליעסין. וואַרעמע באַמערקונגען האָב איך פון אים געהערט פון צייט־צו־צייט וועגן א. קורץ, מ. א. סול, שלום שטערן. מיין פּאָעמע „אלה אזכרה" האָט ער אויסגעשניטן פון דער „מאָרגן פרייהייט", און זי אַ לענגערע צייט געטראָגן אין קעשענע, טענהנדיק, אַז מען דאַרף זי אַריינגעמען אין די יום־כּיפּורדיקע תּפילות. ווען ער האָט מיך געהערט אי־בערלייענען אין מאַנוסקריפּט מיין ליד „קאַרל מאַרקס" האָט ער מיך געבעטן אים דאָס געבן אַ מתנה, וואָס איך האָב גערן געטאָן.

— איך וועל אייך נאָך איבעראַשן מיט אַ גרעסערער אַרבעט איבער דער יידישער פּאָעזיע, — פלעגט ער פון צייט צו צייט אַ זאָג טאָן צו מיר. צי ער האָט אַזאַ אַרבעט אָנגעהויבן, איז מיר ניט באַקאַנט. מען דאַרף איבער־קוקן די ירושה, וואָס ער האָט געלאָזט נאָך זיך אין מאַנוסקריפּטן. אַז עס זיינען געבליבן אַ צאָל וויכטיקע מאַנוסקריפּטן, בין איך זיכער.

ז.

עס איז איצט צען יאָר, אַז ער איז אַוועק פון אונדזער לעבן. שווערע, גורלדיקע צען יאָר, אַזוי פיל געשעענישן! אַזוי פיל ענדערונגען! ווי וואָלט ער אויף זיי רעאַגירט?

איך האָב באַזוכט זיין היים אין ברוקלין אין די לעצטע וואָכן פון זיין לעבן. אויף זיין אויסגעבלייכט פּנים איז געווען צו זען די שווערע אָנשטרענגונג פון

גערא̇נגל פא̇ר זײן לעבן, װאָס כאָטש עס איז געװען רײך מיט דערפא̇רונג, איז דאָס נאָך ניט געװען פא̇רטיק פא̇רן סוף.

קײן חידוש ניט. אין שטוב א̇רום אים האָט זיך באַװאױגן זײן װאונדער־ בא̇רע פרױ פעני, צו װעלכער ער האָט געפילט אַן אומגעהױערע ליבשאַפט. אין דעם דרױסן פון זײן שטוב איז געװען די װעלט, װאָס איז אים אַנגעגאַנ־ גען ביזן בײן. אין דער װעלט — דאָס ײדישע לעבן, אין װעלכן ער איז געװען טיף פא̇רװא̇רצלט, דער איקוף, װאָס איז געװא̇רן זײן בא̇ליבטסטע באַװעגונג.

— לאָמיך נאָר קומען צו זיך, און מיר װעלן אַן א̇רבעט טאָן! — האָט ער עטלעכע מאָל באַמערקט צו מיר.

איך האָב געקוקט אױף אים און פא̇ר מיר איז אױפגעשטאַנען דער שנײ־ איקער װינטער פרימא̇רגן, װען ער איז געקומען אין מײן שטוב א̇רײן מיך מבקר חולה זײן.

אין אונדזער פרעסע איז געװען אָפּגעדרוקט אַ בקשה, מען זאָל פא̇ר אַ צײט מיך ניט בא̇זוכן, װײל עס איז נױטיק געװען פא̇ר מיר פולשטענדיקע רו נאָך אַ שװערער קרא̇נקהײט, װאָס איז מיך באַפאַלן אױף מײנעם אַ בא̇־ זוך אין מא̇נטרעא̇ל, קא̇נא̇דע. און מײנע פרײנט הא̇בן אױסגעפא̇לגט די בקשה.

פּלוצלינג הער איך יעקב מילכס קול בײ דער טיר פון מײן הײם צו מײן פרױ:

— אױב מעגלעך, כאָטש אַ פא̇ר מינוט, — עס װילט זיך מיר אומבא̇־ דינגט אים זען.

אַ שטילע, ליבע װא̇רעמקײט האָט מיך א̇רומגענומען, און נאָך װא̇רעמער איז מיר געװא̇רן, װען ער איז געזעסן לעבן מײן בעט, און מיט גרױס צערט־ לעכקײט אין זײן קול געהאַט טענות צו מיר:

— װי נעמט אַזאַ, װי איר, און װערט פּלוצלינג אינמיטן דרינען אַזױ קרא̇נק? װער האָט אײך געגעבן דערלױבעניש, האַ? װײסט איר גאַרניט, װי נױטיק איר זײט אונדז?

— אַ זיגער משפט מען ניט, — האָב איך אין מײן שװאַכקײט זיך צע־ שמײכלט צו אים.

פון זײנע אױגן האָבן אַ טריף געטאָן טרערן, װאָס האָבן אַ װאַש געטאָן דעם גוטן שמײכל, װאָס עס האָט זיך באַװיזן אױף זײן פּנים.

צום בא̇דױערן איז ער איבער זײן פּלוצלונגדיקער קרא̇נקהײט קײן זיגער ניט געװא̇רן, און איז אַװעק פון אונדז איבערלאָזנדיק נאָך זיך די לױטערקײט צװישן די סאַמע געלױטערטסטע פון זײן שליחותדיקן דור.

## ח.

יענער דור!

עס גייען דורך פאַר די אויגן אַזעלכע ליכטיקע געשטאַלטן, ווי אַ לעאָן מאַיסעיעף, אַ יצחק אייזיק בן אריה צבי הלוי הורוויטש, אַ דר. נחמן סירקין, אַ דר. חיים זשיטלאָווסקי, רב צעיר, אַ חיים גרינבערג, אַ בער באָראָכאָוו, וועלכער האָט מיט אונדז געלעבט אַ צייט דאָ הי און געווירקט אויף אונדז מיט זיין גרויסן וויסן און לויטערן אידעאַליזם, אַ משה אָלגין און נאָך און נאָך.

זייט ביי זייט מיט דער גרויסער שפּרודלדיקער שעפערישקייט פון אונ־דזערע דיכטער־קלאַסיקער, זיינען זיי געווען די פּראָזשעקטאָרס, וואָס האָבן געלויכטן און באַלויכטן אונדזער לעבן יעדער איינער אויף זיין אופן.

אַז מען טוט אַ טראַכט, וואָס פאַר אַ פאַרמעגן פון אונדזער יידישער קול־טור איז באַהאַלטן אין די קברים פון אונדזערע בית־עולמס אין אַמעריקע, ווערט די ערד דאָ אונדז אַזוי הייליק און אייגן.

זאָלן זיין געבענטשט די אַלע, וואָס באַמיען זיך צו ציען ווייטער דעם המשך פון זייער גייסט, אָבער כדי אָנצוהאַלטן זייער השפעה איז נויטיק, אַז זייערע ווערק זאָלן דערשיינען און געלייענט ווערן.

וועלן די איבערגעבליבענע מאַנוסקריפּטן פון יעקב מילך אַרויסגעגעבן ווערן? סאַראַ עשירות עס וואָלט צוגעקומען אין אונדזער קולטור־שייער!

לאָמיר זיך אָנשטרענגען און דאָס באַווייזן!

.1955

# יהואש

### א.

און אָט איז שוין אַ פערטל־יאָרהונדערט, אַז מיר האָבן געפירט יהואָשן צו זיין אייביקער רו.

כ׳האָב אין אייזערנע טירן געקלאַפּט
און די הענט זיך צעבלוט;
כ׳האָב געפאָכטן מיט ווינט און מיט שפריי
און אַליין זיך פאַרשפּאָט.
באַשער מיר איצט די רו.
נישט געפעכט, נישט געלוסט,
נאָר רו.

נאָך וועלכער רו האָט ער געבענקט? זיכער נישט נאָך דער רו, אין וועל־כער ער האָט זיך פיזיש אויפגעלייזט מיט אַ פערטל־יאָרהונדערט צוריק. עס איז פאַראַן אַן אַנדער מין רו, — אַ רו, דורך וועלכער דאָס לעבן זינגט אין מענטשן־מסיבה „מנוחה ושמחה״.

עס דערמאָנט זיך אַן אָוונט ביי אים אין שטוב אין דער צייט, ווען עס איז דערשינען דאָס ליטעראַרישע זאַמלביכל „איסט בראָדוועי״, וואו איך האָב, אונטער דער רעדאַקציע פון משה לייב האַלפּערן און מנחם, געמאַכט מיין אויפטריט מיט מיינע ערשטע לידער פון אוקראַינע. איך בין געזעסן און זיך צוגעהערט צו זיינע רייד, וואָס זיינען געווען וועגן דעם, אַז אין אונדזער יידי־שער פּאָעזיע פעלט דאָס ליד, וואָס זאָל זיין דורכאויסיק געזאַנג: — געזאַנג פון מנוחה ושמחהדיקייט.

אַ באַרג קעגן ים,
און אַ פעלז אין דער הויך אויפן באַרג,
און אַ גראָזיקער טאָל אין דער נידער,
און הימל אַ סך,
און רו,
און רו.

נו, יאָ, אַז אַ גרויסע דיכטערישע ענערגיע איז איינגעשלאָסן געווען אין אַן ענגער דירה פון דער שטיינערדיקער בראָנקס, און דאגת־פּרנסה איז אַוודאי אויך געווען, און די סביבה אַרום זיך אַזאַ דאָרנדיקע געווען, איז קיין חידוש

נישט די בענקשאַפט נאָך אַ באַרג קעגן ים, אַ גראָזיקן טאָל אין דער נידער,
— הימל און ווייטקייט און רו.

ב.

אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן איז די סביבה אַרום אים אַביסל
ווייכער און וואַרעמער געוואָרן.

עטלעכע ייִנגערע דיכטער און שריפטשטעלער, וואָס האָבן זיך קיינמאָל
נישט געהאַט איינגעלעבט אין דער סביבה פון די „יונגע", האָבן זיך אָנגע־
הויבן צו גרופּירן אַרום יהואשן, און כדי די גרופּע זאָל נישט זיין גלאַט
אַזוי אַ „שבת־אחים", האָט מען צוגעטראַכט אַן אידעאָלאָגיע, וואָס האָט זיך
אויסגעדריקט אינעם וואָרט „שלימות", — דאָס האָט באַדאַרפט מיינען, אַז
דיכטער זיין, דערציילער זיין, אָדער גלאַט קינסטלער זיין איז נישט גענוג,
נאָר מען דאַרף זיין מענטש, וואָס זוכט דעם וועג צו שלימות.

צו אָט־דער גרופּע האָבן געהערט שריפטשטעלער און דיכטער פון באַ־
דייטונג, ווי יוסף אָפּאַטאָשו, ה. לייוויק, א. גלאַנץ־לעיעלעס, מנחם באָריישא.
יהואשן איז אַביסל וואַרעמער געוואָרן אין זיינע לעצטע יאָרן.

אמת, — ער איז נאָך אַלץ געבליבן אַ צילברעט פאַר די פיילן, וואָס עט־
לעכע פון די „יונגע" האָבן נישט אויפגעהערט צו צילן אינעם לאַגער פון די
„אַלטע", אָבער אין די לעצטע יאָרן זיינען די פיילן שוין נישט געווען אַזוי
ווירקנדיק, ווייל באַגעגנט זיינען זיי געוואָרן פון אַ גאַנצער מסיבה.

אָבער ביז אָט־דעם פּעריאָד האָט יהואש שטענדיק געמאַכט דעם איינ־
דרוק פון אַליינקייט, פון איינזאַמקייט.

מיט די קאַפּריזן אין דער ייִדישער דיכטונג פון זיין אייגענעם דור אין
ניו יאָרק האָט ער זיך אויך ווייניק געחברט, ווייל קיינער פון זיי האָט זיך
בכלל איינער מיטן אַנדערן נישט געחברט. מאָריס ראָזענפעלד איז געווען
פול מיט ביטערניש אויף יעדן איינעם. א. ליעסינען, וועלכער האָט ווי דער
רעדאַקטאָר פון דער „צוקונפט", געדרוקט יהואשעס לידער אָפט און פּראָמי־
נענט, האָט געפעלט דאָס, וואָס שאַפט מיט אַ קאָלעגע־דיכטער די פּערזענלע־
כע פריינטשאַפט, און מאָריס ווינטשעווסקי האָט געהערט צו גאָר אַן אַנדער
לאַגער און איז געווען פיל עלטער פון יהואשן.

ווען מען לייענט איצט יהואשעס לידער, — ספּעציעל פון „אין געוועב",
— ווערט אומפאַרשטענדלעך, פאַרוואָס די גרופּע „יונגע" האָט זיך ביי איר
סאַמע אויפקום צו אים נישט צוגעטוליעט.

נישט נאָר איז געווען אַ סך געמיינזאַמס שוין אין יענער צייט צווישן אים
און די „יונגע" אין דעם באַנעם פון פּאָעזיע, נאָר אינעם ליד גופא איז דאָ אַ
היפשע נאָענטקייט און משפחהדיקייט מיט די בעסטע לידער פון זישא לאַנ־

דוי, מאַני לייב, ראובן אייזלאַנד און די אַנדערע פון דער דעמאָלטיקער גרו־פּע „יונגע".

אַז מיר וועלן זיצן פאַרנאַכט,
וואָס וועלן מיר זיך דערציילן?
אַז מיר וועלן זיצן פאַרנאַכט
אין בלויען טונקל־ליכט,
וואָס וועלן מיר זיך דערציילן?
איינער וועט קוקן צום הימל,
און איינער וועט קוקן צום טייך
און איינער וועט קוקן צום רויך,
וואָס קרייזט זיך פון זיין ליולקע,
און אַזוי וועלן מיר זיצן פאַרנאַכט
און וואונדער זיך וואונדער דערציילן.

מיט וואָס אונטערשיידט זיך אָט־דאָס פרעכטיקע ליד פון די בעסטע לי־דער פון די דעמאָלטיקע „יונגע"? סיי אין דער פאָרם און סיי אין דער שטי־מונג איז דאָס דער זעלבער דרך.

און דאָך איז יהואש אַ היפּשע צייט געווען די ציל־ברעט פאַר שאַרפע פיילן מצד „יונגע".

— האַרט־לשונדיק! —— האָט זיך איינער געקרימט.

— צופיל געדאַנקלעכקייט! — איז אַ צווייטער געווען אומצופרידן.

און משה נאַדיר? — ער האָט גאָר געשניטן פּאָסן ביי יעדער געלעגנ־הייט פון יהואָשן.

ווער געדענקט נישט זיינע חוזק־אַרטיקלען וועגן יהואָשעס „אויפן וועג קיין רחובות און צוריק?"

איז דערפאַר קיין חידוש נישט, וואָס אין אים איז געווען אַזאַ בענקעניש נאָר אַ באַרג איבער אַ פעלז, נאָך אַ גראַזיקן טאָל און רו, און רו.

איך וויקל זיך אין זומער־פינצטער איין
און טרינק פון שוואַרצע בעכערס שוואַרצן וויין
צווישן גראָז און שטערן,
און לויער עפּעס צו דערהערן,
עפּעס צו דערפאַנגען,
וואָסערע געזאַנגען
גאַר איך צו פאַרנעמען,
פון וועמען? און צו וועמען?

וויפיל טיפקייט און איינזאַמקייט ציטערן אַרויס פון אָט־די שורות!

אַ בלינדע, טויבע נאַכט . . .
און שטום.
אַן איינזאַם אויג שווימט אום
און קוקט אויף מיר און וואַרט . . .

ג.

אַ פערטל־יאָרהונדערט איז פאַרגאַנגען זינט ער האָט איבערגעלאָזט אונ־דזער ערדיש לעבן. מײַנע אויגן גלעטן איצט די רוקנס פון זײַנע לידער־ביכער און די תנ״ך־איבערזעצונג. איך האָב געהאַט די זכיה צו קענען אים בײַם לעבן, שטייט פאַר מיר אַ לעבעדיקס זײַן געשטאַלט.

אַ דין מיטלוואוקסיק געשטאַלט מיט אַ פײַן, סענסיטיוו, אויסגעבלייכט פּנים. אַ הויכער תּלמיד־חכם שטערן, טונקל־פינקלדיקע אויגן, וואָס בלאַנדזשען פון צײַט צו צײַט אַוועק אין טרויעריקייט, און דער שטענדיק פאַרזיכטיק אויסגעבונדענער שוואַרצער ווינדזאָר־שניפּס, וואָס לאָזט דיר וויסן, אַז ער איז פול מיט יחוס, ווײַל די פינגער, וואָס בינדן אים אויס יעדן פרימאָרגן, זײַנען די זעלבע פינגער, וואָס כּשופן מיט אַ פּען צווישן זיי וואונדער איבער וואונדער איבער ווײַסע שטיקלעך פּאַפּיר.

און נישט נאָר זעען די אויגן, נאָר אויך די אויערן הויבן אָן צו הערן אַ שאַרף־באַטאָנענדיק קול מיט דער קורלענדישער אויסשפּראַך.

בין איך די בריק.
אַריבער מײַן געניק
די מחנה ציט פון ברעג צו ברעג
צו גרויסע טעג,
צו גליק.

אָט די שורות רופן זיך אָפּ אין מײַנע אויערן מיט דער זעלבער באַטאָ־נונג, ווי איך האָב זיי געהערט פון זײַן מויל בײַ אים אין שטוב, ווען איך בין נאָך אַן אָנפאַנגער געווען.

אַ פערטל־יאָרהונדערט!

אָט דאַכט זיך דיר, אַז ערשט נעכטן איז דאָס געווען, ווען איך בין גע־שטאַנען בײַ זײַן אָרון, געקוקט אויף אים, אויף דעם פאַרשטיינערטן פײַנעם פּנים פון זײַן פרוי פלאָראַ, אויף דער יונגער טאָכטער עוועלין, וואָס האָט געציטערט ווי אַ גרינע פרילינגס־בלאַט אויף אַ בוים פון אַ פּלוצלינגדיקן שטור־רעם, אויף די אַרומיקע, צווישן וועלכע עס זײַנען געווען אויך נעכטיקע פיילן־וואַרפער, און איצט זײַנען זיי געווען שווייגנדיקע און אָנגעפּילט מיט טיפן יראת־הכבוד.

בײַ דער וואַנט האָט פון דער אַלטער שרײַב־מאַשין אַרויסגעשטעקט

אַ פּאַריתומט ווייס בלעטל פּאַפּיר, אויף וועלכן עס האָבן זיך געפינטלט אָנ־געהויבענע שורות פון אַ ניי ליד. זיי האָבן עדות געזאָגט, אַז די גרויסע אַר־בעט פון זיין תנ״ך־איבערזעצונג האָט נישט אָפּגעשטעלט אין זיין דיכטעריש געמיט די שאַפונגס־ענערגיע אויך פון פּערזענלעכן אויסדרוק.

אַ פּערטל־יאָרהונדערט!

איז דאָך אַזוי פיל געשען אין אָט־דעם פאַרגאַנגענעם פערטל־יאָרהונ־דערט אויף דער וועלט, און אַוודאי — אין אונדזער יידישער וועלט!

די „יונגע״, וואָס האָבן קעגן אים אַזוי יוגנטלעך געקעמפט, זיינען שוין זקנים. אַ צאָל פון זיי רוען שוין, ווי עס רוט ער אַליין אין דער אייביקייט. אפילו איבער די יינגערע פון די „יונגע״ טראָגט זיך שוין דער האַרבסט און זאָגט אָן דעם אָנקום פונעם קאַלטן ווינטער, און דאָך:

כ׳וועל קומען פון דער וואַנדער
און זאָגן וועל איך פול!
„נעם צו דעם קנויל,
און דריבל אים פאַנאַנדער.״

לייען איך אָט־די שורות, און איך פרעג: — ווער וועט נעמען אָט־דעם קנויל און אים פאַנאַנדערדריבלען?

דאָ ביי אונדז אין ניו יאָרק האָט מען לעצטנס מקבל פּנים געווען עטלע־כע נאָכקומער פון אונדזער איצטיקן דור, וואָס האָבן באַוויזן זיך צו ראַטעווען פונעם גרעסטן חורבן אונדזערן אין איראָפּע. פון ישראל דערגייט צו אונדז די בשורה, אַז דאָרטן האָט זיך צעמענטירט אַ ניי־געגרינדעטע גרופּע יידישע שאַפער אונטערן נאָמען „יונג־ישראל״, — וועלן זיי פאַרזעצן? וועלן זיי ווייַ־טער דעם געוועב וועבן?

.1952

# דוד פינסקי

## א.

איך האָב איבערגעלייענט דעם אינטערוויו, וואָס אשר פּען האָט אָפּגעדרוקט אין „טאָג“ מיט דוד פּינסקי, צו דער געלעגנהייט פון זיין 75טן געבוירנטאָג, און בשעת־מעשה געטראַכט פון פּינסקיס זייער פיינער דערציילונג „ער לעבט“.

אין דער דערציילונג שילדערט דוד פּינסקי אַ שריפטשטעלער, וואָס ראַנגלט זיך מיט אַ טעמע וועגן אַ רב, וואָס די נאַצישע רוצחים האָבן באַגראָבן ביזן האַלדז. אין זיין געראַנגל מיט דער טעמע רופט דער שריפטשטעלער זיינעם אַ פריינט אַ דאָקטאָר אויפן טעלעפאָן און וויל ביי אים וויסן, ווי לאַנג דער רב קאָן לעבן אַ באַגראָבענער ביזן האַלדז אין דער ערד.

די דערציילונג איז אַ קליינע, אינגאַנצן עטלעכע זייטלעך, און דאָך רופט דער שריפטשטעלער זיין פריינט, דעם דאָקטאָר, צוויי מאָל אין איר, און דאָס צווייטע מאָל איז שוין ביים שריפטשטעלער מער קיין פראַגע ניט, נאָר אַ טריאומף:

— איר ווייסט — זאָגט ער צום דאָקטאָר — ער לעבט נאָך, און היינט איז שוין דער דריטער טאָג!

אָט אַזוי רופט אויס דער שריפטשטעלער צום דאָקטאָר דורכן טעלעפאָן וועגן דעם באַגראָבענעם רב, און ווען דער דאָקטאָר וואַרפט אַריין צווישן זיינע ווערטער דאָס וואָרט „אויב“, ענטפערט אים דער שריפטשטעלער מיט פאַרזיכערונג:

— אָן אויבס! ער לעבט!

איך געדענק, ווי שטאַרק איך בין גערירט געוואָרן פון אָט דער מערקווירדיקער דערציילונג. איך האָב פון איר אַרויסגעלייענט אַ טיפן גלויבן אין דעם אייביקן לעבן פון יידן, אַז דער נאָמען דוד פּינסקי איז ביי מיר אויסער שריפטשטעלער, דראַמאַטורג, קולטור־בויער, אויך געוואָרן דער גרויסער מאמין אין דעם אייביקן לעבן פונעם יידישן פאָלק. אָבער זעט נאָר זעט, ווי גרינג דער זעלבער דוד פּינסקי טוט אין זיין אינטערוויו מיט אשר פּען אינעם „טאָג“ אַ זאָג־אָפּ דאָס לעבן פון דעם גאַנצן סאָוועטישן יידנטום, וואָס איז ניט נאָר חס־ושלום ביזן האַלדז אין דער ערד, נאָר אדרבא, עס שפּאַנט אום אויף געזונטע פיס, אויף אַ פעסטן באָדן, נעמט אַ לעבעדיקן אָנטייל אין

דעם איבערבוי פון לאַנד, טוענדיק דערביי היפש פאַר זיך, ווי יעדן אויך, — איז סטייטש? היתכן?!

אינעם פאַל מיטן סאָוועטישן יידנטום האָט דוד פינסקי אַפילו ניט נאָכגעטאָן דעם ביישפּיל פון דעם שריפטשטעלער אין זיין אייגענער דערציילונג „ער לעבט“, וואָס האָט אָפּגערופן דעם דאָקטאָר זיך שואל־עצה צו זיין, נאָר אַליין ענדגילטיק באַשלאָסן, אַז דאָס סאָוועטישע יידנטום איז אויס! ניטאָ! טויט!

ב.

איך האָב אויפגעשריבן דאָס ערשטע קאַפּיטעלע פון אַט דעם אַרטיקל וועגן דוד פינסקין און אַוועקגעלייגט די פען.

איך האָב ביי זיך געטראַכט, אַז וועגן אַ 75טן געבוירנטאָג פון אַזאַ, ווי דוד פינסקי איז, שרייבט מען בלויז וועגן דעם גוטס אין אים — וועגן זיינע פאַרדינסטן פאַר אונדזער יידישער ליטעראַטור, וועגן זיין יידישער קולטור־טעטיקייט פאַר לאַנגע יאָרן, — אָדער מען שרייבט גאָרניט.

גאָרניט וועגן דוד פינסקין צו זיין 75־יאָריקן געבוירנטאָג?

וואָס הייסט גאָרניט?

איז ער ניט ביי אונדז איינער פון די ערשטע און וויכטיקע יידישע שריפטשטעלער?

אַט שטייט דאָך פאַר מיינע אויגן זיין „יאַנקל דער שמיד“, און ווי גיט מען ניט דוד פינסקין קיין אָנערקענונג, קיין דאַנק פאַר אַט דער קרעפטיקער פיגור, וואָס ער האָט געגעבן אונדזער טעאַטער־בינע?

און פאַר זיין „אייזיק שעפטל“?

קומט דאָך דורך זיין אייזיק שעפטל־געשטאַלט צום אויסדרוק גאָר, גאָר עפּעס אַנדערש, ווי עס איז געקומען דורך זיינע מיטצייטלער. אייזיק שעפטל איז דיר ניט שלום עליכמס אליהו, וואָס מאַכט אַלערליי פאַבריקאַציעס לויט די פאַרשריפטן פון עפּעס אַ ביכל פאַר פרנסה, נאָר דער אויסדרוק פון דער טאַלאַנטפולער דערפינדערישקייט אין אונדזער פשוטער פאָלקסמאַסע פון יענער צייט.

עס ווייעט דאָך מיט גרויסער ליבשאַפט צו אַט דעם טאַלאַנטפולן אַרבעטער־ייד אייזיק שעפטל!

און איז דען דוד פינסקי ניט ביי אונדז אין דער ליטעראַטור איינער פון די סאַמע ערשטע, וואָס האָט אונדז געגעבן דעם יידישן אַרבעטער און אַרבעטס־מענטש אין זיינע דערציילונגען?

וויפיל פון אונדז זיינען עס ניט גערירט געוואָרן און טאַקע אויך באַווירקט געוואָרן פון זיין זייער וויכטיקער דערציילונג „דראַפּקין“, וואָס ווערט

פאַרבלייבן קלאַסיש אויף אַט דעם געביט אין אונדזער ליטעראַטור!

ג.

אמת, אַז ניט צו גרויס איז די גאַלערייע פון אויסגעפורעמטע פיגורן אין דוד פינסקיס ווערק.

אַפילו אין די דראַמען „יאַנקל דער שמיד" און „אייזיק שעפטל" זיינען בלויז טאַקע יאַנקל דער שמיד און אייזיק שעפטל וואָס בלייבן אין דיין זכרון ווי פול־בלוטיקע, בשעת די איבעריקע אַרום זיי זיינען ניט מער ווי שאָטנס, אָן פלייש און בלוט, אָפּגערעדט פון זיינע אַנדערע דראַמאַטישע ווערק, וואָס זיינען אָנגעפּילט מיט פּראָבלעמען און אידייען, אָבער די טרעגער פון זיי זיינען ניט מער ווי מעדיומס און ניט קיין לעבעדיקע מענטשן.

אָט באַמי איך זיך אויפצולעבן אין זיך זיין דראַמע „די פאַמיליע צבי", וואָס ער האָט געשאַפן נאָכן קעשענעווער פּאָגראָם, און עס זיינען די פּראָבלעמען וואָס געדענקען זיך מיר אַמשטאַרקסטן, בשעת די מענטשן, וואָס טראָגן אָט די פּראָבלעמען, גייען דורך אין מיין זכרון ניט מער ווי שאָטנס.

וואָס פאַר אַ פּראָבלעמען פון אונדזער יידיש לעבן האָט איר ניט אין יענעם ווערק?

דאָס פּראָבלעם פון אַסימילאַציע, וואָס דוד פינסקי האָט אַוועקגעשטעלט אין יענעם ווערק מיט איבער פערציק יאָר צוריק, איז היינט אַזוי אַקטועל ווי דעמאָלט, אָבער אַזוי בלייך און שאָטנדיק איז דער בחור לעאָן, וואָס טראָגט עס, אַז אים אַליין דערזעט מען אינגאַנצן ניט.

און ווי מיטן אַסימילאַטאָר לעאָן, אַזוי איז מיטן ציוניזם פון ליפּמאַנען, מיטן סאָציאַליזם פון ראובנען.

עס איז דאָ דער ציוניזם, עס איז דאָ דער סאָציאַליזם, אָבער מען זעט קוים, קוים אָן ליפּמאַנען מיט ראובנען.

אַפילו די צענטראַלע פיגור ר' משה, וואָס איז די בעסט־געצייכנטע פי־גור אין דער דראַמע, הערט מען אַ סך, אַ סך מער זיינע אימפּעטיקע רייד, ווי מען זעט אים, דעם יידישן מגיד, פּערזענלעך.

איינע פון זיינע פיינסטע היסטאָרישע דראַמען איז זיין „דער שטומער משיח".

אָבער אויך אין אָט דער אויסגעצייכנטער דראַמע איז מער די בענק־שאַפט, די טראַגישע בענקשאַפט נאָך דער משיח־אידייע, ווי דער משיח פּניני אַליין.

און וואָס איז „דער פרעמדער", אויב ניט די אַבסטראַקטע משיח־זוכעניש פונעם פאָלק אין די טעג ווען דער בית־שני איז חרוב געוואָרן, בשעת דאָס פאָלק אַליין אינעם קאַמף, אינעם אונטערגאַנג, זעט זיך גאָרנישט ניט אָן?

אַזוי אין די ווערק, וואָס איך באַריר אָט דאָ, און אַזוי אין אַלע אַנדערע ווערק, וואָס איך באַריר ניט.

אָבער זײַנען דען פּראָבלעמען אַלײן ניט וויכטיק? זײַנען דען אידייען ניט וויכטיק?

זיי זײַנען!

דוד פּינסקי האָט מיט דעם אַרויסשטעלן די פּראָבלעמען אין זײַנע ווערק זיי געבראַכט ניט נאָר אינעם לעבן פון פאָלק, נאָר אויך סטימולירט דעם ייִנגערן דור שריפטשטעלער זיך צו פאַרנעמען מיט זיי. ניט אײן וויכטיקער יונגער שריפטשטעלער אין אונדזער ייִדישער ליטעראַטור איז באַווירקט געוואָרן פון דוד פּינסקיס אידייען־טרײַב־קראַפט פאַר זײַנעם אַ ווערק, — צי דאָס איז ליד, דראַמע, אָדער נאָוועלע.

ד.

די גרויסע מעלה פון דוד פּינסקיס ווערק איז, וואָס הינטער זיי שטייט די וויכטיקע פּערזענלעכקייט דוד פּינסקי אַלײן.

ניטאָ בײַ אים קײן ווערק, אין וועלכן איר זאָלט אים אַלײן, דעם באַשאַפער פון דעם, ניט דערפילן.

אָפטמאָל האָט איר דעם אײַנדרוק, אַז ער, דער באַשאַפער אַלײן, איז עפּעס ניט אַזוי זיכער, אַז די פיגורן, וואָס זײַנען אַרויסגעקומען פון אונטער זײַן פען, זײַנען גענוג גאַנץ, און ער זוכט זיי צו דערגאַנצן מיט זיך אַלײן, רעדנדיק פאַר זיי. און ווײַל עס איז אַזוי בײַ אים, פאַרדעקט ער זייער אָפט מיט זײַן אײגענער פּערזענלעכקייט די פיגורן, וואָס זײַנען אַרויסגעקומען פון אונטער זײַן פען.

און וואָס איז די פּערזענלעכקייט דוד פּינסקי?

זי איז גרויסע אָנגעלאָדנקייט, וואָס לאָדט זיך פון אים אויס אויף אַ גוואַלדיק־שווערן אופן. יעדעס מאָל ווען איך פאַרטראַכט זיך וועגן אים, דערזע איך פאַר זיך אַ מענטשן מיט אַ גרויס און פול געפּעק, וואָס האָט אין זיך אַלדאָס גוטס, מסתמא, נאָר די הענט בײַ אים זײַנען ניט גענוג פלינק פאַנאַנדערצובינדן די קנופּ, כדי ער זאָל קאָנען באַווײַזן זײַן פאַרמעגן.

איך האָב שטענדיק דעם אײַנדרוק, אַז ער פאַרמאָגט פיל מער אין זיך, ווי ער גיט אונדז. און ניט דערפאַר, ווײַל ער איז, חלילה, קאַרג, נאָר דערפאַר, ווײַל די הענט זײַנען בײַ אים ניט גענוג פלינק אַרויסצונעמען און סערווירן.

פאַראַן אין אים אַ גוואַלדיקער אומרו, אָבער ער איז בײַ אים שטענדיק צוגעבונדן צו עפּעס. פאַראַן אין אים אַ גוואַלדיקער אימפּעט, אָבער ער איז אין דער בחינה פון אַן אימפּעטיקן גבור, וואָס שפּאַנט אַ באַרוועסער איבער אַ וועג פון צעבראָכענעם גלאָז. דער אימפּעט טרײַבט פאָראויס, אָבער דאָס צעבראָכענע גלאָז בלוטיקט די באָרוועסע פיס און לאָזט ניט גיין פאָראויס.

אַפילו אין זיין לשון איז דאָ אָט דער אומרו, איז דאָ דער אימפּעט, און דאָך איז דאָס שווער.

דאַכט זיך, אַז ער האָט געגוג ווערטער אויף אַרויסצוברענגען פון זיך אַלץ וואָס ער וויל, און דאָך איז יעדעס וואָרט פון אונטער זיין פּען אַזוי אויס־געמאַטערט, אַז עס שרייט ממש געוואַלד, אַז מען זאָל דעם לאָזן אַביסל קו־מען צו זיך.

ה.

און ניט נאָר דאָס געשריבענע וואָרט ביי אים, נאָר אויך דאָס גערעדטע וואָרט, וואָס קומט פון זיין מויל.

יעדעס מאָל, ווען מיר איז אויסגעקומען אים צו הערן רעדן, צי עס איז גע־ווען פון אַ פּלאַטפאָרמע צו אַן עולם, צי פּה אל פּה ביי אַ טיש, האָב איך שטענ־דיק געהאַט דעם איינדרוק, ווי דער אימפּעט לויפט איבער די ווערטער פון זיין מויל און לאָזט זיי ניט גיין זייער וועג. ער וויסט דאָס אַפּנים, און ניט איין מאָל חזרט ער איבער נאָכאַמאָל דאָס געזאָגטע, כדי זיך קלאָרער צו מאַכן.

טראַכטנדיק איצט וועגן אָט דער שווערקייט זיינער, וועקט זיך אין מיר אַ האָפענונג, אַז אפשר איז דאָס, וואָס איז ציטירט געוואָרן וועגן דעם סאָ־וועטישן יידנטום אין אינטערוויו מיט אים, ניט מער ווי אַ מיספאַרשטייעניש, און דוד פּינסקי וועט דאָס נאָך פאַריכטן.

הלוואי זאָל ער דאָס טאָן. ווייל האָבנדיק אָט די באַציאונג צו אים, וואָס איך האָב, וואָלט איך זיך באמת געפרייט צו הערן, אַז דוד פּינסקי, דער גרוי־סער מאמין אין דעם לעבן פון אונדזער פאָלק, טוט ניט, מיר־ניט, דיר־ניט, אַ לייג אַוועק דאָס גאַנצע סאָוועטישע יידנטום אויפן טויטן־בעט און אויס מיט דעם.

וואָרים וואָס איז דען אמתע אמונה, אויב ניט קיין ליבשאַפט ? און וואָס איז דען אמתע ליבשאַפט, אויב ניט קיין גלויבן און צוטרוי ?

איך קען דוד פּינסקין זינט איך בין געקומען אין דער יידישער ליטע־ראַטור אַריין.

איך קען אים, ניט נאָר ווי אַ שריפטשטעלער, נאָר אויך ווי אַ כלל־טוער און דער עיקר — ווי אַ יידישן קולטור־טוער.

און וואָס איז כלל־ און קולטור־טוערײ, אויב ניט גלויבן און צוטרוי אין דעם, וואָס מען טוט ?

נאָר בויען ! בויען !— קלינגען מיר ביז היינט נאָך אין די אויערן דוד פּינסקיס אויסרופן ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן.

ז.

און דוד פינסקי איז אין אַלע זיינע יאָרן ניט נאָר אַ שריפטשטעלער, וואָס זיצט אין זיין קאַבינעט ביים שאַפן זיינע ווערק, נאָר אַ לעבעדיקער, אימפּעטיקער אָנטיילנעמער אין פאַרשיידענע יידישע אונטערנעמונגען, וואָס האָבן אַ שייכות מיט דער פאַרשענערונג און פאַרבעסערונג פון אונדזער יידיש לעבן.

זיין גאַנץ לעבן מיטן פּנים צום יידישן פאָלקס־לעבן ניט נאָר מיט דער פען, נאָר אויך מיט פשוטער טואונג.

עס איז נאָך ביז איצט דאָ אין מיר די וואַרעמקייט, מיט וועלכער ער האָט זיך באַצויגן צו מיר און צו דעם דיכטער ב. י. ביאַלאָסטאָצקי אין יענע יאָרן, ווען מיר האָבן אַרויסגעגעבן דעם חודש־זשורנאַל „אויפקום״.

דוד פינסקי איז געווען צווישן די וויניקע יידישע עלטערע שריפטשטעלער, וואָס האָבן ניט נאָר געגעבן זייערע אַרבעטן, נאָר אויך גענומען אַן אָנטייל אין דער זאָרג פאַר געלט־מיטלען.

— נאָר בויען! בויען! — פלעגט ער אונדז דערמוטיקן.

נו, און אַרום דער בויאונג און באַזאָרגונג פון די יידישע קינדער־שולן?

וויפיל מאָל איז ער דאָס אויפגעטראָטן מיט רעפעראַטן און פאָרלייענונגען פון זיינע ווערק אין די קינדער־שולן, וואו איך בין געווען אַ לערער!

איך געדענק אַ שניי־שטורעמדיקן אָוונט. דאָס צימער פון דער שלום עליכם שול אין בענסאָנהורסט איז ניט געווען אָנגעפילט. יידן פון דער זעלבער גאַס האָבן ניט געוואָלט איבערלאָזן זייערע וואַרעמע שטיבער, אָבער דוד פינסקי איז געקומען לייענען זיינס אַ ווערק אַזש פון דער וויטער בראָנקס.

— נאָר בויען! בויען! — קלינגט מיר זיין קול פון זיין רעדע נאָך דער פאָרלייענונג צום קליינעם עולם.

ביים געזעגענען זיך, האָט די פאַרוואַלטונג אומבאַדינגט געוואָלט דינגען אַ טעקסי, וואָס זאָל אים אַהיים פירן.

— אַ שאָד שול־געלט. — האָט ער זיך אָפּגעזאָגט. און גייענדיק מיט אים צו דער סטאַנציע פון דער אונטערבאַן, בין איך געווען אָנגעפילט מיט גרויס באַוואונדערונג צו דער ענערגישקייט פון זיין טראָט און די אויפגעהויבנקייט פון זיין שיינעם קאָפּ אַנטקעגן דעם שניי־שטורעם.

ס׳אַראַ אומגעהויערע אימפּעטיקע ענערגיע עס האָט פון אים געשלאָגן ביי דער בויאונג און אויפהאַלטונג פון דער „קולטור־געזעלשאַפט״ אין ניו־יאָרק!

ער האָט מיט זיין אימפּעטיקער ענערגיע סטימולירט די יינגערע אַרום זיך צו שטענדיקער אַרבעט.

ז.

איצט פייערט מען זיין 75־יאָריקן געבוירנטאָג.

אַ שאָד, וואָס אונדזער לעבן איז אַזוי צעריסן און צעפּיצלט און ניט אַלע נעמען אַ דירעקטן אָנטייל אין דעם יום־טוב. און ביי דער געלעגנהייט מוז מען, ליידער, קאָנסטאַטירן, אַז דוד פּינסקי פּרואווט ניט מיט זיין אויטאָרי־טעט די צעריסנקייט מילדערן, פאַרגאַנצן. ער שטייט די אַלע יאָרן אין אַן אָפּגעזונדערטן לאַגער, אין לאַגערן, וואָס דערלאָזן ניט קיין איניקייט. איז דאָ דוד פּינסקי מאַכטלאָז, ווערט ער געטריבן פון צעשטערנדיקע כוחות קעגן זיין אייגענעם ווילן? אָבער דערווייל איז ער אַ שותף צו זייערע טאָטן...

אמת, עס יום־טובט זיך איצט ניט ביי קיינעם. צו גרויס איז דער אומ־גליק, וואָס אונדזער פאָלק איז דורכגעגאַנגען, און צו גרויס זיינען די שוועריקייטן, וואָס מיר לעבן נאָך איצט איבער אומעטום. אָבער דער יובילייַ פון דעם 75־יאָריקן דוד פּינסקי וואָלט געדאַרפט זיין דער שייטער אַרום וועלכן מיר אַלע זאָלן זיך אַרומזעצן און זיך דערוואַרעמען.

מען דערציילט מיר, אַז דוד פּינסקיס קאָפּ איז איצט ווייס, ווי שניי.

איך האָב אים פאַר די לעצטע עטלעכע יאָר פּערזענלעך ניט געזען, אָבער איך שטעל זיך פאָר, אַז אונטער דער ווייסקייט איז זיין פּנים איצט נאָך שע־נער, ווי עס איז שטענדיק געווען.

דאָס פּנים פון דוד פּינסקין האָט שטענדיק געבראַכט שבת־יום־טובדיקייט. אַפילו די אימפּעטיקע ענערגיע דערפון האָט געבלענדט מיט התלהבותדיקער שבת־קודשדיקייט.

ווען מען האָט מיך צום ערשטן מאָל פאָרגעשטעלט פאַר אים אין דער רעדאַקציע פונעם „יידישער קעמפער" אויף גרענד גאַס, ניו־יאָרק, איז ער געווען נאָך פאַר פופציק.

אַנטקעגן מיר איז געזעסן אַ נעט־געקליידעטער, מאַנירפולער מענטש מיט אַ פיין פאַרמעט־פּנים, וואָס האָט גיכער דערמאָנט אָן די אַריסטאָקראַטי־שע פּנימער אין דעם סקאַנדינאַוויער איבסענס אַ דראַמע, איידער דאָס פּנים פון אַ יידישן שרייבער.

דאָס מערקווירדיקסטע איז געווען, וואָס ער האָט זיך גראָד צעוויצלט אויפן אַדרעס פון מיין פּנים.

— איר קוקט דאָך אויס ווי אַן אוקראַינישער יונג פון די סטעפּעס — האָט ער זיך געוויצלט מיט מיר.

פאַר מיינע אויגן שטייט די היים פון דוד פּינסקין, וואָס איך האָב עטלע־כע מאָל באַזוכט.

נעט און געשמאַקפול, ווי ער אַליין, אַזוי אויך זיין שטוב. ציכטיקע ריינ־

קייט אין יעדן ווינקל און אַזוי פיל געשמאַק אין דער אויסשטאַטונג.

די זעלבע מאַנירלעכקייט אויך ביי זיין פרוי, ביי האָדל פּינסקי. אַ שלאַנ־קע, איידעלע פיגור און אויך אַזוי איר פּנים, איר האַלטונג די זעלבע, ווי ביי איר באַרימטן מאַן.

מען דערציילט מיר, אַז די פרוי פּינסקי איז לעצטנס געווען ניט ביים פולן געזונט, אָבער אינעם אינטערוויו רעדט דוד פּינסקי וועגן אַריבערציען זיך צוזאַמען מיט איר קיין ארץ־ישראל.

ווינטש איך זיי אַ לאַנג און גליקלעך לעבן אין דער מיט פון אַ פאַר־שטאַרקטן און גליקלעכן ישוב אין ארץ־ישראל און אַז זיי זאָלן דערלעבן אויך צו זען אַ געזונט, אויפבויענדיק יידיש לעבן אויף דער גאַנצער ערד, וואָס נעמט אין זיך אַריין אויך דעם גרויסן וויכטיקן יידישן ישוב פונעם סאָוועטן־פאַרבאַנד מיט יידישער מלוכהשאַפט אין ביראָבידזשאַן.

1947.

# מ. אַלגין

## א.

מיטוואָך אינדערפרי, דעם 22טן נאָוועמבער, 1939, האָט מ. אַלגין, ווי יעדן אינדערפרי, אין דער צייט פון זיין קראַנקהייט, זיך געפּיעשטשעט פאַר זיינע אינטימסטע פריינט, די האַרקאָוויס, ביי וועמען ער האָט געוואוינט, הלמאי מען וועגט און מען מעסט אים צו דעם פרישטיק לויט דעם אָנזאָג פון די דאָקטוירים.

דאָס איז געווען ביי אים אַ מאַניער אַזאַ, כדי צו מאַכן דעם איינדרוק, אַז ער איז שוין געזונט, און מען דאַרף זיך מער נישט זאָרגן וועגן אים.

יענעם אינדערפרי האָט ער געהאַט גאָר אַ באַזונדערע כוונה צו שאַפן אַזאַ איינדרוק:

די זון האָט אַ ליכטיקע אַריינגעשיינט דורך זיין פענצטער, און אים האָט אַ צי געטאָן צום דרויסן.

— מען וועט זיך דורכגיין אַביסל אינעם ליכטיקן דרויסן, און דערנאָך וועט מען זיך אַרויפכאַפּן אין דער רעדאַקציע, און טאָקע אָפּטאָן אַביסל אַר־בעט אויך.

אמת, ער האָט געטאָן אַרבעט אפילו ווען ער איז געווען צוגעשמידט צו דער בעט. אָט האָט ער ערשט נעכטן אָנגעוואָרפן נאָטיצן אויף גאַנצע דריי־און־צוואַנציק זייטלעך פאַר אַ גרעסערער אַרבעט וועגן דער יידישער ליטעראַטור אין סאָוועטנפאַרבאַנד. ער וואָלט אייגנטלעך געקאָנט בלייבן אין הויז און טאָקע אָנהייבן אָט די אַרבעט, אָבער די זון שיינט היינט אַזוי העל, און עס ווילט זיך אַזוי שטאַרק אַרויס אין דרויסן. דערצו איז איצט אַ צייט, ווען מען קאָן זיך גלאַט נישט פאַרגינען צו ליגן אין בעט. אין דער רעדאַקציע פון דער „מאָרגן פרייהייט" איז דאָ אַזוי פיל אַרבעט! אַ וועלט מיט אַרבעט!

ער האָט דערפילט אַ שטאַרקן צופלוס פון ענערגיע אין זיך.

ער האָט געמאַכט אַ באַוועגונג זיך אויפצוהויבן פון בעט, און זיך דער־פילט, ווי ער איז שוין אויפן וועג צו גרויסע מעשים. אין זיין מוח האָבן אַ שלאָג געטאָן די טעמעס פון די אַרטיקלען, וואָס ער וועט היינט דיקטירן אויף ענגליש און אויף יידיש, אָבער פריער וועט ער באַזוכן זיין דאָקטאָר. נישט מחמת ער פילט זיך שלעכט, נאָר וועגן דער נייער דערפינדונג צו

אָפּעררירן אויפֿן האַרצן, וועט ער זיך דורכריידן מיט אים. אַ וואונדערלעכע צייט די הײַנטיקע! אַ צייט פֿון גרויסע ענדערונגען און גרויסע דערפֿינ־דונגען! דערנאָך וועט ער אַביסל שפּאַצירן. אפשר וועט ער זיך אויך הײַנט באַגעגענען מיט אַ טײַערן פֿרײַנט און האָבן אַ שמועס אַן אינטימען. מען וועט זיצן צוזאַמען אין עפּעס אַן אָנגענעמען רעסטאָראַן, מען וועט עסן און שמועסן, און די זון וועט שײַנען דורך די פֿענצטער. אין די פֿריערדיקע יאָרן פֿלעגט ער זיך קאָנען פֿאַרגינען אַזאַ פֿאַרגעניגן, אָבער לעצטנס איז מען אַזוי פֿאַרוואָרפֿן מיט אַרבעט, — אַ וועלט מיט אַרבעט! אָבער הײַנט וועט ער דאָס טאָן. ער וועט טאַקע הײַנט אָנטאָן דעם נײַעם, גרויען אָנצוג, וואָס פּאַסט אים אַזוי, וואָס גיט אים צו אַזאַ יוגנטלעכקייט. אַ שניפּס וועט ער הײַנט טראָגן אַ רויטן. און דאָס שטעקל מיט דעם זילבערנעם הענטל וועט ער אויך הײַנט טראָגן. ער האָט אַזוי ליב אָט דעם שטעקל מיטן זילבערנעם הענטל. ער האָט זיך דערמאָנט, ווי שטאַרק ער האָט זיך איבערגעשראָקן מיט אַ פּאָר טעג צוריק, ווען ער האָט זיך געכאַפּט, אַז ער האָט דאָס איבער־געלאָזט ערגעצוואו, און ווי שטאַרק ער האָט זיך דערפֿרייט, ווען ער איז שפּעטער געקומען אין אָפּיס פֿון דעם איקוף, און ווײַנפּער האָט דאָס אים אַנטקעגנגעטראָגן.

— יאָ, דער איקוף!

מען וועט זיך הײַנט אויך דאַרפֿן אַרײַנכאַפּן אַהין. מען דאַרף צולייגן אַ האַנט, אַז אָט די שיינע קולטור־אָרגאַניזאַציע זאָל זיך צעוואַקסן. ווײַנפּערס לעצטע רייזע איבער עטלעכע שטעט איז געווען אַ גרויסער דערפֿאָלג. דאָס איז גוט! איצט איז ער אין באָסטאָן. מען וועט זיך אַרײַנכאַפּן הערן, וואָס ער שרײַבט פֿון באָסטאָן. אגב, וועט מען זיך דורכריידן מיט נחמן מײַזילען וועגן דעם קומענדיקן נומער „יידישע קולטור“.

ווען ער האָט שוין אָנגעהויבן אַרונטערצולאָזן די פֿיס פֿונעם בעט, האָט זיך באַוויזן לואי האַרקאַווי מיט אַ טעפּעלע קאַווע אין די הענט.

— מאָיסעי! — האָט האַרקאַווי זיך אַ בייזער געטאָן, ווי עס בייזערט זיך אַ טאַטע אויף זײַן קאַפּריזנעם, קראַנקן קינד.

אָלגין האָט אינסטינקטיוו אַרויפֿגענומען זײַנע פֿיס אויפֿן בעט און אײַ־בערגענומען דאָס טעפּעלע קאַווע.

די זון האָט זיך געשפּילט אויפֿן ראַדיאָ־קעסטל און דערגרייכט דעם טיש לעבן אָלגינס בעט. ער האָט געזופּט מיטן מויל די קאַווע, און מיט די אויגן האָט ער געזופּט די זון, וואָס האָט זיך איצט צעשפּילט איבער די גלעזלעך פֿון זײַנע ברילן.

— מאָדנע, מאָדנע מענטשן! — האָט אָלגין געמורמלט, איבעררײַסנדיק אַלע ווײַלע דאָס טרינקען.

לואי האַרקאַווי אַ דינער, ווי אַ דראַט, איז געשטאַנען און אַלע ווײַלע אַ פיר געטאָן מיט זײַנע נערוועזע קנאָכיקע פינגער איבער זײַנע ברוינלעכע האָר. פון צײַט־צו־צײַט האָט ער אַ טאַפּ געטאָן זײַנע ברילן, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט איבערצײַגן, אַז זיי זײַנען נאָך אויפן ריכטיקן אָרט, און זײַנע בליקן האָבן בײַזלעך געקוקט אויף די צײַטונגען, וואו מען האָט אַטאַקירט זײַן מאַיסעיען.

— יאָ, מאָדנע, מאָדנע מענטשן זײַנען דאָ אויף דער וועלט! — האָט ער מיט פײַנלעכקייט אין זײַן קול מסכים געווען.

ענדלעך האָט אַלגין איבערגעגעבן האַרקאַווין דאָס אויסגעליידיקטע טע־פּעלע, און כדי אויפן מאָמענט צוליב־צו־טאָן זײַן פרײַנט, איז ער געבליבן ליגן נאָך אַ ווײַלע אין בעט, און גענומען אַ בוך אין די הענט.

ער האָט צוגעריכט די ברילן און גענומען מישן די בלעטער. אָבער פּלוצלינג האָט עפּעס אַ שטאַרקער פאַל געטאָן. וואָס איז געשען? פאַרוואָס דרייט זיך אַזוי שטאַרק דאָס צימער? אָט, אָט, און די ביכער וועלן אָנהייבן צעפאַלן פון די פּאָליצעס. זיי פאַלן שוין. זיי פאַלן איבער דעם זונליכט אויפן טישל, זיי פאַלן איבער זײַן בעט, איבער זײַן האַרץ.

— לואי!

לואי האַרקאַווי איז צוגעלאָפן.

— מאַיסעי! — האָט ער היסטעריש אַ געשריי געטאָן, אָבער מאַיסעיס קאָפּ איז שוין געפאַלן צום קישן. פון זײַן האַנט האָט זיך אַרונטערגעגליטשט דאָס בוך, און די האַנט אַליין איז אויך מאַכטלאָז אַרונטערגעפאַלן און איז געבליבן הענגען צום דיל צו, וואו דאָס בוך איז געלעגן אַ צעעפנטס.

באַלד איז אויך אַרײַנגעלאָפן מינאַ האַרקאַווי. איר שלאַנקע פיגור האָט זיך קאָנוואולסיוו אַ צאַפּל געטאָן. איר פײַן, אויסדרוקספולן פּנים איז אין איין רגע אין ליים פאַרוואַנדלט געוואָרן. באַלד האָט זי אינגאַנצן אויסגעקוקט, ווי אַ שטיק ליים. ווי דער ליים, פון וועלכן זי קלעפּט אַזוי מייסטערהאַפט אויס אירע סקולפּטור־אַרבעטן.

— מאַיסעי! מאַיסעי! — האָט לואי נאָך אַלץ נישט אויפגעהערט צו שרײַען.

די זון האָט, ווי פריער געשײַנט אויפן ראַדיאָ־קעסטל, זיך אַריבערגע־גנבעט צום טיש צו, און פון דאָרט אויך צו אַלגינס בעט. אָבער זײַנע אויגן האָבן דאָס שוין מער נישט געזען.

ב.

די טעג פון מיטוואָך ביז זונטיק, ווען עס איז געווען די לוויה, זײַנען געווען טעג פון גרויסן פאָלקס־געיאָמער.

אַזוי פיל געוויין האָב איך נאָך קיינמאָל נישט געהערט. אַזוי פיל אויפריכטיקן צער האָב איך נאָך קיינמאָל נישט געזען.

עס האָט אויך קיין צאַרן נישט געפעלט אין די צעבראָכענע געמיטער פון טויזנטער און טויזנטער יידישע אַרבעטער און פאָלקס־מענטשן. דער פאַרלוסט האָט אַזאַ קלאַפּ געטאָן איבער די קעפּ, אַז מען האָט גענומען זוכן שולדיקע אין מ. אַלגינס טויט. מען האָט גערעדט מיט ברויזנדיקן צאָרן וועגן די אומאויפהערלעכע אַטאַקעס אויף אים פּערזענלעך, און מען האָט געוואָלט האָבן, אַז זיי האָבן פאַרשנעלערט זיין סוף. אויף וויפל עס איז פאַראַן אמת אין דעם, נעם איך זיך נישט אונטער צו אורטיילן. אַלגין איז געווען אוי־סער עקשנותדיקער קעמפער, אויך אַ קינסטלערישער מענטש. און קינסט־לערישע מענטשן זיינען מערסטנס עמפּינדלעכע מענטשן. אָבער פונדעסט־וועגן דאַרף מען נישט לאָזן די געמיטער אַוועקפליען אויף די בייזע פליגל פון צאָרן.

מ. אַלגין איז שוין אַ לענגערע צייט געווען אַ קראַנקער מענטש. אַ זייער קראַנקער מענטש.

נאָך לעצטן פרילינג האָט אַ שווערע האַרץ־אַטאַקע אים אַריינגעלייגט אין בעט אַריין אויף אַ לענגערער צייט. ווען נישט דאָס אויסערגעוויינלעכע וואַכן איבער אים פון די האַרקאָוויס, וואָלט אפשר דער סוף געקומען פיל פיל פריער. די האַרקאָוויס האָבן זיך ממש אויפגעלייזט צוליב זייער מאַיסעי.

איך האָב אין יענער צייט אָפט באַזוכט דאָס הויז, און נישט געקוקט אויף דער וואַרעמער פריינטשאַפט פון די האַרקאָוויס צו מיר, האָט מען מיך דאָך נישט צוגעלאָזן אין דעם צימער פונעם שווערן חולה.

— ער טאָר זיך נישט באַוועגן! — האָט מען זיך פאַר מיר פאַרענטפערט.

בלויז איין מאָל האָט מען מיך צוגעלאָזן צו אים. אַלגין איז געוואויר געוואָרן, אַז איך קלייב זיך אויף אַ לענגערן טור איבערן לאַנד פאַר דעם איקוף, און געבעטן מען זאָל אומבאַדינגט מיך צולאָזן צו אים.

כאַראַקטעריסטיש פאַר אים איז געווען, ווי אַזוי ער האָט מיך אויפ־גענומען.

ווען מען האָט אים געלאָזט וויסן, אַז איך בין שוין דאָ אין הויז, האָט ער געבעטן די קראַנקן־שוועסטער אים צוצופוצן אַביסל, כדי ער זאָל נישט איבערלאָזן קיין שווערן איינדרוק אויף מיר.

מ. אַלגין דער עסטעט, דער גרויסער ליבהאָבער פון שיינקייט, האָט נישט געקאָנט איבערטראָגן, אַז אפילו זיינער אַן אינטימער פריינט זאָל אים זען נישט קיין צוגעפוצטן.

ווען איך בין אַריבער די שוועל, האָט ער אַזאַ ציכטיקער פון זיין ציכ־טיקן בעט אויף מיר געקוקט מיט אַזאַ אָנגעשטרענגטן שמייכל. איך האָב אים

געגעבן אַ צייכן מיט אַ פינגער איבער מיין מויל, ער זאָל זיך נישט באַמיען צון רעדן, און זיינע אויגנלעפּלעך האָבן זיך צעפּינטלט.

איך האָב דערפילט אַ טיפן ווייטיק אין זיך, אָבער איך האָב דעם ווייטיק פאַרדעקט מיט אַ שמייכל צו אים, אָבער דער שמייכל האָט דעם ווייטיק נישט פאַרדעקט, וואָרום אין אַ פּאָר חדשים אַרום, ווען איך האָב זיך מיט אים באַגעגנט, האָט ער מיר אָט־דעם געמאַכטן שמייכל מיינעם דערמאָנט:

— וואָס־זשע, איר האָט געמיינט, אַז איך שטאַרב שוין טאָקע?

ווען איך האָב אים, ביים צוריקקערן זיך פון מיין טור, דערזען ביי דער אַרבעט, האָט ער אויסגעקוקט אין מיינע אויגן, ווי אַ גרויסער נס, אָבער ער אַליין האָט אויך זיין געזונט ווערן געקוקט, ווי אויף אַ נאַטירלעכער און זעלבסטפאַרשטענדלעכער זאַך.

— ווי קאָן מען זיך דערלויבן אין אַזאַ צייט אָוועקצוגיין פון דער וועלט? — האָט ער זיך געוויצלט.

די זון האָט אַריינגעשיינט דורכן פענצטער פון זיין צימער אין דער רעדאַקציע, און זיך געשפּילט אויף די בערג צייטונגס־אויסשניטן און מאַנוסקריפּטן איבער זיין טיש, און ער, אַן אויסגעבלייכטער אפילו, אָבער פאַרט דער אַלטער ענערגישער אָלגין, איז געזעסן און געחלומט קעגנאיבער מיר וועגן די טעג פון רו, וואָס וועלן אינגיכן אָנקומען אויף דער ערד, און ער וועט זיך ווידער אַריבערכאַפּן אין דעם סאָוועטנפאַרבאַנד און מיט די אייגענע אויגן דערזען דעם קאָלאָסאַלן וואוקס פאַר די עטלעכע יאָר, וואָס ער איז דאָרטן נישט געווען.

— איר הערט, ווייןפער, — האָט ער זיך פלוצלינג אַ ווענד געטאָן צו מיר, — איר וועט אויך פאָרן. מיר וועלן גאָר פאָרן צוזאַמען.

— איך?

— יאָ, איר. עס איז שוין צייט איר זאָלט זען דעם סאָוועטנפאַרבאַנד.

דאָ האָט ער זיך, אַפּנים, דערמאָנט אין דער „איקאָר"־דעלעגאַציע קיין ביראָבידזשאַן, אין וועלכער איך בין אויסגעקליבן געוואָרן.

— די דעלעגאַציע וועט נאָך אויך פאָרן. איר וועט זען!

ער האָט גענומען מיט אַזוי פיל האַרציקייט מיר דערקלערן, פאַרוואָס די „איקאָר"־דעלעגאַציע האָט דעמאָלט געמוזט אָפּגעשטעלט ווערן.

— געווען אַ זייער שווערע צייט. שפּיאָנאַזש, קאָנטר־רעוואָלוציע, — האָט ער גערעדט, און ווי געוואָלט מיך טרייסטן, האָט ער צוגעלייגט: — די „איקאָר"־דעלעגאַציע וועט נאָך פאָרן. איר וועט זען.

דער חלום צו זען נאָך אַמאָל דעם סאָוועטנפאַרבאַנד האָט אים, זעט אויס, געהאַלטן אַזוי שטאַרק אין שפּאַן, אַז ער האָט אַ לאַנגע צייט נישט אויפגעהערט דערפון צו רעדן.

פּלוצלינג האָט ער זיך אַ כאַפּ געטאָן, אַז ער דאַרף נאָך היינט דיקטירן צוויי אַרטיקלען, און עס האָט אים אַ הייב געטאָן פון דער שטול.

— עס איז דאָ אַזוי פיל אַרבעט, אַ וועלט מיט אַרבעט! — האָט ער זיך ווי פאַרענטפערט פאַר מיר.

ג.

יאָ, אַ וועלט מיט אַרבעט איז געלעגן אויף מ. אָלגינס פּלייצעס, זינט ער איז צו זיין שכל געקומען.

אַ וועלט מיט אַרבעט, און די אַרבעט טאַקע פאַר דער וועלט.

אוי, ווי ער האָט דאָס ליב געהאַט אָט־די וועלט! און ווי ליב ער האָט געהאַט זיין אַרבעט פאַר דער וועלט!

דערמיט דערקלערט זיך זיין שטענדיקע אָנגעהעריקייט מיט אַ פּאַרטיי. אַ וועלט נעמט מען נישט איין אַליין, און וואָס קאָן מען דען טאָן איינער אַליין מיט אַ גאַנצער וועלט? אַ וועלט נעמט מען איין מיט אַלעמען צוזאַמען פאַר אַלעמען צוזאַמען. און מ. אָלגין איז זיין גאַנץ לעבן געגאַנגען מיט גרויסע מאַסן צוזאַמען לויט די אָנגעצייכנטע געזעצן פון דער פּאַרטיי, וואָס דריקן־אויס דורך זיך דעם ווילן לטובת דעם כלל.

אין זיין יוגנט איז די פּאַרטיי זיינע געווען דער „בונד“, וואָס האָט אויס־געדריקט זיינע צוויי גרעסטע באַגערן — זיין באַגער צו זען אַ באַפרייטע מענטשהייט לויט די געזעצן פון סאָציאַליזם, און זיין באַגער צו זען זיין אייגן פאָלק מיט אַלע פעלקער גלייך סיי סאָציאַל־פּאָליטיש און סיי קולטורעל.

און ווי שפּעטער דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, — האָט ער אין זיין יוגנט געדינט דעם „בונד“ מיט די בעסטע כוחות, וואָס זיינען אין אים געווען. קיין זאַך איז אים ניט שווער געווען, אויב עס האָט זיך געהאַנדלט אין די אינטערעסן פון דער פּאַרטיי. ער, דער מענטש מיט דער גוואַלדיקער ליב־שאַפט פאַר העכערע און מער־קאָמפּליצירטע פאָרמען פון אויסדרוק, האָט זיך נישט אָפּגעזאָגט צו זיין דער פּראָקלאַמאַציע־שרייבער פאַרן „בונד“.

ערשט איצט זע איך איין, ווי נאַאיוו מיר, יונגע שריפטשטעלער מיט אַ צוואַנציק יאָר צוריק, זיינען געווען צו באַטראַכטן זיין פּראָקלאַמאַציע־שריי־בעריי פאַר אַ מין דעגענעראַציע, רחמנא ליצלן. מיר, יונגע שריפטשטעלער, וועלכע זיינען געפלויגן רייטנדיק דעמאָלט אויף גאָלד־באַזוימטע ווערטער, האָבן נישט געקאָנט באַנעמען, ווי אַזוי מען נעמט דאָס וואָרט און מען שפּאַנט דאָס איין ווי אַן אָקס אין אַן אַקער, עס זאָל אויפרייסן רוי־ערד.

מיר זיינען געווען אַזוי בלינד און טויב, אַז מיר האָבן אפילו נישט גע־הערט און נישט געזען דעם כוח, וואָס זיינע פּראָקלאַמאַציעס האָבן מיט זיך מיטגעבראַכט.

זיינע דאָך זיינע פּראָקלאַמאַציעס נישט געווען קיין גלאַט־אַזוי פלוג־בלעטלעך, נאָר פייערדיקע ראַקעטן, וואָס האָבן געצוואונגען טויזנטער מענטשן אויפצוהויבן די אויגן צו זיי, נישט נאָר פאַר דער באַלייכטונג, נאָר אויך צוליב דער שיינקייט, וואָס האָט זיך געטראָגן פון זיי.

עס גייט אויף פאַר מיר אַ בילד פון מיין פריסטער יוגנט, ווען איך האָב נאָך געלעבט ביי מיין מאַמען אין שטוב אין מיין וואָלינישן שטעטל טריסק.

אַ ייִנגל מיט אַ פּאָר יאָר עלטער פון מיר איז געקומען צו זיינע על־טערן צוריק פון וואַרשע, וואו ער האָט געאַרבעט אין עפּעס אַ פאַבריקל. דאָס אַהיים קומען פון אָט־דעם ייִנגל צו גאַסט איז געווען אַ שטיקל סענסאַציע אין שטעטל. ערשטנס, שוין דערמיט אַליין, וואָס עס איז געווען דאָס ערשטע ייִנגל פון אַ באַלעבאַטישער משפּחה, וואָס האָט זיך נישט געשעמט צו דער־ציילן, אַז ער איז אַ באַלמעלאָכע אין וואַרשע. צווייטנס, איז ער געקומען קורץ־געקליידט און אין אַ קאַפּעלוש. אָבער די אמתע סענסאַציע איז גע־ווען, וואָס מען האָט זיך געשושקעט, אַז אין וואַרשע איז ער געווען אַרעסטירט פאַר „ציציליסטישע" מעשׂים.

איך געדענק, מיט וואָס פאַר אַן אויפגעריסענע אויגן איך האָב נאָכ־געקוקט דעם ייִנגל. וואו ער האָט זיך געפונען, האָב איך אים נאָכגעקוקט. און עס איז געווען טאַקע ער, וואָס האָט מיר געגעבן די ערשטע אומלעגאַלע ליטעראַטור אויף ייִדיש.

— זע, ווי געפעלט דיר אַ שרייבן פון אונדזער חבר אַלגין? — האָט ער מיך שפּעטער מיט אַ פּאָר טעג געפרעגט.

— ווער־זשע איז ער, אָט־דער אַלגין? — האָב איך אויך געוואָלט וויסן.

— אַ, אַלגין! — האָט ער אַרויסגערעדט מיט אַן עקזאַלטירטן טאָן, און אַ ציטערנדיק דאָס קאַפּעלושל איבערן שטערן, האָט ער צוגעלייגט אין אַ טאָן, ווי אַ חסיד פלעגט ביי אונדז רעדן וועגן דעם רבין:

— ער איז... ער... אַ, אַלגין!

ד.

אָט אַזוי האָבן די מאַסן גערעדט וועגן אים אין יענע יאָרן, ווען ער איז געווען מיטן „בונד" און אַזוי אויך שפּעטער, ווען ער איז געגאַנגען מיטן קאָמוניזם.

וואָס־זשע אַזוינס האָט ער פאַרמאָגט אין זיך, וואָס די מאַסע האָט אים אַזוי שטאַרק ליב געהאַט?

ווען איך האָב אים איבערגעלאָזט לעצטן פרילינג אַזאַ שווער־קראַנקן, האָט מען אין יעדער שטאָט איבערן לאַנד, וואו איך בין געווען, זיך געהאַלטן אין איין נאָכפרעגן אויף אים:

— וואָס מאַכט חבר אַלגין?

— האָט איר געזען חבר אַלגינען ?

— גיט מען גענוג אַכטונג אויף אים ?

אָט אַזוינע פראַגן האָט מען געשטעלט אומעטום און מיט וואָס פאַר אַ באַזאָרגטקייט מען האָט זיי געשטעלט ! עס איז געווען פאַר מיר קלאָר, אַז מ. אַלגין איז פאַר אַ סך, אַ סך נישט גלאַט עפּעס אַ גרויסער מענטש, צו וועמען מען האָט באַציאונג און דרך־ארץ פאַר אים, נאָר אַ מענטש אַ ביז־גאָר־נאָענטער און אייגענער — אַ מענטש פון דער אייגענער משפּחה.

און איז דען געווען בלויז אַזוי אויף דער פּראָווינץ, וואו דער יידישער עולם איז אין אַ היפּשער מאָס וואַרעמער, ווי אין ניו־יאָרק ?

די ליבשאַפט און די פאַרערונג, מיט וועלכער עס האָבן אים אַרומגע־רינגלט די יידישע פאָלקס־מאַסן אין ניו־יאָרק איז אַ באַקאַנטע זאַך. זי איז נישט געקומען צום אויסדרוק בלויז דורך דער ריזיקער לוויה, וואָס ער האָט געהאַט ; זי איז שטענדיק געקומען צום אויסדרוק אויך ביי זיין לעבן.

יעדעס מאָל, ווען אַלגין האָט זיך באַוויזן אין אַ זאַל, איז מען שוין גע־שטאַנען אויף די פיס, און ווי אַנגעצונדן מען פלעגט ווערן, אַז ער האָט זיך באַוויזן אויף אַ פּלאַטפאָרמע !

וואָס־זשע איז פאַרט געווען אין אים אַזוינס, וואָס האָט אים אַזוי שטאַרק באַליבט געמאַכט ביי די מאַסן ?

ווען איך בין געזעסן אין דעם „ראָיאַל ווינדזאָר" זאַל, און געקוקט אויף דעם אומאויפהערלעכן שטראָם פון צער־פולע מאַסן אַרום זיין אָרון, איז מיר געקומען פאַר די אויגן דער אָרון פון אַן אַנדער זייער טאַלענטירטן יידן — ד"ר אברהם קאָראַלניק.

אין געוויסע הינזיכטן זיינען קאָראַלניק און אַלגין געווען אַביסל ענ־לעך איינער צום אַנדערן.

ביידע זיינען זיי געווען געבענטשט מיט דעם ווייכסטן און זאַפטיקסטן יידיש אין אונדזער פּובליציסטיק. ביידע רוסישע אינטעליגענטן, וואָס האָבן אויך איינגעזאַפּט אין זיך אין אַ גאָר־גרויסער מאָס די קולטורן פון מערב־איראָפּע. ביידע מענטשן מיט פיינע מאַניערן און אַריסטאָקראַטישקייט אין זייער באַנעמונג מיט מענטשן. ביידע פאַרליבטע אין דער שיינקייט און גראַנדיעזקייט פון לעבן.

און דאָך, סאַראַ אונטערשייד אין דער ווירקונג, וואָס אָט־די ביידע גלענצנדיקע יידן האָבן געהאַט.

אַרום ד"ר אברהם קאָראַלניקס אָרון, וואָס איז געשטאַנען אין אַ קליינעם צימער, האָבן זיך געפונען בלויז די סאַמע נאָענטע און פערזענלעכע פריינט זיינע. ערשט אַ פאַר שעה איידער מען האָט דעם אָרון אַרויסגעטראָגן, איז דער עולם אַביסל גרעסער געוואָרן.

וואו זיינען געווען די באַוואונדערער פון זיינע גלענצנדיקע אַרטיקלען?

אָבער אַזאַ טבע האָבן שוין באַוואונדערער. צום באַוואונדערן עפּעס מוזן זיי אויך האָבן די ווייכע שטול אונטער זיך, און דעם פיינעם אָבאַזשורטן לאָמפּ איבערן קאָפּ. זיך אויפהייבן פון אָרט און זיך אַביסל לאָזן אין דרויסן, איז אַ צו־גרויסע אָנשטרענגונג פאַר דעם באַוואונדערער.

און ד״ר אברהם קאָראַלניק האָט געהאַט בלויז באַוואונדערער, אָבער קיין נאָכגייער האָט ער נישט געהאַט. אפשר איז דאָס אויך געווען דערפאַר, וואָס ער אַליין איז געווען נישט מער, ווי אַ זייער עלעגאַנטער שפּאַצירער און נישט קיין גייער צו אַ באַשטימטן ציל?

שפּאַצירער גייט מען נישט נאָך אפילו, ווען זיי פאַרכאַפּן דאָס אויג. מען ווייסט, אַז זיי וועלן נישט אַוועקגיין צו־ווייט, און אַז באַלד וועלן זיי זיך אומקערן צוריק. איז מען זיך דערפאַר נישט מטריח. מען בלייבט זיצן אויף דער וועראַנדע, אָדער לעבן אָפענעם פענצטער און מען וואַרט, ביז זיי וועלן ווידער פאַרבייגייען, וועט מען נאָך אַמאָל כאַפּן אַ קוק.

ד״ר אברהם קאָראַלניק איז געווען איינער פון די אינטערעסאַנטסטע שפּאַ־צירער. אמת, אַז שפּאַצירנדיק האָט ער שטענדיק עפּעס געזוכט, אָבער מער, ווי דעם הונגער פאַר אַ גרעסערער זוכעניש, האָט ער קיינמאָל נישט גע־פונען, בשעת מ. אָלגין איז זיין גאַנץ לעבן געווען אַ גייער צו אַ באַשטימטן ציל, און אומעטום, וואו ער איז געגאַנגען, האָט ער עפּעס געפונען, און מיט אַזאַ ליכטיקן ענטוזיאַזם דאָס געפונענע שטענדיק באַוויזן פאַר אַלעמען:

— נאָט, זעט, וואָס מיר פאַרמאָגן!

ה.

מ. אָלגין האָט ביים סאַמע אָנהויב פון זיין באַנעמען די וועלט געפונען אין איר עטוואָס אַזוינס, וואָס האָט אים אָנגעפילט מיט ליכטיקן אָפּטימיזם.

אמת, אַז דאָס געפונענע איז נישט געווען אין דער בעסטער אָרדענונג. נו, איז וואָס? אָנשטאָט אַריינצופאַלן אין פאַרצווייפלונג, האָט ער גלייך גע־פונען פאַר זיך אַ מיסיע אַריינצוברענגען אָרדענונג אין דעם געפונענעם.

ער האָט געפונען אַ וועלט, אַ שיינע וועלט. נאָר וואָס־זשע דען? די סיסטעם, וואָס פירט אָן מיט דער וועלט, איז ניט קיין גערעכטע, האָט ער זיך גלייך געשטעלט אין די רייען פון די, וואָס זוכן די סיסטעם איבערצואַנדערשן, זי אויסצובעסערן.

צום אָנהייב איז דאָס געווען דער „בונד״, ווייל אָט־די פאַרטיי האָט גע־ענפערט זיין באַנעמען די וועלט סיי ווי אַ מענטש און סיי ווי אַ ייד.

ער האָט געפונען אַ פּראַכטפולע קאָלירקע יידישע מאַסע, וואָס נישט קוקנדיק אויף דעם שווערן יאָך, וואָס זי האָט אויף זיך געטראָגן, האָט זי

דאָך פֿאַרמאָגט אין זיך זאַפֿט און קראַפֿט אַרויסצוגעבן מענטשן פֿון גרויסן טאַט, ווי די לעקערטס, שולמאַנס און באָטווינס זײַנען געווען, און אויך מענטשן פֿון לויטערן גייסט, ווי די יידישע שריפֿטשטעלער, שוישפּילער און אַנדערע קינסטלער, וואָס זײַנען געקומען פֿון דער יידישער אָרעמשאַפֿט. און ער האָט ליב געקראָגן אָט־די יידישע מאַסע, און זיך איר אָפּגעגעבן מיט זײַן גאַנצן לײַב־און־לעבן.

אַליין אַ זון פֿון אָט דער מאַסע, זײַנען אירע געזונטע און לעבנס־פֿולע כוחות גלײַך געוואָרן זײַנע כוחות. דערמיט דערקלערט זיך, וואָס מ. אַלגין האָט קיינמאָל נישט געזוכט צו שפּילן דעם סאָליסט, נאָר איז געווען צו־פֿרידן צו זײַן איינער פֿון אַן אָרקעסטער. און טאָמער איז אים יאָ אַמאָל אויסגעקומען צו שפּילן סאָלאָ, איז זי אפֿילו דעמאָלט געווען באַגלייט פֿון דעם אָרקעסטער, פֿון וועלכן ער האָט זיך קיינמאָל נישט אָפּגעטיילט.

און נישט געווען איז ער קיינמאָל נישט אַליין, נישט ווייל ער האָט מורא געהאַט פֿאַר דער איינזאַמקייט, נאָר פּשוט, ווייל ער איז קיינמאָל קיין איינזאַמער נישט געווען.

אין מ. אַלגינס לאַנגיאָריקער געזעלשאַפֿטלעכער טעטיקייט איז קיינ־מאָל נישט פֿאָרגעקומען קיין אַנטוישונג ביי אים אין דער געזעלשאַפֿט, פֿאַר וועלכער ער איז טעטיק געווען. אפֿילו זײַן איבערגאַנג פֿון דעם „בונד" צום קאָמוניזם און נישט געווען מחמת ער האָט זיך אַנטוישט אינעם „בונד", נאָר ווייל אין דעם ליכט פֿון דעם קאָמוניזם איז דער גאַנצער פֿאַרנעם פֿונעם „בונד" בטל בששים געוואָרן.

ער האָט זיך פּשוט איבערגעצויגן פֿון אַן אַלקער אין אַ גרויסער, רחבות־דיקער דירה.

קומענדיק פֿון פֿאָלק און האָבנדיק שטענדיק פֿאַר די אויגן די אינ־טערעסן פֿון פֿאָלק, האָט ער זיך אַרײַנגעוועבט, ווי אַ פֿאָדעם אין דעם גרויסן פֿאָלקס־געוועב. דאָס, וואָס זײַן פֿאָדעם איז באַזונדערס אַנוועזנדיק און קאָ־ליריק, האָט אים נישט פֿאַרדרייט דעם קאָפּ, און ער האָט דעם שיינעם פֿאָ־דעם זײַנעם נישט אַרויסגעצויגן, נאָר, אדרבה, אים נאָך מער פֿאַרוועבט צווישן אַלע, כדי די איבעריקע זאָלן דורך אים דערהויבן ווערן.

מ. אַלגין האָט קיינמאָל נישט געטראָגן זײַן גרויסע באַגאַבונג און זײַן וויסן, ווי מעדאַלן, וואָס עמעצער האָט אים אָנגעהאַנגען, נאָר ווי אַן אוצר, וואָס ער האָט אויפֿגעזאַמלט אין די קוואַלן, וואָס האָבן געשלאָגן פֿונעם פֿאָלק גופֿא.

ער איז געווען ווי אַ געלערנטער זון און ברודער, וועמען פּשוט טאַטע־מאַמע און שוועסטער און ברידער האָבן אַ צײַט־לאַנג אויסגעהאַלטן, כדי ער זאָל האָבן די געלעגנהייט אַ געלערנטער צו ווערן. אַזעלכער בלאָזט זיך

נישט קעגן דער משפחה. אַזעלכער האָט שטענדיק דאָס געפיל, אַז ער קומט אַ גרויסן חוב צו זיינע טאַטע־מאַמע, שוועסטער און ברידער, און ער זוכט מיט אַלע מעגלעכקייטן זיי דעם חוב אָפּצוצאָלן.

און מ. אַלגין האָט זיין חוב געצאָלט זיין גאַנצן לעבן. ער האָט געצאָלט דער מאַסע מיט ליבשאַפט, לאָיאַליטעט, אין דער סאַמע לויטערסטער פשטות, כדי דאָס פאָלק זאָל באַנעמען.

און אַזוי ווי די טבע פון זיין פּאַרטיי איז געווען צו דינען די אינטע־רעסן פון די מאַסן, האָט ער דערפאַר שטענדיק זיך אויפגעלייזט אין דעם געבאָט פון דער פּאַרטיי.

ווען ער איז געווען מיטן „בונד", איז ער געווען דורכאויס בונדיסט, און ווען ער איז שפּעטער איבערגעגאַנגען צום קאָמוניזם, האָט ער דער פּאַרטיי געדינט מיט אַלצדינג, וואָס ער האָט פאַרמאָגט אין זיך.

ו.

און עס איז זייער נאַאיוו, ווען מען פּרובירט מינימיזירן אַ פּערזענ־לעכקייט בלויז דערפאַר, ווייל זי איז שטענדיק געשטאַנען אין דינסט.

עס ווענדט זיך אין וואָס פאַר אַ דינסט מען שטייט.

ווען איינער באַדינט אַ באַוועגונג נישט דערפאַר ווייל ער איז אַ טייל פון איר, נאָר צוליב זייטיקע אָדער פּערזענלעכע אינטערעסן, איז זיין פּער־זענלעכקייט פאַרמשפּט צו שטויב. אָבער ווען איינער באַדינט אַ באַוועגונג, פון וועלכער ער איז אַליין אַ טייל; אַ באַוועגונג, וועלכע טראָגט אין זיך אידייען, וואָס זיינען אויך זיינע, וואָס טראָגט אין זיך אַ גרויסן גלויבן, וואָס איז אויך זיין גלויבן, איז נישט שייך צו זאָגן, אַז די פּערזענלעכקייט פון דעם באַדינער פאַרלירט עפּעס מיט דעם, וואָס ער באַדינט זיין באַוועגונג.

— אַלגין איז אַ הויך־באַגאַבטער מענטש, אָבער אַליך, וואָס ער טוט איז לויט דעם ווילן פון זיין פּאַרטיי, — פלעגן קעגנער זאָגן.

— אַלגין איז אַ גלענצנדיקער פּובליציסט, אָבער דורך זיין פּען קומט קיינמאָל נישט צום אויסדרוק זיין אייגענע פּערזענלעכקייט, נאָר די אידעאָ־לאָגיע פון זיין פּאַרטיי.

— אַלגין איז אַ גרויסער רעדנער, אָבער דורך זיין מויל רעדט די פּאַרטיי.

— ער באַנעמט ליטעראַטור אויסגעצייכנט, אָבער וואָס קומט אַרויס, אַז אין זיינע ליטעראַרישע אַרבעטן פילט זיך די אידעאָלאָגיע פון דער פּאַרטיי.

אָט אַזוי האָט מען אין געוויסע קרייזן שטענדיק גערעדט וועגן מ. אַלגינען.

פון איין זייט האָט מען זיך נישט געקאָנט פאַרגינען אָפּצולייקענען דעם

ווערט פון אַלגינען, און פון דער צווייטער זייט זיינען שטענדיק געקומען די „אָבערס", וואָס האָבן געדאַרפט מינימיזירן זיין ווערט.

מיר איז אַמאָל אויסגעקומען צו הערן, ווי איינער האָט געצויגן די אויפ־מערקזאַמקייט אויף אַלגינס פּאַרדינסטן אויפן חשבון פון יידיש דערמיט, וואָס ער האָט דער ערשטער צונויפגעשטעלט אַ יידישע כרעסטאָמאַטיע. איז באַלד געקומען אַן ענטפער:

— נו, יאָ, אַוודאי, אָבער ער האָט דאָס געטאָן אויפן באַפעל פונעם „בונד", וועלכער האָט דאָס באַדאַרפט האָבן פאַר די בונדישע לייען־קרייזלעך.

עפּעס ווי אַ מין סאַדיזם איז געווען אין דעם אופן, ווי מען האָט געזוכט צו מינימיזירן אַלגינען.

און נישט נאָר אויפן געביט פון זיין געזעלשאַפטלעכער און ליטעראַרי־שער אַרבעט האָט מען אים געזוכט קלענער צו מאַכן, נאָר אפילו זיין אייגענע פּערזאָן האָט מען נישט געשאַנעוועט. שטענדיק נאָר שפּילקעלעך אויף זיין חשבון.

— זעט נאָר, זעט, סאַראַ קנייטש אויף זיינע הויזן!

— ווי זאָרגפעליק אָט דער גרויסער וועלט־פאַרזאָרגער בינדט עס אויס זיין שניפּס!

מיט אַזאַ הנאהדיקן ציניזם האָט מען זיך געוויצלט וועגן אַלגינס פיינע מאַניערן אין דער געזעלשאַפט פון פרויען, גלייך זיי האָבן אַלע בפירוש גע־לייענט ביי מאַרקסן, אָדער ביי לענינען, אַז מען דאַרף זיך האַלטן אין דער געזעלשאַפט פון פרויען ווי ביליקע הפקר־יונגען.

עס איז געווען קלאָר, אַז מ. אַלגין איז געווען פאַר זיי, ווי אַ גראַנדיעזע פעסטונג, צו וועלכער עס איז זיי געווען שווער צוצוקומען מיט זייער אָרעם געווער, און מען האָט דערפאַר געהאַלטן אין איין זוכן אַ זייטיקע טיר, דורך וועלכער מען זאָל קאָנען אַריינשיסן אַביסל גאַז.

האָט מ. אַלגין געליטן פון אָט־דער גאַז?

יאָ, ער האָט געליטן!

איך בין אַן עדות, אַז ער האָט געליטן. נאָר די ליידן זיינען נישט געווען, ווייל די גאַז האָט אים געטראָפן, נאָר פון דער קליינלעכער בייזוויליקייט, וואָס געפינט זיך ביי באַגאַבטע מענטשן האָט ער געליטן.

וואָרום מ. אַלגין האָט ליב געהאַט מענטשן, און ספּעציעל האָט ער ליב געהאַט באַגאַבטע מענטשן.

— אַ שאָד, אַ שאָד! אַזאַ טאַלענטירטער מענטש און מאַכט אַליין אַ תל פון זיך! — האָט ער נישט איין מאָל באַמערקט וועגן מענטשן, וואָס האָבן אויף אים שטיינער געוואָרפן.

ז.

איך בין געשטאַנען צווישן דעם פאָלק אין „ראָיאַל ווינדזאָר"־זאַל נעבן זיין אָפענעם אָרון און לאַנג געקוקט אויף זיין געליניעט פנים מיט די צוגעשלאָסענע אויגן. ווען נישט דאָס שטיל געוויין און היסטערישער יאָמער, וואָס האָט זיך פון צייט צו צייט דורכגעריסן, וואָלט איך געמיינט, אַז ער איז בלויז אויף אַ ווײַלע איינגעשלאָפן, און אַז באַלד, באַלד וועט ער אויפשטיין, און מיט אַזאַ וואַרעמקייט אין זיין קול אַ זאָג טאָן:

— אָ, וויינפער, איר וואַרט שוין לאַנג?

האָב איך אים דאָך אַזוי פיל מאָל געזען ליגן אָט אַזוי אויף דעם שמאָלן סאָפקעלע אין זיין צימער פון דער „מאָרגן־פרייהייט"־רעדאַקציע, ווען ער האָט זיך דערפילט פאַרמאַטערט פון דער שטענדיקער אַרבעט.

איך האָב געקוקט אויף דעם פיינעם אָרון מיט דער זיידענער אויסבעטעכץ, וואָס דאָס פאָלק האָט אים באַשאָנקען אויף זיין רייזע אין דער אייביקייט אַריין. איך האָב באַטראַכט דעם פיינעם אָנצוג, אין וועלכן ער איז געווען אָנגעטאָן, דעם שיינעם רויטלעכן שניפס, און באַזונדער זיינען געהאַנגען מיינע בליקן אויף דעם טיכעלע, וואָס מען האָט נישט פאַרגעסן אַריינצושטעקן אין דעם אויבערשטן קעשענקעלע פון דעם רעקל, און איך האָב נישט אויפגעהערט צו האָבן דאָס געפיל, אַז אָט, אָט און ער וועט זיך אימפעטיק טאָן אַ הייב־אויף און זאָגן:

— נו, איר זעט, אָט בין איך פיקס און פאַרטיק צו גיין!

— וואוהין, חבר אַלגין?

— וואָס הייסט, וואוהין? צו דער אַרבעט! — עס איז דאָך דאָ פאַר אונדזערטוועגן אַ וועלט מיט אַרבעט!

ער איז אָבער דאָס מאָל נישט אויפגעשטאַנען. מיין וואַרטן איז געווען אומזיסט.

דאָס שטיל געוויין און געיאָמער פונעם פאָלק אַרום אים, האָט קלאָר געלאָזט וויסן, אַז ער וועט שוין נישט אויפשטיין.

דאָס זעלבע געוויין און דעם זעלבן געיאָמער האָב איך שפעטער געהערט פון טויזנטער און טויזנטער, וואָס האָבן אים באַגלייט איבער די גאַסן און סקווערן פון ניו־יאָרק צו זיין אייביקער רו, אָבער דעמאָלט האָב איך אין דעם געוויין און אין דעם געיאָמער שוין געהערט אַחוץ גרויסן צער אויך עפּעס אַנדערש.

דאָס עפּעס אַנדערש, וואָס איך האָב דעמאָלט געהערט, איז געווען, אַז מ. אַלגינס גאַנג האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט. אַז טויזנטער, און טויזנטער וועלן אים פאָרזעצן.

.1940

# שלום אַש

## א.

שלום אַש באַגעגנט זיין 75טן געבוירנטאָג אין ישראל, און עפּעס הערט מען נישט, אַז מען זאָל זיך גרייטן דאָרטן צו באַצייכענען אָט די וויכטיקע דאַטע.

אַז מען האָלט נישט צוגעמאַכט די אויגן דאָרטן צו אים, ווייסן מיר פון די ידיעות, וואָס זיינען אָנגעקומען וועגן אים פאַר דער ניו־יאָרקער יידישער פּרעסע. אָבער אין יענע ידיעות איז נישט דערמאָנט געוואָרן, אַז ער ווערט היי־יאָר 75 יאָר, און אַוודאי נישט די 55 יאָר פון זיין פּרוכטבאַרן שאַפן, וואָס האָט אונדזער יידישן קולטור־שייער אָנגעפילט מיט אַזוי פיל אוצרות. דאָס וואָס מען האָט געפונען פאַר נויטיק צו דערציילן וועגן אים, איז פון דעם שטאָף, וואָס אונדזער ניו־יאָרקער וואָלטער ווינטשל שטעלט צו טעגלעך אין דער אַמעריקאַנער פּרעסע פאַר די סאָרטן לייענער, וואָס האָבן ליב צו וויסן, וואָס ביי יענעם קאָכט זיך אין די טעפּלעך.

א מעשה נורא! שלום אַשן איז געגאַנגען אין לעבן צו קריגן אַן עליה אין אַ שול פון פּרומאַקעס, און נישט געקראָגן, כאָטש ער איז געווען ווילק צו באַצאָלן מזומן, ווייל —

נו, אונדז אַלעמען איז גוט באַקאַנט אָט דער „ווייל". פאַר דעם זעלבן „ווייל" זיינען אים יידישע פרומאַקעס באַפאַלן אין מיאַמי מיט אַזעלכע עפּי־טעטן, ווי:

— דער עוכר ישראל איז מטמא דאָס וואַסער!

— וואָס וויל דער משומד צווישן יידן?

אין מיאַמי האָט זיך כאָטש געפונען עמעצער, וואָס האָט זיך איינגעשטעלט פאַר זיין כבוד.

— גראָבע יונגען, ווי וואַגט איר! — האָט יענער געשריגן אויף דער צע־יושעטקייט, בשעת אין דעם אופן, ווי איניקע ידיעות פון ישראל זיינען גע־שריבן געוואָרן, האָט זיך געפילט הנאה, שאָדן־פרייד.

## ב.

פונדעסטוועגן קאָן איך זיך נישט פאָרשטעלן, אַז אָט די דאַטע וועט דורכ־גיין אין ישראל איגנאָרירט אָן באַצייכנט צו ווערן. איך גלויב, אַז די ערנסטע העברייאישע שריפטשטעלער אינאיינעם מיט דער היפשער צאָל יידישע, וואָס געפינען זיך דאָרטן, וועלן זיך דאָך טאָן אַ צעוויג און זיך אָנטאָן די שבת־יום־

טובדיקע בגדים לכבוד אַט דעם גרויסן שריפטשטעלער, פון וועמעס קוואַלן זיי האָבן געטרונקען, און טרינקען נאָך איצט. און וואָס שייך די יידן אין די „תפוצות", איז נישט צו יום־טובן אַט די דאַטע, וואָלט געווען, ווי נישט צו יום־טובן דאָס אייגענע לעבן פאַר די לעצטע 55 יאָר, וואָס האָט אַרויסגע־בראַכט דורך שלום אַשן פון זיך אַזוי פיל שיינקייטן, וואָרים, וועמעס שיינ־קייטן האָט ער אַזוי מייסטערהאַפט פאַרקערפּערט לדורות, אויב נישט אונדזער אייגענע?

און די שיינקייטן אונדזערע זיינען געווען דער הויפּט־כוח, וואָס האָט באַ־וואויגן שלום אַשס פּרוכטבאַרע פּען. זיינע דערציילונגען וועגן יידישן שטעטל און דורך זיין גאַנצן גאַנג דורך שטעט, לענדער און קאָנטינענטן און אויך אפילו אין די לעצטע יאָרן אין זיין אַוועקוואַנדערן אין די לאַבירינטן פון אונדזער עבר זיינען פול מיט אונדזערע שיינקייטן.

עס האָבן זיך אויך דורכגעריסן שטיקער ברודיקייט, אָבער נישט זיי זיינען דער עיקר. מערסטנס זיינען זיי ניט מער ווי מיטלען, כדי די שיינקייט זאָלן זיך שטאַרקער אָנזען. זיי זיינען, ווי די שאָטנס ביים זייט פון ליכט, וואָס מאַכן, אַז דאָס ליכט זאָל זיך נאָך ליכטיקער צעבלענדן פאַר די אויגן.

אין מיינע יונגע יאָרן האָב איך אָפּטמאָל זיך פאַרטראַכט וועגן אָט דער שפּעטדיקער שיינקייט, וואָס איז אויפגעגאַנגען פון שלום אַשס פּען וועגן אונדזער לעבן, וואָס איז אין מיינע אויגן נישט געווען אַזוי שיין, ווי ער האָט דאָס גע־מאָלן, און איך האָב זיך נישט איין מאָל געחידושט. הנאה געהאַט האָב איך, און דאָך זיך געחידושט. איך האָב אויך געקענט די יחזקאל גאַמבינערס, — געזען אין זיי שיינקייט און גוטסקייט, אָבער ווייט נישט אַזוי, ווי שלום אַש האָט זיי אונדז געוויזן. דאָס אייגענע מיט אַ „שלמה נגיד", מיט אַ „יאַטישע טאָכטער", מיט אַ „מערי". געווען שיינקייט אין זיי, אָבער ווייט נישט אַזאַ שפּעטדיקע, און כאָטש איך האָב הנאה געהאַט פון זיי, האָט מיך דאָך גע־גראַבלט. דאָס באַצייכענען אים, ווי דעם „גרויסן ראָמאַנטיקער" האָט נישט אינגאַנצן קלאָר געמאַכט פאַר מיר די פאַרכלינעטע גלאָריפיקאַציע, און ניט איין מאָל פלעג איך דאָס אַרויסזאָגן פאַר מיינע דעמאָלטיקע קאָלעגן. אָבער אַ גאַנץ צופעליקע מעשהלע, וואָס אברהם רייזען האָט איין מאָל דערציילט ביי אַ טישל פאַר אונדז יינגערע פון אים, האָט מיר געגעבן דעם שליסל צו שלום אַשס געמיט, און מיר איז קלאָר געוואָרן זיין גלאָריפיקאַציע פונעם יידישן לעבן.

ג.

מיר זיינען געזעסן שפּעט ביינאַכט אין דער אָרעמער וואַרשעווער „קאַ־וויאַרניע", — האָט אברהם רייזען דערציילט, ציענדיק דעם פּאַפּיראָס מיט

זיינע באַוואָקסענע ליפּן, און זיינע טונקעלע אויגן האָבן געקוקט אין דער ווייטקייט, ווי זיי וואָלטן געזען אין יענעם מאָמענט די „קאַוויאַרניע" און זיינע צוויי יונגע חברים ה. ד. נאָמבערג און שלום אַש.

— די אויסגעליידיקטע גלעזער זיינען געשטאַנען פאַר אונדז אויפן טישל, דער לאָמפּנשיין האָט זיך געוויקלט אין דעם רויך פון אונדזערע רויכערדיקע פּאַפּיראָסן, און מיר האָבן גערעדט צווישן זיך וועגן דעם באַזוך ביי פּרצן אין יענעם פאַרנאַכט.

— יאָך וואָלט געטרונקען נאָך אַ גלאָז קאַווע, — האָט נאָמבערג באַמערקט, און דער אופן, ווי ער האָט די באַמערקונג געמאַכט, האָבן מיר באַנומען, אַז ער האָט נישט קיין געלט. אַש און איך האָבן געגומען זוכן אין אונדזערע קעשענעס, און אויסגעפונען זייער גיך, אַז מיר האָבן אויך נישט מער, ווי בלויז אָפּצוצאָלן פאַר די אויסגעטרונקענע. פאַרלאָזן גלייך די „קאַוויאַרניע" האָט זיך אונדז נישט געגלוסט, זיינען מיר געבליבן זיצן און אַריינגעפאַלן אין עצבות.

אברהם רייזען האָט פאַרקוועטשט דעם פּאַפּיראָס אינעם אַש-טעצעלע, אַ זופּ געטאָן פונעם ווייִן אינעם גלעזל, און זיינע טונקעלע אויגן האָבן גע־שיינט, ווי צוויי אָנגעצונדענע לעמפּלעך.

— און אַז מען איז אין עצבות, קלאָגט מען זיך. דער עיקר נאָמבערג, און איך אויך אַביסל. בשעת אַש האָט זיך צוגעהערט, און פאַרטראַכט געטרונקען.

— אָן אַלט פאָלק זיינען מיר. עליות געהאַט, און שטענדיק נאָך זיי — שווערע ירידות, און איצט רייסן מיר זיך צו אַ נייעם בראשית, — האָט נאָמבערג געקרעכצט.

— נו, יאָ, אונדזער אויפגייענדיקע נייע יידישע ליטעראַטור! — האָב איך אים צוגעהאָלפן.

— משטיינס געזאָגט, — האָט ער אַ כריפּע געטאָן, און קנאַקנדיק די פינגער פון זיינע דאַרע הענט געמורמלט:

— פעלקער, פיל ייִנגערע פון אונדז, האָבן אַ שלל. אַ קלייניקייט די רוסן! — אַ פּושקין, אַ לערמאָנטאָוו, אַ טאָלסטאָי און נאָך און נאָך. פון די ענגלענדער איז דאָך אָפּגערעדט. נו, און די פראַנצויזן, און די דייטשן? אַפילו די סקאַנדינאַוויער. ביי אונדז? אָך און וויי! — עס לעבט דאָך נאָך אונדזער ערשטער, — דער „זיידע", און וואָס? אַן אויפזעער אין אַדעס פון אַ תלמוד-תורה; דער „טאַטע" מוז אַרבעטן ביי דער גמינע, — פאַר־שרייבן די מתים.

אָט אַזוי האָט זיך נאָמבערג געקלאָגט, און פּלוצלונג אַ טראַסק איבערן טיש, אַז די גלעזער האָבן זיך איבערגעקערט. אַש איז געשטאַנען. זיינע אויגן — שטורקאַצן איבער אונדזערע פּנימער, און מיט געביילטע פויסטן אַרויף, האָט ער געשריגן:

— יאָך וועל זיי באַוואַזן! יאָך וועל באַוואַזן דער וועלט, וואָס פֿאַר אַ שיינע ליטעראַטור מיר וועלן האָבן!

ד.

— יאָך וועל זיי באַוואַזן! — האָט שלום אַש אויסגעשריגן אין זיין פֿריער יוגנט, און נישט נאָר האָט ער אַליין באַוויזן, נאָר אַ גרויסע צאָל אַנדערע אויך.

אין משך פֿון אַ האַלבן יאָרהונדערט איז אונדזער יידישע ליטעראַטור פֿון עטלעכע געציילטע צעבלעטערטע דעמבען־בוימער אויפֿגעגאַנגען אין אַ קאַליריקן וואַלד, וואָס איז אַן אומגעהויער פֿאַרמעגן געוואָרן אין דער חשי־בות פֿון אונדזער לעבן.

אָבער דעם יונגן שלום אַשס אויסרוף, אַז ער וועט זיי באַווייזן האָט פֿאַר מיר קלאָר געמאַכט דעם אופֿן פֿון זיין שאַפֿן. און איך נעם אים פֿון דע־מאָלט אָן אָט אַזוי ווי ער איז, און האָב הנאה אפֿילו, ווען איך האָב פֿון אים עגמת־נפֿש.

די עגמת־נפֿשן וואַרפֿן זיך דורך אין אַ צאָל פֿון זיינע ווערק, דורך זיין אויסטייטשן וועלט־געשעעענישן, וועלכע איך קאָן נישט אָננעמען. אָבער דאָרט וואו ער איז דורכאויס שילדערער, איז ער פֿון יענער גרויס וואָס רייסט מיט און גיט געגוס פֿונעם העכסטן פֿאַרנעם.

דער באַגער אין אים צו באַווייזן האָט ביים סאַמע אָנהייב פֿון זיין שאַפֿן געווענדט זיין אויג ווייט איבער די גרענעצן פֿונעם יידישן לעבן. מיטן אויג צו דער ברייטער וועלט, נישט כדי זי צו מאַכן פֿאַר אַן אָביעקט פֿאַר זיין שאַפֿן, נאָר כדי זיך צו באַווייזן מיט אונדזער יידיש לעבן אינעם ליכט פֿון זיינע שילדערונגען:

— נאַ, קוק אָן, ברייטע וועלט, ווי שיין מיר זיינען, און האָב דרך ארץ און באַוואונדער אונדז!

דערפֿון די שפּע'דיקע שיינקייט אין זיין שילדערן אונדזער יידיש לעבן און אונדזערע יידישע געשטאַלטן. אַפֿילו אין אַזאַ מגושמדיקייט ווי יאַנקל שאַבשאָוויטש האָט ער אַריינגעגעבן אַ בלענד פֿון מענטשלעכער ווירדע.

— אונדזערער אַ שאַבשאָוויטש ווייסט וועגן זיין געפֿאַלנקייט, און עס גייט אים אין לעבן צו ראַטעווען זיין קינד פֿון דעם לעבן, וואָס ער פֿירט.

אָט דער באַגער צו באַווייזן דער וועלט איז דאָ אין כמעט אַלץ, וואָס ער האָט געשריבן, און עס איז דער זעלבער באַגער אין אים, וואָס האָט אים דערפֿירט צו זיין „מאַן פֿון נצרת", „אַפּאָסטאַל" און די איבעריקע בי־כער וועגן קריסטנטום. עס זיינען דורכאויס פֿאַלש די אַלע אַריינטייטשונגען און אויסטייטשונגען, וואָס האָבן דערפֿירט אויפֿצוהויבן קעגן אים האַס צווישן

געוויסע יידישע עלעמענטן, — ספּעציעל צווישן דער יידישער אָרטאָדאָקסיע. איך באַשולדיק נישט די אַלע אריינטייטשער און אויסטייטשער אין באַ־וואוסטזיניקער פאַלשקייט. אַ טייל פון זיי זיינען אויפריכטיק אַנטריסטעט, אָבער שלום אַש איז אין דעם נישט שולדיק, ווארים זיין מאָטיוו איז געווען פונקט דער היפּוך, וואָס מען טייטשט אין אים אַריין. עס איז דער זעלבער מאָטיוו, וואָס דאָמינירט דעם גאַנצן אופן פון זיין שאַפן.

די קריסטלעכע וועלט האָט דורך דורות אַזוי געפּייניקט זיין פאָלק, איז ער געקומען זיי באַווייזן, אַז זייער אויסלייזער איז אין תוך געווען אַ טיף־רעליגיעזער יידישער מענטש, אַזוי די אַפּאָסטאָלן, אַזוי אַלע אַרום אים. אפילו יהודה איש קריותן גיט ער אַ נייע געשטאַלטלעכקייט, כדי אַרויסצו־שלאָגן דעם צאָרן קעגן אים, וואָס איז דורך דורות געוואָרן ביי די שונאי ישראל דער סינאָנים פונעם גאַנצן יידנטום.

ווי זינלאָז זיינען די עפּיטעטן אויף זיין אַדרעס פון די אויפגערייצטע אַנטקעגן אים, ווי: „עוכר ישראל", „משומד" און נאָך אַזעלכע, בשעת דער מאָטיוו, וואָס האָט אים געפירט צו אָט דער טעמאַטיק איז דווקא זיין טיפע אהבת ישראל.

— קוק און זע, קריסטלעכע וועלט! אייערע פאַרהייליקטע, אין וועמענס נאָמען איר האָט אונדז דורך אַזוי פיל דורות געפּייניקט, זיינען פליש פון אונדזער פליש און ביין פון אונדזער ביין!

ה.

אַ וואַרעמקייט פליסט אין געמיט ביים טראַכטן, אַז ער איז ביי אונדז פינף־און־זיבעציק יאָר.

אַ דריי סיבות זיינען גורם אָט די וואַרעמקייט אין מיר, און זיי זיינען אַזעלכע נאַטירלעכע אָט די סיבות.

ערשטנס, איז גלאַט גוט, וואָס אַ יידישער שרייבער דערלעבט ביי אונדז צו אַזאַ עלטער און איז נאָך קיין עין־הרע אַ פיגור, אויף וועלכער עס איז אַ מחיה צו קוקן און איז אַזוי פול מיט שאַפונגס־כוח אין זיך.

צווייטנס — אַ שרייבער פון אַזאַ פאַרנעם און אַזאַ גרויסקייט, וואָס פילט אָן דיין האַרץ מיט חשיבות צו זיך אַליין, וואָס ביסט זוכה צו געהערן צו דער יידישער ליטעראַטור, פון וועלכער ער איז איינער פון אירע פאַטערס.

און דריטנס — די דריטע איז אַ ריין פּערזענלעכע, און זי איז, וואָס איך האָב געהאַט די פרייד צו פילן זיין באַציאונג און טאַקע פּשוטע גוטסקייט אין פאַרשיידענע פּעריאָדן פון מיין לעבן.

אָט לעב איך איצט איבער דעם באַריר פון זיין האַנט איבער מיינע האָר, ווען איך בין נאָך גאָר אַן אָנפאַנגער געווען.

איך בין געזעסן ביי אַ טישל אין שלומס קאַפע אַנהייב דער ערשטער וועלט־מלחמה אַנטקעגן יאַנאַוווסקין, דעם דעמאָלטדיקן רעדאַקטאָר פון דער „פרייע אַרבעטער שטימע”, און פלוצלינג אַ באַריר איבער מיינע האָר, און דאָס אימפּרעסיווע פּנים פון שלום אַשן מיט וואַרעמקייט אין זיך איז צו מיר געווענדט:

— יאָך האָב הנאה געהאַט פון אייערע לידער לעצטן פרייטיק אין דער „פרייע אַרבעטער שטימע”.

איך בין דערציטערט געוואָרן. הגם מיט אַ וואָך צוריק האָט אברהם רייזען מיך פאַר אים פאָרגעשטעלט, האָב איך נישט געטראַכט, אַז ער געדענקט מיך, און דאָ אַזאַ צוגאַנג צו מיר.

ש. יאַנאַוווסקי וואָס האָט געהאַט אַ טבע צו רעדן נאָדלדיק צו מענטשן, האָט אַ הייב געטאָן צו אים זיינע שאַרפע שפּיזלדיקע אויגן, און אַ ברום געטאָן:

— אָנשטאָט קאָמפּלימענטן, וואָלט געווען אַ יושר, איר זאָלט העלפן קריגן פאַר אים אַרבעט.

— אַרבעט? — האָט שלום אַש איבערגעפרעגט.

— יאָ, אַרבעט. אַ דיכטער דאַרף אויך עסן, — האָט ער זיך צעבייזערט, און איך האָב זיך געפילט פאַרשעמט, וואָס מיין רעדאַקטאָר מאַכט קאַליע די דערהויבונג אין מיר פון די וואַרעמע ווערטער, וואָס איך האָב ערשט געהערט.

— וואָס פאַר אַן אַרבעט וואָלט מען געקאָנט קריגן פאַר אים? — האָט שלום אַש געפרעגט מיט מיטגעפיל אין קול.

— יעדע אַרבעט, — האָט ש. יאַנאַוווסקי בייז געברומט, און צופּנדיק דאָס קליינע בערדעלע איבער זיין שאַרפן קין, האָט ער געזאָגט:

— מיט אַ פאָר וואָכן צוריק האָט ער געשאַרט שניי איבער די גאַסן.

איך האָב זיך אָנגעהויבן צו פילן אומגליקלעך פון אָט דעם שמועס וועגן זיך, אָבער דאָ האָט מיך שלום אַש אַרומגענומען און פאָטערלעך געזאָגט:

— קומצט מיט מיר!

ער האָט מיך אַריינגענומען אין גרויסן וויין־געשעפט פון יצחק גאָלדבערג אויף איסט בראָדוויי, וואו מען איז אים געלאָפן אַנטקעגן.

— יאָך דאַרף אַ שטעלע! — האָט ער באַפעלעריש געזאָגט. עס האָט געדויערט אַ פאָר מינוט, האָב איך געהאַט אין האַנט אַ צעטעלע צום פאָרוואַלטער פון זייערס אַ געשעפט, וואָס האָט זיך געפונען אין בראָנזוויל.

דעם גאַנצן וועג אַהין בין איך געווען אין אויפרעגונג קעגן ש. יאַנאַוווסקין, הלמאי ער האָט מחלל געווען פאַר מיר דעם דערהויבענעם מאָמענט מיט אַזאַ פּראָזאַאישער זאַך, ווי אַרבעט.

— יאָך האָב הנאה געהאַט פון אייערע לידער לעצטן פריטיק אין דער „פרייע אַרבעטער שטימע", — האָט נישט אויפגעהערט צו קלינגען אין מײַנע אויערן, און דאָס האַרץ האָט אָפּגעעכאָט די זעלבע ווערטער אין גרוי־סער דערהויבונג.

קיין חידוש איז דאָס נישט געווען, וואָס דער אײַנדרוק איז אויף מיר געווען אַזאַ שטאַרקער.

אַ ייִנגל אין די צוואַנציקער יאָרן, וואָס דרוקט לידער אין די וואָכנבלע־טער און האָט נאָך קיין געשריבן וואָרט וועגן זיך נישט געלייענט. די אײנציקע, פון וועלכע מען האָט געהערט אַמאָל אַ גוט וואָרט איז פון די קאָלעגן אין די זעלבע יאָרן, ווי ב. י. ביאַלאָסטאָצקי, נפתלי גראָס, א. ניסענזאָן און י. י. סי־גאַל. אמת, שוין געווען אײנער אַן עלטערער אויך — משה לייב האַלפּערן, אָבער אַזאַ, ווי שלום אַש ?

ער איז דאָך אין יענער צײַט געווען דער געקרוינטסטער אין אונדזער ליטעראַרישער סביבה. צווישן די אַריבערגעקומענע פון יענער זײַט ים, איז ער דאָך געווען דער אײנציקער שוין מיט אַ וועלט־נאָמען. מען האָט צי־טירט, וואָס מאַקסים גאָרקי האָט געזאָגט וועגן זײַן „שטעטל", איבערגעזעצט אויף רוסיש, וועגן זײַן „גאָט פון נקמה", וואָס איז אויפגעפירט געוואָרן אויף רוסיש און אויף דײַטש, און דאָ בײַ אונדז האָבן דאָך זיך צעעפנט פאַר אים אַזעלכע טירן, וואָס קיין אײן ייִדישער שריפטשטעלער האָט גאָרנישט גע־פּרוווט חלומען פון זיי. זיך געדרוקט אין „פאָרווערטס" און נישט באַטראַכט געוואָרן פון קײנעם, ווי אַ „פאָרווערטס"־שרײַבער, ווײַל דער נאָמען זײַנער איז געווען פון אַזאַ פאַרנעם, וואָס האָט זיך נישט געלאָזט אײַנגרענעצן. מען האָט זיך מיט אים פונקט אַזוי געיחוסט אין די ציוניסטישע קרײַזן, ווי אין די קרײַזן פון ייִדישע יוניאָניסטן און סאָציאַליסטן.

און אין די יאַהודימשע קרײַזן אויך !

עס איז אַרומגעגאַנגען אַ מעשה, אַז מען האָט אים פאַרבעטן אויף מיטאָג בײַ דער יעקב שיף־משפחה, און כדי ער זאָל זיך פילן היימיש, האָט מען דאָרטן געשיקט אַ ספּעציעלן מענטשן אויפצוזוכן זײַנע ביכער אין איבערזע־צונגען און מען האָט זיך דאָרטן זייער משמח געווען, וואָס עס איז זיי גע־לונגען צו קריגן אַן עקזעמפּליאַר פון זײַנע חומש־מעשהלעך אויף דײַטש.

— עס העלפט אים שטאַרק אַרויס זײַן אימפּאָזאַנטע פיגור, — האָבן נישט־פאַרגינער געפּרוווט אויסטײַטשן זײַן גרויסן דערפאָלג.

די באַמערקונג איז אַוודאי געקומען פון נישט־פאַרגינערײַ, אָבער אַז זײַן אויסערלעכער אויסזען און זײַן האַלטונג זײַנען געווען ביז גאָר אײַנ־דרוקספול — איז דאָך געווען אַ פאַקט.

נישט קיין אויסדרעסירטע עפעקטאַציע, נישט קיין אַדאָפּטירטע מאַ־

ניערלעכקייט, וואָס אַנדערע האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך פון די גרויסע אייראָפּייאישע צענטערס, נאָר אַ ברכהדיקע נאַטירלעכקייט, וואָס האָט אויפגעהויבן אויף זיך אויגן און געוועקט חשיבות.

די גוט־געבויטע הויכע, קרעפטיקע פיגור, דער מאַסיווער קאָפּ, וואָס איז דעמאָלט נאָך געווען באַדעקט מיט געדיכטע שוואַרצע האָר, דאָס שאַרף־געשניצטע פּנים, וואָס כאָטש עס האָט דורך דער היפּש־פּאַרמירטער נאָז און גרויסע טונקעלע אויגן פאַרגעשטעלט סעמיטישקייט, האָט אויך געהאַט אין זיך בוילעטע סימנים פון רוימישער אַגרעסיווקייט. און אַנגעטאָן שטענדיק זויבער, נעט און מיט ביז גאָר פיינעם געשמאַק, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר מענטשן מיט איינגעבוירענעם חוש פאַר שיינקייט פון פּשטות.

אין די קרייזן פון די „יונגע", וואו מען האָט שטענדיק געפירט מלחמה קעגן די „אַלטע", האָט מען מיט שלום אַשן זיך נישט געקאָנט קיין עצה געבן. מינימיזירן זיין טאַלאַנט האָט מען נישט געקאָנט, האָט מען זיך געטשעפּעט צו אים אויף אַנדערע אופנים.

— ער האָט בלויז אינטערעס אין שלום אַשן און נישט אין דער ליטעראַטור, ווי אַ גאַנצע!

— עס שרייט פון אים עולם הזה אויף מיילן!

— דער אויסזען פון אַ פּרינץ, און אין תוך אַ יונג פון זיין קוילער־געסל!

אָט אַזוינע באַמערקונגען האָט מען אָפט געהערט ביי די טישלעך אין דעם קעלערדיקן מילכיקן רעסטאָראַנדל אויף איסט בראָדוויי, און דערביי אויך צוגעלייגט:

— זיצט מיט אָנגעפּרעסענע צייטונגסלייט ביי שלומען אין קאַפע, און וואָס גייען מיר אים אָן!

אָבער, אַז עס האָט זיך דאָך געטראָפן, און ער איז אַרונטערגעקומען צו די „יונגע", איז פונדעסטוועגן געווען אַ יום־טוב, וועגן וועלכן מען האָט אַ לענגערע צייט גערעדט מיט דערהויבונג.

— פאַראַן אַזאַ פיינע מילדקייט אין די אָנגעבלאָזענע בייטעלעך אונטער זיינע אויגן, — האָט דער שטענדיק ברומענדיקער משה לייב האַלפּערן איין מאָל צו מיר באַמערקט וועגן אים.

ז.

וואָס־זשע איז דער חידוש, וואָס איך בין דעם גאַנצן וועג צו מיין נייער שטעלע געווען דערהויבן פון זיינע גוטע ווערטער צו מיר?

נישט דער פאַקט, וואָס איך פאַר קריגן אַרבעט האָט מיך געפרייט, אפילו נישט דאָס וואָס אין צעטעלע איז געשטאַנען, אַז מען זאָל מיך גוט באַ־

האַנדלען, איז דעמאָלט געווען ווילכטיק, נאָר דער פאַקט, וואָס ער האָט גע־האַלטן פאַר נויטיק צו קומען צו מיר און זאָגן אַזעלכע גוטע ווערטער.

75 איז ער שוין, און שרײַבנדיק אָט די שורות האָב איך דאָס געפיל, אַז עס איז שוין יאָרהונדערטער זינט יענעם נאָכמיטאָג, וואָרום אַזוי פיל איז דאָך געשען זינט דעמאָלט.

געשעענישן גייען אויף, ווי כוואַליעס, וואָס ווערן פאַרטרונקען פון נאָך אַנדערע כוואַליעס, און אין דער בײַטעניש פון כוואַליעס אויף כוואַליעס, לויכט כסדר דאָס געשטאַלט פון אָט דעם גרויסן שריפטשטעלער, און אין די ווערק זײַנע, וואָס האָבן דורך אָט די יאָרן געהאַלטן אין איין קומען איינס נאָכן אַנדערן, איינס איבער דעם אַנדערן, איז פאַרפּיקסירט אויף אַזאַ גרויס־קינסטלערישן אופן דער גערנגל פון די כוואַליעס מיט כוואַליעס.

אָט הילכן אָפּ איצט אין מיר די ווערטער פון דעם קינסטלער קאָוואַל־סקי אין זײַן בוך „מערי”, ווען ער רעדט צו איר אין זײַן פולער אויפריכ־טיקייט:

— איך ווייס נישט, אויב איר וועט מיך פאַרשטיין, וואָרום איך אַליין פאַר־שטיי זיך אויך נישט. איך בין נישט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר מײַן לעבן, ווייל איך נעם דאָס נישט, נאָר עס נעמט מיך. טייל מאָל האָב איך דאָס געפיל, אַז איך גיי אויף אַ לאַנגן וועג. דער ציל איז אַ בת־מלכה, וואָס וואַרט אויף מיר, — זי איז די רו.

אָט אַזוי רעדט בײַ אים קאָוואַלסקי צו מערין, און איך הער אין אָט די ווערטער שלום אַשס קול צו זיך אַליין.

דורך די 75 יאָר פון זײַן שאַפן ווערט ער געטראָגן פון אַן אומגעצאַמטן אימפּעט און זוכעניש פון דער בת־מלכה. אָט דערזעט ער זי אין דעם גע־שטאַלט פון דער שטעטלדיקער „יאַטישע טאָכטער”, און באַלד איז זי דאָס געשטאַלט פון „מערי”, וואָס בענקט קיין פּעטערבורג. עס איז אַן אייביק געיעג פונעם שטעטל צו גרויס־שטאָט, פון גרויס־שטאָט צו מרחקים. אַן אָפּשטעלן זיך אויף אַ ווייל אין ישראל בײַ די חלוצים, וואָס כישופן אים אָפּ, און באַלד ווידער שוין ערגעץ אַנדערש, — פּאַריז, לאָנדאָן, ניו־יאָרק, און ווידער און אָבער צוריק אין שטעטל אַרײַן, און מיטאַמאָל גאָר אין דעם ווײַטן עבר אַרײַן. אָבער אומעטום איז מיט אים זײַן טיפע פאַרוואָרצלטע **ייִדישקייט.**

מעריס אויפגעוועקטע בענקשאַפט אונטער דעם דרוק פון דעם שטעטל־דיקן קלויסטער־גלאָק פירט זי נישט אין קלויסטער אַרײַן, נאָר יאָגט זי צו דער קינסטלער - געזעלשאַפט אין פּעטערבורג, און זײַן געשטאַלטיקן יעזוסן און די אַפּאָסטאָלן פירט אים נישט צום קריסטנטום, נאָר צו אַ שטאַרקערן פאַרמעסט אויף פּאַרטיפּטערער ייִדישער גרויס־קינסטלערישקייט.

— גלויבט איר באמת אין אַ בורא עולם? — האָב איך מיט אַ פּאָר יאָר צוריק ביי אים געפרעגט, זיצנדיק מיט אים אין זיין מיאַמער היים.

ער האָט זיך אויפגעהויבן פונעם סאָפּקעלע, אויף וועלכן ער איז די גאַנצע צייט געזעסן, און געוויזן אַ ציגאַר צווישן זיינע פעטע נאָך גאָר פרישע ליפּן, און ציענדיק די זילבערנע האָר איבער זיין קאָפּ, האָט ער זיך צעשפּאַנט איבערן רחבותדיקן צימער, וואָס האָט זיך געבאָדן אין דער גאָלדנקייט פון דער אונטערגייענדיקער זון, און מיט אַ ציטער אין זיין קול האָט ער גערעדט:

— איך גלויב באמונה שלימה, אַז די וועלט ווערט געפירט פון אַ העכערן כוח, וואָס איז געלייטערטער באַוואוסטזיין.

— נו, און שכר ועונש? — האָב איך געוואָלט וויסן.

ער איז געבליבן שטיין און געקוקט אויף מיר מיט אַ סך מילדער קלוגשאַפט אין זיינע אויגן, און זיינע רייד צו מיר אין יענעם מאָמענט זיינען געווען אין אַ טאָן, וואָס אַז מען וויל קאָן מען אים נעמען אין פולן ערנסט, און אַז מען וויל איז ער נישט מער, ווי גוטמוטיקער, שפּאַסיקער פּיעשטשען זיך:

— אַי וועט מען מיך שמייסן אויף יענער וועלט, וואָרום זינד זיינען דאָ גענוג, און אַלערלייאיקע.

ער האָט זיך צעלאַכט מיט אַ פול געלעכטער, וואָס האָט פונדעסטוועגן געהאַט אין זיך אַ היפּשע מאָס טרויער.

— אויף דעם ליבעס־געביט איז גאָר ביטער... געווען, געווען... מיידלעך, ווייבלעך, אָבער...

און דאָ האָט ער אַ הויב געטאָן זיינע הענט אין דער הויך און זיין קול האָט געציטערט:

— איך וועל זיך שטעלן פאַרן רבונו של עולם, און אים זאָגן אין דער פולער אויפריכטיקייט, אַז איך בין געווען אַ זינדיקער מענטש, אָבער טאַטעניו, פּאָטערניו, די שענסטע מתנה, וואָס דו האָסט מיר געגעבן, מיין טאַלאַנט, האָב איך געהיט, ווי אַ דימענט.

## ח.

צי האָט ער אָפּגעהיט די מתנה, ווי מען היט אָפּ אַ דימענט, אָדער די דימענטענע מתנה האָט אים אָפּגעהיט, איז אַן ענין פאַר אַ טיפערער באַטראַכטונג, אָבער אַז ער האָט די מתנה געטראָגן זיין גאַנץ לעבן מיט יענעם שטאָלץ, וואָס לאָזט זיך קיינמאָל נישט בויגן פאַר קיינעם, — איז זיכער אמת.

אָט דער שטאָלץ איז ביי אים נישט קיין גדלות, וואָס קוקט פאַררייסן

אויף אַלץ און אַלעמען פון אויבן אַראָפּ, נאָר אַ גרויס חשיבות פאַר דעם, וואָס ער האָט אין זיך, און איז אַ פּקדון, פאַר וועלכן ער טראָגט גרויס אחריות.

ב. ריווקינס חלום וועגן דער יידישער ליטעראַטור, ווי אַ טעריטאָריע, איז פאַר אים שטענדיק געווען אַ נאַטירלעכע רעאַליטעט. זיין טעריטאָריע איז געווען און איז ביז איצט דאָס יידישע פאָלקס־לעבן און דאָס גייסטיקע אין דעם, וואָס קומט צום אויסדרוק אויף יעדן אָרט און אויף אַלערליי אופנים. דאָ איז דאָס דורך דעם „הייליקן שניידערל" אין זיין „קידוש השם", דאָרטן דורך דעם דאָרפס־יונג, וואָס רעדט צו גאָט דורך אַ פייף פונעם מויל, ערגעץ אַנדערש איז דאָס דורך יחיאל דעם תהילים יִיד, און אויך דורך „יעזוסן", וואָס זיי האָבן צוגענומען, קומט צום אויסדרוק די יידישע פאָלקס־גייסטיקייט.

שלום אַש, כאָטש קיינמאָל נישט אין זיין לעבן ענג פאַרבונדן מיט דער אָדער יענער ריכטונג אין דעם יידישן לעבן, איז דאָך שטענדיק געשטאַנען אין באַטער באַרירונג מיט אַלע פון זיי, ווייל אין אַלע זעט ער די גאַנצקייט פון זיין יידישער טעריטאָריע. פאַרשטייט זיך, אַז ער זעט צוזאַמען מיטן ליכט אויך דעם שאָטן, און עס טרעפט זיך ביי אים, אַז די קאָלירן בייטן זיך פאַר זיינע אויגן. דאָס וואָס האָט נעכטן געלויכטן, איז היינט פאַר אים טונקל און דאָס פאַרקערטע אויך, אָבער אַלץ, אַלץ איז זיינס, און איבער אַלץ איז דאָס שאַפערישע, וואָס פאַרפיקסירט און זאַמלט אין אינעם שייער פון זיין טעריטאָריע לדורות, און דערפאַר אַזאַ שטאָלץ מיט דעם שאַפערישן כּוח, צו וועלכן ער, שלום אַש, געהערט אין אַזאַ גרויסער מאָס.

איך האָב אים געזען נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, אויף אַ צוזאַמענ־פאָר אין פילאַדעלפיע פונעם „דזשאָינט" און „פּיפּלס־רעליף", וואו עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ פאַראייניקונג. געווען אַ סך רעדנער אויפן צעטל, האָט מען באַשרענקט די רעדנער אויף פינף מינוט, וואָס דער פאָרזיצער האָט שטאַרק אָפּגעהיט. נאָך אַ צאָל רעדנער ווערט אַש גערופן צום וואָרט, אָבער ער קאָן נישט אויסקומען מיט די באַשטימטע פינף מינוט, און ער רעדט ווייטער. דער פאָרזיצער קלינגט מיטן גלעקל, שלום אַש בעט זיך ביי אים מיט די אויגן, אַז מען זאָל אים לאָזן ענדיקן, אָבער דער פאָרזיצער איז שטרענג, און מען שלאָגט אים איבער קלינגענדיק אַלץ שטאַרקער.

פלוצלונג אַן אויפגעבראַזטער געשריי אין דער לופט:

— דרך־ארץ פאַר דער יידישער ליטעראַטור!

דער גרויסער עולם בלייבט פאַרשטיינערט אויף אַ רגע, קוקט אויף שלום אַשס אָנגעצונדענע אויגן, אויף דער בלייכקייט פון זיין פּנים, און אַ געוואַלדיקע אָוואַציע ברויזט אויף פאַר אים:

— רעדט, שלום אַש! רעדט!

און דאָן איז געקומען זיין רעדע אין געוואַלדיקן ציטער איבער דער צעריסנקייט פון אונדזער יידיש לעבן אין טאָג פון גרויסער יידישער קאַטאַסטראָפע, ווען עס נויטיקט זיך גאַנצקייט און פאַרשטענדעניש צווישן צדדים, וואָס האָט אַריינגעבראַכט אַ גאַנץ נייעם טאָן אין דעם גאַנג פון דער סעסיע.

## ט.

דער צופאַל איז געווען, אַז איך בין בייגעווען ביי זיין ערשטן באַזוך אין דער רעדאַקציע פון דער „מאָרגן־פרייהייט״.

איך בין געשטאַנען אויפן ראָג פון בראָדוויי און צוועלפטער גאַס און גערעדט מיט עמעצן, ווען איך האָב דערפילט אַ האַנט אויף מיין שולטער. שלום אַש אין אַ לייכטן מאַנטל איבער זיינע אַקסל האָט געקוקט אויף מיר מיט וואַרעמקייט אויף זיין פּנים.

— טוט אַ טובה, און קומט מיט מיר אַרויף אין דער רעדאַקציע.

איבערגעבנדיק פּסח נאָוויקן זיין ערשטע דערציילונג, האָט ער געזאָגט:

— איך טייל נישט אייער פּאָליטישע אידעאָלאָגיע, נאָר איר זייט דער כּוח, וואָס ראַנגלט זיך אויף טויט פאַרן לעבן פון דער וועלט, און פון אונדזער פאָלק, און איך וויל זיין אין אייער הייליקן געראַנגל.

אַ צייט שפּעטער האָט ער מיך גערופן צו זיך אַהיים קיין סטעמפאָרד וועגן אַרויסגעבן זיינע ווערק ביים איקוף־פאַרלאַג. עס איז מיט מיר מיטגעפאָרן ראובן זאַלצמאַן, וועלכער האָט זיך שטאַרק געפרייט, וואָס שלום אַש גיט איבער דעם „איקוף־פאַרלאַג״ דאָס רעכט אויף זיינע ווערק.

— בעט נישט ביי אים קיין געלט־שטיצע, — האָט זאַלצמאַן באַמערקט, און דערביי פאַרזיכערט:

— מיר וועלן קריגן די מעגלעכקייטן!

אָבער נאָכדעם, ווי מיר האָבן אויסגעפּלאַנירט די ערשטע צוויי בענדער, פרעגט שלום אַש ביי מיר:

— האָט איר געלט־מיטלען?

איך האָב אים אויפריכטיק דערציילט וועגן די מאַטעריעלע שוועריקייטן פון דעם איקוף, האָט ער מיר געגעבן אַ טשעק אויף צוועלף הונדערט דאָלאַר, און מיר געמוטיקט:

— איר טוט הייליקע פאָלקס־אַרבעט, און מען וועט דאַרפן געפינען וועגן, ווי אייך צו העלפן.

מיט אַ צייט שפּעטער נאָכדעם, ווי עס איז דערשינען זיין ערשטער באַנד, האָט ער מיך געלאַדן צו זיך אין שטוב אַריין, וואָס איז געווען אין אַ

וואונדער־שיינעם ווינקל אין מיאַמי. יענער טאָג איז פאַררעגיסטרירט אין מיין געמיט אין אַ בלענד פון אויסערגעוויינלעכער שיינקייט, נשמהדיקער מנוחה און זייער אַ סך גוטסקייט.

די פרוי מאַדזשאַ אַש מיט איר שטאַלטנער פיגור און דורכזיכטיקן פנים האָט פון צייט צו צייט אָנטייל גענומען אין אונדזערע שמועסן, וואָס האָבן געהאַלטן כסדר אין איבערגיין פון ערנסטע ענינים צו געשמאַקן שיחת חולין און ווידער צו ערנסטע ענינים. דער עיקר אָבער איז זי געווען פאַר־אינטערעסירט, אַז איך זאָל נישט פאַרשעמען די פרוכט און די צובייסנס, וואָס זיינען געווען סערווירט אין אַפעטיטנער שיינקייט אויף אַ נידעריק מאַ־האַגעני־טישעלע אין דעם געשמאַקפולן צימער, וואָס האָט געפירט צו דער ביבליאָטעק און אַרבעט־צימער פון איר שלומען. די מיאַמער נאָכמיטאָג־זון האָט זיך דורכגעפילטרירט דורך דעם קאָלירטן גלאָז פון דעם פענצטער.

אין דעם ביבליאָטעק־צימער האָבן מיינע אויגן אויפגעכאַפּט אַ ברייטע פּאָליצע מיט איבערזעצונגען פון „נצרת" און דעם „אַפּאָסטאָל" אין אַ צאָל שפּראַכן.

איך האָב זיך פאַרשפּילט מיט אַ מיניאַטור־תנ״כל, געדרוקט אין ישראל, און ער האָט געפרעגט:

— געפעלט אייך?

— חנעוודיק! — האָב איך באַמערקט.

— נעמט דאָס אייך אַ מתנה פון מיר, — האָט ער געזאָגט.

שפּעטער זיינען מיר געזעסן אויף דער אָפענער וועראַנדע און געשמועסט וועגן דעם גורל פון יידיש אין ישראל און בכלל וועגן דעם גורל פון דער יידישער ליטעראַטור, און אין שמועס איז מען אַריבער צו דעם פעריאָד פון פּרצעס אויפשטייג און זיין באַציאונג צו נאָכקומער.

— ער איז געווען ביז גאָר בלענדנדיק, נאָר זיין ליבשאַפט צו פראַווען טישן האָב איך נישט איבערגענומען. אַ רבי איז נישט מיין טבע. דערצו האָט פּרץ אין זיין האָדעווען נאָכקומער נישט שטענדיק געטראָפן. עס דרייען זיך ביי אונדז אַרום אַ צאָל האַלבע גראַפאָמאַנען מיט סמיכה פון פּרצן.

פּלוצלונג טוט ער אַ דורכדרינגלעכן קוק, און פרעגט:

— איר האָט געקראָגן אַ פּרייז פון דעם דעטראָיטער מעבל־מאַנס פּאָנד?

איך האָב זיך צעלאַכט פון זיין פראַגע, און אים דערקלערט:

— די אויסטיילער דערלאָזן נישט!

— איר מיינט, אַז פאַר אייער „גרענד־קעניאָן" האָבן זיי אייך נישט גע־געבן קיין פּרייז?

— ניין!

— אַ גוט בוך, אַ גוט בוך, — פֿאַר אַזאַ בוך האָבן זיי בפּירוש געדאַרפֿט.

דאָ האָט ער זיך גוטמוטיק צעלאַכט, און אַרויפֿלייגנדיק זיין האַנט אויף מיין אַקסל, האָט ער געזאָגט מיט אַ ווייכקייט אין זיין קול:

— נעמט זיך נישט צום האַרצן. יאָך האָב אויך ביי זיי קיינמאָל גאָרנישט געקראָגן. קומט וועלן מיר עסן מיטאָג!

---

פֿינף־און־זיבעציק יאָר אַלט געוואָרן. און ער איז אין ישראל, און עפּעס איז אַזוי שטיל.

אָט דערמאָן איך זיך:

איך זיץ אין מיין לעגיאָנערן־אוניפֿאָרם אין דעם יאָר פֿון 1917 פֿאַר מיין אָפּפֿאָרן קיין ארץ־ישראל אין סטעטן איילאַנד מיט שלום אַשן אויפֿן גראָז.

— דענקט איר נישט, אַז מיר וואָלטן געדאַרפֿט אָנהויבן אונדזער מלוכה־לעבן מיט אַ מלך? — האָט ער געפֿרעגט מיט קינדערשער פֿאַרחלומטקייט אויף זיין פּנים.

איך האָב געלאַכט, און ער האָט מיטגעלאַכט פֿון דעם שיינעם מעשהלע, וואָס ער האָט זיך אַליין דערציילט:

— אַמאָל איז געווען אַ מלך מיט אַ מלכה.

אַמאָל, אַמאָל, — עס ווילט זיך נאָך דערציילן און דערציילן, נאָר זאָל זיין איצט גענוג. אם ירצה השם, ביי זיינע אַכציק, וועלן מיר ממשיך זיין, און ביי זיינע הונדערט וועט נאָך אַלץ זיין וואָס צו דערציילן.

1955.

# פּרץ הירשביין

איז דער טויט דער לעצטער סך־הכּל? צי ער איז גאָר אַ נייער אָנהויב פאַר דעם, וועמענס פיזיש לעבן האָט זיך געענדיקט?

— פּרץ הירשביין איז טויט! פּרץ הירשביין איז טויט!

אָט די ווערטער הערן נישט אויף צו האַמערן אין קאָפּ פאַר די לעצטע טעג, און דאָך איז ער דווקא אין אָט די לעצטע טעג אַזוי שטאַרק לעבעדיק פאַר די אויגן און אין געמיט.

פאַר די אויגן שטייט ער, ווי אַ שטייגער, אַ משפּחה־פּאָרטרעט, וואָס איז אין לויף פון יאָרן געוואָרן אַ זייער וויכטיקער טייל פון דער שטוּב־ווירט־שאַפט. און איצט, אַז ער איז פּלוצלינג אַרונטערגענומען געוואָרן, קוקט סיי־ווי זיין פּנים אַרונטער דורכן אָפּדרוק אויף דער וואַנט, וואָס די ראַם האָט געלאָזט.

דער פּאָרטרעט איז ווי פון מאָדיליאַנין געמאָלן. דינער, הויכער האַלדז, וואָס ציט זיך אַרויף, אַרויף. שאַרף־געצייכנטע ליניעס פון אַ פיין־ביינער־דיקן פּנים און אַ פולע נאָז, וואָס ציט זיך מיט די שאַרפע אָטעם־לעכער אַראָפּ, אַראָפּ, ווי זי וואָלט געהאַלטן אין איין אויפנעמען די פאַרשיידנסטע ריחות פון דער גאָרער ערד.

אַזאַ פּאָרטרעט, אַז מען זעט אים איין מאָל, בלייבט ער שוין פאַר די אויגן, קיינמאָל נישט אָפּגעווישט צו ווערן.

אויף מיין רייזע איבער אַרגענטינע בין איך אַריינגעפאַלן אין דעם יידישן שטעטל מאָזעסוויל, וואָס פּרץ הירשביין האָט מיט יאָרן און יאָרן צוריק באַ־זוכט און איז געבליבן ביי די דאָרטיקע תּושבים ווי אַ לעגענדע. איך בין פאַרבעטן געוואָרן פון דער משפּחה טרומפּער אויף מיטאָג און אין שטוב האָב איך געטראָפן זיצן אַן איינגעהויקערטע זקנה, וואָס האָט אויסגעקוקט גיכער ווי עפּעס אַ פאַרשטיינערטע פלאַנץ, איידער אַ לעבעדיקער מענטש.

— מאַמע, מיר האָבן אַ יידישן שרייבער פון אַמעריקע ביי אונדז צו גאַסט, —— האָט דער עלטסטער פון דער משפּחה, שוין אַליין אַן עלטערער ייד, אַריינגעשריגן דער זקנה אין אַן אויער אַריין.

די זקנה איז געזעסן אַ פאַרשטיינערטע און געקוקט פאַר זיך מיט אירע אויגן, וואָס זיינען געווען אָפן, אָבער ווי עס איז געווען קאָנטיק — גאָרנישט געזען.

— מאַמע דו הערסט מיך?

— האַ? — האָט זי אַ ציטער געטאָן, און ווען דער זון האָט עטלעכע

מאָל איבערגעחזרט די נייעס צו איר, האָט זי ביסלעכווייז אויפגעוואַכט און געפרעגט:

— ווער, פרץ הירשביין?

דער זון האָט זיך געקליבן איר דערקלערן, אַז איך בין נישט פרץ הירש־ביין. אָבער זעענדיק די אויפגעוואַכטע פרייד אויף דער אַלטער מאַמעס פנים, איז ער אַנטשוויגן געוואָרן און זי האָט געשטרעקט צו מיר אירע ביינערדיקע הענט און נישט אויפגעהערט צו מורמלען:

— אַזוי, אַזוי! פרץ הירשביין איז נאָכאַמאָל צו אונדז געקומען, און איך האָב דאָס דערלעבט!

אַזוי איז ער געווען פאַרן אויג און במילא אויך פאַרן געמיט ביי יעדן, וואָס איז געווען אין זיין נאָענטקייט.

פאַר אַ סך, אַ סך פון אונדז איז ער אַליין געווען פיל מער, מער אַפילו פון זיינע בעסטע ווערק, וואָס ער האָט אונדז געגעבן. און דאָס איז געווען דערפאַר, וואָס ער אַליין איז געווען אַ שיין אויסטערליש ווערק, וואָס האָט היפש קאָנקורירט מיט די ווערק, וואָס ער האָט פאַר אונדז געשאַפן.

ער אַליין האָט זיך אַנטפּלעקט מיט זיין פערזענלעכקייט פאַר אונדז נאָך שענער, ווי דאָס שיינע „פאַרוואָרפענע ווינקל״, וואָס ער האָט פאַר אונדז אויפ־געדעקט. און יעדעס מאָל, ווען מיר האָבן געקוקט מיט גרויס געניוס אויף דעם „פאַרוואָרפענעם ווינקל״, האָבן מיר סיי־ווי געזען אים אַליין.

עס איז געווען, ווי מיר וואָלטן נישט געקאָנט אָפּרייסן די אויגן פון דער כישופדיקער טראַנספאָרמאַציע, וואָס דאָס דאָרפס־יינגל, דאָס זינדל פון אַ פשוטן יידישן מילנער, איז דורכגעגאַנגען ביז ער איז געוואָרן דאָס שיינע געשטאַלט פון אַ פרץ הירשביין.

נישטאָ מער פרץ הירשביין?

ער איז דאָ! ער איז דאָ!

ער איז דאָ אין זיינע דראַמען, אין זיינע רייזע־בילדער און אין אַלע אַנדערע ווערק, וואָס זיין פען האָט פאַר אונדז געשאַפן.

— איך וואָלט געוואָלט זען מיינע ווערק אַרויסגעגעבן ביים איקוף־פאַרלאַג, — האָט ער זיך געווענדט צו מיר מיט צוויי יאָר צוריק, ווען איך האָב אים באַזוכט אין זיין היים, וואָס איז די לעצטע יאָרן געווען לאָס־אַנדזשעלעס.

ער איז שוין דעמאָלט געווען טיף קראַנק, אָבער זיין פנים האָט דאָס נישט אויסגעזאָגט. איך האָב זיך דערפאַר דערלויבט צו רעדן אין אַ פריי־לעכן טאָן וועגן דער גרויסער פייערונג, וואָס דער איקוף וועט דורכפירן צו דער דערשיינונג פון זיין צענטן באַנד:

— —איר וועט שוין דעמאָלט האָבן אַ נייעם צענדליק ביכער אַרויס־

צוגעבן, — האָב איך געזאָגט אין אַ שפּאַסיקן טאָן.

אויך ער האָט זיך באַמיט צו שפּאַסן וועגן דעם, כאָטש פון זײַנע אויגן האָט דעמאָלט זיך אַ צי געטאָן אַזאַ דינער, לירישער טרויער:

— וואָס זאַגסטו, אסתרל, האַ? — האָט ער זיך אַ ווענד געטאָן צו זײַן פרוי, דער דיכטערין אסתר שומיאַטשער.

— מיר וועלן פײַערן, פײַערן! — האָט זי אים דערמוטיקט, און פון איי־רע טונקעלע אויגן האָט זיך אַ שפּרייט געטאָן אַזאַ ווייכע צאַרטקייט איבער אים.

—איך וועל גאָר עפּעס שפּילן פאַר ווײַנפּערן, —— האָט ער געזאָגט און זיך געלאָזט צום קליינעם אָרגל, וואָס איז געשטאַנען קעגנאיבער בײַ דער וואַנט.

אסתר שומיאַטשערס פּנים איז אומרואיק געוואָרן. זי האָט אים אָנגעה־הויבן בעטן:

— פּרצל, מען דאַרף נישט, מען דאַרף נישט!

אָבער זײַנע פינגער האָבן זיך שוין דעמאָלט שווער באַוואויגן איבער די קלאַווישן און דאָס צימער האָט אויפגעציטערט פון האַלב־טענער, וואָס זײַנען ביסלעכווייז געוואָרן אַלץ ווייניקער און ווייניקער.

— איך קאָן נישט מער! — האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און אַ ווייל געקוקט אויף זײַנע הענט.

און עס איז געווען אין יענעם מאָמענט, ווען איך האָב דערפילט אַ ציי־טער אין זיך, וואָס איך האָב געזוכט צו באַהאַלטן, אַז מען זאָל אים נישט באַמערקן.

איך האָב שוין נאָכדעם די גאַנצע צייט נישט געקאָנט אָפּרייסן מײַנע בליקן פון זײַנע פינגער, — די פינגער, וואָס האָבן אויסער אַזוי פיל ווערק געשריבן, אויך מטבעות געקאָנט ברעכן, זײַנען איצט נישט בכוח געווען זיך צו באַוועגן איבער די קלאַווישן.

אין צימער האָבן נאָך געציטערט די האַלב־טענער, וואָס זײַנע פינגער האָבן מיט געוואַלט אַרויסגעצויגן פון די קלאַווישן איבערן אָרגל, און אַלץ אין מיר האָט מיטגעציטערט מיט זיי.

.1948

# יוסף ראָלניק

## א.

דער „יונגער“ דיכטער יוסף ראָלניק — אַ זיבעציקער. אַט אַזוי זיינען די פּאָעטן און דערציילער פון דער גרופּע „יונגע“, וואָס האָבן מיט אַ יאָר פערציק צוריק געפירט אַזאַ פייערדיקן קאַמף קעגן די דעמאָלטיקע „אַלטע“, שוין אַליין, ברוך־השם, אַלטע. און דאָס טרויעריקע דערביי איז, וואָס היינט זיינען ביי אונדז ניטאָ קיין נייע „יונגע“, וואָס זאָלן פירן אַ קאַמף קעגן די איצטיקע „אַלטע“.

מיט אַ צוויי יאָר צוריק איז יוסף ראָלניק געקומען אין איקוף וועגן אַרויסגעבן אַ זאַמלונג פון זיינע לידער.

— איר ווייסט? — האָט ער ביי מיר געפרעגט, און קוקנדיק אויף מיר מיט זיינע שטילע, קלוגע אויגן, האָט ער אַרויסגעמורמלט:

— איך ווער דאָך שוין באַלד, באַלד אַ זיבעציקער.

— אַ זיבעציקער? — האָב איך זיך געוואונדערט.

— נו, יאָ, ווי דען? — און שמייכלענדיק שטיל אין זיינע געדיכטע, גרויע וואָנצעס אַריין, האָט ער מיר געגומען דערמאָנען:

— איר האָט אַפּנים פאַרגעסן, אַז ווען איר און די איבעריקע פון אייער גרופּע זייט געקומען צו אונדז, זיינען מיר, די „יונגע“, שוין דעמאָלט קיין שיפּע־זיבעלעך ניט געווען.

— יאָ, יאָ, — האָב איך מסכים געווען, דערמאָנענדיק זיך, אַז די מער־סטע פון מיין גרופּע האָבן שוין אויך הינטער זיך די אָפּגעפייערטע פופציק־יאָריקע יובילייען.

— איז ווילט איר אַן אָפּגעקליבענע זאַמלונג פון אייערע לידער ביים איקוף־פאַרלאַג? — האָב איך געפרעגט.

— איך וואָלט זייער געוואָלט, — האָט ער שטיל געזאָגט און דערביי צוגעלייגט:

— דער איקוף־פאַרלאַג טוט אַ ביז־גאָר פיינע אַרבעט. די ביכער, וואָס ער גיט אַרויס, זיינען דאָך פון אונדזערע בעסטע, און ווען פריער האָט דאָס אַ יידיש בוך ביי אונדז געהאַט אַזאַ פאַרשפּרייטונג?

ב.

און אַט ליגט שוין פאַר מיר אויפן טיש די אָפּגעקליבענע זאַמלונג אויף 260 זייטן אין אַ שיין־אַרויסגעגעבן און פיין־געבונדענעם בוך ביים אי־קוף־פאַרלאַג, וואָס טראָגט דעם נאָמען: „יוסף ראָלניק — געקליבענע לידער“.

אָפּגעקליבן פונעם דיכטער אַליין צו זיין זיבעציקסטן געבוירנטאָג, איז די אָפּגעקליבנקייט אַזאַ, וואָס זאָגט צו אונדז:

— זעט, אַט דאָס איז דער קרן־קימת פון מיין לאַנג־יאָריקן גאַנג, און אויב אייך איז ניחא אין דער מיט פון וועלט־דערשיטערונג זיך אָפּרוקן אָן אַ זייט און פאַרברענגען מיט מיר אַ ווייל, איז — אדרבה.

און ווען איר הויבט אָן מיט דער אָפּגעקליבנקייט פון י. ראָלניקס שאַפן צו פאַרברענגען, ווערט איר דערשטוינט פון דעם גענוס, וואָס איר נעמט דערפילן פון די קלייניקייטן און פון דעם זייטיקן, וואָס דער דיכטער לעבט אויף פאַר אייך:

אין יענעם טאָג איז אין דער פרי
די זון ניט אויפגעגאַנגען.
דער הימל, ווי אַ ברודנער טייך,
איז ביי דער ערד געהאַנגען.

נאָך מיטאָג האָט אַ ווינט געבראַכט
דעם ערשטן שניי צו טראָגן.
אָן דאַך פון מיל האָט זיך ביז טויט
אַ פייגעלע צעשלאָגן.

און שוואַרץ איז געוואָרן מיט אַמאָל דער טייך
און שוימעדיק געוואָרן.
געפאַלן זיינען שנייעלעך
און זיך אין טייך פאַרלאָרן.

ווי קליין עס קוקט אויס אין אייערע אויגן די טראַגעדיע פונעם געהרגעטן פייגעלע לגבי דעם געהרגעטן יידישן פאָלק דורך די לאָפּעס פון די נאַציס, און דאָך רירט אייך דאָס בילד ביז גאָר, ווייל טיף אין געמיט גייט־אויף די בענקשאַפט נאָך יענער צייט, ווען אַזאַ קלייניקייט איז געווען אַ געשעעניש אָנצורירן דאָס סענסיטיווע האַרץ פון אַזאַ פיינעם דיכטער, ווי יוסף ראָל־ניק איז.

ג.

די גאַנצע אָפּטיילונג „אַרום דער מיל“ גייט אויף איצט פאַר אייערע אויגן מיט אַזאַ ווייטקייט, וואָס קלינגט פאַר אייערע אויערן מיט — אַמאָל

און אַמאָל איז געווען אַ מעשה.

די מעשה איז אַ טרויעריקע, אָבער שיין איז זי אין איר טרויער און די שיינקייט איז אין דער ווייטער ווייטקייט, וואָס קוקט אויס קעגן די לעצטע געשעענישן אַזוי רירנדיק־קליין:

אַ נייער טאָג ? ! — ניין : אָנגעצונדן
האָט זיך אין געסעלע אַ שייער ;
און האָב און גוטס געזאַמלטע
ווערט צונעמען דאָס פייער.

אָט קייקלען זיי זיך אין דער הויך,
די פייערדיקע וואָלן ;
עס שטירצט דער דאַך און איינציקווייז
די באַלקנס פאַלן, פאַלן.

אַ שוואַרצער רויך — דער גאַרבן־טאָפּ
האָט אויך זיך אָנגעצונדן ;
און מיט דעם טויבן־שלאַק איז אויך
די טויבן־פּאָר פאַרשוואונדן.

און רויטע בלעטער שטרעקן זיך
פון פייער רויטע פלאַנצן ;
און קינדער פרייען זיך מיט זיי,
און וואַרעמען זיך און טאַנצן.

ווי ווייט אָט דאָס טרויעריק־שטיל און שיין בילד איז פון דער גרויסער שרפה אין אונדזערע לעצטע יאָרן, ווען קינדער — ניט געוואַרעמט האָבן זיך און ניט געטאַנצט, נאָר זיינען געוואָרפן געוואָרן לעבעדיקע אין די אָנגע־צונדענע פייערן.

ד.

יאָ, ווייט, אַזוי ווייט און דאָך אַזוי נאָענט און אַזוי אייגן, ווי ווייט און נאָענט עס איז דער דיכטער יוסף ראָלניק אַליין און די צייט, ווען ער האָט אָט די קליינע, שיינע טרויעריקייטן מיט אַזוי פיל קינסטלערישקייט פאַר־פיקסירט אין זיין אָפּטיילונג „אַרום דער מיל".

און ניט קיין חידוש, וואָס ער האָט דאָס אין יענער צייט געטאָן. געטאָן האָבן דאָס די מערסטע פון יענער גרופּע „יונגע", צו וועלכער ער האָט גע־הערט און איז אַליין געווען אַ טייל פון איר.

דורך די צוויי פענצטער צום קעלער־רעסטאָראַנדל, וואו די מערסטע „יונגע" האָבן געלעבט אין דער צווישן־צייט פון אַרבעט און שלאָפן, האָט

אַרײַנגעקוקט איסט־בראָדוויי. אָבער אָט די יידישע גאַס פון ניו־יאָרק האָט ניט נאָר גאָרנישט ניט געגעבן די „יונגע", נאָר געווען איז זי אין זייערע אויגן אַ צײַנערדיקע ראָד, וואָס מאָלט, צעמאָלט דאָס ביסל גאַנצקייט אין זיך, וואָס מען האָט מיטגעבראַכט פון די אַלטע היימען.

דאָס ביסל גאַנצקייט, וואָס מען האָט מיטגעבראַכט מיט זיך, איז אינעם גערויש פון אָט דער צײַנערדיקער ראָד נאָך טייערער און ליבער געוואָרן, ווי ווען מען האָט דאָס מיטגענומען מיט זיך פון די היימען אַרויס, און מען איז דערפאַר געווען צופרידן, וואָס די פענצטער זײַנען געווען טיף־אַרײַנגע־זעצט אינעם קעלער אַרײַן און מען האָט דערפאַר אין דער טונקעלער אָפּ־געזונדערטקייט זיך געקאָנט אָפּגעבן מער מיט דער בענקשאַפט נאָכן נעכ־טיקן, ווי מיטן קוקן אויפן אַרומיקן אין דער דעמאָלטיקער קעגנוואַרט.

איז דאָס ניט געווען בלויז די „מיל", וואָס יוסף ראָלניק האָט אינעם קעלערדיקן רעסטאָראַן קינסטלעריש אויפגעלעבט אַרום זיך, נאָר עס איז אויך געווען די רו אַרום דער מיל, — אַ רו, אין וועלכער דער חלום נעמט די אויבערהאַנט איבער דער וואָר, און דעמאָלט?

דער טראָן איז גרייט, דער סצעפּטער וואַרט,
עס פעלט נאָר בלויז די קרוין.
צי הערסטו ניט, ווי ס'רופט דאָס פאָלק?
אַ קום צוגיין, און קרוין.

און יוסף ראָלניק האָט געפאָלגט. ער איז געקומען און איז אַ קעניג גע־וואָרן פון זײַן מיל, פון דעם אַרום דער מיל, פון דעם שטילן חלום אַרום איר.

ה.

געזעסן אינעם קעלער־רעסטאָראַנדל בײַ אַ ווײַס־שטײַנערדיקן טישל, דאָס טעפּל קאַווע האָט געציטערט אין זײַנע אויסגעבלייכטע פינגער אויפן וועג צו זײַן געדיכט־באַוואָקסענעם מויל, ווי עס וואָלט געווען ניט קיין פּשוטע קאַווע, נאָר דער פײַנסטער נעקטאַר אין אַ גילדערנער כּלי, ווײַל:

כ'בין אַ קעניג. מײַנע לענדער
ציען זיך אויף טויזנט מײַלן.
קוקט ניט קיינער, וואָס איך האָב ניט
וואו אַ שטונדע צו פאַרווײַלן.

כ'בין אַ קעניג. שטעט, געמיינדעס
קומען מיר אַנטקעגן גריסן.
קוקט ניט, וואָס איך שלעפּ זיך איינזאַם,
גיי צופוס און אָפּגעריסן.

כ'בין אַ קעניג. האָב אַ האַרעם
פול מיט יונגע, שלאַנקע פרויען.
קוקט ניט, — קוקט ניט... איך דאַרף קיינעם
מיין פאַרמעגן ניט פאַרטרויען.

און אַנדערש האָט דאָס גאָרניט געקאָנט זיין, אַז די אַרומיקייט האָט גאָר־ניט געהאַט וואָס צו געבן און געלעבט האָט מען אַרום דער נעכטיקער מיל אין דעם היים־דערפל, וואָס האָט זיך דאָך זיך געמוזט אַמאָל צועסן אויף, האָט מען זיך געלאָזט אויף גאָטס באַראָט.

וואָלט יוסף ראַלניק זיך געווען געלאָזט אויף גאָטס באַראָט אין דעם לעבעדיקן לעבן אַריין, וואָלטן מסתמא גאָר אַנדערע לידער געווען געקומען. אָבער אַזוי ווי דאָס אַרומיקע לעבן האָט ניט געלאָקט, איז דער גאַנג „אויף גאָטס באַראָט" געווען אין דער אייגענער אויסגעטראַכטער וועלט אַריין, אין וועלכער מען איז געווען אָט אַ קעניג מיט געוואַלדיקע רייכטימער, און אָט — דער איינזאַמסטער צווישן די איינזאַמע:

און קיינער גייט.
אין הויז איז אויפגעראַמט און ווייס,
די דילן זיינען ריין,
די שטולן שטייען אויף אַן אָרט
און איך — איך בין אַליין.

און קיינער קלאַפּט.
וואָלט דורכגעלאָפן כאָטש אַ מויז
און וואָלט די רו צעשטערט,
וואָלט אין וואַנט אַ גריל גערעדט —
איך וואָלט זיך צוגעהערט.

פון איינזאַמקייט צו דער באַהעפטקייט מיט גאָט. און יוסף ראַלניקס גאָט איז אַזאַ, פאַר וועלכן מען שטייט ניט פאַרגאַפט און געפּלעפט. ער איז אַן אייגענער, אַן אינטימער. ער וואוינט אַרום דער מיל און עס איז אַזוי גרינג דאָס געבעט צו אים, דאָס זיך פּיעשטשען פאַר אים, און אַפילו דאָס בייזערן זיך אויף אים איז אויך אַ גרינגער.

און יוסף ראַלניק בייזערט זיך אַמאָל אויף זיין גאָט, אָבער עס איז דאָס געבייזער אויף אַן אייגענעם, מיט וועלכן מען מאַכט באַלד שלום:

מיינע ימען זיינען שטילע,
מיינע שיפן — צו דער האַנט;
מיינע שיפן וועלן קומען
צום געוואונטשטן לאַנד.

גאָט פֿירט זיי אויף שטילע וועגן,
גאָט ווייסט דאָך די וועגן גוט.
וואָס־זשע האָב איך זיך צו זאָרגן? —
ס'וועט שוין אַלץ זיין גוט.

און עס איז אים גוט, אונדזער יוסף ראָלניקן. אין זיין גאַנצער איינזאַמקייט איז אים גוט. אַפילו ווען ער וויינט זיך אויס אין זיינע קישנס איז אים גוט.

ווארים עס איז דאָך בשום אופן ניט אַזוי שלעכט, ווען מען קאָן אַ זאָג טאָן אַזוי:

נאָר דאַנקען גאָט,
וואָס קיינער ווייסט
אַוואו איך וואוין,
און וואו איך וויין;
איך בין אַליין,
נאָך דאַנקען גאָט.

ווען ס'ווערט מיר ענג,
קום איך צו גיין
צו זיך אַליין
און וויין זיך אויס
אין קישנס שויס:
נאָך דאַנקען גאָט,
נאָך דאַנקען גאָט.

ו.

אין ליכט פֿון אונדזערע היינטיקע טעג זיינען אָט די מאָטיוון אַזעלכע ווייטע, אָבער קיין פֿרעמדע זיינען זיי אַפילו אויך היינט ניט.

עס איז דאָ אין אָט די מאָטיוון דער באַוואוסטזיין פֿון דער אייגענער מאַכטלאָזיקייט אַנטקעגן דער צייגערדיקער ראָד, וואָס האַלט כסדר אין גיין איבער דיר.

אַוודאי זיינען אין דעם לעצטן פֿערטל־יאָרהונדערט געקומען ביי אונדז דיכטער, וואָס האָבן מיט זייערע אייגענע ציינער זיך איינגעביסן אין די ציינער פֿון דער ראָד, אָבער אויך פֿאַר אַזעלכע דיכטער זיינען אָט די ראָלניק־מאָטיוון ניט קיין פֿרעמדע. ווייטע, דערווייטערטע פֿון זיך אפֿשר יאָ, אָבער קיין פֿרעמדע ניט, ווארים ניט כסדר איז מען אין דעם ברויזיקן געראַנגל.

יוסף ראָלניק איז דורכאויס דיכטער פֿון אָט דער מאַכטלאָזיקייט. ער געהערט צו אַ פּלעיאַדע דיכטער, וואָס האָט מיט יאָרן צוריק געמאַכט אָט

די מאַכטלאָזיקייט פאַר אַ קולט, וואָס האָט צום ערשטן מאָל אין אונדזער ייִדישער דיכטונג גלאָריפיצירט דאָס ליד בלויז צוליב ליד און ניט פאַר עפּעס מער.

ניט אומזיסט זיינען דאָ אַזוי פיל לידער וועגן לידער אין יוסף ראָלניקס בוך, וואָס ער אַליין האָט איצט אָפּגעקליבן.

איך האָב געפרעגט: פון וואַנען קומען
די לידער וויינענדיק אַזוי?
— זיי קומען פון אַ לאַנד אַ גרויסן
אין יענעם לאַנד — עס רופט זיך: ווײ.

ער פרעגט וועגן זיי, זינגט צו זיי, וועגן זיי, בעט גאָט, אַז ער זאָל אים באַשערן וואָס־מער לידער, ווייל פאַר אים איז דאָס ליד דער סאַמע קרן פון זיין לעבן:

אַזוי ווי ער, — מיט קראַנקע גלידער
ליג איך צום קאַלטן בעט געשמידט.
פון ביימער, בלומען, זונען, פרויען
געבליבן איז ביי מיר — אַ ליד.

ליד, ליד! ניט אַזוי דאָס לעבן גופא, ווי דאָס ליד וועגן לעבן. דאָס גאַנצע לעבן האָט ביי יוסף ראָלניקן נאָר אויף אַזוי פיל אַ ווערט, אויף וויפיל עס קאָן פאַר־וואַנדלט ווערן אין אַ ליד.

איז דאָס געזונט?

יוסף ראָלניק אַליין טראַכט ניט כסדר אַזוי, — אַ סימן? —

ווען איך בין געווען זעכצן יאָר אַלט
בין איך אויף לידער קראַנק געוואָרן.

ז.

און דאָך איז אַפילו אָט דער קולט פון ליד צוליב ליד אויך געווען מזל־ברכהדיק פאַר דעם וויטערדיקן גאַנג פון דער ייִדישער פּאָעזיע, וואָס האָט שוין לאַנג אויפגעהערט צו זיין בלויז ליד פאַר ליד וועגן.

אַדאַנק דעם קולט פון יענעם פּעריאָד איז די וויטערדיקע ייִדישע פּאָעזיע פונעם לעבן, וועגן לעבן, פאַרן לעבן געוואָרן מער ליד, ווי דאָס איז געווען פאַר יענעם פּעריאָד.

אין דעם הינזיכט האָט דאָס איצטיק אָפּגעקליבן בוך פון יוסף ראָלניקן אויסער דעם פּאָעטישן, אויך אַ קולטור־היסטאָרישן ווערט. עס איז אַ בוך, וואָס ברענגט אונדז סיי די פילאָסאָפיע און סיי דעם בעסטן מוסטער פון

דער גרופע, וואָס איז מיט אַ פערציק יאָר צוריק אויפגעגאַנגען און געהאַט אַ גרויסע השפעה אויף דעם ווייטערדיקן גאַנג פון אונדזער יידישער פּאָעזיע.

ניט אַלע דעמאָלטיקע „יונגע" זיינען געבליבן מיט יענער פילאָסאָפיע. אַ צאָל איז אַוועק פון איר און זיך געלאָזט אויף פאַרשיידענע אַנדערע וועגן און אומוועגן. ווער עס איז געווען מזל־ברכהדיק אין זיין אויסוואַנדערונג און ווער עס איז פאַרטריקנט און פאַרדאַרט געוואָרן אין דער נייער לופט.

יוסף ראָלניק איז פון די געציילטסטע, וואָס האָט אָנגעהאַלטן פאַר די אַלע יאָרן יענעם דרך. אַפילו אין די שפּעטערדיקע לידער זיינע, וואָס האָבן שוין צו טאָן דאָ און דאָרטן מיטן לעבעדיקן לעבן, איז דער טאָן אין זיי דער טאָן פון די דעמאָלטיקע „יונגע":

מיינע געדאַנקען גייען אהיים,
ווי סטאַדעס רינדער און שאָף,
ווען די זון שטייט ביים זוים
און דער טאָג איז ביים סוף,
אין וואַכן און אין טרוים
גייען זיי אַהיים.

זיי זיינען געפאָרן אַרום און אַרום
איבער לאָנדאָן און פּאַריז און איראַק —
איצט קומען זיי פון אומעטום
מיט אַ ליידיקן וואַנדער־זאַק.
זיי האַלט ניט אָפּ קיין שום —
זיי גייען אַלע אַהיים.

זיי האָבן גאָרנישט ניט געבראַכט
פון ימען, לענדער, וועלט.
זיי קומען אויף דער נאַכט
אין צעלעכערטן געצעלט,
אין האַרטן בעט פון ליים
צו ליגן אין דער היים.

און וואו איז יוסף ראָלניקס היים? זי איז אין דעם קעלער־רעסטאָראַנדל פון איסט־בראָדוויי, אין וועלכן עס איז אויפגעגאַנגען אין זיין ליד — די מיל, די קלוגע רייד פון „תנא". אין אָט דעם קליינעם קעלער־רעסטאָראַנדל איז דאָך אַפילו צו אים געקומען צו גאַסט דער פערסיער האַפיז מיט זיין ליד.

ח.

וויפיל יאָר איז דאָס שוין, אַז מיר האָבן זיך געטראָפן ביי יענעם שטיי־נערדיקן טישל אינעם קעלער־רעסטאָראַנדל, ליבער יוסף ראָלניק?

שוין לאַנג, זייער לאַנג, אָבער בלעטערנדיק איצט אייער בוך, בין איך ווידער מיט אייך דאָרטן.

איך זיץ מיט משה לייב האַלפּערן ביי אַן אַנדער טישל, מיינע אויגן פאַלן אַמאָל אויף דעם טישל, ביי וועלכן עס זיצט די באַרימטע „יונגע־טראָיקע“ מאַני לייב, זישאָ לאַנדוי און ראובן אייזלאַנד. אָבער אָט זע איך אייך אַן אַלייניקן אין אַ ווינקל ביי אַ זייטיקן טישל. די אויגן ביי אייך אַרונ־טערגעלאָזטע אין זיך אַריין, און די ליפּן ביי אייך צעציטערטע, ווי ביי אַ שטי־לער תפילה.

וואָס איז געווען אייער דעמאָלטיקע תפילה?

איך לייען זי איצט אין אייער בוך, וואָס ליגט פאַר מיר.

ווייט, ווייט, אָבער אַזאַ שיינע איז די ווייטקייט. און ווייל זי איז אַזוי שיין, איז זי ניט פרעמד. אָפּטמאָל ווערט מען אויפגעלייזט אין איר דורך די וואונדער־שיינע און הערלעכע לידער אין אייער בוך.

.1950

# מאַני לייב

### א.

די נייעס, אַז מאַני לייב האָט צוגעמאַכט אויף אייביק זיינע אויגן, האָט מיך דערגרייכט אינעם זאַל, וואו עס איז באַצייכנט געוואָרן מיינע זעכציק יאָר. איך בין געזעסן ביי דעם כבוד־טיש צווישן נאָענטע און אייגענע, און מאָמענטנווייז געווען אַוועקגעטראָגן ווייט, ווייט פון דער יום־טובדיקייט, וואָס האָט זיך געטראָגן פון דעם אַרום.

— איז, הייסט עס, שוין נישטאָ מאַני לייב, — האָב איך זיך געפרעגט און איבערגעפרעגט:

— טאַקע שוין מער נישטאָ?

טויבן שטילע, בלויע אָוונט־שטונדן!
שפּרייט מיין אָוונט שטילן טרוים צעשפּרייטער —
איצטער בליען בלוטיקער און רויטער
מיינע רויטע רויזן — מיינע וואונדן.

אָט די שורות האָב איך דאָך געדאַוונט פאַר זיך ביחידות לאַנג, לאַנג צוריק, נאָך איידער איך האָב זיך געצאַפּלט אינעם קעלערדיקן מילכיקן רעס־טאָראַנדל אויף איסט בראָדוועי, ווען ער, צוזאַמען מיט זישאָ לאַנדוי האָבן געבלעטערט מיינס אַ באַשריבן העפטל, און זיך איבערגעוואָרפן צווישן זיך מיט אַזעלכע ווערטער, ווי „לירישקייט", „בילדערישקייט", „עכטער טאָן" און דערביי צוגעלייגט אַן „אָבער".

די אַלע אַרויסגעמורמלטע ווערטער זיינען געפאַלן איבער מיר, ווי טראָ־פּענס האָניק, צו וועלכע איך האָב געפילט אַ צי צו טאָן דעם צונג, אָבער דאָס וואָרט „אָבער" איז געווען, ווי אַ ביטערע פּיל.

— איז וואָס־זשע איז דער „אָבער"? — האָב איך זיך געצאַפּלט.

זישאָ לאַנדויס פּוכקע האַנט האָט פאַרשאַרט די בלאָנדע, קרויזיקע האָר, וואָס האָבן זיך געוויקלט, ווי דינע, יונגע שלענגעלעך צו זיין שטערן, און מאַני לייבס אַליוור־קאַלירנדיק פּנים האָט זיך צעצוקט, ווי ביי אַ יונג שיין מיידל, וואָס איז געצוואונגען אָפּצוזאָגן אַ ראַנדעוואו, כאָטש דער בחור, וואָס בעט אים ביי איר, איז איר דווקא צום האַרצן, נאָר וואָס־זשע דען?

זאָל אים נישט אָנקומען אַזוי גרינג!

העי, איר, ביי מיינע הויכע טויערן,
די גאַנצע נאַכט מיט פּאַקלען וואַכט!
מיין ווייסע פרייד אין דרייצן שלייערן
דאַרף קומען היינט צו מיר באַנאַכט.

איר פאַרשטייט? ער, מאַני לייב, וועמענס טויבן שטילע האָבן אים גע־פירט אינעם טרוים־לאַנד אַריין, וואו עס האָבן אויפגעבליט פאַר אים גלו־טיקע, רויטע רויזן, וואָס זיינען אין דער אמתן גאָר קיין רויזן נישט געווען, נאָר וואונדן זיינע אייגענע, האָט דאָך טאַקע נישט געקאָנט אויפנעמען די פּשוטע וואָרקענדיקע טויבן, וועגן וועלכע איך האָב געזונגען. אַז איך האָב געוואָלט איבערגעבן די פרייד, וואָס איז אין מיר געווען, איז די פרייד געווען אַ פּשוט מיידל, ווי אַ שטייגער מאַרוסיע, די גענדז־אַפּהיטערין אויף דער גרינער לאָנקע פון מיין וואָלין, וואָס איז נישט געווען פאַרצאַמט פאַר קיי־נעמס אויג מיט קיין הויכע טויערן, נישט געווען באַהיט דורך די נעכט פון קיין היטער מיט פּאַקלען אין די הענט, און אָנשטאָט איינגעוויקלט אין דרייצן שלייערן, האָט איר פאַרברוינט לייב געבריט דורך דעם איינציקן, דינעם סאַראַפאַן, וואָס זי האָט אויף זיך געטראָגן. איז ווי־זשע טאַקע האָט זיין פאַנ־טאַזיע זיך געקאָנט באַנוגענען מיט דעם פּשוטן פאַרמעג, וואָס איך האָב מיט זיך געבראַכט!

— לירישקייט, בילדערישקייט, עכטער טאָן, נו־יאָ, — האָט ער באַווי־ליקט זיין הסכמה אויף דעם ייִנגערן, ניי־צוגעקומענעם, אָבער:

—— גייט מיט די פיס אויף דעם אָפענעם שליאַך, און האָט נישט קיין פליגל זיך אַ הויב צו טאָן אין די הויכן איבער די וואָלקנס, וואָס מען קאָן זען בלויז מיט צוגעמאַכטע אויגן.

מאַני לייב האָט נישט גענוצט אַקוראַט אָט די ווערטער, וואָס איך גיב איצט אין זיין מויל אַריין. גענוצט האָט ער האַלב־ווערטער, און פאַרשליי־ערטע זיינען זיי געווען, ווי זיין אויסגעחלומטע פרייד, אָבער דער מיין איז געווען אָט אַזוי, ווי איך פאָרמוליר אים איצט.

פאַרדריסט מיך איצט, וואָס איך האָב דעמאָלט בשום אופן נישט געקאָנט בייקומען אָט דעם „אָבער“, וואָס האָט געשטערט מאַני לייבן מיך אויפצונע־מען אינגאַנצן ווי איך בין?

ניין! עס פאַרדריסט מיך שוין גאָרנישט. וואָרום וואָלט איך דעמאָלט גע־ווען בייגעקומען אָט דעם „אָבער“, וואָלט איך אַרונטער פון דעם אָפענעם שליאַך, וואָס האָט אין לויף פון די יאָרן מיך געגערט מיט דעם פאַרביק־רייכן לעבן אויף אים. וואָס שייך פליגל, זיינען קיינמאָל מיר נישט געווען צום האַרצן יענע, וואָס פליען אַוועק אויף יענער זייט פון אונדזער ערד, און לאָזן זיך נישט דערזען מיט די אָפענע מענטשלעכע אויגן.

## ב.

איצט, ווען איך זיץ אין די שפּעטע שעה׳ן פון דער נאַכט מיט זיך אַליין, פיל איך נאָך טיפער דעם צער אין מיר.

דער טאָג פאַרגייט, דער טאָג פאַרגייט... ער מוז פאַרגיין...
און אויב דיר ווילט זיך וויינען, וויינען, וויינען — ווײן, —
דער טאָג פאַרגייט.

איז אוודאי אַ גרויסער צער, וואָס דער טאָג פאַרגייט, און פאַר מיינע אויגן גייט אויף נישט נאָר דער העלער טאָג פון מיין באַוועגן זיך אין דער סביבה פון מאַני לייבן, נאָר אויך מיין קאַיאַר, וואָס איז אויפגעגאַנגען ביי די שוועלן פון די שוין עטאַבלירטע „יונגע", פון וועלכע ער איז דעמאָלט געווען איינער פון די צענטראַלע פיגורן.

עס שטייט אויף אין זכרון די אַגאָניע פון אַ יונג פאַרליבט האַרץ, וואָס שלאָגט זיך אָן אָן דעם קילן שולטער פון דעם, וואָס ער באַגערט צום שטאַרקסטן.

אין יענעם פעריאָד פון מיין קאַיאַר איז מאַני לייב געווען מיין באַגערט־סטער צווישן אַלע אַרום די „יונגע". איך האָב געדאַוונט זיינע לידער מיט דער דבקות פון אַ חסיד, און ביז גאָר פאַרליבט בין איך געווען אין זיין אויסזען, זיין קול, און דעם אופן, ווי ער האָט זיך געהאַלטן, ווי ער האָט גע־רעדט, און אפילו אין די קליידער, וואָס ער האָט געטראָגן.

אַלץ, אַלץ אין אים האָט זיך צונויפגעגאָסן מיט דער גראַציעזקייט פון זיינע פערזן, און פאַר מיר איז ער געווען די פּערפעקציע פון אַ שיינער גאַנצקייט.

מיד בין איך, בלייך בין איך,
נו, בין איך מיד, בין איך בלייך.

דאַכט זיך וואָס? וואָלטן אָט די שורות געווען געקומען פון עמיצן אַנדערש פען, וואָלטן זיי אַרויסגערופן אַ שמייכל, אויב נישט קיין ווידער־געפיל, אָבער, ווייל זיי זיינען געווען זיינע, האָבן זיי געהאַט אַלע טעמים פאַר מיר.

ער האָט געהאַט אַ דינע, שלאַנקע פיגור, אַן אַליװו־לענגלעך פנים מיט צוויי גרינלעך־טונקעלע אויגן, אין וועלכע עס איז שטענדיק געווען אַ שיין, וואָס האָט זיך געוויגט פון אומרו און איבערגעלאָדענע עמאָציעס. זיין אויבערשטע ליפּ איז געפאַלן איבער דער אונטערשטער,ווי אַ דעקל, וואָס דריקט אַרונטער די איבערגעפילטקייט, און זיין קול ווייך — אפילו אין אויפ־געררייצטקייט. אין ענטוזיאַזם אַן „אַך" מממעקים, פון די סאַמע טיפענישן,

אין ווידערגעפיל אַ „ברי״, ווי אַנגערירט פון אומריינקייט, אין שעה׳ן פון מנוחה לאַשטשענדיק און פיעשטשענדיק, ווי ביי אַ מיידל, וואָס ווייסט, אַז אַלע זיינען אין איר פאַרליבט, און האָט דערפאַר גרויס הנאה זיך צו קלאָגן אויף דער מוראדיקער לאַנגווייליקייט, וואָס מאַטערט זי.

פאַרוואָס איך בין ביי מיין פּאָעטישן קאַיאַר געווען אַזוי פאַרכישופט פון מאַני לייבן, האָב איך אָנגעהויבן צו באַנעמען אין אַ פּאָר יאָר שפּעטער, ווען איך האָב זיך אָנגעהויבן צו באַפרייען פון אים.

די באַפרייאונג איז געקומען מיט דער אויפגעוואַכטקייט אינעם באַוואוסטזיין, אַז קונסט, וואָס איז עסקיפּיזם פון דער ווירקלעכקייט, איז פאַרמשפּט שטענדיק צו וואָגלען אונטערוועגנס פון איין ערגעץ־אַנדערש צו אַן אַנדער ערגעץ־אַנדערש און נישט פילן די וואַרעמקייט פון היימישקייט. פּלוצלינג האָב איך דערפילט, אַז מאַני לייבס „שטילער, שטילער!״, איז מיר דערווידער.

שטילער, שטילער! רעדט נישט הויך,
שטייט געבויגן שוואַרץ און בלייך.
איינגעבויגענע אין פּיין,
שווייגט און האַלט דעם אָטעם איין.

פון דער טיפער נאַכט אַרויס
און פון קיינעם נישט געהערט,
וועט ער אויף אַ ווייסן פערד
קומען שטיל צו אונדזער הויז.

ווער וועט קומען אויפן ווייסן פערד? ווי קוקט ער אויס? און פאַרוואָס עפּעס פון דער טיפער נאַכט, און נישט מיטן קאַיאַר? און פאַרוואָס דאַרפן מיר דווקא זיין שטילער, און שטיין איינגעבויגן, — שוואַרץ און בלייך, און איינגעהאַלטן דעם אָטעם?

גראַדע איז אין יענער צייט געקומען דער ערשטער שאַרפער רוף זיך צו שטעלן מיטן פּנים צו דער ווירקלעכקייט פונעם יידישן לעבן אין אַמע־ריקע, וואָס איז דעמאָלט געווען אַ גרויס געשעניש.

דר. חיים זשיטלאָווסקיס באַגרינדונג פון דעם יידישיזם, און יואל ענ־טינס נאַציאָנאַלער ראַדיקאַליזם האָבן אויפגעוועקט די איינגעדרימלטע ענערגיע אין די געמיטער פון אַ צאָל יינגערע יידישע געלערנטע, ווי חיים ליבערמאַן, לייבוש לעהרער, מ. האַלמשטאָק, יעקב לעווין און אַ צאָל אַנדע־רע, וואָס האָבן אַ צי געטאָן די גלעקער פאַר אַ וועלטלעכער יידישער דערצי־אונג. עטלעכע פון דער גרופּע „יונגע״ האָבן זיך אַ טשוכע געטאָן, און אויב אפילו נישט גלייך אָנטקעגנגעגאַנגען דעם קלאַנג פון די גלעקער, האָבן זיי אָבער געהאַלטן צעוואַכט דעם געהער צו אים, אָבער די מערסטע האָבן נאָך

שאַרפער פאַרשטאָפּט די אויערן, און מאַני לייב האָט זיך געפּיעטשעטשעט;
„שטילער, שטילער, רעדט נישט הויך;"

און עס איז געווען אפּנים, וואָס איך בין יאָ אַנטקעגנגעגאַנגען, און גע־וואָרן איינער צווישן די ערשטע לערער אין די וועלטלעכע יידישע קינדער־שולן, וואָס האָבן צוזאַמען מיט די ערשטע טויער געדאַרפט רייסן רוי־ערד, ווען איך האָב באַנומען די סיבה פון מיין פריערדיקער פאַרכישופדיקייט.

דער פשט פון מיין פאַרענטפערן זיך אַליין איז געווען: אַ ייִנגל וואָס איז אויסגעוואָרצלט געוואָרן פון אַן ערד אויף יענער זייט ים, אַנגעפּילט מיט היימישע זאַפטן, האָט דאָ, אין יענער צייט, נישט געפונען פאַר זיך קיין ערד זיך איבערצופלאַנצן, האָט געזוכט זיך צו ראַטעווען אין דעם לאַנד פון פרייד אין דרייצן שליירן, אין אַ הונט, וואָס טראָגט צוזאַמען מיט מאַני לייבן די לבנות איבער טייכן פון טרויער, און לאַנדישן, וואָס זייַנען ביי אים אויפן הויף קיינמאָל נישט געוואַקסן, אַ וויינרעב, וואָס קלעטערט אי־בער די ווענט פון עמעצן־אַנדערש אַ פּאַלאַץ.

אויסטראַכטענישן? אויסטראַכטענישן? נו, יאָ! אַז די ווירקלעכקייט איז געווען אַזאַ צעקרישלטע און אַזאַ צעשטויבטע, האָט מען געמוזט זיך ראַטע־ווען אין די פאַלדן פון אילוזיעס.

אפילו דער טרויער, וואָס האָט זיך באַוויזן נאָכצושלעפּן אַמאָל פון דער אייגענער ווירקלעכקייט, איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַזאַ זייד, אַז פון די פעדים האָט זיך אויסגעוועבט אַן אומזאַרישער כישוף־טעפּיך, איבער וועלכן מען האָט זיך אַוועקגעלאָזט ווייט פון דער אָרעמקייט.

שטיל און פינצטער איז אין חדר.
— האַ! ווער שאַרט זיך דאָרט כסדר, —
ליולינקע, מיין ייִנגעלע.

ס'שאַרט אַ מייזל אין די ספרים
— מתים קומען פון די קברים, —
ליולינקע, מיין ייִנגעלע.

ליולינקע, ליולינקע, נישט נאָר מיין ייִנגעלע, נאָר אויך אייגן געמיט, און שפּילט זיך, פאַרשפּילט זיך!

יאָ, כל זמן עס איז געווען שטיל און פינצטער אינעם חדר, וואו דאָס מייזל האָט זיך געשאַרט אין די ספרים, און מתים בלויז זייַנען געקומען פון די קברים, איז געווען נאַטירלעך פאַר אַזאַ, ווי איך בין דעמאָלט געווען, באַווירקט צו ווערן פון מאַני לייבס פּיעטשעטשען זיך, אָבער אַזוי גיך, ווי איך האָב זיך אָנגעשלאָסן אין די רוי־ערד־אויפרייסער מיטן רידל, מיטן שאַרף

פונעם אַקער, איז דאָס פיעשטשען זיך געוואָרן אומזיניק, און היפּש דער־ווידער.

ג.

אָבער דאָס ווידערגעפּיל צו זיין פיעשטשען זיך און צו זיין עסקעיפּיזם האָט פונדעסטוועגן נישט פאַרשטעלט זיין שיין פּאָר מיינע אויגן. פאַרקערט, איך האָב דעמאָלט אים נאָך שאַרפער דערזען. נאָר וואָס־זשע דען? אָנ־שטאָט מיטצוגיין מיט אים אין חלל אַריין, וואו ער האָט נישט געהאַט קיין אָפּ־שייך, האָב איך זיך געפריים מיט אים, ווען ער האָט זיך אָנגעשלאָגן, — זאָל זיין כאָטש אויף אַ ברעג פונעם לעבן, וואָס האָט אויפגעבלעדט אונטער אים.

איך געדענק, מיט וואָס פאַר אַ פרייד איך האָב אויפגענומען זיינע קינ־דער־לידער און באַלאַדן, און וויפל נחת איך האָב געהאַט צו הערן די קינ־דערישע קולעכלעך אין מיינעם אַ קלאַס אַרויסברענגען די פאַרביקע און קלינגענדיקע פערזן פון זיין „יינגל, צינגל, כוואַט", „בלימעלעך קרענצע־לעך", „דער פרעמדער", „גזלנים" און די עטלעכע אַנדערע. דאָס זעלבע מיט זיינע קלענערע, קלינגענדיקע, זינגענדיקע און פריידיקע לידער פאַר די קינדער:

נעמען פולע פורן פאָרן,
פורן פאָרן, פירן קאָרן
דורך די בערג און דורך די טאָלן
אין די מילן אויסצומאָלן;
הויבן אָן די ווינטן ווייען,
און די מילן פליגלען דרייען,
מאָלן מילן, מאָלן שנעל
פונעם קאָרן ווייסע מעל.

סאַראַ מחיהדיקייט עס איז דעמאָלט אויפגעגאַנגען פון מאַני לייבן. און מערקווירדיק, וואָס אין יענעם פעריאָד האָט אים דאָס פיעשטשעניש אויך איבערגעלאָזן, און ער איז געוואָרן אויף אַזוי פיל מענטשלעך, אַז דאָס האָט זיך אָנגעהויבן אויך פילן אין זיינע ריין־פערזענלעכע לידער.

טרויער? יאָ! אָבער איצט איז דאָס געוואָרן דער טרויער פון מענטש־לעכן לעבן אַרום זיך.

עס איז געוואָרן דער טרויער פון אַרבעטער־מיידלעך אויף דער פינפ־טער עווענין ערגעץ אויף אַ דרייצנטן שטאָק, וואָס „גייען און וואַרטן אין דער בלייכקייט פון טרויער אויפן סיגנאַל פונעם אָוונט־גלאָק", פון דעם אָרעמען אַנדזשעלינאָ, דעם איטאַליענער, וואָס ווערט געפירט אונטער די קלאַנגען פון אַן אָרקעסטער צו זיין אייביקער רו און

וועט שוין דרייסיק יאָר נישט זיצן
מיט האַמער אויף זיין בענקעלע
איבער אַלטע שיך פון שכנים.

און די פרייד אויף גאָר אַן אַנדערע, און נישט פאַרשלייערט אין קיין דרייצן שלייערן:

אין הייזער אָרעמע איז דאָ אַזוי פיל שיינקייט,
די הונגעריקע ליפּן איידלט דער בטחון.
די האַנט, וואָס איז געשלאָגן אין דער קוואַליקער ריינקייט
האַלט אַלע טירן אָפן פאַר דעם אָרעמערן שכן.

אין יענעם פּעריאָד האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז ער האָט זיך ענדלעך באַ־פרייט פון זיין פאַרשלייערטקייט, און זיך אומגעקערט צוריק צו דעם לעבן, פון וועלכן ער איז געקומען, און וואָס רינגלט אים אַרום, און באַלד, באַלד וועט אויפגיין פון זיין ליד פאַר אונדז די פּיין און די פרייד, וואָס האָבן גע־נערט זיין פרייע יוגנט, דער גערעגל פון זיין יוגנטלעכקייט, וואָס האָט אים אפילו אויף אַ צייט איינגעשלאָסן הינטער תפיסה־גראַטעס. סימנים אַז ער שטעלט זיך מיטן פּנים צום לעבן האָבן געוויזן סיי אַ צאָל פון זיינע לידער, ווי דאָס פאָלקס־ליד וועגן די ווילנער יידן, וואָס פאַרענדיקט זיך אַזוי גע־שמאַק:

— אַ געזונט זיי אין די ביינער,
אַלע די ליטוואַקעס,

וואָס זיי לערנען זייער תורה
מיט די ניעזשינער פּראָסטאַקעס.

עס האָט זיך געוואָלט גלויבן, אַז וויבאַלד ער האָט זיך שוין צוריקגע־קערט צו זיין ניעזשין, וועט ער אונדז שוין געבן זיינע שוסטער־יונגען, צווישן וועלכע ער איז געווען איינער פון זיי, אָבער דאָס איז געווען בלויז אַ קורצער פּעריאָד. באַלד האָט אים אַ ציי געטאָן צוריק צו די שלייערן, און פון דאָרטן האָט ער אונדז געלאָזט הערן:

די שוסטער־יונגען, די געטרייע געזעלן,
זיי האָבן געגאַפט, ווי איך זינג מיט גוסט.
זייער ביטער האַרץ איז מיין ליד געפעלן,
נאָר צו וואָס איך זינג האָבן זיי נישט געוואוסט.

און גערייצט פון אומעט און מיזאַמען לעבן,
האָבן זיי מיט חוזק מיך אויסגעשפּעט,
און אויף אייביק אַ צונאָמען מיר געגעבן:
גראַם־שטראַם, לאַטוטניק, גראַם־שטראַם פּאָעט.

איז זייט מיר געזונט, מיינע טייערע ברידער,
ביים ווערקשטאַט מיט אייך — גייט מיר נישט איין.
אין האַרצן די מוזע, אין בוזעם לידער, —
איך גיי צו פּאָעטן אַ פּאָעט צו זיין.

אַוודאי האָבן די שוסטער־יונגען געגאַפט, וואָס זייערער אַ שוסטער־יונג זינגט אַזוי שיין, אָבער אַז די שיינקייט איז נישט געווען פון זיי, און זיי האָבן נישט געוואוסט צו וואָס און פון וואָס ער זינגט, איז ער זיי פרעמד געוואָרן און זיי האָבן געחוזקט, און זיך נישט גענומען צום האַרצן, ווען ער איז אַוועק פון זיי צו די פּאָעטן אַ פּאָעט צו זיין.

אַ פּאָעט פון וואָס? און צו וואָס? אַ פּאָעט פון וועמען? און פאַר וועמען? אַ פּאָעט פון פּאָעטן פאַר פּאָעטן?

אין יענעם פּעריאָד, ווען די גרופּע „יונגע" האָט זיך געשטעלט מיטן רוקן צום לעבן און גלאָריפיצירט די רעזיגנאַציע פונעם אייגענעם אונטער־גאַנג, איז טאַקע מאַני לייב געווען דער כוהן גדול צווישן די כוהנים.

איך בין פון זייערע משוגענע געשרייען
אין פּאַרק אַנטלאָפן. האַרבסט. איצט גייט דאָ קיינער ניט.
די הענט פאַרלייגט אַזוי, מיט שטילע, מידע טריט,
גיי איך אַרום אין שטילע, ליידיקע אַלייען.

אָבער ווי לאַנג קאָן מען גיין אין שטילע, ליידיקע אַלייען אפילו, ווען די לבנה לייטערט אַרום דאָס ווינטיקע שווייגן?

און מיד פון דער לבנהס כישופדיקע שטראַלן,
אַ שטילער און אַ ציטערדיקער בלייב איך שטיין,
איך שטיי און האָרך אַ גליקלעכער, און קאָן פאַרשטיין,
פאַרוואָס די שאַרנדיקע געלע בלעטער פאַלן.

אַ גליקלעכער מיטן פאַרשטיין, פאַרוואָס שאַרנדיקע, געלע בלעטער פאַלן? דאָס איז אַ מדרגה, אָבער ווען מען איז אַליין שוין נישט מער ווי אַ געלע בלאַט?

ד.

דער פּאָעט פאַר פּאָעטן איז געבליבן אין דער שטילער, ליידיקער אַלייע פון דעם האַרבסטיקן פּאַרק, וואו קיינער גייט נישט, ווייל די מער־סטע פּאָעטן פון זיין דור האָבן זיך פאַרנומען אויפן ברייטן שליאַך, וואו עס האָט גערוישט מיטן געראַנגל פון דער צייט. איז ווי־זשע לאַנג האָט ער געקאָנט דאָרטן בלייבן? זיך צו פאַרנעמען אויפן ברייטן שליאַך האָט ער זיך געפילט מיד און אויסגעשעפּט, און דער וועג האָט אים געפירט אין

דער לײדיקײט פֿון לאַנגװײל, װאו מער קײן פֿרײד איז שױן נישט געװען צו געפֿינען אפֿילו הינטער די דרײצן שלײערן, װאָס זײַנען איצט געלעגן ערגעצװאו אין אַ װינקל פֿאַרװעבט אין אַלטן שפּינװעבס, און דער בײַער עסקעפּיזם איז געװאָרן בײַם קאָרטנטישל.

דו האָסט אַזױ פֿיל נעכט בײַם קאָרטן־טיש צעפּטרט
בײַם געלן ליכט מיט פֿרעמדע און מיט גוטע פֿרײַנט.
די קאָרט האָט הײס גערײצט, פֿון האַנט צו האַנט געפֿלאַטערט,
פֿאַר דעם געלאָשן זיך, פֿאַר יענעם אױפֿגעשײַנט.

דו ביסט געזעסן נעכט אין רעגונג אױפֿגעהעלטער,
געפֿלאַנטערט זיך פֿון שטריק, געפֿלאָכטן יענעם שטריק!
אין לײדיקײט פֿון האָרץ, אין גײציקײט פֿאַרשטעלטער
אַ לעק צו טאָן די פּיס פֿון כלומרשטן גליק.

אין יענעמס אױג אַ װאונק, װי גאָלד האָסטו געװאױגן,
געמאָסטן האָסטו, װי אַ חיה מעסט דער צװײטערס טריט.
און יענעמס הענט האָסטו מיט נישט פֿאַרשעמטע אױגן,
װי אין דער פֿינצטערניש׳ גנבימלעך געהיט.

דו האָסט פֿאַרגעסן קאָלט דײַן פֿרײַנטשאַפֿט מיט דײַן שײנקײט,
דײַן אַרבעט און דײַן רום, דײַן האַפֿט פֿון הױכן װאָרט
און קלײניקײט נישטיקע אַנטקעגן פֿרעמדער קלײניקײט,
אַנטקעגן יעדע קאָרט האָסטו געצױגן קאָרט.

נעכט בײַם קאָרטן־טיש ביז בלױען פֿון פֿאַרטאָגן,
און ביז דאָס העלע ליכט פֿון זון האָט אױפֿגעברענט,
װען דו האָסט דאָס געװינס אַהײם צו זיך געטראָגן
מיט קלעפּיקע, װי שימל װײנענדיקע הענט.

אָט האָט איר די גרױסע טראַגעדיע פֿון אײנעם, װאָס איז געװען גע־בענטשט מיט אַזױ פֿיל מעגלעכקײטן, װאָס זײַנען פֿאַרשװענדט געװאָרן אין טשאַדיקן ציגאַרן־רױך יאָרן לאַנגע בײַם קאָרטן־טיש.

— מאַני לײב האָט פֿאַרשפּילט זײַן גרױסן טאַלאַנט אין קאָרטן, — האָט מיר מיט אַ צײט צוריק געזאָגט אײנער פֿון זײַנע אינטימסטע פֿרײַנט מיט אױפֿריכטיקן באַדױער אין זײַן קול, און עס איז געװען פֿאַר אים ממש אַן איבעראַשונג, װאָס דװקא איך, שױן יאָרן אַזױ אָפּגעזונדערט און דערװײַטערט פֿון מאַני לײבן, האָב גענומען אָפּדינגען.

— נײן, צום גליק נישט דעם גאַנצן טאַלאַנט! — האָב איך זיך גע־דונגען, און גענומען רעדן װעגן די װאונדערלעכע קינדער־לידער, און אַ צאָל אױך פֿאַר דערװאַקסענע, װאָס שײַנען און װעלן נישט אױסגעלאָשן װערן אַזױ לאַנג, װי אונדזער ײדיש װעט לעבן.

אָבער, אַז אַ גרויסן טייל פון זיין טאַלאַנט האָט ער צעפּאַטערט איז קיין שום ספק נישטאָ. דאָס ביסל, וואָס איז געקומען אין דער עפנטלעכ־קייט פאַר די לעצטע צוואַנציק יאָר, איז געווען נישט מער, ווי אַ בלייר־כער אָפּשיין פון זיין פריערדיקן שיין. און ביז גאָר הילפלאָז האָט ער אויסגעזען מיט זיינע עטלעכע לידער, וואָס האָבן זיך פאַרמאָסטן צו זיין אַ צד אין דעם גרויסן אידייען־געראַנגל אין אונדזער לעבן פאַר דעם לעצטן פערטל יאָרהונדערט.

אין די מערסטע אַרטיקלען, וואָס ווערן איצט געשריבן נאָך זיין טויט, ווערט שטאַרק באַטאָנט, מען זאָל זיך אָפּהאַלטן מיט אונטערציען דעם סך־הכל ביז עס וועלן נישט צונויפגעזאַמלט ווערן אַלע זיינע לידער אין די ביכער, וואָס וועלן בקרוב דערשיינען. מען זאָגט צו אַ גרויסע צאָל סאָ־נעטן, וואָס ער האָט געשאַפן אין די לעצטע יאָרן זיינע, דורך וועלכע עס וועט זיך באַווייזן פאַר אונדז אַ דורכאויס אויסגעלייטערטער מאַני לייב.

הלוואַי זאָל דאָס אַזוי זיין.

איך וועל זיך אוודאי פרייען, אָבער דעם אמת געזאָגט, בין איך שטאַרק אין ספק, צי עס קומט צו אונדז אַזאַ מתנה.

דער פאַקט, וואָס זיי זיינען דורכאויס אין סאָנעטן־פאָרם, פאַרשטאַרקט אין מיר די ספקות.

איז דער סאָנעט מיט די פערצן שורות און באַשטימטע רעגולאַציעס פאַר דעם גראַם, מסוגל צו געבן אויסדרוק דורך זיך דעם גרויסן שטור־רעמדיקן געראַנגל, ווי ער איז אין אונדזער עפּאָכע? איך גלויב קוים, צי דאָס איז מעגלעך. גיכער וועלן זיי זיין אַ צוריקקער צו זיין אַמאָליקער גע־שליפנקייט, וואָס וועט מיט זיך ברענגען אין בעסטן פאַל אַ צוגאָב צו דעם, וואָס ער האָט אונדז שוין געגעבן, און דאָס וועט נישט רייכער מאַכן זיין ירושה.

## ה.

בלויז איין חודש האָט געפעלט, אַז מאַני לייב זאָל דערגרייכן דעם קיילעכדיקן סכום פון פולע 70 יאָר, און ווענדליק דעם גרויסן טאַלאַנט, וואָס ער האָט פאַרמאָגט, האָט זיין ירושה, אפילו ווען די צוגעזאָגטע סאָנעטן זאָלן זיין פון הויכער קוואַליטעט, געקאָנט זיין אַ סך רייכער און אַ סך פאַרביקער.

עס שטייט אויף פאַר די אויגן דער דערצעמבער אָוונט, ווען ער האָט אינעם קעלערדיקן רעסטאָראַנדל אויף איסט בראָדוויי געלאָזט וויסן די קאָלעגן זיינע, די עלטערע און יינגערע, אַז עס איז זיין פינף־און־דרייסיק־סטער געבוירנטאָג, און דערביי זיך אַזוי מיידליש געחנדלט:

מיד בין איך, בלייך בין איך,
נו, בין איך מיד, בין איך בלייך.

חברה איז אויפֿגערייצט געוואָרן. מען האָט געגומען זוכן אין די קעשענעס, און אַרויסגעשלעפּט יעדער איינער זיין פּאַרמעג, וואָס איז באַשטאַנען נישט מער, ווי פֿון קופּער און אַביסל זילבער.

— ווין! ווין! — האָט אברהם משה דילאָן זיך צערוישט, און דער פּוכקער זישאָ לאַנדוי איז באַשטאַנען, אַז עס זאָל זיין צובייסן אויך.

איך בין יענעם אָוונט גאָר באַזונדער געווען גערירט פֿון דער געשעעניש, און איך געדענק, אַז די באַזונדערקייט איז געקומען פֿון דעם, וואָס מיט אַ פּאָר אָוונטן צוריק האָט ער צום ערשטן מאָל באַוויליקט אַ פּאָר ווערטער פֿון לויב צו מיר פֿאַר עטלעכע לידער מיינע וועגן וואַלין, וואָס זיינען דערשינען אין אַ זאַמל־ביכל אונטער דער רעדאַקציע פֿון משה לייב האַלפּערן און מנחם באָריישאָ.

— אַך, סאַראַ פּיינע לידער! — האָט ער אויסגערופֿן אין זיין כאַראַקטעריסטיש־עקזאַלטירנדיקן טאָן.

איז דאָך שוין נישט שייך צו דערציילן, אַז איך האָב זיך געפֿילט געוואַלטיק משפּחהדיק צו אים יענעם אָוונט, און נישט נאָר האָב איך אויסגעליידיקט מיינע קעשענעס, נאָר אויך געווען דער ווין־ברענגער פֿון יצחק גאָלדבערגס ווין־געשעפֿט, וואָס איז געווען בשכנות מיטן קעלערדיקן רעסטאָראַנדל.

אין יענעם אָוונט האָבן זיך צונויפֿגעגאָסן אַלע, אַלע אַרום די צווי צוגעפּגערוקטע טישלעך און ליבשאַפֿט האָט געפֿלאָסן צו מאַני לייבן אפֿילו פֿון די, וואָס האָבן מיט אים געהאַט אָפּטע פּאָעטישע סיכסוכים.

— מאָדנע, מאָדנע, — מורמלען איצט מיינע ליפּן, זעענדיק קלאָר פֿאַר זיך יענעם אָוונט אין דעם קעלערדיקן רעסטאָראַנדל אויף איסט בראָדוועי.

— אין אַ חודש אַרום וואָלט ער געוואָרן זיבעציק יאָר! — שלאָגט מיר אין מוח אַריין אין דעם איצטיקן מאָמענט.

טאַקע שוין פֿולע זיבעציק יאָר? אָט זע איך אים דאָך זיצן אַזאַ יונגן מיט דעם לויזן ספּאָרט־מאַנטל איבער זיינע שמאָלע ציטערדיקע אַקסל.

— מיר איז קאַלט, — פֿאַרענטפֿערט ער זיך אין זיין פּיעשטשענדיקן טאָן, און יעדער איינער איז גרייט אים אַרומצונעמען און אים דערוואַרעמען.

— לחיים! — רופֿט צו אים דאָס טיפּע באַריטאָן־קול פֿון משה לייב האַלפּערן, וועמעס פּנים איז שוין היפּש פֿאַררויטלט און זישאָ לאַנדוי קלאָגט זיך, אַז דער ווין איז נישט קיין געראָטענער.

— ווען מען זאָל מיך געווען פֿאָלגן, וואָלט מען בעסער געווען געבראַכט אַ פּשוט ביסל בראָנפֿן, וואָרום בראָנפֿן, פֿאַרשטייט איר מיך?

אָט אַזוי טוט זיך אַ לאָז אָוועק משה יונה כאַימאָוויטש אין אַ לעקציע וועגן דער קוואַליטעט פֿון משקה, און א. ראַבאָי, נעמט אַרויס די ליולקע פֿון

מויל, און בעט זיך ביי אים, ער זאָל אויפהערן.

— וואָס איז דער חילוק, וואָס מען טרינקט, — שטראָפּט ער סיי זישאָ לאַנדוין און סיי משה יונה כאַימאָוויטשן, און לייגט צו מיט באַטאָנונג און ליבשאַפט אין זיין ווייכן קול:

— אונדזער משקה איז איצט מאַני לייב!

— ריכטיק! — איז מסכים ראובן אייזלאַנד, אויף וועמעס אויסגעצ־בלייכטן פּנים עס רוט ממש די שכינה פון דערהויבונג.

שפּעטער האָט זיך אַרונטערגעלאָזט אין דעם קעלערדיקן רעסטאָראַנדל די אימפּאָזאַנטע פיגור פון דעם שוין אַביסל עלטערן, אָבער דאָך גענוג יונגן, פּרץ הירשביין, און אויסגעפינענדיק די סיבה פון דער שמחה, האָט ער אויף זיין פאַמעלעכדיקן אופן גענומען דערציילן:

— ווי דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט, — האָט ער אָנגעהויבן, און פאַר־שפּיליענדיק דאָס אויבערשטע קנעפּל פון זיין ברוין, אויסגעפּרעסט רעקל, האָבן זיך זיינע ווערטער געצויגן:

— זיצט אַ מענטש, ווי איך, אין שלומס רעסטאָראַן, אַרומגערינגלט פון צייטונגס־מענטשן, און דאָס האַרץ באַגערט זיך מתיחד צו זיין מיט אַ האַרץ פון אַ קינסטלער. איז באמת, ווי דאָס האַרץ האָט מיר אונטערגעזאָגט, זיך אַוועקצולאָזן צו אייך, קאָלעגן.

איז שוין טאַקע גאַנצע פינף־און־דרייסיק יאָר זינט יענעם אָוונט אין דעם קעלערדיקן רעסטאָראַנדל?

אַזאַ נאָגענדיקער צער שפּרייט זיך אויס איצט אויפן געמיט. עס איז דער זעלבער צער, ווי אין יענעם אָוונט אינעם יום־טובדיקן זאַל, ווען מען האָט מיר אונטערגעטראָגן די בייעס.

איז, הייסט עס, שוין טאַקע נישטאָ מער צווישן די לעבעדיקע מאַני לייב? נו, און משה לייב האַלפּערן איז דאָך אויך שוין נישטאָ, אַזוי זישאָ לאַנדוי, א. ראַבאָי, אברהם משה דילאָן און פּרץ הירשביין.

פאַר די אויגן גייט אויף די ירושה, וואָס זיי האָבן געלאָזן, און געלאָזן האָבן דאָך אַלע. ווער מער, ווער ווייניקער. און אַז מאַני לייב האָט גע־לאָזט ווייניקער, ווי ער האָט געקאָנט און געדאַרפט לאָזן, איז דאָך אָבער דאָס, וואָס ער האָט יאָ געלאָזט — פון אומגעהויערן ווערט, און דער צער ווערט נאָך שווערער, און נאָך ווייטיקדיקער, און פאַר די אויגן שוועבט אַ פייערדיקער פרעג־צייכן, וואָס וויל אומבאַדינגט אַן ענטפער:

— וואָס טוט מען אַזוינס, אַז עס זאָלן זיין יורשים איבערצונעמען אָט די ירושות און זיי ממשיך צו זיין?

איך געדענק, אַז אַהיים געקומען בין איך פון יענער שמחה לכבוד מאַני לייבן, ווען דער קאַיאָר האָט שוין אַריינגעקוקט דורך דעם איינציקן קליינעם

פענצטער פון מײַן צימער אויף דער פּערטער גאַס אין וויליאַמסבורג, און אײדער איך האָב זיך געלײגט אָפּרוען אויף מײַן שמאָלן בעטל בײַ דער וואַנט, פון וועלכער די פאַרב האָט זיך געשײלט, איז מײַן האַרץ אויפגעגאַנגען אין אַ מאָרגן־תּפֿילה פאַר מאַני לײבן:

דאָס שטילע ליד פון מאַני לײב, —
אַ זילבער־שפּילעוודיקע פלײט,
דורך בלויער און דורך װײַסער פרײד
דער קרעאַטור אַ לויב.

אַ קינד, פאַרחלומט בײַ אַ שויב
מיט אויגן אָפענע און שװײַגנדיקערהײט.
אַ שוואַן — די פליגל אויסגעשפּרײט,
טוט צו דעם הימל זיך אַ הויב.

די זון גײט אויף, די זון פאַרגײט,
אַ שטראַל רירט אָן אַ טיר אַ שויב,
און אין אַ ווינקל זיך פאַרקלײַב,
און שאַ און שטיל און שװײַגנדיקערהײט,
פאַרנעם די פּײַן, פאַרנעם די פרײד, —
דאָס שטילע ליד פון מאַני לײב.

די תּפֿילה פון יענעם קאַיאָר איז אויך איצט אין מיר די זעלבע, וואָרים אויב עס וועלן זײַן יורשים צו פאַרנעמען און איבערנעמען דאָס שטילע ליד פון מאַני לײב, וועט במילא קומען נאָכדעם דאָס הילכעדיקע, יובלדיקע געזאַנג פון אונדזער המשך און קיום.

.1953

# ראובן אייזלאַנד

## א.

זיינע סאַמע נאָענטסטע, וואָס האָבן צוזאַמען מיט אים געפּרובירט אויפ־צומישן אַ ניי בלאַט אין דער געשיכטע פון אונדזער יידישער ליטעראַטור, זייַנען מער דאָ נישטאָ, און ער, דער פאָרמולירער פון דער באַזונדערקייט אין יענער גרופּע, וואָס האָט אויפגעהויבן די פאָן פון „יונגע" קעגן „אַלטע", איז איצט אַ בן־שבעים, וואָס ציט אונטער נישט נאָר זיין אייגענעם סך־הכל, נאָר אויך דעם סך־הכל פון יענע אַלע, וואָס זיינען מער ניטאָ.

קומט דאָך אים טאַקע אַ סך כוח. און יעדער איינער פון אונדז איז פול מיט ברכות, אַז אָט אַזאַ כוח זאָל זיין מיט אים, און דינען זאָל ער אים נאָך אויף לאַנגע יאָרן.

נישטאָ מער דער ווינטלדיקער, שפּילעוודיקער מאַני לייב, וואָס פלעגט אין זיין אומזיכערקייט ברענגען זיין אומרו צו דער רואיקער שוועל פון ראובן אייזלאַנד. נישטאָ מער דער חכמהדיקער זישאָ לאַנדוי, וואָס האָט געזוכט ביים באַדאַכטן ראובן אייזלאַנד דערמוטיקונג פאַר זיין חכמה, און נישטאָ אויך שוין מער דער אין זיך אַזוי פאַרגלויבטער דוד איג־נאַטאָוו, וואָס האָט געקוקט אפילו אויף זיינע נאָענטסטע מיט אַ מינע פון אויבנאָנאָפקייט, און געקאָנט געצאַמט ווערן בלויז פון דער קילער דורכגע־טראַכטקייט אין ראובן אייזלאַנדס בליק. נישטאָ מער דער שטענדיק סטי־כישער אברהם משה דילאָן.

נישטאָ שוין אַ היפּשע צאָל פון יענע, וואָס כאָטש מען איז נישט געווען אין דער גרופּע „יונגע", איז מען דאָך געווען אין נאָענטקייט מיט איר, און מיטגעגאַנגען איז מען מיט איר אין איר רעוואָלט קעגן די „אַלטע".

נישטאָ מער דער האַמערדיקער משה לייב האַלפּערן, דער מנוחהדיקער אייזיק ראַבאָי, דער צעשויבערטער יואל סלאָנים, דער מעטאַפיזישער בערל לאַפּין, דער דורכזיכטיק בין־השמשותדיקער י. קיסין, דער סאָפּיסטישער דוד קאַזאַנסקי, דער קונציק־שעמערירנדיקער משה נאַדיר, דער שפּעטער צוגעקומענער, שטענדיק־זוכנדיקער מנחם באָריישא; און נישטאָ אויך מער דער עגאָצענטרישער קאַליא טעפּער, וואָס האָט אין זיין ווידערווילן צו דעם פלעבייער זיך פאַרשטעלט פאַר דעם „הערצאָג־ד'אַברוצי", און שטשעגאָלירט מיט אַן עלעגאַנץ, וואָס כאָטש זי איז געווען אַ געבאָרגטע, האָט זי זיך אַזוי

אַריינגעהיימישט, אַז זי האָט געקראָגן דעם טעם פון אייגנס.

פאַר די געציילטע, וואָס זיינען געבליבן פון יענעט פעריאָד איז ראובן אייזלאַנדס זיבעציקסטער געבוירנטאָג אַ יום־טוב פון איינעם פון די גע־ציילטע לעבן־געבליבענע אָריגינעלע „יונגע", אָבער אויך אַ דערמאָנונג פון גרויסן צער אויף אַזויפיל פאַרשניטנקייט פאַר דער צייט.

ב.

אָט ליגט פאַר מיר מיין צווייט בוך „יידישע שריפטשטעלער", און איך לייען, וואָס איך האָב געשריבן מיט צוואַנציק יאָר צוריק, וועגן ראובן אייזלאַנד צו זיין פופציק־יאָריקן געבוירנטאָג.

סאַראַ גרויליקע צוואַנציק יאָר עס ליגן הינטער אונדז, — די לעבנגע־בליבענע!

סאַראַ פעלד מיט קברים עס שפּרייט זיך אויס פאַר די אויגן אויך אַרום זיך אפילו, וואו היטלערס מלאך־המות האָט נישט באַוויזן צו דערגרייכן מיט זיין קאָסע!

און דאָך איז דאָ אינעם אויפגעשריבענעם מיט צוואַנציק יאָר צוריק עפּעס אַזוינס, וואָס קאָן איצט איבערגעחזרט ווערן.

וועגן זיין אויסערלעכן אויסזען, צום ביישפּיל, איז איצט נישטאָ קיין סך צו ענדערן אויסער אפשר, וואָס זיין שיינער שטערן איז ביי אים אַביסל הע־כער געוואָרן, אָבער די האָר זיינען ביי אים נאָך פונקט אַזוי טונקל, ווי מיט צוואַנציק יאָר צוריק, ווען איך האָב געשריבן וועגן די ערשטע צוואַנציק יאָר פון אונדזער באַקענטקייט. דאָס קול — אויך דאָס זעלבע. שטילע, לירישע רואיקייט, ווען אפילו די ווערטער, וואָס עס ברענגט פון זיך אַרויס, זיינען אָנגעלאָדן מיט גערעגנגל פון דער צייט און מיטן צער פון דעם דורכגעלעבטן. עס איז ווי געוואַלטיקע געשעענישן פונעם לעצטן פערטל יאָרהונדערט האָבן גאָרנישט געענדערט די טעאָריע, וועלכע ער האָט מער, ווי יעדער אַנדערער פון דער גרופּע, אַוועקגעשטעלט פאַר איר דרך אין דער יידישער ליטעראַטור.

די גרויסע יידישע קאַטאַסטראָפע? אוודאי איז זי אים נישט פאַרבייגע־גאַנגען אָן אַ זייט. די עטאַבלירונג פון מדינת ישראל? זיכער איז ער טיף באַזועלט פון אָט דער גרויסער היסטאָרישער געשעעניש. און דעם גרויסן גע־ראַנגל פון אונדזער צייט? נישט נאָר זעט ער אים און פילט אים, נאָר ער באַנעמט אים אויף אַ פּראָגרעסיוון אופן, און דאָך איז זיין צוגאַנג צו קונסט דער זעלבער, ווי ער האָט אים פאָרמולירט אין דער פּראָגראַם פאַר די „יונגע".

דאָס לעבן מעג זיך ענדערן, און די ענדערונג ברענגט מיט זיך אוודאי אַן אַנדערן קוק אויף דעם אַלעם, אָבער די קונסט איז געשמידט אין קייטן פון געזעצן, וואָס זיינען אייביקע און אומפאַרענדערטע, און דערפאַר איז זיין

ליד פון איצט, ווען אפילו אָנגעלאָדענער, ווי אין די פריערדיקע יאָרן, פּונקט אַזוי אָפּגעהיט אין דער געשליפנקייט פונעם וואָרט, אין דער מוזיקאַלישקייט פונעם טאָן, און אפילו אָט די סטאַאישע רואיקייט פון זיין פּערז, מיט וועלכער ער איז געקומען ביים בראשית פון זיין פּאָעטישן שאַפן, איז ביי אים אויך איצט די זעלבע.

ג.

מיט צוויי יאָר צוריק, אַז מיר האָבן זיך צופעליק באַגעגנט אין מיאַמי אויף דער גאַס, נאָך אַ היפּשער צייט נישט זעען זיך, האָבן מיר ביידע זיך אַזוי צעצאַפּלט, געקושט און געהאַלדזט.

עס איז געווען אַזוי ווי מיר וואָלטן ביידע פּלוצלונג געפונען עפּעס אַזוינס, נאָך וואָס מיר האָבן געבענקט און שוין אויפגעגעבן די האָפענונג.

אין די ווייטערדיקע טעג פון מיין זיין אין יענער זוניקער שטאָט, האָבן מיר זיך אָפּט באַגעגנט, און זיך גאָר נישט געקאָנט אָנזעטיקן איינער מיטן אַנדערן און מיט די זכרונות, וואָס איינער האָט פאַרן אַנדערן פאַנאַנדערגע־וויקלט פון יענע טעג, ווען אונדזער וועלט איז אויפגעגאַנגען פון דעם קע־לערדיקן רעסטאָראַנדל אויף דער ניו־יאָרקער איסט־בראָדוויי אין אַטאַקע אויף „שלומס קאַפע״, וואָס האָט זיך געפונען אין דער שכנהדיקער דיוויזשאָן גאַס.

מיר, די „יונגע״, יינגערע און גאָר יונגיטשקע, האָבן עקשנותדיק געהאַלטן אין איין אָפּברעכן שטיקער פון דער פעסטונג, וואָס די „אַלטע״ האָבן אויפגעשטעלט.

וואָס איז געווען דאָס פאַרמעגן פון יענער פעסטונג?

היינט, אין די יאָרן פון אונדזער אייגענער עלטערקייט און דערוואָקסנ־קייט, ווייסן מיר, אַז די פעסטונג איז געווען נישט מער, ווי אַ ווינטמיל, און מיר, דאָן־קיכאָטן, מיט אויפגעשרויפטע אילוזיעס.

וואָרום, וועמען משטיינס געזאָגט האָט די פעסטונג אין זיך פאַרמאָגט אויסער די רעדאַקטאָרן, און אַ צאָל יוצר־משרתים זייערע? די אמתע שע־פערישע מענטשן זיינען דאָך געווען פונקט אַזעלכע עלנטע און דאַכלאָזע, ווי די „יונגע״.

דער זיידע מאָריס ווינטשעווסקי האָט פאַרדינט זיין שטיקל ברויט פון צונויפשטעלן דאָס וועכנטלעכע צייטונגל „גלייכהייט״ פאַר די יידישע שניי־דערינס, און האָט געוען אָפּגעדרוקט ביי יעדער געלעגנהייט עפּעס פון אַ יונגן. אברהם ליעסין האָט אין דער „צוקונפט״, וואָס איז געווען אַן אַרויפ־געצוואונגען שטיפקינד ביים „פאָרווערטס״־רעדאַקטאָר אב. קאַהאַן, גע־דרוקט די „יונגע״. דער האַלב־בלינדער מאָריס ראָזענפעלד האָט זיך אָרומ־

געדרייט אַ פּאַרלוירענער אויף איסט־בראָדוויי און איז געווען די ציל־ברעט פון די פלאַכע וויצן אין די מיילער פון צווייטראַנגיקע צייטונגס־זשורנאַליסטן. יהואש, אַן אויסגעבליכטער און אַ שטענדיק שוואַכער, האָט געלעבט אין נויט אין זיין קליין, באַשיידן דירהלע אין די בראָנקס. דר. חיים זשיטלאָווסקי האָט געמוזט אויפגעבן זיין זשורנאַל „דאָס נייע לעבן" און געלעבט אויף די חסדים פון זיינע געציילטע חסידים און תלמידים. איז קעגן וועמען־זשע איז געווען דער גרויסער קאַמף, וואָס מען האָט אָנגעהויבן?

אויף אונדזערע באַגעגענישן אין מיאַמי האָבן מיר אַט דעם ענין נישט באַרירט. ווייל די זכרונות אונדזערע האָבן זיך געוויקלט מער אַרום מענטשען פון יענער צייט, ווי אַרום דעם תוך פון יענעם פּעריאָד, וואָס האָט אין ליכט פון די היינטיקע טעג גאָר אַן אַנדער פּנים.

ד.

ביי די באַגעגענישן מיט צוויי יאָר צוריק מיט אים אין מיאַמי האָבן נאָך געלעבט מאַני לייב און דוד איגנאַטאָוו. האָב איך דערפּאַר דעמאָלט נישט געפּילט אין אים די איינזאַמקייט און די אַליינקייט, וואָס איך האָב דערפילט אין אים ביי אונדזערע באַגעגענישן שפּעטער אין דער זעלבער מיאַמי, וואו מיר האָבן זיך ווידער אַמאָל געטראָפן.

דערצו האָט ביי יענער באַגעגעניש געשטראַלט פון אים פרייד פון ערב־חתונה מיט דער פּרוי, וואָס איז אים אַנטקעגנגעקומען טאַקע אין מיאַמי, וואוהין ער איז געקומען זיך דערהאָלן פון אַ שווערער קראַנקהייט, וואָס ער האָט אַדורכגעמאַכט.

גאַנץ אַנדערש האָב איך אים געזען ביי די באַגעגענישן פון דעם פאַרגאַנגענעם זומער.

אמת, דאָס מאָל איז זיין וואוינונג געווען נישט מער דאָס בחורישע צימערל פון דער באַשיידענער אכסניא, נאָר אַ ליבע, באַקוועמע דירה, וואָס האָט געוויעט מיט דער וואַרעמער היימישקייט אַדאַנק די געטרייע הענט פון זיין ליבער פרוי. אָבער דאָס אַלץ האָט דאָך נישט פאַרשטעלט דעם צער אין זיין אויסזען און אין זיין האַלטונג.

אַפּנים, אַז דער פאַרלוסט פון זיינע צוויי נאָענטסטע — מאַני לייב און דוד איגנאַטאָוו, האָט אַרויפגעלייגט אַ שווערן חותם אויף זיין געמיט, אַזוי, אַז זיין סטאָאישע רעזיגנירטקייט, וואָס איז נישט נאָר געווען די הויפּט־כאַראַקטעריסטיק דורך אַלע זיינע יאָרן אין זיין ליד, נאָר איז אויך געווען די סאַמע באַזע פון זיין טעאָריע פאַר קונסט, האָט ביי אַט די באַגעגענישן אויסגעקוקט אין אַ היפּש צעטרייסלטן צושטאַנד.

צופיל וויטיק האָט אַרויסגעשריגן פון זיין טאָן, ווען ער האָט גערעדט

װעגן אָט דעם פּאַרלוסט. ספּעציעל װען ער האָט גערעדט װעגן דעם פּריציי־טיקן טויט פון מאַני לייבן, האָט זיך אָט דער װײטיק פון אים אַרויסגעריסן.

ה.

אָט זיץ איך און מיש די בלעטלעך פון דעם קאַפּיטל „ראובן אײזלאַנד" אין דעם בוך װעגן די „יונגע", װאָס איך האָב אַרויסגעגעבן מיט צװאַנציק יאָר צוריק, און פאַר מיר אַליין איז דער גרעסטער חידוש, װאָס איך קאָן אי־בערחזרן זײער אַ סך פון דעם, װאָס איך האָב דעמאָלט װעגן אים געשריבן.

„ראובן אײזלאַנד איז ניט נאָר געװאָרן דער פּאָעט פון ,שטיל לעבן' אין אונדזער דיכטונג, נאָר ער איז אויך דער טעאָרעטיקער און באַגרינדער ביי אונדז פון אָט דעם מין אין דער קונסט", — האָב איך װעגן אים געשריבן אין יענער צייט.

און איצט ?

אָט קלינגט אין מיין געהער דאָס שײנע ליד, װאָס ער האָט פאַר מיר גע־לייענט ביי מיין לעצטער באַגעגעניש מיט אים אין זיין װאוינונג פון מיאַמי װעגן דעם גרינעם, צעבלעטערטן באַנאַנע־בוים ביי זיינע פענצטער, און דער קלאַנג איז אַזאַ שטילער און אַזאַ דורכזיכטיק־געלייטערטער.

— דער זעלבער ראובן אײזלאַנד, — האָב איך אין יענעם מאָמענט גע־טראַכט אין זיך װעגן אים. און איצט, װען איך מיש די בלעטלעך פון דעם, װאָס איך האָב װעגן אים געשריבן מיט אַזוי פיל יאָרן צוריק, גייט אויף אין מיין געהער זיין קול פון דעמאָלט און גיסט זיך צונויף מיט דעם קול, װאָס האָט פאַר מיר געלייענט דאָס ליד װעגן דעם באַנאַנע־בוים, און איך הער אים איבערחזרן :

— דער פּאָעט דאַרף געבן דורך זיין ליד זיך אַליין, און בלויז זיך אַליין. די העכסטע תפילה איז די תפילה בלחש, װייל בלויז דורך שטיל־קייט דערגייט מען צו דער העכסטער מדרגה אין דער קונסט, — הער איך אים איבערחזרן דאָס זעלבע, װאָס ער האָט געזאָגט אַמאָל־אַמאָל. און מיר דאַכט זיך, אַז ער רעדט װײטער, און זוכט צו באַגרינדן זיינע רייד מיט אַ פאַרגלייך צװישן די װעלט־איבערקערענישן פאַר די לעצטע יאָרן מיט דער איבערקערעניש, װאָס קומט פאָר יאָר־איין יאָר־אויס מיט דעם באַנאַנע־בוים ביי זיינע פענצטער, װאָס גרינט און בליט, װערט פאַנאַנדערגעפאַלן, און קומט װידער אויף אין זיין גרינקייט און אין זיין בליאונג שאַ, שטיל אָן געװאַלדע־װען, װאָס זאָל אירײטירן דאָס געמיט.

ברויט און קעז און האָניק אויפן פראָסטן טיש.
גאָלדיק רופט צו זיך די טיי
אין די גלעזער צװיי.
און גרינלעך, קיל און פריש

װינקט דער װאַסער־קרוג באַצװײַגן מיט אַ טױ.
אױף אַ קאַנט דאָס טאַשנטיכל פֿון אַ פֿרױ,
און דערבײַ אַ קלײנע, קלוגע האַנט
אױף אַ שמאָלן, לידער־באַנד
אין װײַס־קאַלירטן זײַד.

מיט װיפֿל יאָר צוריק האָט ער אָט די שײנע, קילע שורות אױפֿגעשריבן? זײ זײַנען אין דער לידער־זאַמלונג, װאָס איז דערשינען לאַנג צוריק, נאָך אײדער מיר האָבן געיובלט זײַנע חמישים, און מיר דאַכט זיך, אַז איך האָב אים אָט אַזױ רעדן צו זײַן אידאַ איצט בײַ זײַנע שבעים שנה.

ו.

עס דערמאָנט זיך מיר אַ שבת־נאָכמיטיק מיט יאָרן צוריק. אַ כמאַרנע שבת־נאָכמיטיק געװען. איך בין אַרײַנגעקומען אין דער רעדאַקציע פֿון „טאָג", װאו איך בין געװען אין יענער צײַט אַ דרױסנדיקער מיטאַרבעטער, און געטראָפֿן די פּנימער פֿון די קאָלעגן פֿאַרכמאַרעטע און שװײַגנדיקע. אױך מײַן געמיט איז געװען אַזױ. אײנער פֿון זײ האָט געהאַלטן פֿאַר זיך צעעפֿנט זלמן רײַזענס לעקסיקאָן מיט ראובן אײַזלאַנדס ביאָגראַפֿיע און אַרונטערגעשריבן דאַטעס אין זײַן נאָטיץ־ביכעלע.

װיסנדיק, אַז אײַזלאַנד איז אין אַ שװערער לאַגע שױן עטלעכע טעג אין שפּיטאָל, בין איך געבליבן שטײן אַ פֿאַרגליװערטער.

— װאָס איז דער לעצטער באַריכט? — האָב איך געפֿרעגט אַן אומרו־איקער און אַ צעררודערטער.

— מען דאַרף רחמים! — האָט יענער געענטפֿערט מיט אַ שטילן ציטער אין זײַן קול.

זינט יענע יאָרן האָט ער דורכגעלעבט אַ פּאָר מאָל אַזעלכע פֿאַלן. איז טאַקע באמת אַ גרױסע פֿרײד בײַ אַלע זײַנע נאָענטע צו יובלען זײַנע זיבעציק יאָר, און אונדזערע ברכות צו אים זײַנען — נאָך אַ סך יאָרן פֿון געזונט און פּרוכטבאַרקײט.

אַז עס שלאָגט איצט פֿון אים מיט פּרוכטבאַרקײט, האָב איך געהאַט די געלעגנהײט צו זען בײַ אונדזער באַגעגעניש מיט אַ קורצער צײַט צוריק אין זײַן הײם אין מיאַמי.

דאָס נידעריק שײַן־געשניצט טישעלע צװישן אונדז איז געװען יום־טובֿ־דיק געדעקט, און די משקאות און זיסע צובײַסנס אין די פֿײַן־געשליפֿענע פֿלעשעלעך און חנעװדיקע טעלערלעך און טעצעלעך, האָבן אױסגעקוקט, װי קאָפּירט פֿון זײַנע „שטיל־לעבן"־לידער. דער באַנאַנע־בױם האָט אַרײַנגעקוקט דורכן אָפֿענעם פֿענצטער מיט דערהױבענער פֿרײד פֿון אַ באַזונגענער

געליבטער, אָבער נאָך דערהויבענער און פריידיקער איז געווען זיין אידאַ, וועגן וועלכער ער האָט פאַר מיר געלייענט אַ נאָר־וואָס אויפגעשריבן ליד.

אָט אַזוי ביים שפּיגל שטיי
מיט דיינע ווייבערישע שאַלמויזן,
די זאַלבן, די פּודערן
און שמעקנדיקע אוילן,
און איך וועל פונדערווייטנס שטיין
און פרוּוון דיר דערציילן.

און דאָס ליד דערציילט, דערציילט, שפּילנדיק זיך דערביי אויף אַ שטי־פערישן אופן מיט איר רוסישן יעקאַטערינאָסלאַוו און זיין גאַליצישן גרויס־ראַדאָמישלע, וואו עס איז זיין וויג געשטאַנען.

אַ גרויסער מאַרק מיט קליינע פּיל,
אַ אונטערגאַס מיט דלות,
פאַרשייטע יידן, ערלעכע,
און צביעות אין אַ טלית.

אָט אַזוי שילדערט ער פאַר זיין יעקאַטערינאָסלאַווער אידאַ זיין גרויס־ראַדאָמישלע, און אין דער שילדערונג ווערט ער אַזוי אַריבערגעטראָגן אַהין, אַז ער נוצט דאָס וואָרט „פאַראַנען". אָבער באַלד כאַפּט ער זיך און פאַרענ־דיקט :

נאָר ווי איז מיר און ווינד, ווען איך זאָג,
אַז דאָרטן איז פאַראַנען !
געווען, געווען, — אָט ערשט נאָר וואָס,
און שוין איז דאָס לעגענדע, —
לעגענדע, — באַדראָעט אויך אונדז, —
אויך דאָ פירט די פאַרלענדונג די גרענדע.

— נו, יאָ, — אויך דאָ פירט די פאַרלענדונג די גרענדע, און דראָעט אונדז אויך דאָ צו ווערן לעגענדע, — קאָמענטירט ער שפּעטער פאַר מיר די שורות פון זיין ליד, און זיין שמועס גייט איבער וועגן דער ברוּיזיקער רשעות, וואָס הערשט און דאָמינירט לעצטנס דאָס לעבן אונדזערס דאָ הי.

דעם זעלבן אָוונט האָט מען איבערגעלייענט זיינע אַ באַגריסונג צו מיר אויף אַ צונויפקום אין שייכות מיט מיינע זעכציק יאָר, און איך האָב זיך גע־וואונדערט וואָס איך בין שוין טאַקע אַ בן־ששים, און ער איז שוין טאַקע אַ בן שבעים.

— ווען ? ווי אַזוי ? — האָב איך זיך געפרעגט, און פאַר מיינע אויגן איז אויפגעגאַנגען יענער ווינטערדיקער אָוונט, ווען איך, אַ צוואַנציקער, בין גע־

שטאַנען פֿאַר אים, דעם דרײַסיקער, אין דעם קעלערדיקן רעסטאָראַנדל פֿון איסט בראָדוויי און געטרונקען אין דערהויבענער פֿרייד זײַנע וואַרעמע ווער־טער וועגן מײַנער אַ סעריע אָפּגעדרוקטע לידער וועגן דער ערד פֿון „אוק־ראַינע״.

זאָל איך אָנהויבן דערציילן וועגן אים אין יענע טעג פֿון מײַן בראשית אין דער יידישער ליטעראַטור?

ניין, ניין, נאָך נישט איצט!

דאָס וועל איך טאָן, ווען ער וועט בײַ אונדז ווערן אַ בן־שמונים!

דערווייל איז ער בײַ אונדז נאָך אַ יונגער זיבעציקער, וואָס גרייט צום דרוק אַ נײַעם באַנד פּאָעזיע, פֿון וועלכן ער וועט אויפֿגיין פֿאַר אונדז אין זײַן פֿולער רײַפֿקייט, און אין אַ נײַער, באַנײַטער ליבשאַפֿט.

די פֿולע רײַפֿקייט אין דעם צמצום פֿון זײַן אָנגעלאָדן וואָרט אין זײַן ליד, און די ליבשאַפֿט צום מענטשן, וואָס גייט עקשנותדיק דורך די טונקלסטע קע־מערלעך פֿונעם לאַבירינט, וואָס איז אין אים, גופֿא די ליכט אין זײַן אייביקער בענקשאַפֿט נאָך שלימות.

.1954

# דוד בערגעלסאָן

דער יום־טוב פון דיין געלייטערט וואָרט, —
פון אונדזער אַלעמענס וואָרט,
איז דער יום־טוב פון דער קוואָרט,
וואָס שעפּט געטראַנק פאַר דעם דורשטיקן גומען.
ווען די בשורה פון דיין יום־טוב איז געקומען,
האָב איך צוזאַמען מיט דיר באַגריסט דאָס לאַנד,
וואָס האָט ביי דער האַנט
דיין „נאָך אַלעמען" גענומען
און איז מיט אים צו אַ נייעם אָנהייב געקומען.

די טריט פון יעדן אָנהייב זיינען שווער, —
זיי זיינען, ווי די טריט פון אַ בער,
וואָס וואַליען איין ביימלעך צעהוילטע
און בריקלעך צעפוילטע,
וואָס זיינען פאַרמשפט צום אונטערגאַנג סייווי.

אָ, גאָלדענער פאָדעם, פאַרצי
זיך אין דער נאָדל און פאַרביי,
און זאָל דאָס נייע זיך טאָן אַ צעוויי
אין פרימאָרגנדיקן בלענד
איבער אַלע דעכער און ווענט
אויך אָט דאָ.

אַ שווערע איז ביי אונדז די שעה.
אַזוי פיל טשאַד און אַזאַ רויך.
און נישט יעדער האָט דעם כוח
בייצושטיין דעם נסיון.
ציגל געביידעס צו בויען
זיינען געוואָרן שטיינער אויף קעפּ.
איבער אונדזער הימל, דעם בלויען,
האָט זיך, ווי אַ שוואַרצער קרעפּ
אַ כמאַרע פאַרשפּרייט.
פאַלשע נביאים האָבן פאַרוואָרפן אַ קייט
איבערן האַלדז פון אונדזער פרייד.

בײַ יעדן טיר און טויער
כריפּעט דער טרויער
און שעלט
די וועלט.

אַזאַ קאַלטער, ווינטיקער רעגן
אויף אונדזערע וועגן
דאָ הי.
יעדן גלי
פאַרוואַנדלט מען דאָ אין פייער
איבערן דאַך פון אונדזער שייער.
אַ וואונדער איז נאָר, וואָס אונדזער קאָרן
איז נאָך פאַרברענט נישט געוואָרן.

דער וואונדער איז אין אונדזער בלוט, —
ער צערויטלט נישט איין מאָל אפילו די רוט,
וואָס פאַלט אויף אונדזערע גלידער.
ביז זי ווערט אַליין אַ שוועסטער צווישן ברידער.
עס האָט נישט איין מאָל געטראָפן, אַז זי
האָט זיך אָנגעצונדן אינעם ליכטיקן גלי
און אָנשטאָט אויף אונדז צו פאַלן
האָט זי זיך גענומען צעשטראַלן
מיט ליכט
אומגעריכט.

נעכטן האָט מיר אַ יידישער שטעפּער
דערציילט, אַז דיין בוך: „בײַ דעם דניעפּער“
האָט אים באַפרייט פון אַ טשאַד.
— אַ קאָפּ־שווינדל געהאַט,
איז געקומען פּענעק און דעם שווינדל פאַרטריבן,
און איצט ווייסט ער שוין קלאָר, אַז זיבן מאָל זיבן
איז נישט קיין שפּרונג פאַר אַ שד אינעם קוימען,
און אַז גלאַט אַזוי פאַנטאַסטישע טרוימען
זיינען, ווי קיצלען די הויט,
כדי צו האָבן אַ גרינגערן טויט.

אַנטקעגן דער ליכטיקער פרייד
אַנטקעגן וואָס־זשע איז דאָס געקומען צורייד ?
פון דעם יום־טוב אָט דאָרט, וואו דו ביסט.
זאָל זיין געגריסט
דיין איצטיק, דערפרישנדיק געטראַנק, —
עס ווערט דערפון אויך אונדז לייכטער דער גאַנג
מיט דעם געפּעק
אויפן וועג
אַהין,
וואוהין
דו ביסט דערגאַנגען.

מען זאָגט, אַז גאָלדענע זאַנגען
וויגן זיך שוין איצט אין ביראָבידזשאַן,
און אַז פּאַראַן
איז אַ באַן
און אַ וואָקזאַל אויך דאָרט,
אָבער ווי אַנדערש איז דיין וואָרט
איצט פאַר זייערטוועגן,
עס יאָגט נישט מער קיין אומעט אַנטקעגן,
ווי עס פלעגט יאָגן פון די שפּאַצירן
מיט מירל האָראָוויץ און ליפסקי דעם קרומען.
נייע טעג און בונטע קאָלירן
זיינען געקומען
און זיי גייען מיט ראַשיקע טריט,
און די זון איז צעגליט,
ווי מען וואָלט זי איבערגעוואַשן,
כאָטש נעם און לייג אָן פולע טאַשן
מיט שטראַלן פון איר.

סאַראַ פיינער שפּאַציר
פון דיין „אָפּגאַנג" ביז דיין „פּאַראַלעל", —
עס איז ווי פון אַ מדבר צו אַ ליכטיקער שוועל.
און פון „נאָך אַלעמען" ביז די „ביראָבידזשאַנער".
לאָז גריסן די בערגלעך כינגאַנער,
וואָס איך זע זיי אויך דאָ פאַר די אויגן.

אַ פּאַווע געפֿלויגן, געפֿלויגן, —
אָט איז זי דאָך די פּאַווע.
דאָס בלוט איז ווי לאַווע
אין זודיקן ברויז.
איך שטרעק אויס
מײַן האַנט
צו דעם לאַנד,
וואָס האָט געקאָנט
אַזאַ גרויען האַריזאָנט,
ווי דײַנעם איבערפֿאַרבן אין אַזאַ העלן קאָליר.
אַז איך וועל זוכה זײַן דײַן טיר
איבערטרעטן, ווי אַמאָל,
וועל איך אפֿשר אויפֿן קול
זיך צעוויינען,
אָבער דאָס וועט נישט מיינען
קיין טרויעריק געוויין,
נאָר אַ פֿרייד, וואָס מער וועט נישט גיין
קיין ווינטיקער רעגן
אויף אונדזערע וועגן.
.1941

# ביים פּאָרטרעט פֿון דוד בערגעלסאָן

אַ דיכטערס אַרבעט־צימער. פּאָליצעס מיט ביכער. בילדער אויף די ווענט. אַ גרויסע פּאַטאָ מיטן פּנים פֿון דוד בערגעלסאָן מיט אַן אויפֿשריפֿט, קעגנאיבער דעם דיכטערס שרייב־טיש. אָוונט. דער טיש איז באַלויכטן מיט ווייכן שײַן פֿון לאָמפּ אויפֿן טיש. דעם דיכטערס בליקן הייבן זיך פֿאַמעלעך אויף פֿון מאַנוסקריפּט צו דער פּאַטאָ מיט דער אויפֿשריפֿט.

דיכטער

די אויפֿשריפֿט! אָט ערשט האָט ער דאָך זי
געשריבן מיט אַזוי פֿיל פֿרייד, אין שפּילעוודיקן גלי
אין זײַנע גרויסע שוואַרצע אויגן!
באַגעגנט אונדז אויף אונדזער וועג:
— אַזאַ מין וואונדער־שיינער רעגנבויגן

—עס קומען נייע, גרויסע טעג
פאַר דיר,
פאַר מיר, —
פאַר אונדזער טייער לשון יידיש,
און נישט קיין חידוש,
וואָס דו ביסט אַזאַ פריידיקער פּאָעט!
אַזוי האָט ער צו מיר גערעדט,
בשעת געציקלט האָט זיך אַ צעזונגענע זיין פּען.

ער פאַרשטעלט דאָס פּנים מיט די הענט, צוקט קאָנוואולסנדיק די אַקסל און מורמלט:

אָט ערשט, אָט ערשט איז דאָך אָט דאָס געווען, —
דאָס יאָר — ניינצן נײַן און צוואַנציק אין צעלענדאָרף, וואָס ביי בערלין!

אַ קול

זינג, זינג צו מיר דאָס ליד פון גאָלד און גרין!

דיכטער ציטערט אויף, קוקט זיך אַרום, ווי ער וואָלט זוכן פון וואַנען דאָס קול קומט.

דיכטער

ווי ליב איז אים געווען אָט־די שורה פון מיין ליד!

אַ קול

די וועלט גייט אויף מיט נייע און באַנייטע טריט,
און ניי, באַנייט איז דאָס געזאַנג!

דיכטער

ער הערט זיך איין פאַרטראַכט, און מורמלט שטיל אין זיין פאַרטראַכטקייט צו זיך.

קיין חידוש נישט, נאָך זיין „נאָך אַלעמען" — אַזאַ באַנייטער גאַנג,
וואָס לאָזט אַהינטער זיך דאָס גרוי פון דעם „אַרום וואָקזאַל",
געדאַכט האָט אים, אַז אַ העל־צעבלענדטער שטראַל
גייט אויף אויף זיין „פאַרגרעבטער שטאָט"
פון „אָפּגאַנג" צו דעם אויפגאַנג האָט זיין טראָט
אַ גיי געטאָן מיט אַ באַנייטן זין.

אַ קול

זינג, זינג צו מיר דאָס ליד פון גאָלד און גרין!

דיכטער

דאָס האָט אַוודאי „פּענעק" אָט אַזוי אין אים באַגערט
די וועלט אַהינטער אים געווען איז אויסגעצערט
פון מרה שחורה אין זיין דור.
— פאַרוואָס פאַרענדיקסטו נישט „יוסף שור?" —
האָב איך ביי אים געמאָנט.
— אין ליכט פון נייעם האָריזאָנט

איז „יוסף שור" נישטאָ שוין מער,
און נישט כדאי קיין טרער
פֿאַרלירן איבער דעם בײַ דיר
און מיר,
פֿאַר גלאַט אַזוי אַ פּאָר פּיס אין שיך, —
אַזוי האָט ער גערעדט צו זיך,
באַוועגנדיק דעם האַריק־שוואַרצן קאָפּ אַהער און הין.

אַ קול

זינג, זינג צו מיר דאָס ליד פֿון גאָלד און גרין!

דיכטער

שמייכלט אַן אויפגעלויכטענער און מורמלט צו זיך אין פֿרײדיקער דערמאָנונג.

די שורה פֿון מײַן ליד, — זי איז אים אַזוי ליב געווען!
אָט ערשט, אָט ערשט איז אָט דאָס אַלץ געשען.
ניו־יאָרקער קאַפֿע־הויז „ראָיאַל", אין ניין־און־צוואַנציקסטן יאָר,
ווען שמואל ניגער שטעלט מיך פֿאַר אים פֿאָר,
און זאָגט אים ווער איך בין.
— זינג, זינג צו מיר דאָס ליד פֿון גאָלד און גרין! —
האָט דוד בערגעלסאָן
אַ צי געטאָן
צו מיר די שורה אינאיינעם מיט די הענט.
דער זומערדיקער בלענד
פֿון דער באָכמיטאָג־שעה אין קאַפֿע־הויז „ראָיאַל"
— עס שלאָגט מיט אַזאַ שאַל
פֿון יידישן טאַלאַנט
בײַ דיר אין לאַנד, —
האָט ער צו שמואל ניגערן געזאָגט אויף אַ צעהעלטן קול.
— נו, יאָ, עס גרינט נאָך אונדזער טאָל, —
האָט שמואל ניגער זיך צעשאָקלט פֿרום.
— עס וועט אַ גרין טאָן אומעטום
מיט נײַעם יידישן געזאַנג, —
האָט דוד בערגעלסאָן געלאָזט אין גאַנג
זײַן חלום אַרום טישל אין דער הויך,
און שמואל ניגער האָט געקוקט דורך דעם געדיכטן ציגאַרעטן־רויך,
ווי ער וואָלט אַנגעשטרענגט זיך אויפצוכאַפּן פֿונעם וואָרט דעם זין.
— זינג, זינג צו מיר דאָס ליד פֿון גאָלד און גרין! —
האָט זיך געוויגט אין רויכערדיקער לופֿט.

און איצט איז אָט די שורה נאָך אַמאָל צערופט,
צונויפגעמישט מיט זיינע, וואָס גייען נאָך,
ווי מענטשן טיף געבויגענע אין יאָך.
„האָסט ליב געהאַט קאַבאַק, האָב איך פאַר דיר געקאָכט ,קאַבאַק׳,״ —
זיין שור הבר איז געווען, ווי שאַרפער ליאַק
וואָס בריט און וועקט דעם אַפּעטיט.
זיין וואָרט, ווי אויסגעשמידט,
און מייסטעריש פּרעציז.
געגאַנגען איז ער מיט געזונטע פיס
אין סאַמע מיט פון אונדזערברייטן שליאַך.
דאָס האַרץ זיינס אזוי וואַך
צו אַלץ און אַלעמען אַרום,
צום ברויזיקסטן געברום
ווי צו דעם דינינקסטן ניואַנס
פון חלום אין אַ טראַנס,
וואָס וויגט זיך אום אַהער און הין.

א קול

זינג, זינג צו מיר דאָס ליד פון גאָלד און גרין״

דיכטער

פון גאָלד און פון גרין! וואו זיינען זיי?
אַז אַך און ווי
איז אונדז אין די איצטיקע טעג!
אַזוי פיל פאַרמעג
איז איצט אין קייטן פון מידת־הדין.
פון גאָלד און פון גרין,
ווען אַלץ איז שוואַרץ, ווי אין דעם טינטער דער טינט.
עס ווינען אַזוי פיל זינד
באַגאַנגענע אין דעם געמיט.

הויבט אויף די אויגן צו בערגעלסאָנס פּאָטאָ מיט דער אויפשריפט, און שרייט:

הער, הער, ווי ווייגענדיק עס איז דאָך איצט דאָס ליד,
וואָס האָט אַמאָל געזונגען פרייד!
צעראָיעט האָט די רשעות אין גאָרטן יעדע בייט,
וואָס האָט אַזוי שפעדיק געגרינט.
עס ווירבלט אַזאַ שווערער ווינט,
און לאָזט ניט אָפּ, און לאָזט ניט אָפּ, —
דאָס האַרץ קאָנוואולסנדיק און עס שפּאַלט זיך איצט דער קאָפּ.

איז וואָס־זשע טוט מען, דוד? דוד, זאָג!

עס באַווייזט זיך דאָס געשטאַלט פון דוד בערגעלסאָנען.

טראָג ווייטער דאָס געפּעק אין וועג, — טראָג, טראָג!

דיכטער

אין דעם זעלבן צושטאַנד, דער זעלבער פּאָזע מיט אַ קול, ווי דורך אַ טראַנס.

צו וועמען? און צו וואָס? עס איז דאָך שוין נאָך אַלעמען!

דוד בערגעלסאָן

ניין! ניין! — נישט איין מאָל שוין אַזוינס געווען
ביי מיר, ביי דיר, און ביי די דורות פון אַמאָל.
אַ שווערער איז דער גאַנג פון טיפן טאָל
צום שפּיץ פון באַרג, וואָס איז אין זון צעבלענדט.

דיכטער

איז וואָס־זשע מיטן קלעטערער, וואָס ווערט אין וועג פאַרלענדט?

דוד בערגעלסאָן

קומט קלעטערער נאָך קלעטערער מיט המשך אינעם טראָט, און
מען קלעטערט ווייטער, העכער, העכער צו דער זון,
ווייל אָט אַזוינס איז דאָס געבאָט פון לעבן, ווען מען לעבט.

דיכטער

ציטערט אויף, הויבט אויף דעם קאָפּ, קוקט זיך אַרום. דאָס בערגעלסאָן־געשטאַלט פאַרשווינדט.

זאָל זיין, אַז אונדזער פּאַווע איז נאָך צעשוועבט,
כאָטש אַרום איר אַזוי פיל ווינטן אין געבריל?

עס באַווייזט זיך דורך דער אָפענער טיר פון צווייטן צימער די פרוי פונעם דיכטער, זי גייט צו מיט שטילע טריט צו אים, לייגט די הענט אויף זיין קאָפּ. ער פאַרדעקט דאָס פּנים מיט די הענט, און בויגט דעם קאָפּ צום שרייב־טיש.

די פרוי

נו, שאַ זאָל זיין, נו שאַ זאָל זיין! נו, שאַ, נו, שטיל!
נישט רייץ אַזוי אין זיך דעם צאָרן!

דיכטער

גיי רייץ נישט, גיי רייץ נישט, אַז אַ דאָרן
איז איצט מיין יעדע גליד,
די וואונד — זי ברינט,
און איז ווי פייער הייס.

די פרוי

איך ווייס, איך ווייס, איך ווייס!
אַ שווערער דער נסיון.
עס איז בזיון,

וואָס איז נאָך שווערער פון דער פּיין.

דיכטער

איז וואָס־זשע וועט זיין? איז וואָס־זשע וועט זיין?

די פרוי

פאַרזינג אים,
פאַרגרינג אים
מיט זילבער־קלאַנג
פון דיין געזאַנג,
וואָס האָט דיך שטענדיק אויפגעהויבן פון דער נידער.

דיכטער

מיט מיינע זינגענדיקע לידער
פון נישט געשטויגן,
און נישט געפלויגן, —
אַז ווי איז איצט דאָך צום געהער!

די פרוי

איך ווייס, איך ווייס, ווי שווער.
דער ווייסטער, ברויזנדיקסטער שטורעם, —
ער שאָקלט און צעשאָקלט אונדזער טורעם, —
דער סאַמע עיקר
אין שטיקער
פאַלט איצט פאַנאַנדער.

דיכטער

און ווידער שוין אין וויסטן וואַנדער

די פרוי

צי האָט אַזוינס דען נישט געטראָפן?
נישט איין מאָל איז פון אונדז אַנטלאָפן
דאָס ציגעלע, דאָס ווייסע.

דיכטער

ניי, יאָ, נאָר איצט איז דאָס נישט מער די מעשה,
וואָס לאָזט זיך צו אַ גוטן סוף דערפירן.
די וואונד איז טיף און ווער וועט זי פאַרבאַנדאַזשירן?
און ווער וועט זי פאַרהיילן?

די פרוי

מיין ליבע באָבע פלעגט דערציילן
אַ מעשהלע פון זיידן.

דיכטער

אין ליבן, ליכטיקן גן־עדן
איז לאַנג דײַן באָבע און אַזוי דײַן זיידע,
און מיר? זע, זע, — עס רויכערט די עקידה
פון אונדזער גורלדיקן לעבן.

די פרוי

קום, קום, און לאָמיר זיך פאַרוועבן
אין דינעם שפּינוועבס, אויסגעשפּינטן,
און חלומען פון גאָרטן, דעם צעגרינטן,
ווי ער וואָלט נישט געווען צעראָיעט.

דיכטער

און וואָס איז מיטן בייזן הונט, וואָס וואָיעט
בײַ אונדזער גאָרטן־טויער?

די פרוי

פאַראַן אַביסל וואַטע נאָך פאַר אונדזער אויער,
און אַזאַ ווייכע איז זי אָט־די וואַטע.

דיכטער

דערציילט האָט מיר אַמאָל מײַן טאַטע
אַ מעשהלע פון ווילסטער רשעות.

די פרוי

פאַרגעס עס און פאַרוויש עס
מיט גוטסקייט, וואָס געדענקט זיך.

דיכטער

די רשעות נישט פאַרשווענקט זיך,
ווייל פון דער גוטסקייט איז זי מערער.

די פרוי

געווען בײַ אונדז אין שטעטל אַ ייד, אַ קוימענקערער
מיט הענט פאַרסאַזשעטע, פאַרשוואַרצטע, —
פלעגט ער אַזוינע לידעלעך באַהאַרצטע
אַרונטערזינגען פונעם דאַך ביים קוימען.

דיכטער

מסתמא זײַנען זײַנע רוימען
געווען צעלויכטענע און ריינע.

די פרוי

מיר קינדער — יונגינקע און קליינע, —
מיר פלעגן פאַררייסן די קעפּלעך,

און ער האָט געזונגען פון קרעפּלעך,
וואָס מאַמעס ווען קאָכן פאַר הושענא רבה,
און פון אַ קו, אַ ראַבע,
וואָס האָט געמאָלקן
ביים וואָלקן
דעם אייטער
און פון אַ פּלאָמיקן שייטער,
וואָס וואַרפט דורך די נעכט זיינע פלאַמען,
און פון אַ ברויזיקן ווינט, וואָס לאָזט זיך ניט צאַמען,
און פון אַ פויגל, וואָס הערט נישט אויף צו שוועבן,
און קאָן צום אייביקן לעבן
זיך אַלץ נישט דערציען.

דיכטער קוקט מיט אויפגעלויכטנקייט אויף זיין פרוי און מורמלט מיט ליבשאַפט.

דיכטער

ווי שיין דו ביסט, — די אויגן דיינע גליען, —
פון וואַנען ביי דיר אַזאַ וואַרעמער גלי?

די פרוי

היינט קומט ער צו מיר פון נישט־הי.

דיכטער

פון וואַנען־זשע, פון וואַנען?

די פרוי

פון דאָרטן, וואָס איז וויט פון דאַנען,
און טרינקט מיט געטלעכקייטן אָן די געטער.

דיכטער

די געטער פאַלן איצט, ווי געלע בלעטער
אויף יעדן אָרט.

די פרוי

נאָר נישט אין דיכטערישן וואָרט.

דיכטער

איך האָב היינט אַזוי פיל ווערטער געפינצלט.

די פרוי

דו האָסט זיי בלויז געטינטל,
כדי דעם וויטיק צו פאַרשרייען,
און נישט כדי צו באַנייען
אין זיך דאָס געמיט
מיט אויפגעלויכטן ליד

פון געטלעכקייט צעבלענדטער.

דיכטער

מײַן גאָט איז הײַנט אַן אָפּגעברענטער.
זע, זע, ווי עס רויכערט די עקידה,
און צאַרנדיק איז איצט די עדה
אַרום מזבח.

די פרוי

נו, יאָ, עס טרעפט אַמאָל אַ גאָט — אַ רוצח
אויף געטלעכקייט און מענטשנס תפילה.
פאַר אָט אַזאַ מײַן גאָט נישטאָ איז קיין מחילה, —
דער מענטש דאַרף אָט אַזאַ צעשטויבן!

דיכטער

איז וואָס־זשע טוט מען מיטן גלויבן,
וואָס גלויבט נאָך אַלץ און גלויבט,
און וויל נישט ווערן דאָ צעשטויבט?

די פרוי

צעשטויבן קאָן זיך נאָר, וואָס שטויביק,
און נישט אַזוינס, וואָס גלויביק.
די גלויביקייט און געטלעכקייט, וואָס דאַרבט נישט,
פאַרצערט נישט, און זי שטאַרבט נישט, —
זי איז נישט אונטערגאַנג,
נאָר איבערגאַנג
איז זי.

דיכטער

איז דוד בערגעלסאָן מיט אונדז דאָ הי?
און מאַרקיש, פעפער, און זיי אַלע, אַלע,
וואָס זײַנען אַזוינע ליכטיקע נתגלה
פאַר אונדז געוואָרן
מיט זייערע טענער אין אונדזערע זינגענדיקע כאָרן?

די פרוי

זיי זײַנען דאָס געוואָרן!
— אַ סימן? — דו און איך
מיר טראָגן זייער ליכטיקייט אין זיך.
זיי זײַנען געטלעכע ירושה,
וואָס איז קדושה
אין יעדן מענטשנס טראָט

דעם גרויסן סוד
פון דרימל אויפצואוועקן,
כּדי די געטלעכקייט זאָל פאַר יעדן זיך אַנטפּלעקן.

דיכטער

דער גרויסער סוד? נו, יאָ, דער גרויסער סוד, —
וועט ווען בישט איז דעם מענטשנס טראָט
צו אים דערגיין?

די פרוי

ווען יעקב איז געשלאָפן אין דער מדבר אויפן שטיין
האָט ער געזען אין חלום די מלאכים קלעטערן אויף פייערדיקן לייטער,
און איז געוואָרן אַ דערפרייטער.

דיכטער

און פּונקט אַזוי געוואָרן
איז משה פון דעם ליכט אויף מדברדיקן דאָרן,
וואָס האָט גערעדט צו אים אין קלאָרע ווערטער.

די פרוי

די געטלעכקייט, אַפּנים, איז אויף אַלע ערטער
אין זוכעניש דעם וועג צום האַרץ פון מענטשן.

דיכטער

איז וואָס־זשע, ווען־זשע וועלן בענטשן
מיר דאָ מיט אַלעמען מזומן?

די פרוי

די צייט וועט קומען! קומען! קומען!

דיכטער שטעלט אָן די בליקן אויף דוד בערגעלסאָנס פּאָטאָ און מורמלט.

דיכטער

איז וואָס־זשע, זאָגסטו, דוד? דוד, האָ?

די פרוי

נו, שאַ זאָל זיין! נו שאַ, נו שאַ, נו שאַ!

עס דערהערט זיך אַ געוויין פון אַ קינד אין צווייטן צימער.
די פרוי איילט זיך און זאָגט:

דאָס קינד אונדזערס שלאָפט עפּעס היינט נישט איין.

זי גייט שטיל אַרויס, ער קוקט איר נאָך מיט צעגליטע בליקן.

דיכטער

אַזוי פיל חושך, און דאָך אַ בלענדנדיקע שיין.
די געטלעכקייט, — זי בלענדט און גליט,

.1956

וואוהין וואוהין ?

א קול

זינג, זינג צו מיר דאָס ליד פֿון גאָלד און גרין !

דיכטער

ער ציטערט אויף, קוקט שאַרף אַרום זיך, — ווענדט די בליקן צו דער פּאַטאָ :

איז ווער־זשע רופֿט צו מיר דאָ, — ווער ? —
זאָל זײַן, אַז ער ? זאָל זײַן אַז ער ?

פֿאַרמאַכט די אויגן. זיצט אָנגעשטרענגט, ווי ער וואָלט זיך צו עפּעס צוגעהערט.

א קול

הער, הער, — עס רעדט געראַנגל אין זײַן דראַנג.
די געטלעכקייט איז איצט אין אַ געפֿאַנג
בײַ געטער' וואָס ווילן זי באַהערשן, און
דערפֿאַר איז איצט די זון
אַזאַ פֿאַרכמאַרעטע, נאָר אַז זי וועט באַפֿרײַען זיך,
באַנײַען זיך,
און מענטש וועט זי דערזען.

דיכטער

איז ווען־זשע וועט דער נס געשען ?

א קול

ער וועט ! ער וועט ! ער וועט !
און דעמאָלט וועט פּאָעט
באַנעמען קלאָר דעם זין.

דיכטער

שטיל צו זיך אין באַנייטער האָפֿענונג, מיט צאַרטקייט, ווי פֿון תּפֿילה :

זינג, זינג אין מיר דאָס ליד פֿון גאָלד און גרין !

1956.

# פּיניע קאַץ

## א.

מיט אַ צייט צוריק האָט מיך אָפּגעשטעלט אַן אָנגעזעענער יידישער דיכ־טער מיט אַ טענה, הלמאי איך האָב אַ נאָמען געגעבן איינס פון מיינע ביכער מיטן נאָמען „פּיניע".

— האָסטו געהערט אַ נאָמען! — האָט ער זיך צעקאָכט, און אויסגעלאָזט האָט ער מיט אַ פראַגע:

— און איר ווילט, אַז איך זאָל לייענען אַ בוך מיט אַזאַ נאָמען?

זאָל מיר מיין גוטער פריינט פּיניע קאַץ מוחל זיין, וואָס טראַכטנדיק היינט וועגן אים, האָב איך זיך דערמאָנט אָן אָט דער באַגעגעניש. אָט זיץ איך איצט און טראַכט: וואָס, אַשטייגער, וואָלט געשען, ווען עמעצער שטעלט פאַר פּיניע קאַצן פאַר אָט דעם דיכטער?

— הערט נאָר סאַראַ נאָמען! — וואָלט זיך יענער דיכטער פאַרקרימט, און ניט נאָר וואָלט צו דער באַקאַנטשאַפט גלייך אַ סוף גענומען, נאָר דער־הערנדיק, אַז אָט־דער קאַץ, וואָס האָט אויך דעם נאָמען „פּיניע", האָט אין זיין פאַרמעגנס אַזוי גרויס ווי גאַנצע ניין ביכער, וואָלט דער דיכטער אַוועק־געחלשט:

— ווי, ווי! אַ ייד מיטן נאָמען „פּיניע" וואַגט צו שרייבן וויכטיקע בי־כער אויף יידיש!

נו, איז טאַקע אַ דאַנק און אַ לויב דעם אויבערשטן, וואָס איך בין נישט געבענטשט מיט אַזאַ דעליקאַטן אויער, וואָס זאָל איריטירט ווערן פון דעם נאָמען „פּיניע". וואָרום, וואָלט איך, חלילה, יאָ געווען געבענטשט מיט אַזוינס, וואָלט איך דאָך נישט געקאָנט טראָגן אין זיך די וואַרעמע ליבשאַפט צו איינעם פון מיינע טייערסטע פעטערס, וואָס האָבן געהייסן „פּיניע", וואָלט איך מסתמא נישט געווען אויפגעשריבן מיין באַליבט בוך, וואָס טראָגט אָט־דעם נאָמען, און איך וואָלט נישט געהאַט דאָס פאַרגעניגן צו האָבן צווישן מיינע נאָענטע פריינט אַזאַ זעלטענעם מענטשן און שריפטשטעלער, ווי פּיניע קאַץ איז.

## ב.

זאָל עס האָבן געווען דער נאָמען „פּיניע", וואָס האָט מיך גלייך צו־געצויגן, ווען מען האָט מיך אין פּאַריז אויפן ערשטן אַלוועלטלעכן יידישן קול־

טור־קאָנגרעס פֿאַרגעשטעלט פֿאַר אים?

איך גלויב קוים, אַז דאָס איז געווען די סיבה. מיט מײַן גאַנצער ליב־שאַפֿט צו אָט־דעם טייערן יידישן פֿאָלקס־נאָמען, וואָלט איך צוגעצויגן גע־וואָרן צו אים, אַפֿילו ווען ער וואָלט געהייסן יחיאל, רחמיאל, אָדער גאָר יעקב־מרדכי, ווײַל נישט אינעם נאָמען האָט זיך געהאַנדלט, נאָר אין דער היימישער וואַרעמקייט, וואָס האָט אויף מיר גלײַך בײַ דער ערשטער באַ־געגעניש אַ גלי געטאָן פֿון אים.

פֿאַרשטייט זיך, אַז בדיעבד האָט מיר שוין אויך הנאה געטאָן, וואָס ער הייסט פּיניע, ווײַל וואָס דען זאָל אַזאַ וואַרעמער, פֿאָלקסטימלעכער יידי־שער מענטש הייסן?

פּנחס, זאָגט איר? גייט שוין, גייט! פּנחס איז, פֿאַרשטייט איר מיך, עפּעס אַזוינס, וואָס... וואָס... ווי קאָנט איר גאָר פֿאַרגלײַכן אַ פּנחס מיט אַזאַ טייערן נאָמען, ווי פּיניע!

ווען מײַן שיף האָט זיך געשניטן איבער די ברויגלעכע וואַסערן פֿון דער לאַ־פּלאַטאַ און זיך ביסלעכווײַז דערנעענטערט צו די ברעגן פֿון בוענאָס־איירעס, איז דאָך געווען אַ מחיה צו טראַכטן, אַז באַלד, באַלד וועל איך זיך ווידער באַגעגענען מיט פּיניען.

גאַנצע עלף יאָר זײַנען אַוועק זינט דער ערשטער באַגעגעניש, און דאָך איז די וואַרעמקייט נישט קיל געוואָרן!

איז זאָגט־זשע מיר, איך בעט אײַך, וואָלט אַזוינס געווען מעגלעך מיט עפּעס אַ פּנחסן?

נאַרישקייטן! אַזוינס קאָן מען נאָר פֿילן צו אַ פּיניען און נישט צו אַ פּנחסן, צו אַן עליען און נישט צו אַן אליהון, צו אַ יאַנקלען און נישט צו אַ יעקבן, צו אַ איציקן און נישט צו אַ יצחקן.

צו די לעצטע מוז מען אָנטאָן די שבתדיקע קאַפּאָטע, און די ערשטע קאָן מען באַגעגענען מיט אַ וואָכעדיק כאַלאַטל און עס איז סײַ ווי שבת.

ג.

איצט, נאָך מײַן באַזוך אין בוענאָס־איירעס, וואו איך האָב געהאַט די מעגלעכקייט און די געלעגנהייט זיך צו באַקענען מיט דעם מהות פֿון פּיניע קאַצן, פֿאַרטראַכט איך זיך אַמאָל וועגן דער וואַרעמקייט, וואָס איך האָב גע־טראָגן צו אים דורך די יאָרן, ווען איך האָב אים אין דער אמתן גאָנץ ווייניק געקענט. און דעמאָלט ווער איך איבערצייגט, אַז דער חוש בײַ דעם מענטשן איז זייער אַ וויכטיקער עלעמענט, מיט וועלכן מען דאַרף זיך שטאַרק רעכענען.

וואָס, אייגנטלעך, האָב איך געטראָגן אין זיך פֿון פּיניע קאַצן נאָך דער באַגעגעניש, וואָס האָט אַזוי געוואַרעמט?

פֿאַר די אויגן איז שטענדיק געשטאַנען אַ מיטל־וואוקסיקער יידישער מענטש מיט אַ בלאָנדן אוקראַיִנישן פּנים, וואָס גלעט מיט דער פּשטות פֿון

אַ געזונטער שטיק ערד, אויף וועלכער עס וואַקסן געזונטע, פּשוטע, וויטאַ־מינענדיקע געוויקסן, און זאָגט דערביי מיט אַ הכנסת־אורחימדיקן שמייכל:

— נעמט, עסט אייך געזונטערהייט, און קיין דאַנק דערפאַר איז נישט נויטיק.

אין געהער איז פאַרבליבן אַ קול, וואָס כאַטש אַ דינס אַביסל, איז אָבער דאָס וואָרט דורך דעם שטענדיק אויפגעגאַנגען, ווי אַ נאַטירלעך געטראַנק דורך אַ דינער, ריינער רער.

פאַר די עלף יאָר איז, פאַרשטייט זיך, פון צייט צו צייט געקומען פאַר די אויגן אַן אַרטיקל, — אַמאָל אין דער טעגלעכער צייטונג „די פּרעסע“, פון וועלכער ער איז דער שעף־רעדאַקטאָר, און אַמאָל אין דעם זשורנאַל „איקוף“, וואָס דערשיינט אין בוענאָס־איירעס אונטער זיין רעדאַקציע.

אָט די אַלע אַרטיקלען זיינען שטענדיק אויפגעגאַנגען פאַר די אויגן, ווי ליבע גרוסן פון אַ פּערזענלעכער באַגעגעניש מיט יאָרן צוריק. מען האָט זיי געלייענט מיט פאַרגעניגן. עס האָט אימפּאָנירט דער מחיהדיקער יידיש און אַוודאי האָט אימפּאָנירט דער אידייען־גאַנג אין זיי, וואָס איז דיר אַן אייגענער און אַ באַקאַנטער.

אָבער, איז דאָס גענוג צו טראָגן אין זיך יענע וואַרעמקייט, וואָס איך האָב צו אים געטראָגן?

זעט אויס, אַז דאָס אַליין איז אויך גענוג. אַ סימן? אָט זעט איר דאָך!

אָבער דעם אמתן פּיניע קאַץ האָב איך ערשט דערזען אין דער סביבה, אין וועלכער ער לעבט און ווירקט, און אויך נאָכדעם ווי איך האָב זיך באַ־קאַנט מיט די ווערק פון זיין פּען, וואָס דער בוענאָס־איירעסער איקוף האָט אַרויסגעגעבן צו זיין זעכציק־יאָריקן געבוירנטאָג.

## ד.

ער איז דער שעף־רעדאַקטאָר פון דער גרויסער צייטונג „די פּרעסע“, און עס איז זייער כאַראַקטעריסטיש, וואָס אָט־די צייטונג האָט ער אַליין גע־האָלפן אויפבויען, ווי ער האָט פון זיין סאַמע פריסטער יוגנט געהאָלפן אויפ־בויען זיך, זיין אייגענע פּערזענלעכקייט.

„די פּרעסע“ איז נישט קיין פּריוואַטע אינסטיטוציע, צו וועלכער ער איז געלאַדן געוואָרן צו פאַרנעמען די שטול פון איר אָנפירער, נאָר אַן אָרקעסטער, וואָס ער אַליין האָט געהאָלפן פאָרמירן, און עס איז דער קאָלעקטיוו, וואָס האָט אים אָוועקגעשטעלט אין דער שפּיץ.

דיריגירט ער לויט זיין באַנעם. און אַז עס טרעפט זיך דאָ און דאָרטן איינער, וואָס האָט רעוואָלטירט קעגן זיין באַנעם, לאָזט ער יענעם זיך פאַר־

וואַנדלען אין אַ סאָליסט, מיט פרייע רעכט אויף אייגענעם אויסדרוק, אפילו ווען ער האָט עגמת־נפש דערפון.

עס זיינען דאָ פון צייט צו צייט טענות צום שעף־רעדאַקטאָר, אָבער אין דעם טאָן פון די טענות איז שטענדיק דאָ מער מיטגעפיל צו אים, ווי צאָרן.

אין די רייען פון די פּראָגרעסיווע יידישע עלעמענטן איבערן לאַנד פון אַרגענטינע איז מיר נישט איין מאָל אויסגעקומען צו הערן:

— ווי קומט עס, וואָס פּיניע קאַץ לאָזט דורך אין דער „פּרעסע״ אַזאַ אָדער אַזאַ אַרטיקל?

אָט אַזוי טוט עמעצער אַ פרעג, און אין דער פראַגע אַליין, כאָטש זי איז אַ גרימצאָרנדיקע, איז אָבער דאָ אַ סך אַכטונג צו פּיניע קאַצן.

און אויף וויפל אָט די אַכטונג איז איינגעוואָרצלט צו אים, איז כאַראַקטעריסטיש די פאַרטיידיקונג אינעם מויל פונעם זעלבן פרעגער:

— נו, וואָס־זשע זאָל ער טאָן, האַ? איבערלאָזן די צייטונג, וועט זי דאָך אַוועקגיין אויף גאָר אַנדערע דרכים!

אָט אַזוי פאַרטיידיקט אים דער זעלבער טענות־האָבער, און ער גייט דערביי נאָך פיל ווייטער:

— עס איז אמת, אַז ער איז נישט אַליין. מיט זיין דעה איז אויך דר. ל. זשיטניצקי, וואָס איז אַ וויכטיקער, פּראָגרעסיווער כוח אין דער „פּרעסע״. און נישט נאָר דער דר. ל. זשיטניצקי אַליין, עס זיינען פאַראַן אַנדערע אויך. אָבער אַז די צייטונג איז אַ קאָאָפּעראַטיווע, קאָן דאָך אפילו אַ שעף־רעדאַקטאָר נישט פאַרבאָטן צו קומען צום אויסדרוק יענע כוחות, וואָס טיילן נישט זיין איינשטעל.

אַזוי איז מיר אויסגעקומען צו הערן אין די רייען פון אַרגענטינע. און וואָס שייך די עלעמענטן פון דעם קאָנסערוואַטיוון צד, איז אויך דאָס אייגענע:

— ער איז טאַקע דורכאויס נישט קיין אונדזעריקער, אָט דער פּיניע קאַץ, אָבער...

דאָס וואָרט „אָבער״ קומט אַרויס פון זייערע מיילער אין אַזאַ טאָן, וואָס זאָגט קלאָר:

— קיין סך אַזעלכע, ווי פּיניע קאַץ, האָבן מיר נישט אין אונדזער יידיש לעבן פון אַרגענטינע.

ה.

פון וואַנען אָט־די אומגעהויערע אַכטונג צו אים ביי אַלע ריכטונגען פונעם יידישן לעבן אין אַרגענטינע?

זי קומט פון דער טיפער פאַרערונג, וואָס יעדער מענטש טראָגט אין זיך צו אַלץ, וואָס איז לויטער, עכט און פשוט, און דאַרף נישט אָנקומען צו

קיין ספעציעלע אילומינאַציעס, כדי מען זאָל דאָס דערזען און מען זאָל פון דעם הנאה האָבן.

פיניע קאַץ איז איינער פון די טאַמע פאַרדינסטפולע יידישע קולטור־בויער אין דעם שיינעם יידישן ישוב פון אַרגענטינע. נישטאָ קיין איין וויכטיקע דערגרייכונג אויפן געביט פון יידישער קולטור אינעם ישוב, אין וועלכער עס זאָל נישט זיין אַ היפּשע מאָס פון זיין ענערגיע. און דאָך, אַז איר באַגעגנט זיך מיט אים, איז ער איינער פון אַלע, אָן דער מינדסטער פּרעטענזיע אויף אַ שטול ביים אויבנאָן.

אפילו ווען אים קומט אויס צו דערציילן וועגן דעם געוואַלדיקן געראַנגל, וואָס דער יידישער ישוב אין אַרגענטינע האָט דורכגעמאַכט פאַר די לעצטע פערציק יאָר אין זיין גאַנג פונעם טאָל באַרג־אַרויף, ווי ער טוט דאָס איז זיין אויסגעצייכנטן בוך „יידישע זשורנאַליסטיק אין אַרגענטינע“, איז דאָס ליכט אין זיינע הענט אָנגעשטעלט אויף אַלץ און אַלעמען, און קיינמאָל נישט אָנגעשטעלט אויף זיך אַליין. אומזיסט וועט איר זוכן אַ באַריכט וועגן זיינע אייגענע כוחות, וואָס האָבן זיכער געשפּילט אַן אומגעהויערע ראָלע אין דעם גרויסן געראַנגל. אויב איר וועט עפּעס געפינען, וועט דאָס זיין בלויז אַן אָנדייטונג, און די אָנדייטונג איז אַזאַ זייטיקע, אַזאַ נישט־ווילנדיקע, ווי איינער זאָגט:

— נו, וואָס איז דאָ צו דערציילן וועגן זיך?

פאַר אייערע אויגן גייט דורך אַ גאַנצע גאַלעריע פון פּיאָנערן אויף דעם געביט פון יידישער זשורנאַליסטיק אין אַרגענטינע און בלויז זייטיקע באַמערקונגען וועגן זיין אייגענער פּיאָנערישקייט.

בלויז אינעם אויטאָביאָגראַפישן בוך לאָזט ער אונדז אַ קוק טאָן אויף זיך, אָבער אפילו דאָרטן איז זיין ליכט אָנגעשטעלט מער אויף דער סביבה, ווי אויף זיך אַליין.

דאָס בחורל פון גראָסעלעס, וואָס האָט דורכגעמאַכט אַ היפּשן מהלך, ביז עס האָט זיך דערקליבן קיין בוענאָס־איירעס, אַרגענטינע, וואו עס איז אים באַשערט געווען צו ווערן דער איצטיקער פיניע קאַץ, דערציילט אונדז אין אָט־דעם בוך, וואָס ער רופט אָן „אַ רייזע אין מיין לעבן“, וועגן אָט־דעם מהלך, און דערציילנדיק וואַקסט אויס פאַר אייערע אויגן אַ גאַנצע גאַלעריע פון יידישע שטעטלעך, דאָס שטייגער־לעבן אין זיי, זייערע יידישע מענטשן, דער סאָציאַלער באַשטאַנד פון זיי, די נייע, רעוואָלטירנדיקע שטימונגען ביי דער יוגנט, די ערשטע, שאַרפע אָנזאָגן פון שטורעם, וואָס קלייבט זיך קעגן דעם געמויזעכץ אין דער דעמאָלטדיקער פעאָדאַלער איינשטעלונג אויף דער וועלט, און אין דעם אַלץ און אַלעמען שפּאַנט טרוימעריש און עקשנותדיק דאָס יונגע בחורל פון גראָסעלעס, אפילו ווען פיניע קאַץ שטעלט ניט אָן דעם

לאָמפּ אויף דעם, און דורך דעם ווערט אונדז קלאָר די אינפאָרמירטע פּערזענ־לעכקייט פון דעם איצטיקן פּיניע קאַץ אַליין.

און נישט נאָר ער אַליין ווערט אונדז קלאָר, נאָר עס ווערט אונדז קלאָר אויך דער סוד פון דער ליבשאַפט און אַכטונג צו אים פון דער יידישער פאָלקס־אינטעליגענץ אין אַרגענטינע, — דער סוד פון דער צוגעבונדנקייט, וואָס אַן אונדזעריקער דערפילט צו אים ביי דער ערשטער באַגעגעניש.

## ו.

דער סוד ליגט אין דער ליכטיקער פשטות פון גראָסעלעס, וואָס איז אים נאָכגעגאַנגען אויף זיין היפשן מהלך און האָט אים קיינמאָל נישט פאַרלאָזט אויך אין זיין פּרוכטבאַרן און שעפערישן לעבן אין אַרגענטינע.

פּיניע קאַץ, איינער פון די אַרגענטיניזירטסטע יידן, האָט אַריינגעבראַכט אינעם לעבן פון דעם יידישן ישוב אין לאַנד די ווייכע, תמימותדיקע פאָלקס־טימלעכקייט פון גראָסעלעס.

ער האָט נישט איבערגעלאָזט דעם באַגאַזש, וואָס ער האָט מיטגענומען מיט זיך, ביים ברעג פון לאַ־פּלאַטאַ, נאָר אים אַרויפגעטראָגן אויף דער אַר־געטינער ערד, אים אויסגעפּאַקט און דאָס שענסטע און דאָס בעסטע פון אים אַנגעהויבן אַריינצואוועבן אינעם לעבן אויף דער נייער ערד.

נישט אומזיסט איז דאָ אַזאַ היץ אין יעדער אַרבעט — גרעסערע, צי קלענערע — וועגן דעם גאַנג פונעם יידישן לעבן אין אַרגענטינע. דער זעלבער פּיניע קאַץ, וואָס קאָן שרייבן אַזוי רואיק וועגן די קלאַסיקער פון דער יידישער ליטעראַטור, איז ממש אַ צעגליטער, ווען ער שרייבט וועגן ענינים פונעם יידישן לעבן אינעם אַרגענטינער ישוב. דאָ איז ער נישט בלויז שריפטשטעלער מיט אַן אייגענעם וועלט־באַנעם, נאָר אַקערער, זייער, וואָס ציטערט און פלאַטערט איבער יעדן געוויקסל, פרייט זיך מיט דעם מינדסטן ביסל גרינס און לייגט ממש איין וועלטן אויף דעם, וואָס פוילט און ווערט צערויעט.

לייענט זיין בוך „יידן אין אַרגענטינע" און איר וועט זיך נישט נאָר באַקאַנען מיט דעם גאַנג פון דער קאָלאָניזאַציע, נישט נאָר מיט דער פּאַר־מירונג פון די יידישע ישובים אין די שטעט, נאָר איר וועט זיכער אָנגע־שטעקט ווערן מיט דעם אימפּעט פון פּיניע קאַצן אַליין אַזוי שטאַרק, אַז איר וועט מיטליידן מיט אים ביי אַלע דורכפאַלן און זיך מיטפרייען מיט אים ביי יעדער מינדסטער דערגרייכונג.

עס איז דער באַגאַזש, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט פון גראָסעלעס און פון דער משפחה זיינער. עס איז דאָס ליובאַוויטשער חסידות פון זיין זיידן, די השכלה פון זיין טאַטן, די פאָלקסטימלעכע תמימות פון די פשוטע, טייערע יידן און זיין געבורט־שטעטל, וואָס האָבן זיך געשנירלט אין זיין גאַנצן גאַנג

און שנירלען זיך נאָך ביז איצט, און זיי זיינען דער סוד פון דער וואַרעמקייט, וואָס שלאָגט זיך דורך סיי אין זיין פּערזענלעכער באַנעמונג מיט מענטשן, סיי אין זיין געזעלשאַפטלעכער טוּאונג און אויך אין זיין שריפטשטעלערי־שער אַרבעט.

ז.

עס איז ביז גאָר כאַראַקטעריסטיש די מאָטאָ, וואָס פיניע קאַץ האָט אַוועק־געשטעלט אויפן ערשטן זייטל פון זיינע געזאַמלטע ניין בענדער:

„הוא היה אומר, מיין טאַטע פלעגט זאָגן: איך ווייס וועד מיין טאַטע איז געווען, איך ווייס וועד איך בין און איך ווייס וועד מיינע קינדער זיינען".

אין אים פּערזענלעך איז דאָ דער סינטעז פונעם טאַטנס השכלה און דעם זיידנס חסידות.

קלאָרער, ראַציאָנאַלער צוגאַנג צו די פּראָבלעמען פון אונדזער לעבן, און געוואַלדיקער ענטוזיאַזם צו אַלץ, וואָס איז שיין און דערהויבן.

דער משכיל אין אים קומט שטענדיק צום אויסדרוק, ווען ער טעאָרע־טיזירט. אין אַזעלכע מאָמענטן איז ער אַזוי ראַציאָנאַל, אַז ער קאָן אייך אויסלייגן דעם „חיזוק, קיום און המשך" פאַר אונדזער פאָלק, וואָס לייענט זיך ממש ווי אַ פּראָגראַם. אָבער אַזוי גיך ווי ער הויבט אָן באַגרינדן זיינע טעאָריעס, לייזט זיך גלייך אויף דער ראַציאָנאַליזם, וואָס איז אין אים, און עס באַווייזט זיך דער חסיד, וואָס איז צעשפּרודלט מיט פייערדיקן עמאָציאָ־נעלן ענטוזיאַזם.

אמת, אַז אויך דאָס חסידישע, וואָס איז אין אים, איז באַהויכט מיט אַ שמץ ראַציאָנאַליזם, און דאָס נעמט זיך אַוודאי דערפון, וואָס זיין זיידע איז געווען אַ ליובאַוויטשער, וועמעס חסידיזם איז געווען אונטערגעבעט מיט ראַציאָנאַליזם.

און פיניע קאַץ ווייסט דערפון, און דערפאַר טאַקע אָט די מאָטאָ ביים אָנהויב פון זיינע אָפּגעקליבענע אַרבעטן, וואָס זיינען אַריין אין די ניין בענ־דער, וואָס דער אַרגענטינער איקוף האָט אַרויסגעגעבן לכבוד זיין זעכציק־יאָ־ריקן געבוירנטאָג.

עס איז, ווי מיט אָט־דעם „הוא היה אומר" וואָלט ער זיך געוואָלט פאַר־ענטפערן פאַר אונדז, הלמאי ער איז אָט אַזוי, ווי ער איז. אָבער דאָס פאַר־ענטפערן זיך איז נישט נויטיק, ווייל אונדז געפעלט ער דווקא אָט אַזוי ווי ער איז.

עס איז דאָ אַן אמתע מחיהדיקייט אין אָט־דעם סינטעז פון ראַציאָנאַליזם און ענטוזיאַזם. דווקא פון אָט דער סינטעטישקייט שלאָגט מיט אַזאַ גאַנצקייט, וואָס איז טיף און מענטשלעך.

ח.

אַזאַ פֿאַרשיידנקייט אין די אַרבעטן, וואָס שטעלן צונויף די נײַן בענדער, און דאָך שלאָגט די פֿאַרשיידנקייט מיט גאַנצקייט.

עס איז, ווי די פֿאַרשיידנקייט אין די גלידער, וואָס אַלע אינאיינעם שטעלן זיי צונויף אַ לעבעדיקן גוף.

אַוודאי איז דער מעטאָד פֿון זיין געבן אונדז זײַן אויטאָביאָגראַפֿיע, אָדער זײַנע רייזעס איבערן סאָוועטן־פֿאַרבאַנד, אַן אַנדערער ווי זיין געבן אונדז זײַנע היסטאָרישע אַרבעטן: „קאָלאָניע און קאָלאָניזאַציע״, אָדער „יידן אין אַר־געגטינע״. אין די ערשטע איז ער בעלעטריסטיש, מחיהדיק בילדעריש, בשעת אין די לעצטע איז ער פֿאַרשעריש און זשורנאַליסטיש. אָבער אויך אין זײַנע פֿאָרשערישע אַרבעטן איז ער נישט קיין טרוקענער פּראָזאַאיקער, און פֿון זײַן זשורנאַליזם שפּרודלט מיט אַזאַ ווייכער לירישקייט, וואָס איז ביז גאָר באַ׳טעמ׳ט.

זײַן צוגאַנג צו ליטעראַטור איז, ווי זײַן צוגאַנג בכלל צו די פּראָבלעמען פֿון אונדזער לעבן, אַ סאָציאַלער. אָבער אין זײַן סאָציאַלן צוגאַנג צו אונדזער יידישער ליטעראַטור זעט זיך ווידער בוילעט אַרויס דער געמיש פֿון משכיל און חסיד אין אים. אָט דאַכט זיך, אַז ער איז ביז גאָר פֿאָדערער און מאָנער, און דאָך, אַז ער טוט זיך אַ שלאָג־אָן אָן דער שיינקייט, גייט־אויף פֿון אונטער זײַן פּען אַן אומגעצאַמטע באַגייסטערונג.

און זײַן צוגאַנג צו דער יידישער ליטעראַטור דערמאָנט אַביסל אָן אַלגינען. שטאַרקע פֿאָדערונג, ביז־גאָר פֿיינע פֿאַרשטענדעניש, און איבערשוימ־טער ענטוזיאַזם.

זײַנע עסייען איבער שלום־עליכמען, שלום אַשן און דוד בערגעלסאָנען זײַנען צווישן די גאָר פֿיינע און גוטע אַרבעטן אויפֿן געביט פֿון יידישער ליטעראַטור־קריטיק.

און דאָס סאַמע וויכטיקסטע איז, וואָס פֿון אַלע נײַן בענדער קוקט אַרויס פֿיניע קאַץ אַליין — דער מענטש און דער ייד מיט דעם אויסגעשפּראָכענעם באַנעם פֿון אַ סאָציאַליסט.

ט.

אַזוי אין זײַן שרײַבן, און פּונקט אַזוי אין זײַן טאָג־טעגלעכן לעבן. פֿאַרשיידנאַרטיק און גאַנץ.

שעף־רעדאַקטאָר פֿון אַ גרויסער טעגלעכער צייטונג, און אַ פּשוטער טוער, ווי יעדער גוטער און אָרנטלעכער טוער פֿון פֿאָלק.

פֿירט מען אַן אַקציע, — צי דאָס איז פֿאַר די קינדער־שולן, אָדער פֿאַר

דעם „איפּט", צי גאָר פאַר דעם איקוף, בשעת איך בין דאָרט געווען, — איז ער אין דער טוואונג צוזאַמען מיט אַלע טוער.

אַ מענטש מיט אַ גרויסער ערודיציע, און רעדט אַזאַ פּשוט פאָלקס־לשון, אַז דער פּשוטסטער מענטש דאַרף נישט קנייטשן דעם שטערן אים צו באַנעמען. זיין האַלטן זיך מיט מענטשן אויך אַזוי. מיט וועמען ער זאָל נישט זיצן, פילט זיך דער מיטזיצער אין דער היים. אַליין אַ באַרעדעוודיקער, ווי ס'איז כאַראַקטעריסטיש פאַר אַן אוקראַינער יידן, און דאָך אַ וואונדער־באַרער צוהערער און אויפנעמער, ווען עמעצער רעדט צו אים.

עס איז געווען גוט מיט אים צו שפּאַצירן איבער די גאַסן פון בוענאָס־איירעס, צו זיצן מיט אים ביי אַ טישל אין קאַפע „קאָמערסיאַל", אָדער אין אַן אַנדער קאַפע־הויז, און ביז גאָר איז מיר גוט געווען אין זיין שטוב.

אויף די גאַסן איז ער געווען פאַר מיר אַ ביז־גאָר פריינטלעכע אינפאָר־מאַציע־ביוראָ.

בוענאָס־איירעס, און אַוודאי דאָס יידישע בוענאָס־איירעס, איז זיינס. אַלצ־דינג איז דאָך געוואָקסן מיט אים צוזאַמען. און אַדאַנק זיין אינפאָרמאַציע און באַלייכטונג, איז יעדעס ווינקעלע אויפגעלעבט געוואָרן פאַר מיר מיט דעם גאַנצן הינטערגרונט פון דעם.

אין די שעה'ן מיט אים אין „קאָמערסיאַל", אָדער אין אַן אַנדער קאַפע־הויז ביי אַ טישל, איז שטענדיק אויפגעגאַנגען דאָס געמיט מיט דער גרינג־קייט פון דעם ציגאַרעטן־רויך אין דער לופט, כאָטש נישט איין מאָל זיינען די שמועסן געווען דווקא שווער־געוויכטיקע.

וואָס שייך די שעה'ן אין זיין שטוב, האָב איך אויף יעדן וויזיט מיינעם דאָרטן געטראַכט וועגן דער מאַטאָ איבער זיינע ביכער. וואָרום אין דער אַטמאָספער פון זיין שטוב האָב איך געזען, אַז נישט נאָר ווייסט ער ווער זיין טאַטע איז געווען, ווער ער איז אַליין, נאָר איך האָב אויך געזען, ווי ווייט ער ווייסט ווער און וואָס זיין פרוי לילי, און זיינע קינדער זיינען.

איך האָב געפילט די ברכה אין זיין באַשיידענער וואוינונג פון די ביל־דער אויף די ווענט, פון די ספרים אין זיינע ביכער־שאַפעס, פון דער אי־בערזעצונגס־אַרבעט איבער סערוואַנטעסעס בוך „דאָן קיכאָט", אויף זיין אַר־בעטס־טיש, פאַר וועלכער ער גיט לעצטנס אָפּ זיין גרויסע ליבשאַפט.

איך האָב אויך געפילט די ברכה פון זיין משפּחה־לעבן, וואָס זינגט מיט גאַנצקייט.

די פרוי קאַץ, וועמעס ליב־יוגנטלעך פּנים הערט נישט אויף צו גליען מיט אינטערעס פאַר די קינדער־שולן, אַרום וועלכע זי איז אַ טיכטיקע טוער־ערין; זיין יונגער, שוין חתונה־געהאַטער זון מיט דער שנור; זיין יונגע טאָכטער, — וואָס גייען אַלע אין די טריט פון טאַטע־מאַמע אין דער באַ־

װעגונג פֿאַר אַ שענערער און באַנײטער װעלט.

י.

װען מײַן שיף האָט געשניטן די ברױנלעכע װאַסערן פֿון דער לאַ־פּלאַטאַ, האָב איך זיך געפֿרײט, װאָס באַלד, באַלד װעל איך זיך מיט אים טרעפֿן. און איצט, שױן באַלד אַ יאָר זינט איך האָב געזען דאָס פֿאָכען פֿון זײַן האַנט צו מיר, װען אַ שיף האָט מיך אָפּגעפֿירט פֿון דעם בוענאָס־אײַרעסער ברעג קײַן מאָנטעװידעאָ, — פֿרײ איך זיך מיט די נײַן בענדער, װאָס קוקן אױף מיר אין מײַן שטוב.

װיפֿל מאָל האָב איך זײ שױן געבלעטערט? אומצײליקע מאָל שױן אַװדאי. אָבער קײן אױסגעלײענטע און קײן איבערגעלײענטע זײַנען זײ נאָך אַלץ נישט, װי נישט אױסגעלײענט און איבערגעלײענט ער אַלײן איז פֿאַר מיר.

נישט אײן מאָל דערזע איך פֿאַר די אױגן די מיטל־װאוקסיק, קאַנטיק־קרעפּטיקע פֿיגור פֿון פּיניען. איך זע דאָס בלאָנדלעך־אוקראַיִניש פּנים מיט דעם גוטמוטיקן פֿאָלקס־ייִדיש אין זײַן מױל, הער זײַן געזונט געלעכטער און דעם אױפֿריכטיקן טאָן פֿון זײַנע ערנסטע רײד.

אין אַזעלכע מאָמענטן צעבענקט זיך דאָס האַרץ, און מען װינטשט נאָך אַמאָל זיך צו באַגעגענען.

.1948

# נחמן מייזיל

## א.

אַ צאָל חשובע יידישע שריפטשטעלער, קינסטלער און קולטור־טוער האָבן מיך איינגעלאַדן צו אַ ספּעציעלער זיצונג וועגן איינאָרדענען אַ יום־טוב לכבוד נחמן מייזיל.

אַלע האָבן מסכּים געווען, אַז מען מוז דורכפירן אַ זייער אימפּאָזאַנטן און געהויבענעם יום־טוב.

— נו, יאָ, אַוודאי, שוין לאַנג צייט געווען! — האָט איינער אויסגעדריקט זיין צופרידנקייט, און דערביי באַטאָנט:

— זיין זעכציק־יאָריקן געבוירנטאָג האָבן מיר פאַרנאַכלעסיקט.

— אַז קיינער האָט נישט געוואוסט! — האָט אַ צווייטער זיך פאַרענט־פערט, גלייך מען וואָלט צו אים פערזענלעך געהאַט טענות דערפאַר, און אַ דריטער האָט מוסיף געווען:

— וואָלט מען אויפמערקזאַם געמאַכט!

דאָ האָט עמעצער זיך אַריינגעמישט, און געצויגן אַלעמענס אויפמערק־זאַמקייט:

— עס איז איצט דאָ אַ גוטע געלעגנהייט.

— נו, יאָ, זיין ניי־דערשינענע בוך: „יצחק לייבוש פּרץ און זיין דור שרייבער".

— אַ גלענצנד בוך! — האָט אַן אַנדערער אונטערגעכאַפּט.

הכּלל, אַלע האָבן מסכּים געווען, אַז מען דאַרף יום־טובן, און וואָס שייך דעם יום־טוב, דאַרף מען זען, אַז ער זאָל דורכגעפירט ווערן וואָס־אימפּאָזאַנ־טער און וואָס־שענער. אָבער דאָ האָט זיך עמעצער אויפגעכאַפּט פון זיין פאַר־טיפטקייט, און אַ פרעג געטאָן:

— האָט מען זיך אָנגעפרעגט ביי נחמן מייזיל, צי ער וויל זיך לאָזן יום־טובן?

אַלע האָבן אויפגעהויבן די בליקן צום פרעגער אין גרויס דערשטוינונג:

— וואָס הייסט זיך נאָכפרעגן ביי נחמן מייזיל, צי ער איז וויליק? איז דען דאָ אַ שרייבער, וואָס איז נישט וויליק זיך צו לאָזן יום־טובן?

דער פרעגער האָט זיך נישט פאַרלוירן און שמייכלענדיק אָנגעוויזן אויף מיר:

— אדרבא, זאָל זאָגן ווינפער זיין מיינונג.

איצט זײנען שוין די בליקן פון אַלעמען געהאַנגען אויף מיר. איך האָב געמוזט צוגעבן, אַז דער פרעגער איז נישט אינגאַנצן אויסערן וועג.

האָב איך שוין געמוזט איבערגעבן נחמן מײזילס ווידערגעפיל צו יובילײ־פײערונגען פאַר אים, און פונדעסטוועגן געהאַלטן, אַז מען דאַרף זיך מיט אים צונויפרעדן, און טאַקע פּרובירן ווירקן אויף אים, וואָרום אין אונדזער שווערן לעבן איז דאָך פּאַרט נויטיק, ווען־נישט־ווען אַ יום־טוב צו טאָן מיט אַן אײגענעם און פאַרדינסטפולן מענטשן.

— נו, אדרבא! — האָט דער פאָרזיצער פון דער זיצונג זיך געווענדט צו מיר. דער עולם איז באַשטאַנען, איך זאָל זײן דער, וואָס זאָל זיך מיט אים צונויפרעדן.

— ווער דען, אויב נישט איר? — האָט מען אַפּעלירט צו מיר. איך האָב צוגעזאָגט צו פּרובירן, אָבער איך בין געווען אין ספק, צי עס וועט זיך מיר אײנגעבן.

ב.

צי איך האָב פּרובירט? אַוודאי האָב איך פּרובירט, אָבער זײן ענטפער איז געווען צו מיר דערזעלביקער, ווי ווען ער איז געוואָרן אַ פּופציקער.

עס איז געווען אין דער צײט, ווען ער איז ערשט געקומען צו אונדז אין לאַנד, נישט טראַכטנדיק נאָך דעמאָלט, אַז אים וועט אויסקומען צו ווערן בײ אונדז אַ תושב. די היגע ייִדישע ליטעראַרישע וועלט האָט אים דעמאָלט אויפגענומען סײ ווי אײנעם פון אונדזערע וויכטיקע ליטעראַטור־קריטיקער, און סײ ווי דעם רעדאַקטאָר פון דער אײנציקער ליטעראַרישער וואָכנשריפט, „ליטעראַרישע בלעטער", וואָס כאָטש זי איז דערשינען אין וואַרשע, איז זי אויך געווען די טריבונע פאַר די בעסטע שריפטשטעלער איבער דער גאָרער ערד און ממילא אויך פאַר אונדז, אַמעריקאַנער. אַז מײן ווײניקײט איז אויך געווען צווישן די אויפנעמער איז געווען זעלבסט־פאַרשטענדלעך. אויסער די פאַרדינסטן פונעם חשובן גאַסט, האָב איך נאָך געפילט צו אים אַ פּערזענלעכע דאַנקבאַרקײט פאַר דעם וואַרעמען קבלת־פּנים, וואָס די „ליטעראַרישע בלעטער" האָבן מיר געגעבן, ווען איך האָב מיט אַ פאָר יאָר פריער באַזוכט אײראָפּע. גראָד האָט זיך געמאַכט, אַז איך האָב אויסגעפונען דורך זלמן רײזענס „לעקסיקאָן", אַז נחמן מײזילס וויזיט בײ אונדז פאַלט צונויף מיט זײן פופציקסטן געבוירנטאָג, האָב איך זיך צונויפגערעדט מיטן דיכטער ב. י. ביאַלאָסטאָצקי, וועלכער האָט צוזאַמען מיט מיר רעדאַקטירט דעם ליטעראַרישן זשורנאַל „אויפקום", אַז מיר זאָלן דעם קומענדיקן נומער פאַרוואַנדלען אין אַ מין מײזיל־יובל־נומער.

ווי אַזוי איז נחמן מײזיל וועגן דעם געוואויר געוואָרן? מסתמא האָבן די ווענט פונעם ניו־יאָרקער ליטעראַרישן קאַפע־הויז אים געלאָזט וויסן דאָס,

וואָס האָט געדאַרפט זיין אַ סוד און אַ סורפּריז פאַר אים, און ווען ער האָט מיך דאָרטן געטראָפן, האָט ער מיך פאַרבעטן צו אַ באַזונדער טישל.

— וויינפּער, טו אַ טובה און מאַך נישט קיין יובל־פייערונגען פאַר מיר, — האָט ער אָנגעהויבן מיט געבעט.

— סטייטש ? היתכן ? — האָב איך זיך געוואונדערט.

— עס איז נישט אין מיין געמיט. איך האָב אַ ווידערגעפיל צו אָט אַזוינס !

— איז נישטאָ אין אָט אַזאַ צוגאַנג קיין גדלות ? — האָב איך ביי אים געפרעגט.

זיין ראַזעווע פּנים איז נאָך ראַזעווער געוואָרן. עס איז געווען צו מערקן אויף אים, אַז מיין פראַגע האָט אים געפּלעפט.

— גדלות ? — האָט ער איבערגעחזרט אין דער שטיל מיין פראַגע, און דער אופן, ווי ער האָט זי איבערגעחזרט, האָט געגעבן דעם איינדרוק, ווי ער וואָלט זי געפרעגט ביי זיך אַליין.

ער האָט אַ וויילע געשוויגן און דערנאָך מיט פאַרשטאַרקטקייט געזאָגט:

— ניין, וויינפּער, נישט גדלות, נאָר גאָר עפּעס אַנדערש.

— דהיינו ? — האָב איך געוואָלט וויסן.

— זעלבסט־חשיבות וועט זיין ריכטיקער ! — האָט ער פאַר מיר דע־פינירט זיין ווידערגעפיל צו יובילײ־פייערונגען.

ג.

וואָס אַזוינס ער האָט געמיינט מיטן אויסדרוק „זעלבסט־חשיבות", האָב איך ערשט געלערנט אין לויף פון די פופצן יאָר, וואָס מיר קומט אויס צו אַרבעטן מיט אים צוזאַמען אינעם איקוף.

עס איז נישט קיין זעלבסט־חשיבות, וואָס זיצט מיט פאַרלייגטע הענט און פאַרגלאָצטע אויגן אויף די דערגרייכונגען פונעם אייערנעכטן און דעם נעכטן, און בלאָזט זיך, הלמאַי מען דערלאַנגט נישט דאָס שעפל מיט כבוד און אָנערקענונג. ס'איז נישט קיין זעלבסט־חשיבות, וואָס זיצט, ווי אַ געץ פאַר דעם אויפגייענדיקן ווירדויך פון אַ באַגילדט שיסעלע, נאָר עס איז זעלבסט־חשיבות, וואָס טראָגט מיט אַ געהויבענעם קאָפּ דעם שווערן עול פונעם לעבן, — דאָס געפּעק פון דער צייט, אין וועלכער מען לעבט, מיט דעם באַוואוסטזיין און אויך מיט דעם געפיל, אַז מען איז אַליין אַ טייל פון דער גאַנצער יצירה, וואָס האַלט נאָך אין יוירן, און אין ווערן, און ממילא דאַרף יעדער טייל צוטראָגן זיין חלק האַרעוואַניע, כדי עס זאָל דערגרייכט ווערן, וואָס עס דאַרף דערגרייכט ווערן אינעם גאַנג צו שלימות.

עס איז די זעלבסט־חשיבות, וואָס איז דער דרך־ארץ און די ליבשאַפט

צו דעם, וואָס מען טוט, ווײַל עס איז נישט אַזוי אַ טואונג, נאָר אַ טואונג, וואָס איז אַ בויאונג. און ווײַל אַזוי, איז שוין נישט קיין חילוק, וואָס פאַר אַ פאָרם די טואונג נעמט אָן, ווײַל נישט די פאָרם איז דער עיקר, נאָר דער תוך פון דער טואונג איז דער עיקר.

היינט איז דאָס אַ בוך, וואָס מען האַלט אינמיטן שאַפן, מאָרגן איז דאָס אַ שריפט, וואָס מען האַלט אין צונויפשטעלן דורך קלויבן מאַטעריאַל, לייענען מאַנוסקריפטן, פאַררייכטן קאָרעקטורן, און אין דער צווישנצייט איז אַ זיצונג מיט מענטשן, אָדער אַ מיטינג, וואָס מען דאַרף אַדרעסירן, — אויך אַ טואונג, ווײַל אַלץ איז געבונדן איינס מיטן אַנדערן און מיט דעם תוך אַרבעט, וואָס מען דאַרף צוטראָגן צו דער שלימות.

און נישט נאָר דווקא אָט דאָס אויסגערעכנטע. אַז מען דאַרף, איז אויך דאָ אומגעהויערע חשיבות אין פּאַקן פּעקלעך, זיי צונויפבינדן מיט שטריקלעך און מאַכן דערביי פּלענער, ווי אַזוי אויפצוקלײַבן ערגעצוואו אַ ביסל מזומן געלט אויף פּאָסט-מאַרקעס צו קויפן, כדי די פּעקלעך ליטעראַטור זאָלן וואָס־גיכער אָפּגעשיקט ווערן צו די לייענער, פאַר וועלכע זיי זײַנען געפּאַקט געוואָרן און געמיינט געוואָרן.

זעענדיק נחמן מייזיל בײַ דער אַרבעט אַרום דעם איקוף, איז מיר קלאָר געוואָרן, ווי אַזוי ער האָט אין זײַנע פריערדיקע יאָרן באַוויזן אויפצוהאַלטן די וויכטיקע וואָכנשריפט „ליטעראַרישע בלעטער" אין וואַרשע. עס איז נישט נאָר די גרויסע ליבשאַפט אין אים צום שעפערישן וואָרט, וואָס דאַרף גע־בראַכט ווערן צוריק צום זעלבן יידישן פאָלקס־לעבן, כדי עס זאָל אַזוי־אַרום באַפרוכפּערט ווערן דורך די וויטאַמינען פון די אייגענע געוויקסן פאַר נאָך אַ רייכערער פאַנאַנדערבליאונג.

און ווײַל אָט אַזאַ ליבשאַפט און אָט אַזאַ אחריות אין זיך, איז ממילא די גרויסע אָנזאַמלונג פון וויסן, וואָס ווערט נאָך ברכהדיקער אַדאַנק דעם שאַפערישן טאַלאַנט, מיט וועלכן מען איז פון דער נאַטור געבענטשט געוואָרן.

— איז וואָס־זשע זאָגסטו, נחמן, וועגן דעם באַגער אַ יום־טוב צו טאָן מיט דיר און אַרום דיר? — האָב איך געפּרובירט אויספירן די שליחות, וואָס די ספּעציעלע זיצונג האָט אַרויפגעלייגט אויף מיר אויסצופירן.

ער האָט אויפגעהויבן זײַנע אויגן, וואָס זײַנען געווען אײַנגעגראָבן אין די שורות פון אַ מאַנוסקריפּט, און געזאָגט:

— נישטאָ קיין יום־טוב אין די איצטיקע טעג! איז ווי אַזוי־זשע זאָל מען זיך איצט לאָזן יום־טובן?

— מען דאַרף דאָך אָבער פאָרט אַמאָל אָנצינדן אַ יום־טוב־ליכט, — האָב איך זיך פּרובירט ווערן.

— אַ יאָרצײַט ליכט אויף אונדזער חורבן, דאָס באַנעם איך! — האָט ער

שטיל אַרויסגעקרעכצט, וואָס האָט מיך דורכגענומען.

אַ כמאַריקער הימל האָט אַריינגעקוקט דורכן איינציקן פענצטער פונעם צימערל, וואָס איז דער אַרבעט־ווערקשטאָט פון אונדזביידן, און עס איז געווען, ווי אָט די כמאַרעדיקייט האָט באַשטעטיקט זיין קרעכץ.

— און ווידער, וואָס עפּעס פּלוצלינג אינמיטן דרינען אַ יום־טוב פאַר מיר? — האָט ער געוואָלט וויסן.

— עס איז דיין נאַר־וואָס דערשינען בוך „יצחק לייבוש פרץ און זיין דור שרייבער", וואָס מיר אַלע באַטראַכטן פאַר אַ וויכטיקער דערגרייכונג, — האָב איך געזוכט אים אויפצוהייטערן.

— מיין בוך?

ער האָט געפרעגט די פראַגע מיט פאַרטראַכטקייט אין זיין קול, און ער האָט געזאָגט:

— נו, יאָ, מיין בוך. אַוודאי בין איך צופרידן, וואָס דאָס בוך ווערט אויפגענומען אָט אַזוי, ווי איך האָב באַצוועקט מיט דעם. אָבער דאָס איז דאָך אַן אַרבעט וועגן פרצן, וועמעס הונדערט־יאָריקער געבורטס סע פאַלט איצט אויס, איז לאָמיר יום־טובן פרצן, וועמעס פאַרדינסטן זיינען נישט אָפּצושאַצן.

ד.

נחמן מייזילס „יצחק לייבוש פרץ און זיין דור שרייבער" איז ביז גאָר ווערטפול פאַר די, וואָס האָבן דעם באַגער זיך צו באַקענען מיט דער סביבה און מיטן דור, אין וועלכן דער טאָטע פון דער יידישער ליטעראַטור האָט געלעבט, זיך געריבן, געשאַפן, באַווירקט געוואָרן און געווירקט.

עס איז אַ בוך, דורך וועלכן עס גייט אויף פאַר אונדזערע אויגן אַ גאַנצע גאַלעריי פון פיגורן און פערזענלעכקייטן, וואָס אַלע אינאיינעם אין זייערע פאַרשידנאַרטיקייטן, גיבן זיי אונדז דעם הינטערגרונט אַרום יצחק לייבוש פרצן. מיר דערזעען אים קלאָרער אויף דעם הינטערגרונט.

עס איז דאָ אַ זוניקייט און שפּריי־רעגן איבער אַן ערשט נאַר־וואָס אויפגעאַקערטער רוי־ערד, וואָס נעמט אויף די ערשטע זריעה אַ הונגעריקע און אַ דורשטיקע און איז גרייט צו געבן צוריק דערפאַר מיט אָנגעלאָדענע געוויקסן, און אין דער זעלבער צייט זיינען אויך דאָ קאַלטע, ווירבלענדיקע, זיך איינעסנדיקע ווינטן, — שניי־זאַווערוכעס, און שטעכיקע האָגלען איבער רוקנס פון שטורעמס, וואָס זוכן צו פאַרווישן, אָפּמעקן און אויסוואָרצלען אַלצדינג ביז אַרונטער.

עס גייט אויף פאַר אייך אַ גאַלעריי פון פיגורן און פערזענלעכקייטן, וואָס כאָטש נחמן מייזיל האָט זיי אונדז געגעבן בלויז אין זייערע באַציאונגען

צו דער צענטראַלער פּערזענלעכקייט פון יצחק לייבוש פּרץ, האַלטן זיי דאָך אייך אַליין אויך געשפּאַנט ביז גאַר.

אַ קלייניקייט, אַזעלכע פיגורן, ווי שמעון דובנאָוו, אחד העם, חיים נחמן ביאַליק, מענדעלע, שלום עליכם, דוד פרישמאַן, נחום סאָקאָלאָוו, פּרץ הירש־ביין, יעקב דינעזאָן, יהואש, בעלי־מחשבות, ה. ד. נאָמבערג, משה ליטוואַקאָוו און נאָך און נאָך, נישט רעדנדיק שוין פון די אַלע, וואָס לעבן און ווירקן נאָך מיט אונדז אויך איצט, אויף לאַנגע יאָר!

סאַראַ דאַנקבאַרקייט עס מוזן פילן צו נחמן מייזיל אַלע די, וואָס באַשעפטיקן זיך מיטן שטודיום פון אונדזער קלאַסיש־יידישער ליטעראַטור!

אַפּנים, אַז דאָס שטראַליקע פּרץ־געשטאַלט האָט שטאַרק געדרייצט דאָס געמיט און דעם מוח פון נחמן מייזיל.

אָט דאָס בוך „יצחק לייבוש פּרץ און זיין דור שרייבער" איז דאָך שוין זיין דריטע גרויסע און וויכטיקע אַרבעט וועגן פּרצן אין לויף פון די לעצטע יאָרן.

דאָס ערשטע — די ווערטפולע זאַמלונג „בריוו און רעדעס פון יצחק לייבוש פּרץ" מיט גענויע דאַטעס און וויכטיקע דערקלערונגען, וואָס איז פאַר יעדן פּרץ־ליבהאָבער ממש אַן אוצר. דאָס צווייטע „פּרץ — זיין לעבן און שאַפן", ברענגט אַרויס פּרצעס גאַנג און זיינע דערגרייכונגען אין דער גרויסער שעפערישער ירושה, וואָס ער האָט אונדז איבערגעלאָזט. עס איז אַ בוך, וואָס ווייזט אונדז, ווי אַזוי דער טאַטע פון אונדזער יידישער ליטעראַטור האָט ביים אויספורעמען די אומצאָליקע געשטאַלטן פון זיינע ווערק, דערוויַיל זיך אַליין אויסגעשטאַלטיקט אין זיין פולער גרויסקייט און ליכטיקייט. און דאָס איצטיקע, — דאָס דריטע: „יצחק לייבוש פּרץ און זיין דור שרייבער", גיט אונדז די סביבה, — די גאַנצע ספערע, אין וועלכער ער איז געוואָרן דאָס, וואָס ער איז פאַר אונדז.

וואָלט נחמן מייזיל אונדז געוועזן געגעבן בלויז אָט די דריי וויכטיקע ווערק אַליין און נישט מער, וואָלט זיין אָרט, ווי אַ פאָרשער און קריטיקער שוין געווען זייער אַ חשובס. אָבער איז דען נאָר דאָס אַליין, וואָס ער האָט אונדז ביז איצט געגעבן?

ה.

פון זיין ערשטער אַרבעט איבער דוד בערגעלסאָן, אין יאָר 1910, ביז אָט־די דריי ווערק וועגן יצחק לייבוש פּרצן איז אַ מהלך, וואָס ציט זיך כסדר ברכהדיק באַרג אַרויף.

זיין בראשית איז געווען מיט דער קיעווער גרופּע, וואָס איז אויפגעקומען מיט אַ פינף־און־פערציק יאָר צוריק און איז אַנטקעגנגעגאַנגען דער

שפע פון יונגן ליטעראַרישן אויפקום איבער די יידישע ישובים פון אוקראַינע, פוילן, ליטע און מזרח־גאַליציע, וואָס איז געווען דער ערשטער פאַרביקער פאַנאַנדערבלי אויף דער פריש־אויפגעאַקערטער ערד דורך אונדזערע ערשטע קלאַסיקער.

די קיעווער גרופּע, וואָס איז אין יענער צייט באַשטאַנען פון די היינט־צייטיקע גרויסע נאָוועליסטן: דוד בערגעלסאָן און דער נסתר, דעם דיכטער אשר שוואַרצמאַן, דעם קריטיקער י. דאָברושין, האָט אין נחמן מייזיל געפונען אויסער גרויסער ליבשאַפט און קלאָרער פאַרשטענדעניש פאַר ליטעראַטור, אויך אַ דינאַמישן כוח פאַר אויספּרייטונג און בויאונג. אין יענעם פּעריאָד האָט זיך נאָך דער יונגער נחמן מייזיל געוויגט צווישן דעם יידישן שאַפן און דעם שאַפן אויף העברייאיש. איר טרעפט זיינע אַרבעטן פון יענער צייט אין דער העברייאישער צייטונג „הזמן" וועגן שלום אַש, א. א. קאַבאַק א. אַנד. איר שלאָגט זיך אָן אויף זיין נאָמען אין י. ח. ברענערס „הצדה" און יעקב פיכמאַנס „מולדת" צוזאַמען מיט די נעמען פון א. ג. גנעסין און י. ח. ברענער. זיין וועלט־באַנעם איז אין יענער צייט היפּש אונטער דער השפעה פון מ. י. בערדיטשעווסקי, דר. נחמן סירקין א. אַנד.

פּלוצלינג אַ גאַנץ נייער און שאַרפער איבערבייט אין זיין געמיט און מיר זעען אַ גאָר אַנדערן צוגאַנג אין אים צו אונדזער לעבן.

אַ צייט איז ער אונטער דער ווירקונג פון די „ס. ס.", אַ ווײַלע באַוועגט ער זיך צווישן די „מינטשוקעס", אַ ריכטונג פון אַ גרופּע אין מינסק, וואָס זיינען אין יענער צייט געווען טעטיק, אָבער גאָר אינגיכן זעען מיר אים שוין אין גאָר אַ נייער קולטור־געזעלשאַפטלעכער סביבה.

דער אויפוואַכנדיקער אינטערעס צום לשון פון די יידישע פאָלקס־מאַסן דערווייטערט אים פון העברייאיש. זיין קרייז באַשטייט שוין פון מענטשן מיט גאָר אַנדערע אָנשויאונגען: בן־אדיר, משה ליטוואַקאָוו, ש. דאָבין (שמעוני), דוד זאַסלאַווסקי. און עס איז אין יענער צייט, ווען אויך דוד בערגעלסאָן גייט איבער, אונטער מייזילס ווירקונג, פון העברייאיש צו יידיש.

עס הייבט זיך אָן אַן אינטענסיווע שפּערישקייט אויף דעם לשון פון פאָלק, און ביי נחמן מייזיל ווערט דאָס יידיש־שאַפנדיקע וואָרט היפּש פאַרבונדן מיט יידישער טואונג. מיר זעען אים אין דער בויאונג פון דער ערשטער וועלטלעכער קינדער־שול אויף יידיש אין דעמיעוקע, פאַר וועלכער ער זעצט איבער קינדער־ביכלעך פון דייטש און גיט זיי טאַקע אַרויס אין קיעוו.

דאָס איז געווען אין דעם יאָר פון ניינצן ניין. שפּעטער מיט אַ יאָר דערשיינט אַדאַנק אים דער „יידישער אַלמאַנאַך", וואו ער שרייבט זיין ערשטן קריטישן אַרטיקל וועגן דוד בערגעלסאָנס „אַרום וואָקזאַל". ער איז גע־

הילפס־רעדאַקטאָר צו דוד בערגעלסאָנען ביי די ערשטע נומערן „יידישע וועלט“, וואָס דערשיינט אין ווילנע.

דער קרייז ווערט פאַרביקער. אין יענער צייט האָבן מיר דעם עסייאיסט ש. גאָרעליק, דעם דראַמאַטורג א. ווייטער און דעם פאַרלעגער ב. קלעצקין, שפעטער דערשיינען צוויי העפטן „פון צייט צו צייט“ אונטער דער רעדאַקציע פון נחמן מייזיל און דוד בערגעלסאָן און אין זיי טרעפן מיר נחמן מייזילס אַרבעטן: „גערעכטע אומצופרידנקייט“ און אַ גרעסערע אָפּהאַנדלונג „דער יידישער אינטעליגענט ביי י. ח. ברענער“.

ו.

אָט אַזוי איז געווען, אומגעפער, דער בראשית פון נחמן מייזילס אויפטריט אויף דער אַרענע פון אונדזער יידישן קולטור־לעבן.

זאַמלער, פאָרשער, קריטיקער און אין דער זעלבער צייט אויך לעבעדיקער טוער, רעדאַקטאָר און אַרויסגעבער גלייך ביים סאַמע אָנהויב.

פון וואַנען אָט די געבענטשטע קאָמבינאַציע פון שאַפער און פון טוער?

ווער עס גלויבט אין ירושהדיקייט, קאָן דאָס צושרייבן צו זיין טאַטע־מאַמען. דעם טאַטנס צד — די משפחה מייזילש, — אַ קייט פון לומדי־תורה און באַוואוסטע רבנים, און דער מאַמעס צד — געזונטע, קרעפטיקע און באַלעבאַטישע אוקראַינישע יידן דורך דורות.

אין דעם פעריאָד פון דער ערשטער וועלט־מלחמה ווערט נחמן מייזיל פאַרוואָרפן קיין פּערם, ביי די אוראַלער בערג, ווי אַן אָנגעשטעלטער אין אַ גרויסן זעג־זאַוואָד. זיינען אַלע זיינע פרייע שעה׳ן דאָרטן געווידמעט גריגער צו מאַכן דאָס שווערע לעבן פון די יידישע פּליטים, וואָס האָבן זיך אַהין געראַטעוועט פון די מזרח־געגנטן, וואו דער פייער־מבול האָט געבושעוועט. ווען עס קומט די פעברואַר־רעוואָלוציע פון 1917 קלייבן אים די אַרבעטער פונעם גרויסן זאַוואָד אין אַרבעטער־ראַט.

די צייט איז אַ שטורעמדיקע און גאָר אינגיכן איז ער שוין צוריק אין זיין היימשטאָט קיעוו.

עס קומט אויף דער „קיעווער פאַרלאַג“. מיר זעען אים אין דעם קרייז פון דוד בערגעלסאָן, דער נסתר, אשר שוואַרצמאַן, י. דאָברושין, פּרץ מאַרקיש, ל. קוויטקאָ, דוד האָפשטיין, ל. רעזניק, און אַנדערע.

עס ווערן געבוירן די זאַמלביכער „אייגנס“, אין וועלכע ער איז אַריינגעטאָן מיט לייב און לעבן, ווי אַ טוער. עס קומט אויף די „קולטור־ליגע“, פון וועלכער ער איז איינער פון די גרינדער און דער הויפּט־לייטער פונעם ביכער־פאַרלאַג. עס ווערן צוגעצויגן נייע פאַרביקע שעפער און טוער: דר.

מ. זילבערפאַרב, משה ליטוואַקאָוו, זרובבל, ח. ש. קאַזשדאַן, יוסף לעשצינסקי, א. ליטוואַק, משה כץ, ז. מלמד א. אַנד.

עס ווערט אויך געשאַפן דער קריטיש־ביבליאָגראַפישער חודש־זשורנאַל „ביכער־וועלט" אונטער דער רעדאַקציע פון נחמן מייזיל און י. דאָברושין.

ז.

פאַר די פופצן יאָר, וואָס מיר קומט אויס צו אַרבעטן מיט אים צוזאַמען אין איקוף, בין איך נישט איין מאָל אָנגעפילט געוואָרן מיט באַוואונדערונג פון דער גרויסער ענערגיע, וואָס שלאָגט שטענדיק פון אים.

אינעם קליינעם צימער, וואו עס שטייען אונדזערעביידנס אַרבעטס־טישן, איז זיינער אין שטענדיקן אומרו.

פאַר זייטיקע איז ער בלויז דער הויפּט־רעדאַקטאָר פונעם זשורנאַל „יידישע קולטור" און דער פירער פונעם איקוף־פאַרלאַג, אָבער נאָענטע מענטשן ווייסן, אַז ס'איז נישטאָ קיין איין ווינקעלע פון דער אינסטיטוציע, אין וועלכן עס זאָל זיך ניט פילן זיין אינטערעס און זיין טעטיקייט.

אָט זיצט ער דאָרט זיך איינגאַנצן אַריינגעטאָן אין אַ מאַנוסקריפּט, פּירבדיק בשעת מעשה מיטן שפּיץ פון זיין פּען אָט איבער אַ שורה, און אָט איבער אַ וואָרט און שוין איז זיין מויל איבערן טרייבל פונעם טעלעפאָן צום קינסט־לער פרענק קוירק, דעם פאָרזיצער פון דער קונסט־סעקציע ביים איקוף:

— דענקט איר נישט, ח' קוירק, אַז די קומענדיקע אויסשטעלונג דאַרף זיין געווידמעט דעם יידישן טעאַטער? עס איז איצט... איר פאַרשטייט ... נו, יאָ, אַוודאי... עס איז בפירוש אַ וויכטיקע דאַטע, וואָס דער איקוף טאָר נישט אַריבערגיין... זיך ווענדן, זאָגט איר, צו ח' יעקב מעסטל? גוט. אַ גוטער געדאַנק!... ער איז דאָך ביי אונדז... יאָ, אַוודאי... מאַטעריאַל וועט זיין גענוג... אַז מען דאַרף וועט מען זיך ווענדן אויך אין דער „ייוואָ"... דאָרטן איז דאָ אַ שלל מאַטעריאַל... מענדל עלקין וועט זיכער אַרויסהעלפן מיט וויכטיקע מאַטעריאַלן און בילדער.

אַ מינוט שפּעטער איז ער שוין לעבן דעם פאַרוואַלטער פונעם ביכער־דעפּאַרטמענט נ. הייקין, וואָס איז אינעם שכנהשן צימער:

— ח' הייקין, וואָס זאָגט איר וועגן אָפּקלייבן דעם טעאַטער־מאַטעריאַל פאַר אַן אויסשטעלונג?

נ. הייקין הייבט־אויף זיינע באַברילטע אויגן פון אַ בוך מיט ציפערן, איבער וועלכן ער איז פאַרטיפט:

— מאַטעריאַל פאַר דער טעאַטער־אויסשטעלונג? אַוודאי! אָבער די פראַגע איז, ווי אַזוי מען קומט צו אים צו?

— ח' מענדעלסאָן! — רופט שוין נחמן מייזיל דעם אויפזעער פון דעם ביכער־פאַרמעגן.

פלוצלינג דערמאָנט ער זיך, אַז ער מוז גאָר אָפּשיקן טאַקע הײַנט עט־לעכע דרינגענדיקע בריוו. ער זיצט שוין איבער זײַן שרײַב־מאַשינקע, וואָס צערעדט זיך מיט אַ לעבעדיקן, ריטמישן אימפּעט:

— ח׳טע רעי! — רופט ער בשעת־מעשה צו דער סעקרעטאַרין, — ח׳טע רעי, מאַכט פאַר מיר די אַדרעסן, זײַט מוחל!

זיצונגען, מיטינגען, קולטור־אונטערנעמונגען, לעקציעס, רעדאַקטירן, שטענדיק אינדערמיט פון אַ שפּעפֿרישער אַרבעט, און בריוו, בריוו און בריוו!

אַז עס טרעפט זיך אַמאָל איבער מײַנע וועגן און עמעצער באַקלאָגט זיך, הלמאי נחמן מײַזיל האָט אים נישט געענטפערט אויף אַ בריוו, וואונדער איך זיך:

— נישט געענטפערט? ווי איז דאָס מעגלעך?

אַפּנים, אַז וויפל אַ מענטש זאָל נישט טאָן, בלײַבט אַלץ דאָך עפּעס, וואָס איז נישט דערטאָן.

אַ סימן?

אָט אפילו אַזאַ, ווי אונדזער נחמן מײַזיל איז בײַ אונדז!

דאַכט זיך, אַ מענטש פון אַזוי פיל טוּאונג, און דאָך געפינט זיך ערגעץ־וואו אַ מענטש, וואָס קריגט נישט קיין ענטפער פון אים אויף זײַנס אַ בריוו.

— ווײַנפּער, לאָמיר זיך אַוועקזעצן און אויספּלאַנירן זאַכן. עס זײַנען דאָ אַזוי פיל בלויזן בײַ אונדז!

— נו, גוט, אדרבא! — זאָג איך, און אַז איך זיץ שוין קעגן אים אַ גרײַטער פאַר פּלאַנירונג, טוט ער פּלוצלינג אַ פרעג:

— האָסט איבערגעלייענט דאָס און דאָס בוך?

— איבערגעלייענט!

— אַ גוט בוך! — זאָגט ער און זײַן פּנים צעשײַנט זיך.

— איז וואָס־זשע איז מיט אונדזער פּלאַנירונג? — דערמאָן איך אים.

— עס שלאָגט דערפון מיט געזונטן לעבן.

— נו, יאָ, — בין איך מיט אים מסכּים, און ווער דאָך שוין אַביסל אומגעדולדיק.

— וואָס פאַר אַ שײַכות האָט דאָס צו אונדזער פּלאַנירונג?

— עס האָט! — זאָגט ער אַ פּאַרטראַכטער, און פּלוצלינג לאָזט ער מיר גאָר וויסן מיט אויפגעלויכטנקייט אויפן פּנים:

— דו ווייסט, איך האָב דאָך אַנטדעקט עטלעכע נײַע און זייער אינ־טערעסאַנטע פּרץ־בריוו, — אַ שאָד, וואָס זיי זײַנען נישט אַרײַן אין מײַן זאַמלונג.

— וועסט זיי אַרײַנגעבן אין אַ צווייטער אויסגאַבע, — זוך איך אים צו טרייסטן.

— אַ צוווייטע אויסגאַבע! — קרעכצט ער אַרויס, און ער הויבט זיך שוין אָן צו באַקלאָגן:

— פאַראַן אַזוי פיל ביכער צום דרוקן און דו רעדסט פון אַ צווייטער אויסגאַבע.

אַט אַזוי צעקלאָגט ער זיך, און פּלוצלינג שוין ווידער אָן אויפגעשיינטער:

— מען דאַרף שרייבן וועגן גוטע ביכער פיל מער, ווי מען שרייבט ביי אונדז. מיר מוזן ברענגען צום לייענער זייער ווערט, אָבער דער אומגליק איז, וואָס מען פוילט זיך צו שרייבן. און וואָס הערט זיך מיט דיר?

— מיט מיר? אַ דאַנק זיין ליבן נאָמען, מיט מיר איז...

— איך רעד, און דו שפּאַסט! — ווערט ער אָן אויפגערודערטער.

— אפשר וואָלסטו אָנגעשריבן וועגן אַט־דעם בוך, האַ?

— מיר האָבן זיך דאָך אַוועקגעזעצט אויספלאַנירן טואונג ביי אונדז, — פּרוביר איך אים דערמאָנען.

— נו, און אָנשרייבן וועגן די וויכטיקע ביכער, וואָס דערשיינען ביי אונדז, איז נישט קיין איקוף־טואונג? — טוט ער אַ פרעג, און ווערט שוין אָן אָנ־געצונדענער.

ח.

עס פאַלט מיר איין אין געדאַנק ביים שרייבן אַט־די שורות, אַז טואונג איז אייגנטלעך דער סאַמע עצם פון נחמן מייזילס שעפערישער פערזענלעכ־קייט. וואָרים איז דען דער תוך פון זיין שרייבן נישט די טואונג?

יאָ, טואונג! און דאָס איז אַ ביז גאָר הויכע מדרגה אין די ווערק פון אַ שרייבער.

עס גייען דורך אין מיין זכרון די צענדליקער ביכער, וואָס נחמן מייזיל האָט אונדז ביז איצט געגעבן, און יעדעס בוך זיינס רעדט צו מיר מיטן לשון פון טואונג.

נעמט, אדרבא, און באַטראַכט נחמן מייזילס אַרבעט איבער ווענמען איר ווילט. עס קאָן זיין מענדעלע, פּרץ, שלום עליכם, צי וועגן אַש, בערגעל־סאָן, דעם נסתר, אָדער מאַרקיש, און איר וועט זען אַ פּאַרזיכטיק צוגעקלי־בענעם מאַטעריאַל פון זאַמלונג און פאָרשונג, אין וועלכע עס איז, פאַרשטייט זיך, אַריינגעוועבט נחמן מייזילס אייגענע דורכגעטראַכטקייט, — אַדורכגע־טראַכטקייט, וואָס ווייסט גענוי און אַקוראַט, וואָס זי וויל און מהאי טעמא פירט זי סיי דעם שאַפער, איבער וועמען ער שרייבט און סיי דעם לייענער, פאַר וועמען ער שרייבט, דורך די זיגזאַגישע אומוועגן אַרויס צום ברייטן, אָפענעם דרך המלך.

פאַראַן קינסטלער, וועמעס כוחות עס ליגן נאָר אין דער בלאָנדזשעניש און זוכעניש. אַזוי לאַנג, ווי זיי בלאָנדזשען און זוכן, זיינען זיי דערפינדעריש

און שפּעריש. זיי זיינען אין דער בחינה פון וועגן־אויפרייסער, ווען עס גייט נישט אָן, וואוהין די וועגן וועלן דערנאָך פירן. דער עיקר איז פאַר זיי די קונסט פון אויפרייסן און נישט דאָס זיך דורכרייסן צו אַ באַשטימטן ציל.

ווי זאָגט דאָרטן וועגן דעם דער ישראלדיקער דיכטער י. פּאַפּערניקאָוו:

„עס גייט נישט אין דעם, צי איך זאָל האָבן דערגאַנגען, —
עס גייט נאָר אין אייביקן גאַנג!"

און פאַראַן קינסטלער, ביי וועלכע דאָס בלאָנדזשעניש און דאָס זוכעניש זיינען בלויז מיטלען צו דערגרייכן דאָס, צו וואָס זיי צילן.

בשעת ביי די ערשטע איז דאָס דערגרייכטע שוין נישט וויכטיק, און די שפּערישקייט איז ביי דעם שוין אָן איינגעשלאָפענע, ווערן די צווייטע ביי דעם דערגרייכטן ערשט שפּעריש צעוואַרעמט, און ערשט דעמאָלט גייט אויף פון זיי די ברכהדיקייט, וואָס זעטיקט מיט געזונטן, וויטאַמינענדיקן לעבן.

מיט די קריטיקער פון קונסט איז אויך דאָס אייגענע, וואָרום שפּעפּ־רישע קריטיקער זיינען דאָך זיכער אויך קינסטלער.

ווער עס ווערט באַווירקט בלויז פון דער בלאָנדזשעניש און זוכעניש אַליין און ווערט דער גלאָריפיצירער פון אָט אַזוינס, און ווער עס ווערט אָן אויפגעלויכטענער און שפּערישער ערשט, ווען עס אַנטפּלעקט זיך פאַר אים די תוכיקייט.

נחמן מייזיל געהערט ביי אונדז צום צווייטן מין. אים וועסטו נישט נעמען מיט קיין פליטער־־פלאַטער און מיט קיין זיידענע שפּינוועבס אַליין. ער דאַרף תוך, — די תוכיקייט, וואָס איז נישט בלויז קונסט פאַר זיך אַליין, נאָר וואָס איז אַ קונסט, וואָס איז אָן און פאַר זיך אַ טואונג, — אַ טואונג פאַרן לעבן.

ט.

ווען מען שטעלט אָן די בליקן אויף דעם שוין היפשן מהלך, וואָס ליגט הינטער מייזילן, דערזעט זיך אַ גרויס און ברייט פעלד דורך וועלכן ער איז דורכגעגאַנגען מיטן שאַרף פון אַן אַקער, דערזעט זיך אַ האַנט, וואָס האָט געזייט מיט זריעה און כאָטש אַזוי פיל בייזע ווינטן האָבן די זריעה גע־זוכט צו צעווייען, זיינען דאָך שוין דאָ אַזוי פיל געבונדענע גאַרבן, וואָס שטייגן צו די הויכן.

שווערער געראַנגל אונטער דעם צאַרישן רעזשים, און דאָך האָט זיך דער געראַנגל אין אים נישט אָפּגעשטעלט. איר זעט אים אין זיין אימפּעט־דיקן דראַנג צו בויאונג אין דעם ערשטן פּעריאָד פון דער רעוואָלוציע, ווען מעגלעכקייטן זיינען געגעבן געוואָרן. און ווען דאָס לעבן ברענגט אים און

זיין משפחה דערנאָך קיין וואַרשע שפּרודלט אויף זיין שעפערישע ענערגיע טאָפּלדיק אויפסניי.

פון אָנהייב אָן איז דאָס געווען נישט מער, ווי אַ מין המשך פון דער „קולטור־ליגע", וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין קיעוו, אָבער ביסלעכווייז לייזט זי זיך אויף און נעמט אָן דעם ריטם פון דעם שפּרודלדיקן דריי מיליאָניקן יידישן ישוב אין פּוילן.

די ראַשיקע פּאַנאַנדערשפּרייטונג פון די „ציש"א"־שולן איבער די יידישע ישובים, דער אויפקום פון אַ צאָל נייע טעאַטער־אַנשטאַלטן איבערן לאַנד, דאָס געבורט פון דעם „ייווא" אין דער שטאָט ווילנע, די אויפגייענדיקע יונגע ליטעראַרישע כוחות, דער קלעצקין־פאַרלאַג מיט זיינע גרויסע פאַרלאַגס־מעג־לעכקייטן, און דער עיקר דער אויפגעוואַכטער אינטערעס ביי לייענער צו דעם באַנייטן יידישן שאַפן, און אַ יוגנט!

דאָס אַלץ האָט אויפגעוועקט אין נחמן מייזיל אָן ענערגיע, וואָס האָט זיך אַ ריס געטאָן איבער אַלע גרענעצן און שטערונגען.

ער איז טעטיק אויף פאַרשיידענע געביטן. ער אינספּירירט דאָס נייע יידישע טעאַטער, ער איז איינער צווישן די „ייווא"־גרינדער, און אין 1924, זייענדיק אַרומגערינגלט פון אַ צאָל יוגנטלעכע יידיש־שעפערישע כוחות, ווערט ער איינער פון די הויפּט־אינזשענערן אין דעם אויפקום פון דער וואָכנשריפט „ליטעראַרישע בלעטער", פון וועלכער ער ווערט שפּעטער דער פּולער רעדאַקטאָר און דער גאַנצער אויפהאַלטער.

איצט, ווען איך אַרבעט מיט אים צוזאַמען אינעם איקוף, וואונדער איך זיך שוין מער נישט, ווי אַזוי די „ליטעראַרישע בלעטער" האָבן באַוויזן אַרויסצוגיין אַ פופצן יאָר, אָבער דעמאָלט איז דאָס געווען פאַר מיר אַ וואונדער.

— אַ שריפט, וואָס איז געווידמעט בלויז ליטעראַטור און קולטור, — ווי לאַנג קאָן זי זיך האַלטן?

נישט איך אַליין האָב געפרעגט אָט־די פראַגע. אַלע אין ניו־יאָרק האָבן זי געפרעגט, און ביי יעדן איינעם האָט געציטערט דאָס האַרץ פאַר איר, וואָרום אַ קליינינקייט די „ליטעראַרישע בלעטער"!

יעדער נומער, וואָס איז אָנגעקומען האָט מיט דעם פאַקט אַליין, וואָס ער איז דורכאויס ליטעראַטור און קולטור, געבראַכט חשיבות פאַר די יידישע שריפטשטעלער, וואָס האָבן זיך געהאַלטן אָפּגעזונדערט פון דער טעגלעכער פּרעסע. דאָס איז געווען די איינציקע יידישע ליטעראַרישע שריפט, וואָס מען האָט נישט באַטראַכט, אַז זי איז בלויז אַ וואַרשעווער, און נישט קיין ניו־יאָרקער, וואָרום זייענען דען נישט די ניו־יאָרקער געקומען דורך איר צום אויסדרוק פּונקט ווי די וואַרשעווער?

י.

עס דערמאָנט זיך די ווירקונג אויף מיין אייגענעם יוגנטלעכן געמיט, ווען מיינס אַ ליד איז פון צייט צו צייט דערשינען אין אַט־דער חשובער שריפט. כאָטש איך בין נישט געווען זשעדנע אין קיין פלאַץ אָפּצודרוקן מיינס אַ זאַך, איז דאָך געווען יום־טוב זיך צו זען אין די „ליטעראַרישע בלעטער".

נאָך גרעסער איז געוואָרן דער יום־טוב ביי מיר, ווען עס האָבן זיך אויסער מיינע לידער אויך אָנגעהויבן צו דרוקן דאָרטן מיינע פּאָרטרעטן פון יידישע שרייבער. דאָס האָט געבראַכט צו אַן אָפטן דורכשרייבן זיך צווישן מייזילן און מיר און ממילא צו אַ וואַרעמער און נעענטערער באַציאונג, וואָס איז גאָר פאַרשטאַרקט געוואָרן ביי דער פּערזענלעכער באַגעגעניש אין סעפּטעמבער פון יאָר 1929 אין וואַרשע.

ווען איך פאַרטראַכט זיך אַמאָל וועגן נחמן מייזילס אויסזען און האַלטונג אין די איצטיקע טעג, זע איך נישט קיין שטאַרקע ענדערונג, וואָס די פאַרגאַנגענע דריי־און־צוואַנציק יאָר זאָלן אויף אים האָבן געמאַכט. אמת, דער דעמאָלטדיקער דינער גאָלד־שימער איבער זיינע האָר איז איבערגעגאַנגען אין זילבער־ווייסקייט, אָבער די זעלבע רירעוודיקע בויגיקייט און דער זעלבער אינטערעס צו דעם, וואָס ער טוט, איז היינט פונקט ווי דעמאָלט.

— ווי איז אַרויסגעקומען דער נומער „יידישע קולטור"? — פרעגט ער היינט, פונקט ווי דעמאָלט, ווען איך בין צום ערשטן מאָל געזעסן אין דער רעדאַקציע פון די „ליטעראַרישע בלעטער".

— ווי איז אַרויסגעקומען דער נומער? — האָט ער דעמאָלט ביי מיר געפרעגט.

— דער נומער? — האָב איך זיך פריידיק צעשמייכלט, און ווי האָב איך געקאָנט דעמאָלט נישט שמייכלען אַ פריידיקער?

— עס איז דורכאויס אַ וויינפער־נומער! — האָט דער רוישיקער בער האָראָוויץ אויסגערופן.

— און ווירקלעך, — אַן אַרטיקל פון דוד בערגעלסאָן וועגן מיר, אַן אַנדערס אינעווייניק פון דניאל טשאַרני, נחמן מייזילס אַ וואָרט האָט אויך נישט געפעלט, און צווישן דעם אַלעמען מיינע אַ גרעסערע פּאָעמע.

איך האָב באַדאַנקט פאַר דער וואַרעמקייט, און דערביי זיך אויפריכטיק געוואונדערט, צי איך האָב גאָר אַזוי פיל פאַרדינט.

— הער אַ מעשה! — האָט ער אויסגערופן, און לאַכנדיק אַ פריידיקער האָט ער דערציילט:

— איך האָב דערהאַלטן צוויי בריוו, — איינעם פון יוסף אָפּאַטאָשו און

ניו־יאָרק און דעם צווייטן פון דוד בערגעלסאָן, וואָס האָט דעמאָלט גע־לעבט אין בערלין.

— נעם אויף דעם דיכטער זישע ווײַנפּער! — —שרייבן זיי צו מיר.

— איך בין באמת געריִרט, וואָס אַזעלכע צוויי שרייבער האָבן מיך אינגזינען, — האָב איך אָנגעהויבן, אָבער ער האָט מיך איבערגעריסן:

— און מיר דאָ ווייסן דען נישט, ווער איז ווער?

## יא.

יענע הערלעכע טעג מיט נחמן מייזיל אין דער פּויליש־יידישער שטאָט וואַרשע!

אַזאַ קוואַליק, פאַרביק יידיש לעבן אַרום דיר! אַזאַ מחיהדיק יידיש־קלינגענדיק לשון פאַר דײַן געהער! אַזאַ שעפערישע שפּע'דיקייט האָט גע־שלאָגן אומעטום, און פון יעדן איינעם, מיט וועלכן דו האָסט זיך באַגעגנט!

די רעדאַקציע און אַדמיניסטראַציע פון די „ליטעראַרישע בלעטער" — עטלעכע קליינע צימערן, ווי ביי אונדז דאָ אין איקוף, אָבער די באַוועגונג אין זיי!

אָפּגערעדט פון די מיטאַרבעטער, וואָס האָבן אַרומגערינגלט זייער רעדאַק־טאָר, אָבער דער עיקר די יוגנטלעכע לייענער, וואָס זיינען געקומען און געגאַנגען! ווען עס האָט געפעלט אַ פריערדיקער נומער, וואָס איז אים אומבאַדינגט נויטיק געווען און ווען עס איז געווען עפּעס קשה, און ער איז געקומען, כדי אויסצוגעפינען.

פאַר די אויגן שטייט דער יינגערער ברודער פון נחמן מייזיל, דער שטילער און באַשיידענער יעקב מייזיל, וואָס האָט זיך אָפּגעגעבן מיט דער אַדמיניסטראַציע; די איידעלע, בלאָנדע רחל מייזיל מיט איר שבתדיקן פּנים ביי דער יידישער שרייב־מאַשינקע. אָט באַווייזט זיך דער נאָוועליסט אפרים קאַגאַנאָווסקי און וויל דווקא מיך אַוועקנעמען אין דעם ליטעראַטן־פאַראיין אויף טלאָמאַצקיע דרייצן, בשעת דער שטילער אַלטער קאַציזנע טענהט, אַז גראָד איצט וואָלט איך מיט אים געדאַרפט צופאָרן אויפן גענשע־בית־עולם צו פּרצעס אוהל. פּלוצלינג אַ טעלעפאָן פון פּרץ הירשביין, וועלכער האָט זיך דעמאָלט געפונען צוזאַמען מיט אסתר שומיאַטשער אין וואַרשע, אַז מייזיל און איך זאָלן וואַרטן, ווייל ער מיט אסתרן זיינען אויפן וועג צו אונדז. און צווישן דעם אַלעמען כאַפּט דערווייל מייזיל אַריין איבערצוקוקן אַ מאַנוסקריפּט, ווייל דער זעצער וואַרט.

פּלוצלינג אַן אַנדער טעלעפאָן. וואָס איז? נחמן מייזיל פאַרזיכערט, אַז ער וועט מיך אומבאַדינגט מיטברענגען היינט אָוונט.

— וואוהין? — ווער איך נייגעריק.

— צו אַ זיצונג פון דעם „ייִוואָ“.

דעם זעלבן אָוונט זייַנען מיר אַרום אַ טיש, — דר. משה זילבערפֿאַרב, נח פּרילוצקי, יוסף יאַשונסקי, דר. ע. רינגלבלום, יצחק גיטערמאַן א. אַנד. מען טיילט פֿאַנאַנדער אַרבעטן און נחמן מייזיל קריגט אַ היפּשן טייל פון זיי פֿאַר זיך.

— גאָט מייַנער, וואו נעמט ער אַזוי פיל צייַט?

יב.

ווי גוט, וואָס זייַנע פּלייצעס זייַנען אויך איצט נישט קיין געבויגענע, און וואָס פון זייַן גאַנצן וועזן שלאָגט נאָך אַלץ מיט דער זעלבער ענערגיע.

נישט אומזיסט זייַנען אים דערוווידער יובילייען פֿאַר זייַן כבוד וועגן. יובֿילײ־יום־טובֿים זייַנען באַצייכענונגען פון אָפּשניטן, און פרעגט ביי אים, האַלט ער נישט נאָר ערשט אינמיטן, נאָר גאָר ביים סאַמע בראשית.

אַ סימן?

אָט האָבן מיר איצט גאָר פון אים עפּעס נייעס, — אַן אינטערעסאַנטע און אייגנאַרטיקע זאַמלונג וועגן יידישער מוזיק.

איך קען שרייבער, ביי וועלכע דער פּראָצעס פון שרייבן איז אַן אָפּ־קומעניש. אַזעלכע שרייבער זייַנען נישט קיין אָנגעלאָדענע, און ווייל זיי האָבן נישט וואָס אויסצולאָדן פון זיך און מוזן דערפֿאַר אָנקומען צו אויס־טראַכטענישן, איז ממילא נישטאָ קיין פרייד, און ווען זיי זעצן זיך אַר־בעטן, איז דאָס שווייסיקע און ביטערע מלאכה. אמתע שרייבער זייַנען שטענדיק אָנגעלאָדענע און מהאי טעמא איז דאָס אויסלאָדן זיך אַ גרויסע פרייד, אפילו ווען דאָס אויסלאָדעניש איז די טיפסטע פּיין, וואָס מען טראָגט אַמאָל אין דעם אייגענעם געמיט. אַזעלכע שרייבער זייַנען בטבע גרויסע בעלי־תּאוֹוהניקעס צו דער פּען איבער ווייסן פּאַפּיר, און דער פּראָצעס צו שרייבן איז דער סאַמע עצם פון זייער לעבן.

נחמן מייזיל געהערט ביי אונדז צו אָט־די שרייבער־בעלי־תּאוֹוהניקעס, און דערפֿאַר איז ער אַזוי פּראָדוקטיוו־שאַפעריש.

וואָלט דער אָנהויב פון זייַן דערציאונג נישט געווען אין דער סביבה פון ספרים און ביכער, וואָלט ער זיך אָנגעטרונקען דירעקט פונעם לעבן און געשריבן לידער, דערציילונגען, ראָמאַנען און דראַמען אין גרויסע צאָלן. האָט זיך אָבער געמאַכט, אַז דער ערשטער קוואַל, פון וועלכן ער האָט גע־טרונקען זייַנען געווען ספרים און ביכער, זייַנען זיי געוואָרן פֿאַר אים דער קוואַל פונעם לעבעדיקן לעבן, — זייַן אָנלאָדונג און אויסלאָדונג. און ווייל ביכער און ספרים זייַנען פֿאַר אים נישט גלאַט אַזוי קיין צייַט־פֿאַרטרייב,

נאָר דאָס לעבן פונעם לעבעדיקן לעבן, ווערט ער בלויז סטימולירט פון דעם עכטן, פון דעם נאַטירלעכן.

וואַרפט, אַדרבא, אַ בליק אויף די אומצאָליקע אַרבעטן, וואָס ער האָט אונדז ביז איצט געגעבן, און איר וועט זען, ווי אַלע זיינען ביי אים איבער אַזעלכע שרייבער, וואָס זיינען אין זייער שאַפן אָנגעפילט מיט שפּרודלדיקן לעבן.

דיק, מענדעלע, פּרץ, שלום־עליכם, גאָלדפאַדען, אַש, בערגעלסאָן, דער נסתר, אָפּאַטאָשו, מאַרקיש און ענלעכע אַזעלכע, וואָס זיינען אָנגעפילט אין זייערע ווערק מיט לעבעדיקן, שפּרודלדיקן לעבן. אפילו זיינע אַרונטעררייסערישע אַרבעטן זיינען אויך מערסטנס וועגן שרייבער, וואָס זיינען אין תוך שרייבער פון לעבן, בשעת אַזעלכע, וואָס זיינען בלויז פּליטער־פּלאַטער, סטעבגעס־ציער און פּאַפּירענע פּייער־ווערק־וואַרפער ווערן פון אים אינגאַנצן איגנאָרירט.

יג.

— אַ פריקרער מענטש, דער און דער, אָבער עס שוימט פון אים מיט אמתן טאַלאַנט!

— אַזאַ אוצר! אַזאַ פאַרמעגן! און שטייט אין אַ ברודיקער אכסניא!

— איז אַן אַנדער זאָג זיינער וועגן דער גרויסער קונסט פון איינעם אַ שרייבער, וואָס איז פערזענלעך אים שטאַרק דערווידער.

און ווייל ער טיילט שטרענג אָפּ די קונסט פונעם קינסטלער, וועט איר נישט טרעפן ביי אים קיין שום דיסקרימינאַציע צו עמעצנס אַ ווערק, וועמעס מחבר איז אים נישט צום האַרצן און אַפילו דערווידער.

אין דעם הינזיכט דערמאָנט ער אויך אָן דעם תנא רבי מאיר, וואָס האָט געשפּאַנטביים זייט פונעם אייזל, אויף וועלכן עס איז געזעסן אלישע בן אבויה וועמען די תלמידי־חכמים האָבן דערווייטערט און אים גערופן „אחר”.

— דאָס אינווייניקסטע נעם איך אַרויס פאַר זיך און דאָס שאָלעכץ וואַרף איך אַוועק, — האָט רבי מאיר געזאָגט וועגן זיין רבין אלישע בן אבויה.

אַזוי איז אויך נחמן מייזיל אין שייכות צו טאַלאַנטירטע שרייבער, וואָס זיינען אים פערזענלעך דערווידער. אויך אפילו צו אַזעלכע, וואָס טוען אים ביזווייליק וויי, איז זיין באַציאונג אַזאַ.

— ער אַליין איז פע, אָבער זיין ווערק!

— ווי קאָן אַ מענטש, וואָס איז פע, באַשאַפן אַ גוט ווערק? — טוט איר ביי אים אַמאָל אַ פרעג.

— פאַראַן מענטשן, וואָס זיינען צעצווייט, — איין טייל איז טריף און דער צווייטער איז כשר.

— איז, הייסט עס, אַז דאָס ווערק איז פונעם כשרן טייל?

נחמן מייזיל פאַרטראַכט זיך. איבער זיין פּנים פּאַרציט זיך אַ דינער טרויער, און זיינע ליפּן פאַרהאַלטן דאָס וואָרט, וואָס ער וויל זאָגן.

אין אַזעלכע מאָמענטן ווייס איך אַקוראַט, וואָס אים דריקט, און איך לאָז אים צורו.

עס זיינען נישט דווקא די צדדים, וואָס זיינען דאָ אין אונדזער יידישן קולטור־לעבן, וואָס פּייניקן אים:

— צדדים זיינען שטענדיק געווען, אָבער אַזאַ רשעות, ווי עס הערשט אין אונדזער דור פון איין צד צום אַנדערן איז...

און נחמן מייזיל איז מער סענסיטיוו צו דער רשעות, ווי יעדער איינער פון אונדז, ווייל צווישן די רשעים פון דעם אַנדערן צד געפינען זיך אַזעלכע, וואָס ער האָט דורך די יאָרן היפּש געהאָלפן זייער איצטיקן פּרסום.

— איז וואָס־זשע זאָגסטו, נחמן, וועגן דעם יום־טוב, וואָס מען וויל איצט אַ יום־טוב טאָן מיט דיר און אַרום דיר? — פּרוביר איך נאָך אַלץ אויספירן מיין שליחות?

— עס יום־טובט זיך נישט אין געמיט! — איז זיין ענטפער, און איך באַנעם אים זייער גוט.

און דאָך איז פאַרט יום־טובדיק מיט אַזעלכע, ווי נחמן מייזיל איז, און ווי לעבט מען דאָס בכלל אָן אַ שטיקל יום־טוב אפילו אין אַזעלכע שווערע טעג, ווי עס זיינען איצט די אונדזערע?

— איז אפשר פאַרט, נחמן? האַ?

.1952

# ב. לאַפּין

איז דער דיכטער ב. לאַפּין נישט מער ווי אַ פּופּציקער?

די פראַגע קומט מיר אויפן זינען, נישט ווייל מיר פעלט אייך, אַז ב. לאַפּין פאַרלייקנט זיינע יאָרן. ווער, ווער, אָבער נישט ב. לאַפּין. ער גע־הערט נישט צו די, וואָס מאַכן אַזאַ ווענן פון זיך, אַז ער זאָל זיך פאַרגינען זיך אַליין טראָגן מתנות. בפרט, ווען אָט־די מתנה איז בלויז אַזאַ כדי יענעם די אויגן צו פאַרבלענדן.

סיי מיט זיין לעבן און סיי מיט זיין שאַפן איז ער קיינמאָל נישט געווען אויסגערעכנט אַן איינדרוק צו מאַכן.

ער לעבט, ווייל אים איז לעבן געגעבן געוואָרן, און כאָטש אים קומט אַן גאַנץ שווער אָט דאָס לעבן צו טראָגן אויף זיינע שמאָלע אַקסלען, טראָגט ער דאָס, ווי אַ טייערן פּיקדון, וואָס איז אים פון עמיצן איבערגעגעבן גע־וואָרן, אַז ער זאָל אים אָפּהיטן.

קאָן זיך עמיצער דערמאָנען אין ב. לאַפּינס אַ מאַניר, אָדער אַ זשעסט, וואָס זאָלן זיין אויסגערעכנט אַן איינדרוק צו מאַכן? פאַר די איבער צוואַנציק יאָר, וואָס איך קאָן אים, געדענקט זיך מיר נישט אַזוינס. שטענדיק איז ער אַן אַ זייט, אין אַ ווינקל. און פעלט ער צופעליק אַמאָל אַריין אויף אַן אָנגעזען פלאַץ, פילט ער זיך נישט היימיש, איז ער ממש אַ פאַרלוירענער.

זיינע לידער זיינען אויך אַזוינע זייטיקע, ווינקלדיקע. אפילו ווען זיי זיינען פונעם ברייטן טראַקט, שלאָגט פון זיי מיט זייטיקייט, ווינקלדיקייט. עס איז מער וועגן דעם טראַקט געזונגען פון אַ ווינקל אַרויס, ווי פונעם טראַקט גופא.

זיין שפּראַך איז נישט קיין פול־ברוסטיקע, און אַזאַ קורץ־אָטעמדיקע איז זי. דער פאַקט, וואָס זי באַצווינגט דיך דאָך, ליגט מער אין דער אויפריכטי־קייט, וואָס טראָגט זיך פון איר.

ב. לאַפּין איז ביי אונדז איינער פון די אויפריכטיקסטע מענטשן און דיכ־טער, הייַנט פאַרוואָס־זשע וואונדער איך זיך אַזוי, פאַרוואָס אין „לעקסיקאָן" איז זיין עלטער איצט נישט מער ווי פופציק יאָר?

איז זיין אויסזען אַזאַ, וואָס מאַכט מיך צום טראַכטן, אַז ער איז עלטער? הויבט זיך דאָס אויך נישט אָן!

ב. לאַפּינס אויסזען איז דווקא יינגער ווי פופציק יאָר.

זיין פיגור איז איצט אַזוי דין, ווי זי איז געווען מיט צוואַנציק יאָר צו־

ריק, ווען איך האָב זיך מיט אים באַקענט. זײַן פּנים האָט זיך אויך נישט קיין סך געביטן. עס איז כמעט דאָס זעלבע ראָז־רויטלעך, קנאַביק פּנים, ווי מיט יאָרן צוריק. אפילו די שײַן אין זײַנע מאַנגאָלישע אויגן איז איצט אויך די זעלבע. איז וואָס־זשע וואונדער איך זיך טאַקע אויף דעם, וואָס ער איז נישט מער, ווי אַ פּופּציקער?

ווי לאַנג איז דאָס שוין, אַז מײַנע אויגן האָבן זיך דעם ערשטן מאָל אָנ־געשלאָגן אָן דעם נאָמען: ב. לאַפּין?

מסתמא איז דאָס גאָרנישט אַזוי לאַנג, ווי מיר דאַכט זיך איצט אויס, אָבער דער אײַנדרוק איז פאַרט, אַז דאָס איז שוין זייער לאַנג צוריק.

אין אַ שטוב פון מײַן שטעטל האָב איך זיך אָנגעשלאָגן אויף די ערשטע עטלעכע ביכלעך. דאָס איז געווען מײַן ערשטע באַקאַנטשאַפט מיט דער יידישער ליטעראַטור. צווישן די נעמען אין יענע ביכלעך זײַנען געווען: ווינטשעווסקי, רייזען, פּרץ, אײַנהאָרן, מנחם און אַן אײנציק ליד אין עפּעס אַ זאַמלביכל פון ב. לאַפּין. „דאָס הייליקע וועלדל" האָט דאָס ליד געהייסן. איך געדענק נאָך דעם טעם דערפון איצט. אָבער נישט וועגן דעם טעם פון־נעם ליד רעדט זיך דאָ איצט, נאָר פון דעם נאָמען ב. לאַפּין, וואָס האָט זיך ביי מיר אויסגעמישט מיט די נעמען ווינטשעווסקי, פּרץ און רייזען. און עס איז ביז גאָר מאָדנע אָט דאָס, וואָס אפילו אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען איך האָב געלעבט אין איין קרייז מיט לאַפּינען, מיטגעאַרבעט מיט אים אין די זעלבע אויסגאַבן, און אפילו צוזאַמען מיט אים רעדאַקטירט דעם „אויפ־קום" אַ צייט, האָב איך געקוקט אויף אים, ווי אויף איינעם, וואָס געהערט צו אַ פיל־פיל פריערדיקן פּעריאָד אין אונדזער ליטעראַטור.

דער אופן פון ב. לאַפּינס שרײַבן איז נישט אַזאַ, וואָס לאָזט זיך צו־בינדן צו דעם, אָדער יענעם פּעריאָד אין אונדזער ליטעראַטור. זײַן פּאָעזיע איז נישט אַזאַ, וואָס שפּיגלט אָפּ אַ באַשטימטע צייט. זי איז די אויסשטראַ־לונג פון אים אַליין, און ער איז ביי אונדז אַזאַ, ווי ער וואָלט אין ערגעץ קיין היגער נישט געווען. די פײַנע, לירישע בענקשאַפט, וואָס גייט אויף פון זײַנע לידער איז שטענדיק צו אַן ערגעצוואו, און דער ערגעצוואו איז ביי אים אויך שטענדיק אַזאַ, צו וועלכן דו האָסט קיין אַדרעס נישט.

עס איז אַן ערגעצוואו, צו וועלכער דו קאָנסט נישט צוקומען נישט מיט קיין באַנען, נישט מיט קיין שיפן, און אפילו נישט מיט קיין עראָפּלאַנען.

עס איז אַן ערגעצוואו אויף יענער זייט פון אונדזער לעבן.

און דאָך זײַנען זײַנע לידער דוקא אָנגעפּילט מיט לעבן. עס איז אַ לעבן, אַ סטיכיש, וואָס רײַסט זיך צו אַן עפּעס, וואָס האָט נישט נאָר נאָך קיין נאָמען נישט, נאָר אויך אפילו נישט קיין באַשטימטע פאָרעם. עס איז אַ לעבן, וואָס איז נאָך אַליין אין אַן עמבריאָ־צושטאַנד.

איז דאָס אפשר טאַקע דערפאַר, וואָס ביי ב. לאַפּינען איז דאָס וואָרט אַזאַ שטאַמלדיקס. זיין וואָרט איז זעלטן ביי אים אַ פּולס, אַ גאַנצס. עס איז גיכער האַלב־וואָרט, ווי וואָרט. וואָרט, וואָס איז אַליין ערשט אין עמבריאָ־צושטאַנד, — וואָרט וואָס דאַרף ערשט וואָרט ווערן. עס איז וואָגיק, כאָטש דו קאָנסט די וואָגיקייט זיינע נישט אָנטאַפּן, און קיין נאָמען פאַר אָט דער וואָגיקייט קאָנסטו אויך נישט צוטראַכטן. אָפטמאָל דערפילסטו אפילו אַ שטאַרקע דינאַמישקייט אין זיין לשון — אַ דינאַמישקייט, וואָס אָט־אָט און זי וועט טאָן אַ רייס אויף, און אַרום דיר וועלן אַ שפּליטער טאָן אַזעלכע מאָדנע נאָך קיינמאָל ביז איצט נישט געזעענע אויסטערלישקייטן, אָבער דערווייל ביז וואָס און ווען איז זיין וואָרט שטאַמלדיק, און שווער.

נישט נאָר איז ער אַזוי אין זיין בוך „צייכנס״, וואָס איז דערשינען אין דעם יאָר 1934, ער איז אויך אַזוי אין זיינע שפּעטערדיקע לידער, וועלכע ווייזן אַרויס שטאַרקע סימנים פון אָנגעשטרענגטקייט צו האַלטן אָפענער די אויגן און די אויערן צום לעבן אַרום אים.

ב. לאַפּינס פּאָעזיע איז ביז היינט נישט אַזאַ, צו וועלכער עס איז גרינג צוצוקומען, כאָטש געשריבן איז זי שטענדיק מיט די סאַמע פּשוטסטע ווער־טער פון אונדזער יידיש. ביי אים איז דאָס סאַמע פּשוטסטע קיינמאָל ניט פּשוט. דאָס זעלבע וואָרט, וואָס איז ביי אַן אַנדערן דיכטער אַ פּענצטער אַן אָפּנס, איז ביי אים, ווי אַ פּענצטער אַ פאַרמאַכטס, און מיט זיבן פאַרהאַנגען. זיין ליד איז, ווי אַ שטוב פון פּראָסטן האָלץ, אָבער פון וואָס פאַר אַביימער דאָס האָלץ איז געקומען, איז דיר נישט קלאָר. צוציענדיק איז די שטוב סיי ווי, כאָטש זי שטייט אָפּגעזונדערט און קיין געפּלאָסטערטער וועג פירט ניט צו איר. קיין פּענצטער האָט ניט אָט די שטוב קיין סך, און די, וואָס זיינען דאָ זיינען קליינע, צוגעמאַכטע. די איינציקע טיר איז פאַררינגלט, און אַז דו האָסט זי שוין ווי סע ניט איז אויפגעריגלט, מוזסטו זיך ערשט אָנשטרענגען זי אויפצועפענען. אינעווייניק איז דיר אויך נישט גלייך אויפן אָרט אַזוי היימיש, מוזט זיך פריער אַליין אַריינהיימישן, אָבער שפּעטער ווערט דיר אינטערעסאַנט. ב. לאַפּינס וועלט הייבט דיך ביסלעכווייז אָן אַריינצוציען אין זיך אַריין. זיין שטאַמלדיק וואָרט איז פּונקט צוגעפּאַסט צו דער וועלט אין וועלכער דו געפינסט זיך צוזאַמען מיט דעם דיכטער. זיין וועלט אַליין איז אויך אַ שטאַמלדיקע. זי רעדט אַליין צו זיך מיט האַלב־ווערטער.

וואָס אַזוינס איז ב. לאַפּינס וועלט?

זי איז אַ וועלט, וואָס רייסט זיך צום ווערן, און שרעקט זיך אין דער זעלבער צייט פאַר איר אייגענער רייסעניש.

עס איז אַ וועלט, וואָס גייט ערגעץ, אָבער ביי יעדן טראָט, וואָס זי מאַכט, בלייבט זי שטיין אַ צעשראָקענע פאַר דעם עכאָ, וואָס איר אייגענער טראָט

ברענגט אַרויס. ב. לאַפּינס וועלט בענקט נאָך ווייכע גומענע שיך, אַז איר טראָט זאָל נישט הילכן בשעת דעם טרעטן. ווען זי וואָלט געקאָנט, וואָלט זי זיך פאַרוואַנדלט אין אַ קאַץ, וואָס שאַרט זיך שטיל אויף אירע ווייכע לאַפּקעס. וואוהין? אין די פריערדיקע יאָרן האָט זיין וועלט נישט געהאַט קיין אָנגעצייכנטן וועג. זי האָט זיך באַוואויגן, ווייל זי האָט פשוט פון זיך אַליין נישט געקאָנט שטיין אויף קיין אָרט. אַמאָל האָט זי זיך באַוואויגן אויף גאָטס באַראָט מיטן ווינט. זאָל זיין וואוהין עס איז נישט איז, אַבי זיך באַוועגן. עס ווערט דאָך מוראדיק אומעטיק שטענדיק זיך צו דרייען אין דעם אייגענעם קרייז. אָבער נישט איין מאָל האָט זי זיך געדרייט אין דעם אייגענעם קרייז, ווי אַ חיה, וואָס וויל אָנכאַפּן מיט דעם פּיסק דעם אייגענעם עק, כאָטש וואָס וועט איר אַרויסקומען, אַז זי וועט שוין האָבן דעם עק אין מויל, ווייסט זי אַליין נישט. אַזוי איז דאָס געווען מיט זיין וועלט אין די פריערדיקע יאָרן, אָבער לעצטנס האָט זיך יאָ אָנגעהויבן צו פילן, אַז זיין וועלט ציט זיך צו אַ וועג אַ באַשטימטן.

און דו לערן זיך פון ערד,
קוק אויף צינגל פון איר וואָג:
ערד — האָט אַלעמען געבערט
גליק, פאַר גאַנצער וועלט פאַרמאָגט.

האָט די צייט פון אונדזערע געקאָוועטע טעג באַוויזן זיך פעסטער צו־צוקלעפּן צו זיינע טריט? דער לייענער, וואָס האָט זיך נישט דערנעענטערט צו ב. לאַפּינס פריערדיקע לידער, וועט אין זיינע איצטיקע קוים, קוים אויפ־כאַפּן דעם אָנגעצייכנטן וועג פון זיין וועלט. בפרט דעם לייענער פון דער היינטצייטיקער מער אָפענער און מער דירעקטער דיכטונג וועט אַוודאי זיין שווער אויפצוכאַפּן דעם איבערבייט אין ב. לאַפּינס געמיט, אָבער פאַר דעם לייענער, וואָס האָט באַוויזן זיך אַריינצוהיימישן אין זיינע פריערדיקע לידער, — פאַר דעם, וואָס האָט באַוויזן זיך צוצוגעוואוינען צו זיינע „צייכנס" און אַרויסנעמען דאָס, וואָס אונטער די „צייכנס" איז דאָ, ווערט נישט שווער צו דערקאָנען, אַז דער איצטיקער ב. לאַפּין איז פיל נעענטער צו אונדזער רעאַלן לעבן, ווי עס איז געווען דער פריערדיקער.

קיין אַנדערער איז ער נישט געוואָרן. אַזאַ ווי ער, ווערט נישט אַנ־דערש, אָבער אַ שטיקל היגער איז ער פונדעסטוועגן דאָך געוואָרן.

ניט געשריי, ניט געיאָמער;
זיי געוואַגט, זיי געשטאַרקט!
ס'הויערט בלינדע נקמה
אויף דעם שפּיץ פון איר באַרג.

מענטשלעך בלוט הערסטו וויינען,
און דו לויפסט נאָכן רוף;
בלאַנקע האַק פון דעם שונא
מעסט די גרויס פון דיין גוף.

אירע שטאָלענע באַקן
שפּיגלען אָפּ דיין געשטאַלט.
נאָך אַ רגע — דיין נאַקן,
דער פאַרעקשנטער, פאַלט.

נאָר דאָס הייסע כלי־זיין
בריט דיין האַנטפלאַך און וועקט:
— היינט זאָל הבל זיין קין,
ס'איז גערעכטער געשלעג!

אונדזערע איצטיקע טעג זיינען אין אַ ווירבל־ווינט. ווער עס קייקלט זיך מיט זיי צוזאַמען איבער דעם ברייטן טראַקט און רויעט זיך מיט זיי צוזאַמען אין דער בלאָטע, צעהאַקנדיק זיך נישט איין מאָל דעם קאָפּ ביים רויען זיך, און ווער עס האַלט זיך ביים זייט, און קוקט זיך נישט מער ווי צו, כאָטש זיינע סימפּאַטיעס זיינען דוקא מיט די, וואָס רויען זיך און שטעלן זייערע קעפּ אין קאָן.

ב. לאַפּין איז נאָך אַלץ צווישן די צוקוקער, כאָטש זיינע סימפּאַטיעס זיינען פאַר מיר קלאָר.

דער איצטיקער ב. לאַפּין איז מיר אַ סך נעענטער, ווי דער פריערדיקער, כאָטש ווי אַן עכטער דיכטער איז ער מיר קיינמאָל פרעמד נישט געווען.

איך געהער צו יענע ווייניקע ביי אונדז, וואָס האָט נישט איין מאָל זיך דורכגעריסן דורך דער שווערער טיר אין זיין וועלט אַריין. איך האָב זיך אַריינגעהיימישט אין זיינע „צייכנס" אַריין, און נישט איין מאָל גרויס געניוס געהאַט פון דעם, וואָס זיי האָבן מיר דערציילט און נאָך מער דערפון, וואָס זיי האָבן מיר געלאָזט הערן.

געלאָזט הערן האָבן זיי מיר שטענדיק פיל, פיל מער, ווי דאָס, וואָס ער האָט מיר דערציילט, און דאָס איז דערפאַר, ווייל זיינע לידער, האָבן מיר שטענדיק געבראַכט רמזים פון אַן אויפריכטיקן ווילן צו אַן עפּעס, וואָס איז עכט און ערלעך. רמזים, אָבער איך האָב שטענדיק אויפגעכאַפּט זייער אַנדייט.

מען זאָגט, אַז די דאָטע פון פופציק יאָר ביי אַ מענטשן איז אַ מין שטריך־אונטערצי פון זיין לעבן. בפרט איז זי אַזוינס ביי אַ שעפערישן מענטשן. עס איז די דאַטע פון חשבון הנפש, פון אונטערציען אַ סך־הכל

פון דעם פריערדיקן, כדי אָנצוהייבן אויפדאָסניי.

אונדזער דיכטער ב. לאַפּין האָט אונטער וואָס אונטערצוציען אַ שטריך.

דער סך־הכל איז אַן אייגנאַרטיקער און עכטער טאָן אין אונדזער דיכ־טונג. אַ טאָן, וואָס איז נישט בלויז עכט און אייגנאַרטיק פאַר זיך אַליין, נאָר אַ טאָן, וואָס האָט אונדז געבראַכט פון צייט צו צייט גאָר אַ באַזונדער מין ניגון, אַ ניגון, וואָס נישט אַלעמען איז געגעבן אים גרינג איבערצונעמען, ווייל דער ניגון איז נישט פון רעאַלן לעבן, און אין ערגעץ איז ער נישט קיין היגער, אָבער דער ניגון איז דאָ. ער הערט זיך און ער צווינגט אויס־געהערט צו ווערן מיט די אויסטערלישקייטן, וואָס ער טראָגט אין זיך פון אַ וועלט, וואָס דער דיכטער זוכט נאָך אַליין דעם אַדרעס צו איר.

פריער איז אָט־די וועלט געווען אינגאַנצן אַ פאַרשלייערטע פאַר ב. לאַפּינען אַליין. איצט הייבט ער זי אָן ביסלעכווייז צו דערזען. און ער באַ־מיט זיך זי שוין צו באַווייזן אויך פאַר אונדז, נישט מער, ער באַווייזט זי פאַר אונדז אויך איצט בלויז דורך רמזים.

אמת, נישט אַזוינע פאַרשלייערטע ווי פריער, אָבער רמזים זיינען זיי נאָך אַלץ.

צו זיין פופציק־יאָריקן געבוירנטאָג ווינטש איך זיינע רמזים מער קלאָר־קייט, און דעמאָלט וועלן מיר מיטגיין מיט אים אַ סך מונטערער און אַ סך גרינגער, ווי ביז איצט.

אָבער אפילו אין זיין שווערקייט גייען מיר אים נאָך.

עס איז כדאי!

וואָרום סוף־כל־סוף איז נישט יעדע שווערקייט אַזוי שווער.

די שווערקייט פון אַ שטיין בויגט דיינע פּלייצעס צו דער ערד אַרונטער, אָבער די שווערקייט פון אַ לעבעדיקער וועלט, גיט כוח דיינע פיס און אַלע דיינע גלידער.

אָפּטמאָל דערפילסטו זיך גאָר געקרעפּטיקט און געשטאַרקט פון אַזאַ משא.

ב. לאַפּינס שווערקייט איז די שווערקייט פון אַ לעבעדיקער וועלט אויף די פּלייצעס, — אַ וועלט, וואָס איז טאַקע ביז איצט נאָך אַלץ מיט אַ פאַר־שלייערט פּנים, אָבער מיר פילן זי, און ווען מיר לעבן זיך אַריין אין איר, הערט איר שווערקייט אויף אַזוי שווער צו זיין.

1939.

# נפתלי גראָס

## א.

— איז, הייסט עס, אַז נישטאָ איז אויך שוין מער מיט אונדז דער דיכ־טער נפתלי גראָס?

איך האָב אויפגעהויבן די אויגן צו דער פרעגערין מיט דעם פאַרעלטערטן, טרויעריקן פּנים, און געשוויגן, ווייל האָט זי דען געדאַרפט מיין באַשטעטי־קונג, אַז ער איז מער נישטאָ?

אויף יענער זייט פון דעם שמאָלן האַלב־טונקעלן זאַלעכל האָבן די לעמפּ־לעך באַלויכטן דעם טרויער פון זיין נישטאָיקייט, און מענטשן פון דער יידי־שער ליטעראַטור און קולטור האָבן זיך געצויגן אָנגערירט צו ווערן פון דער פלוצלינגדיקער נישטאָיקייט, וואָס איז ערשט מיט אַ טאָג פריער נאָך גע־ווען אַזוי דאָ־איק.

דאָ־איקייט־נישטאָיקייט, — ווי ענג פאַרבונדן זיינען זיי איינס מיטן אַנ־דערן אין דעם גאַנג פון דער אייביקייט!

— מיין פרוי און איך וועלן זיין שטאַרק גליקלעך דיך האָבן אין אונדזער היים, אינאיינעם מיט דיין משפּחה, — האָט ער צו מיר נישט לאַנג צוריק געשריבן אין אַ בריוו, און דערצו באַטאָנט:

— וועסט זען, וואָס פאַר אַ שיינעם און גערוימיקן זון איך האָב!

דעם זון האָב איך געזען ביי דער לוויה, און אַזאַ ציטער איז דורכגעגאַנ־גען אין מיין געמיט.

— נפתלי! — האָט אַ שטילן מורמל געטאָן מיין מויל, ווען איך האָב דעם זון דערזען.

דער זעלבער איידעלער אויסקוק, און די זעלבע צאַרטע שיינקייט, ווי זיין פאָטער, עליו השלום, ווען ער און איך האָבן מיט אַזוי פיל יאָרן צוריק געוואוינט אין דעם זעלבן צימער פון אַן אָרעם הויז אין דער געגנט פון דער ברוקלינער וויליאַמסבורג.

נישט ווייט פון אונדז, אין אַן ענלעכן צימער האָט געוואוינט משה־לייב האַלפּערן, מיט וועמען ער האָט זיך נישט איבעריק געחברט, און איך פלעג אים קיבעצן:

— אַך, מען זאָגט, אַז די גאַליציאַנער האַלטן זיך שטאַרק צוזאַמען איינע מיט די אַנדערע.

ווי לאַנג צוריק איז דאָס געווען? אין דער צאָל פון די יאָרן ווייט איבער

דרייסיק, און דאָך, דאַכט זיך מיר אויס, אַז אַט־די לוויה איז גאָר פון מאָריס ראָזענפעלדן, און אַז זיצן זיץ איך גאָר אין „פאָרווערטס״־זאַל ביי דער זייט פון נפתלי גראָס, וואָס קוקט אין דער לופט אַריין מיט זיינע שיינע, גרויסע און פאַרטראַכטע אויגן, מורמלענדיק פון צייט צו צייט טרויעריק פאַר זיך:

— שוין נישטאָ מער, נישטאָ מער דער דיכטער!

— ווער? — פרעג איך און דריי אויס דעם קאָפּ צו דער זייט, און זע די זעלבע עלטערע פרוי מיט דעם טרויעריקן פּנים, וואָס האָט פריער זיך געווענדט צו מיר, און פאַר די אויגן גייט אויף אַ יונג טונקל־הויטיק שיין און חנעווודיק מיידל, וואָס פלעגט אַזוי אָפט שפּאַצירן מיט מיר און נפתלי גראָסן אין די זומער־אָוונטן איבער דער וויליאַמסבורגער בריק.

אירע אויגן קוקן טרויעריק אין חלל אַריין, און זי הערט נישט אויף איבערחזרן:

— שוין נישטאָ מער נפתלי גראָס!

## ב.

וויפל פון יענע מיידלעך, וואָס פלעגן מיט אונדז שפּאַצירן איבער דער וויליאַמסבורגער בריק, אָדער אין די זונטיקס אין צענטראַל־פּאַרק, זיינען איצט דאָ אין זאַל אַרום דעם ארון פון נפתלי גראָסן?

שווער צו זאָגן וויפל פון זיי זיינען דאָ. די צייט האָט געענדערט זייערע אויסזענס, און נישט אַלע זיינען צוגעקומען צו מיר. אויך פון די קאָלעגן מיינע אינעם זעלבן דור זיינען נישט אַלע צוגעקומען אין מיין באַקענטקייט. די צייט האָט געענדערט נישט נאָר דעם אויסזען אין דרויסן, — אויך דעם אויסזען פון דער איבערלעבקייט האָט זי שטאַרק געענדערט.

איך טראַכט פון די שוין־מער נישטאָאיקע, וואָס האָבן געהערט מיט מיר אינאיינעם צו דעם זעלבן דור, און געלעבט און געשאַפן אין דעם זעלבן קרייז.

ברוך גלאַזמאַן און י. י. סיגאל און איצט אויך נפתלי גראָס, ווי זיי, אין דער נישטאָאיקייט שוין.

דער ערשטער, וואָס איז בכלל נישט געווען קיין גרינגער מיט קאָלעגן, פלעגט דאָך ביי אַלע געלעגנהייטן אַנטקעגנקומען מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט. דער צווייטער פלעגט גליענדיק צעשוימט ווערן, ווען מען האָט זיך אין די שפּעטערדיקע יאָרן באַגעגנט פון צייט צו צייט אין מאָנטרעאָל, וואו־הין ער האָט מיט יאָרן צוריק זיך איבערגעצויגן פון ניו־יאָרק, און דער דריטער?

— אוי, וויינפער, וויינפער, פאַרוואָס זעט מען זיך אַזוי זעלטן? — איז געווען דער אויסרוף סיי ביי באַגעגענישן, און סיי אין זיינע בריוו צו מיר.

אויף אַן אָוונט־ברויט, געגעבן מיט עטלעכע יאָר צוריק ביים פּען־קלוב, איז ער באַשטאַנען, אַז מיר זאָלן אומבאַדינגט זיצן איינאיינעם איינער לעבן צווייטן, און אַז מיר האָבן זיך געזעצט, האָט ער זיך געפרייט:

— עס איז דאָך אַקוראַט, ווי אין די אַלטע גוטע צייטן! — האָט ער עטלעכע מאָל איבערגעחזרט.

— זיינען די אַלטע צייטן דען באמת געווען אַזוינע גוטע? — האָב איך געפרעגט ביי זיך אָן אַרויסגערעדטע ווערטער.

ער, פּראָפעסיאָנעל אַ דרוק־אַרבעטער, וואָס האָט זעלטן געאַרבעט, און איך אינגאַנצן אָן אַ פּראָפעסיע, האָב געזוכט אַרבעט ביי וואָס עס זאָל נישט זיין, אַבי צו פאַרדינען זיך צו דערהאַלטן.

נעכטן איז דאָס געווען, ווי אַ געהילף ביי הויז־מאָלעריי, אייערנעכטן ביי פּאַפּירענע שאַכטלעך, און פון שאַרן און אָפּרייניקן דעם שניי אויף דער דילענסי גאַס, האָט מען זיך אויך נישט אָפּגעזאָגט, און דאָך איז שטענדיק אָנגעקומען מיט אָנשטרענגונג צו באַצאָלן דאָס ביסל דירה־געלט פאַר דעם קליינעם צימער מיט דעם גאַז־לעמפּל איבער דעם קליינעם, נאַקעטן טישל, וואָס מיר ביידע האָבן געטיילט ביים שרייבן. אויסבאָדן זיך איז מען געגאַנגען אין דער שטאָטישער באָד אויף מאָנטראָז עוועניו מיט דעם אייגענעם שטיקל האַנטוכל, כדי זיך איינצושפּאָרן די פּעני, וואָס יענע אינסטיטוציע האָט פאַר אַזוינס גענומען. און די ליטעראַרישע סביבה, וואָס איז זי געווען? משטיינס־געזאָגט! די עלטערע ברידער, — די „יונגע" יוסף ראָלניק, משה־לייב האַל־פּערן, מאַני לייב, זישא לאַנדוי, דוד איגנאַטאָוו, יוסף אָפּאַטאָשו, ראובן אייז־לאַנד, משה יונה כאַימאָוויטש, אברהם משה דילאָן, און די שוועסטער אויך, — רחל לוריע, פראַדל שטאָק און אַנאַ מאַרגאָלין, — זיי זיינען געזעסן אויף איסט־בראָדוועי אין דעם ביליקסטן, קעלערדיקן רעסטאָראַנדל, און געבאָרגט איינע ביי די אַנדערע אַ פּאָר ניקלס דאָס לעבן צו דערהאַלטן.

האָט נפתלי גראָס דערשפּירט וועגן וואָס איך טראַכט? קאָן זיין, אַז יאָ, וואָרום ער האָט גענומען אַרגומענטירן מיט מיינע געדאַנקען.

— מען האָט טאַקע אָפטמאָל אונטערגעהונגערט, אָבער די פרייד פון אַ ניי ליד, ווען עס איז געבוירן געוואָרן!

— דו שרייבסט דאָך איצט אַ סך שענער און טיפער, — האָב איך אים אויפמערקזאַם געמאַכט.

זיין פּנים האָט זיך צעהעלט, און ער האָט זיך פריידיק צערעדט צו די אַרומיקע:

— איר הערט, ווי אַ חבר פאַרגינט אַ צווייטן? — האָט ער זיך גע־ווענדט צו די אַרומיקע, און קוקנדיק אויף מיר, האָט ער זיך צעלויכטן:

— דו האָסט דאָך שטענדיק פאַרגינט עמעצן אַנדערש אויך. אפילו, ווען

דו פלעגסט שנײַדן שטיקער איז דאָס געווען, ווי דו וואָלסט געשניטן אַ צוקער־לעקעך.

ער האָט זיך צעלאַכט אויפן קול, און ווענדנדיק זיך ווידער צו די אַרומיקע, געזאָגט:

— ווי איר קוקט אים אָן, ער שנײַדט פון מיר שטיקער פאַר מײַנע דײַטשמעריזמען אין לשון, אָבער דערבײַ האָט ער קיינמאָל נישט פאַרפעלט צוצוגעבן:

— נפתלי, דײַן ליד איז אַזוי עכט, — עס שלאָגט דערפון מיט אַזאַ פּליסיקן ליריזם, און אַזאַ פײַנע מעלאַדישקייט, איז פאַרוואָס צעשטערסטו דאָס מיט אַזאַ דײַטשמעריזם, ווי דאָס וואָרט „אַנטפּליען"?

ג.

אין די ווײַטערדיקע יאָרן פון זײַן אַנטוויקלונג האָב איך מיט אַ באַזונדער הנאה באַגעפאָלגט די אויפלײַטערונג פון זײַן לשון:

סאַראַ וואונדערלעכע ריינקייט אינעם יידישן לשון זײַנעם עס האָט אַרויסגעריטן אין איינער פון זײַנע ערשטע זאַמלונגען „דער ווייסער רײַטער"!

איך געדענק, אַז ווען איך האָב אים פאַר אַט־דער רײַכקייט באַגריסט, האָט ער זיך אויף מיר אַביסעלע אַ בלאָז געטאָן:

— דו רעדסט אַלץ צו מיר וועגן מײַן לשון, און באַרירסט גאָרניט מײַנע לידער גופא, וואָס דאָס איז דאָך אייגנטלעך דער סאַמע עיקר.

איך האָב זיך געכאַפּט, אַז ער איז גערעכט, און זיך פאַרענטפערט פאַר אים מיט אַ משל:

— אַ שיינקייט, וואָס האָט געהאַט אַ בלאַטערל אויפן נאָז און דאָס פאַרלוירן, רופט אַרויס פרייד בײַ דעם באַוואונדערער פון דער שיינקייט, און ער פרייט זיך אַזוי, וואָס דאָס בלאַטערל איז פאַרשוואונדן, אַז ער רעדט בלויז וועגן דעם.

און עס איז באמת טאַקע ביז גאָר מאָדנע, וואָס איך קאָן זיך נישט באַפרייען ביז היינט פון דער באַוואונדערונג צו זײַן געלײַטערטן, פּרעציזן יידישן לשון. זײַן יעדעס נײַ בוך האָט מיר געגעבן עכטן דיכטערישן גענוס. סאַראַ גענוס איך האָב שטענדיק פון דער לירישער בילדערישקייט אין זײַנע צוויי בענדער „יידן". יעדער ייד מיט זײַן באַזונדערקייט, און אַלע צוזאַמען אַ ציבור פון דערהויבענער און געלײַטערטער שיינקייט, און דאָך איז די הנאה שטענדיק באַזונדער פון דעם לשון, וואָס ער האָט באַוויזן צו באַמייסטערן און דאָס דערפירן צו אַ פּערפעקציע, וואָס איז גאָר אַ באַזונדערע דערגרייכונג אין זײַן גאַנג, ווי אַ יידישער דיכטער.

אַ דאַנק אַט דער דערגרייכונג האָט ער באַוויזן צו געבן דער יידישער לי־

טעראַטור די מייסטערהאַפטע איבערזעצונגען פונעם תנ״ך, און אַ דאַנק אָט דער דערגרייכונג זיינע איבערדערציילטע יידישע פאָלקס־מעשהלעך, ווי די געשליפנסטע פערל.

ד.

— איך שלעפּ זיך אַרום אַ געפּייניקטער, — האָט ער מיר ביי אַ צופעליקער באַגעגעניש אין מיאַמי, פלאָרידע, געזאָגט אין אַ זייער טרויעריקן טאָן, און איך האָב אויף אים אַ קוק געטאָן אין יענעם מאָמענט מיט דערשטוינונג.

— וואָס פּייניקט דיך אַזוי, נפתלי? — האָב איך געפרעגט, און ער האָט אין אַ קרענקלעכן טאָן צו מיר גערעדט.

— דו פרעגסט ביי מיר וואָס? עס איז אַלץ! עס איז אַלץ! — האָט ער זיך אויפגערעגט, און פלוצלינג אַ געצוואונגענעם שמייכל געטאָן, און זיך גע־נומען פאַרענטפערן:

— אָבער וואָס האָב איך זיך פלוצלונג צעקלאָגט? אין דער אמתן בין איך אין דעם איצטיקן מאָמענט גאָר פריידיק. אַזאַ צייט דיך נישט געזען, און אָט זיצן מיר צוזאַמען! עס איז אַזוי גוט, וואָס מיר האָבן זיך געטראָפן, און זיצן איצט צוזאַמען. האָב איך דיר געשיקט מיין לעצטן בוך? זיכער האָב איך דיר געשיקט. האָסט דאָך מיך באַגריסט, און איך האָב זיך געפרייט מיט דיין באַגריסונג.

ביי אַ צווייטער באַגעגעניש האָבן מיר געגעסן אין אַ רעסטאָראַן צוזאַמען, און איך האָב באַמערקט, אַז ער לאָזט אויס מאכלים, וואָס רעליגיעזע יידן לאָזן אויס מחמת כשרות.

— ביסטו געוואָרן אַ רעליגיעזער ייד? — האָב איך אים געפרעגט אין אַ זייער ערנסטן טאָן.

ער האָט זיך אַ קליין ביסעלע פאַררויטלט און קוקנדיק מיר אין פּנים אַריין, האָט ער געזאָגט:

— ווי גוט עס איז, וואָס דו פרעגסט דאָס ביי מיר אָן חוזק אין טאָן.

נאָך יענער באַגעגעניש האָב איך זיך אָפט פאַרטראַכט וועגן אים, און זיך געוואונדערט.

— איך שלעפּ זיך אַרום אַ געפּייניקטער! — האָט געקלונגען אין מיינע אויערן און מיר איז געווען שווער צו באַנעמען, פאַרוואָס ער פילט זיך אַזוי געפּייניקט.

אוודאי איז זיין לעבן נישט געווען קיין גרינגס. הונגער און נויט אין די ערשטע יאָרן פון זיין לעבן אין אַמעריקע. קיין וואַרעמקייט צו זיין ליד איז אויך נישט געווען אַפילו ביי די, וואָס האָבן דאָס אויפגענומען מיט אָנערקע־נונג. וואָרום, ווער זיינען זיי דען געווען אָט די, וואָס האָבן אויפגענומען און

אַנערקענט? זיי זיינען דאָך געווען די דיכטער פון זיין דור, זיין קרייז, וואָס האָבן אַליין געבענקט און זיך געבויטיקט אין אַביסל וואַרעמקייט און אַנערקענונג, ווי ער.

עס איז געווען אַ קיבוץ פון איינזאַמע, עלנטע, וואָס האָבן איינער דעם צווייטן סיי געפרעסן ביזן ביין, און סיי אויך דערוואַרעמט פון צייט צו צייט.

נאָך זיין ערשטער חתונה האָט דאָס לעבן אים גאַר אַ קלאַפּ געטאָן איבערן קאָפּ. עס איז אים געשטאָרבן די מוטער פון זיין ערשט־געבוירן ייִנגעלע, און איך געדענק זייער גוט זיין דעמאָלטדיקע צעבראָכנקייט.

נו, יאָ, דאָס לעבן האָט אים נישט געשאַנעוועט, אָבער וועמען פון אונדז אַלע, זיינע קאָלעגן, האָט דאָס יאָ געשאַנעוועט? יעדער איינער האָט איבערגעטראָגן, און טראָגט איבער...

אָט אַזוי האָב איך געטראַכט וועגן אים און זיך געוואונדערט. די פאַרוואונדערונג פאַרוואָס ער איז אין פּיין איז נאָך פאַרשטאַרקט געוואָרן, ווען איך האָב געהערט פון אים אַ סך צאַרטע ווערטער וועגן זיין צווייטער פרוי, און אוודאי זיין שטאָלץ מיט דעם געראָטענעם זון.

— איז וואָס־זשע טאַקע איז געווען די פּיין אין נפתלי גראָס׳ דיכטערישן געמיט? — האָב איך זיך געפרעגט.

— די טראַגיק פון דער וועלט אפשר? — האָב איך געפּרובירט אַ ספּעקוליר טאָן.

— ניין! — האָט מיר געענטפערט דער גאַנג פון זיין לעבן דורך די אַלע יאָרן, וואָס איך האָב אים געקאַנט.

דאָס מיינט ניט, אַז די וועלט איז אים גאַרניט אַנגעגאַנגען, ווי אַנגעגאַנגען איז אים אוודאי זייער שטערק דער גורל פון זיין אייגן פאָלק. אָבער ביידע זיינען געווען פאַר אים עפּעס, וואָס זיינען אויף דער אַנדערער זייט, צו וועלכער מען קוקט זיך צו און צו וועלכער מען האָט מיטגעפיל, ווען עס איז צער, און מען פרייט זיך מיט, ווען עס איז פריידיק, אָבער קיין טייל פון זיי איז מען ניט מיט דעם גאַנצן, וואָס איז אין זיך.

ה.

איז וואָס־זשע איז פּאַרט געווען די סיבה, וואָס האָט אים דערפירט זיך צו פילן אַ געפּייניקטער?

אין אַ שמועס, וואָס איך האָב אין יענער צייט געהאַט וועגן נפתלי גראָסן מיט ב. י. ביאַלאָסטאָצקין, וועלכער איז געווען אַ וויכטיקער מיטגליד אין אונדזער גרופּע נאָך די „יונגע", האָט ער מיר דערציילט מיט צער:

— אונדזער נפתלי ליידט פון פאַרפאַלגונג אין דער ליטעראַטור. ער האָט

דאָס געפיל, אַז מען אינטערעסירט זיך ניט מיט זיינע אַרבעטן, אַז ער ווערט איגנאָרירט און פאַרזען פון זיינע באַקאַנטע.

— אַ שאָד, — האָט ער באַמערקט מיט באַזאָרגטקייט, און דערביי אויס־געדריקט זיין השערה, אַז די האַרץ־קראַנקהייט ביי נפתלי גראָסן נעמט זיך פון אַט דער פאַרפאַלגונג.

— און אפשר פאַרקערט? — האָב איך געפּרובירט דערווייזן. אָבער דער־מאָנענדיק זיך ווי סופּער־סענסיטיוו ער איז שטענדיק געווען צו זיין שעפערי־שער אַרבעט, האָב איך אָנגעהויבן צו באַנעמען די פּיין, וואָס ער מוז פילן פון דער גלייכגילטיקייט אין דער סביבה צו די ווערטפולע אַרבעטן, וואָס ער טראָגט צו אונדזער ליטעראַטור.

—און ווער דערוואַרעמט אונדז? — האָט ביאַלאָסטאָצקי געפרעגט, און זיינע אויגן האָבן אַ גלי געטאָן.

אַט דער שמועס איז פאָרגעקומען צווישן אונדז, ווען נפתלי גראָס איז נאָך געווען צווישן אונדז, די לעבעדיקע. איצט, זיצנדיק אין דעם לוויה־זאַלעכל, האָב איך געטראַכט וועגן די ווערטער אין זיין לעצטן בריוו צו מיר, אַ פּאָר וואָכן פאַר זיין טויט.

עס איז דאָ אַ סך וויטיק אין אַט־דעם לעצטן בריוו זיינעם צו מיר. עוולות, וואָס זיינען באַגאַנגען געוואָרן צו אים חזרט ער איבער נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל. דער און יענער האָבן ניט געשריבן וועגן זיינע ביכער. מ. באַסין האָט אים ניט אַריינגענומען אין זיין ערשטער פּאָעזיע־אַנטאָלאָגיע, וואָס איז דער־שינען מיט אַזוי פיל יאָרן צוריק. אומפּאַרדינטע ביכער האָבן געקראָגן דעם לאַמעד־פּרייז, און זיינע זיינען קיינמאָל נישט גענומען געוואָרן אין אַכט. שריי־בער, וואָס רעדן כסדר וועגן גערעכטיקייט, זיינען אין תוך גרויסע רשעים, און ער איז דערפאַר זייער צופרידן, וואָס נחמן מייזיל האָט געפונען פּלאַץ פאַר זיינע לידער אין דער אַנטאָלאָגיע, וואָס דער איקוף האָט אַרויסגעגעבן, און אַוודאי האָט ער פריידל, וואָס איך שרייב וועגן זיינע ביכער אין דעם איקוף־זשורנאַל „יידישע קולטור"...

דאָס זאַלעכל, וואו ער איז געלעגן אין זיין אָרון, איז געווען איבערגע־פּאַקט. מענטשן זיינען געבליבן אין דרויסן וואַרטן ביז מען וועט דעם ארון אַרויסטראָגן אים אָפּצוגעבן דעם לעצטן כבוד. און אין זאַלעכל — יידישע שריפטשטעלער און קינסטלער אויף אַלע געביטן, יידישע קולטור־טוער און לייענער אויך.

— וואָלסטו געקאָנט זען, נפתלי, וואָלסטו געווען אַ געטרייסטער, — האָב איך געמורמלט אין דער שטיל.

— נו, יאָ, ביי לוויות! — האָב איך געהערט זיין פאַרביטערטן ענטפער.

ו.

עס דערמאָנט זיך די צייט, ווען עס איז דערשינען זיין קליין ביכעלע „פּסאַלמען״, וואָס איז געווען זיין אייגן תהילימל אין צווייי פּערזיקע, דינע לירי־שע תפילות און געזאַנגען.

מיר האָבן שוין דעמאָלט נישט געוואוינט צוזאַמען, אָבער געווען סיי ווי פאַרבונדן, סיי אינעם זעלבן ליטעראַרישן קרייז, וואָס ב. י. ביאַלאָסטאָצקי רופט אָן אין פיינעם בוך זיינעם „חלום און וואָר״ מיטן נאָמען „בעאַ יונגע״, און סיי אין דער לערער־פּראָפעסיע ביי די יידישע קינדער־שולן אין ניו־יאָרק.

— נפתלי, וואָס עפּעס פלוצלינג פּסאַלמען ? — האָב איך צו אים טענות געהאַט, און ביי אים געמאָנט לידער פאַר די קינדער.

— אָט־די אַרבעט האָסטו דאָך פאַרנומען, — האָט ער מיך געקיבעצט מיט אַ רמז אויף מיינע קינדער־לידער, וועלכע זיינען דערנאָך אַרויס אין מיין זאַמ־לונג „דער גאָלדענער האָן״.

דאָס קיבעצן איז געווען אויפן חברשסטן אופן, וויילביידע האָבן מיר הנאה געהאַט איינער פון דעם אַנדערנס זאַמלונגען. אָבער ווען איך פאַרטראַכט זיך איצט וועגן יענעם מאָמענט, דערזע איך, אַז אונדזער פאַנאַדערטיילן זיך אין די מאָטיוון, איז נישט געקומען צופעליק, נאָר דאָס איז געווען דער אויסדרוק פון אונדזער פאַרשיידנקייט.

איך, אונטער דער כסדרדיקער השפעה פונעם דירעקטן לעבן אַרום זיך, און ער, שטענדיק אונטער דער השפעה פון דער תורה, אין וועלכער ער האָט געלעבט.

אַוודאי האָט ער געזען דאָס לעבן אויך, פּונקט ווי איך האָב, חלילה, ניט איגנאָרירט די תורה, אָבער בשעת דער סאַמע עיקר איז ביי אים געווען דאָס לעצטע, איז דער עיקר ביי מיר געווען דאָס ערשטע.

עס איז אויסגעקומען אַזוי ווי ביי אים איז דאָס לעבן געווען צוליב דער תורה, וואָס ער ברענגט אַרויס פון זיך, און ביי מיר די תורה, כדי דאָס לעבן צו באַפרוכפּערן.

אין אָט דעם ליכט זע איך איצט די שפּעטערישע ירושה, וואָס ער האָט גע־לאָזט נאָך זיך. פון זיינע „פּסאַלמען״ דורך זיין „ווייסן רייטער״, וואָס האָט דער־ריטן צו זיינע יידן־געשטאַלטן און צו זיינע פּרעכטיקע תנ״ך־איבערזעצונגען, ווי אויך זיינע איבערדערציילטע פאָלקס־מעשהלעך.

עס איז ניט קיין דירעקטער עכאָ פון דעם גערעַנגל אינעם לעבן, וואָס מיר וועלן געפינען אין זיין ירושה, נאָר אַ דורכגעפילטרירטקייט, וואָס דערהאַלט אין זיך דעם אַראָמאַט.

דאָס לעבעדיקע לעבן מיט דעם אייביקן גערעַנגל פון דעם, איז אים אין תוך געווען דערווידער.

— מיר פטרן די יאָרן צווישן די מאַשינען,
מיר האָוועזן אָפּ דאָס לעבן אויף די מערק,
און דאָ ניט ווייט מיט שווערע נאָדל־וועלדער גרינען
די קעטסקילס און די אַדיראָנדאַק־בערג

און פון די טעג, די זוניקע, עך, וויפל שעה׳ן
פאַרפאַרן מיר דורך באַנען, אונטער דר׳ערד,
די הימלען אונדזערע מיט רויך און נאַכט פאַרגראָען, —
מיר ריידן איין זיך, אַז אַזוי איז אונדז באַשערט

אַן איינרעדעניש בלויז, און גאָרניט ניט מער? בלויז באַשערט, און גאָר־ניט עפּעס אַנדערש?

נישט קיין חידוש, וואָס ער האָט זיך געפילט אַזוי צעפייניקט, און אַזוי פאַרלוירן אין אָט דער איינריידעניש, און זיך געזוכט צו ראַטעווען אין אַנדערע איינרעדענישן, וואָס האָבן אים אויך נישט געראַטעוועט פון דער שווערער פּיין אין זיין געמיט.

ז.

אָבער אין זיין געיעג זיך צו ראַטעווען פון איין איינרעדעניש דורך אַן אַנדערער, האָט ער דערוויל זיך פאַרוואַנדלט אין אַ „ווייסן רייטער", וואָס האָט געשוועבט צווישן הימל און ערד און אָנגעפילט דעם חלל מיט זיך אַליין, אין דער אייגענער שיינקייט.

אַפילו, ווען דער ווייסער רייטער אין אים האָט פון צייט צו צייט געלאָזט אָפּרוען דאָס פערד, און ער אַליין האָט זיך אויך אָוועקגעזעצט אָפּרוען אַ וויל, איז ער סיי ווי געריטן.

ווי וואונדערלעך, ווי וואונדערלעך דאָס איז געשען
איך בין געזעסן אויפן גאַניק פאַרן הויז,
געקוקט, ווי קינדער דרייען זיך אין רינגען,
און זינגען, זינגען, ווי קליינע קינדער זינגען,
און נישט געזען,
ווי ס׳גייט דער טאָג, דער טאַנץ פאַר מיינע אויגן איבער, —
ווי וואונדערלעך עס איז דער טאָג אין נאַכט אַריבער.

נו, יאָ, נפתלי גראָס אַליין איז איצט פון טאָג צו נאַכט אַריבער, און וואו איז די וואונדערלעכקייט?

אויף די הויכע בערג אין מערב
שטרעקט ווער אויס אַ ווייטע האַנט,

נעמט די זון דעם טאָג אַריבער
ערגעץ איבער יענעם ראַנד.

ווען ער האָט אָט די שורות אַרויסגעדיכטעט פון זיך, איז ער נאָך געווען יונג, און די ווײטע האַנט איז נאָך געווען ווײט, ווײט פון אים. איצט האָט אָט־די האַנט אים דערגרייכט, און שטיל איז שוין איצט זײַן נשמה. אָבער אין מיר, אַ נאָענטן חבר זײַנעם, וואָס איך האָב געזען די ערשטע טראָפּנס פּאָעזיע אַרונטערפּאַלן פון אים, איז די נשמה ניט שטיל.

איך קוק אויף זײַן אַלמנה, — די פרוי, וועגן וועלכער ער האָט גערעדט צו מיר מיט אַזוי פיל צאַרטקייט, און אויף זײַן זון, וואָס זיצט לעבן איר, און קוקט אויס אַזוי ווי דער פאָטער האָט אויסגעקוקט, ווען איך האָב אים באַגעגנט, און אָט רוקט זיך צו צו מיר אהרן ניסנזאָן, דער מוזיניק פון אונדזער גרופּע:

— ניטאָ שוין נפתלי! — מורמלט ער, און די עלטערע פרוי אויף דער צווייטער זייט טראַכט איצט אַוודאי וועגן יענעם שוואַרץ־חנעוודיקן מיידל, וואָס פלעגט שפּאַצירן מיט אונדז אויף דער וויליאַמסבורג בריק, און אין איר פאַרטראַכטקייט חזרט זי איבער די זעלבע ווערטער:

— ניטאָ שוין נפתלי גראָס!

אויף דער פּלאַטפאָרמע רעדט ב. י. ביאַלאָסטאָצקי מיט אַ געבראָכן קול, וועגן דעם, וואָס גראָס איז געווען.

— און איצט?

—ירושה, — הער איך ביאַלאָסטאָצקיס קול, אין דער האַלב־טונקלקייט פון דעם איבערגעפּאַקטן זאַלעכל.

— און וואו איז דער יורש? — פרעג איך אין זיך, ביי זיך, און מײַנע אויגען בלײַבן הענגען אויף נפתליס זון, וואָס איז אַזוי צאַרט און אַזוי שיין, ווי זײַן פאָטער איז געווען.

— וועט ער ירשענען?

.1956

# י. י. סיגאַל

## א.

אויף מיין טיש ליגט אַ נייַ בוך לידער פון דעם דיכטער י. י. סיגאַל. דאָס בוך, אַ דיקס, — איבער פינף הונדערט זייטן. דאָס בוך הייסט: „לידער און לויבן". דאָס ווּפלטע איז דאָס שוין ביי אים? איך גיי צו צו דער פּאָעזיע־אָפּטיילונג פון מיין שטוב־ביבליאָטעק און ציִ אַרויס נאָך פיר. אויך יענע זיינען גאַנץ היפּשע ביכער, און איך טראַכט וועגן אים אויפן קול:

— קליינע, לירישע לידער און אַזעלכע גרויסע, בייכיקע ביכער!

ער אַליין איז פיזיש אויך אַ קליינגעוויקסיקער, און דאַך, אַז ער איז לעבן דיר, האָסטו שטענדיק דעם איינדרוק, אַז דו ביסט לעבן אים, וואָרום פון זיין קליין־געוויקסיקער פיגור שלאָגט מיט עפּעס אַזוינס, וואָס באַצווינגט דיך. נישט וואָס ער רעדט צו דיר וועגן אַזעלכע הויכע ענינים, אַז דו דאַרפסט פאַרדרייסן דעם קאָפּ צו די וואָלקנס. ניין! אדרבה, די ענינים זיינען מערסטנס זייער פּשוטע, און די רייד, וואָס ער רעדט, זיינען אויך אַזעלכע, אָבער דער טאָן פון זיינע רייד איז אַזאַ לירישער, אַזאַ טיף־דורכגעלעבטער, אַז אפילו דער פּשוטסטער ענין טוט אויס פון זיך די פּשוטקייט, און צווינגט דיך צו פאַרטראַכטן זיך וועגן אים.

אמת, אַז דו פאַרטראַכטסט זיך, און לאָזט דאָס טראַכטעניש דיינס מאַכן אַן עקסקורסיע איבער אַ היפּשן קרייז, קומט דאָס טראַכטעניש דיינס סוף־כל־סוף צוריק צו דער פּשוטקייט. אָבער דעמאָלט איז די פּשוטקייט שוין נישט מער קיין זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט, נאָר אַן אַנטפּלעקונג, צו וועלכער דו ביסט דערגאַנגען.

זיינע לידער זיינען אויך אַזוי.

קליינע, פּשוטע לידער, אָבער, אַז דו עפנסט י. י. סיגאַלס אַ בוך, מאַכסטו דאָס ניט צו אַזוי גיך. די בלעטער פון זיינס אַ בוך מישסטו ניט איבער כדי זיי שוין מער קיינמאָל נישט צוריקצומישן. זיי זיינען ווי טירן פון צימערן, אין וועלכע עס רוען, אָדער שפּילן זיך שיינע, חנעוודיקע קינדער. גייסט פון טיר צו טיר, בלייבסט שטיין אויף די שוועלן, און אַז דו לאָזט וויטער דיינע טריט, איז דיר קיין חילוק ניט ציִ דו גייסט ווייטער, אָדער צוריקוועגס.

אומעטום שטיל, שפּילעוודיק לעבן און געמייש פון אומעט, טרויער און אויך צעליכטיקטע פרייד.

## ב.

י. י. סיגאַל האָט אַמאָל אין זײַנע רייד, וואָס ער האָט גערעדט צו מיר, מיך געשטראָפט, הלמאי איך האָב אין די לעצטע יאָרן פאַרגעסן מײַן געבורט־שטעטל.

— איך האָב דעם אײַנדרוק, אַז טריסק בענקט נאָך דיר, — האָט ער מיר געזאָגט, און בשעת מעשה געקוקט אויף מיר דורך זײַנע ברילן.

מאָדנע שײַנענדיקע אויגן בײַ י. י. סיגאַלן. אפילו די גלעזער איבער זיי זײַנען צעשײַנטע. ספּעציעל זײַנען זיי צעשײַנט, ווען ער רעדט צו דיר וועגן זײַן געבורט־שטעטל קאָרעץ.

מיר האָבן דעמאָלט שפּאַצירט איבער די שנייאיקע גאַסן פון מאָנטרעאָל, וואו ער וואוינט שוין זינט יאָרן.

די שטאָט — אַ געמיש פון קלויסטערלעכער, קאַטויליִשער אַלטמאָדיש־קייט און רעוואָלוציאָנערער מאָדערנקייט.

אין קיין אַנדער שטאָט פון אונדזערע שטאָטן און קאַנאַדע וואַרפט זיך נישט אַזוי שטאַרק אין די אויגן אַרײַן די באַזונדערקייט אין דער אַרכי־טעקטור פון די געבײַדעס און אויך די פאַרשײדנקייט פון די מענטשן, וואָס באַוועגן זיך אין די ברייטע און שמאָלע גאַסן.

באַצײלעמטע קלויסטער־טורעמס, וואָס רופן צו פרומקייט, צו רעזיגנאַ־ציע, און שווערע קאַנטיקע געבײַדעס, וואָס הודיען מיט לעבעדיקער פּראָדוק־ציע פאַר דעם לעבן אויף דער ערד. גרויסע און שווערע קלויסטערדיקע ווענט זײַט בײַ זײַט מיט שפּילעוודיק־אויסגעפּוצטע שוי־פענצטער פון אַל־ערליי געשעפטן. טונקל־אָנגעטאָנענע גלחים און נאָנעס מיט אָנזעענדיקע צלמים אויף די ברוסטן, וואָס שפּאַנען פאַמעלעך מיט דריבנע טריט זײַט בײַ זײַט מיט אײַליקע מענער און פרויען, איבער וועמענס פּנימער עס איז צו זען די זאָרגן פון דעם טאָג־טעגלעכן לעבן.

די שטאָט רעדט צו דיר מיט שאַרפער קאָנטראַסטנדיקייט, און אין איר סאַמער מיט — לעבט נאָך אַ קאָנטראַסט.

דאָס וואָלינער שטעטל קאָרעץ איז דורכן דיכטער־האַרץ פון י. י. סיגאַלן צערעדט אין סאַמע האַרץ פון דער קאָנטראַסטנדיקער מאָנטרעאָל.

„אַמעריקע איז רײַך מיט גאָלד, מיט רויך,<br>מיט שווערער, אומהיימלעכער היגטערגאַס און נויט<br>און די וואונדיק־וואונדערלעכע לידער פון עדגאַר פּאָו.<br>זי שמידט פון שוואַרצן שוויס און בלוט־שוים שטאָל און קויל.<br>ברייט און נישט געאײדלט־שמײכלענדיק איר תמיד אָפן מויל,<br>וואָס איז שוין איבער זיבן דורות זאַט מיט פרייד און וואויל<br>און וויל אַריסטאָקראַטעווען איר נאַכט־יאַריד איבער בראָדוועי.

און איך לעב נאָך מיטן זילבער אָטעם פון אוקראַינער שניי.
איך בין וואָלין, איך בין דעם ישוב־קאָרעצעס יינגל.
איך קאָן נישט זאָגן מיט צוויי קאַלטע ליפּן:
אַמעריקע, איך האָב דיך ליב!
איך קאָן נאָר אויפריכטיק איר שווייגן אין אויגן:
אַמעריקע, גרויס, וואויל אַמעריקע, פאַרגיב
אַן איינגעעקשנטן האַלב־איינגעזעסענעם יידנס טרויעריק געפיל:
מיר האָבן זיך נאָך ביידע נישט דערקענט, אַמעריקע".

וועלן זיי זיך סוף כל סוף אַמאָל דערקענען? אויב יאָ, וועט דאָס נישט זיין קיין באַקאַנטשאַפט, דורך וועלכער קאָרעץ וועט אויפגעלייזט ווערן אין די אָרעמס פון אַמעריקע, נאָר קאָרעץ און אַמעריקע וועלן גיין האַנט־אין־האַנט אין אַ בעסערער דערקענטעניש.

"געבענטשט זיי שוועל פון מיין שטוב,
געבענטשט זיינען אַלע שוועלן..."

— איך האָב דעם איינדרוק, אַז טריסק בענקט נאָך דיר, — האָט ער צו מיר אַמאָל געזאָגט, און איך האָב דעמאָלט אַ קוק געטאָן אויף אים אַ פאַר־שולדיקטער. טריסק בענקט נאָך מיר? אויך איך בענק נאָך מיין טריסק, אָבער בשעת איך לייז אויף מיין בענקשאַפט אין דעם לעבן פון דער וועלט און בלויז דורך די ברילן פון דער ברייטער וועלט, כאַפּ איך אַמאָל אַ פאַר־בענקטן בליק אויף צוריקוועגס צו מיין געבורט־אָרט, — צו די וואָרצלען פון מיין שטאַם, איז ער דורכאויס קאָרעץ, איז ער דורכאויס שטאַם, וואָס זעט די גאַנצע וועלט בלויז דורך זיך, — דורך די מעשענע שפּאַקולן פון זיין קאָרעץ.

ג.

און קאָרעץ זעט די וועלט. זי איז, חלילה, נישט בלינד צו איר. זי האָט אפילו באַוואונדערונג פאַר איר, און זי ווייסט איר ווערט. נאָר וואָס־זשע דען? זי וויל זיך נישט אונטערגעבן צו איר, און אַוודאי וויל זי זיך נישט לאָזן אויפלייזן אין איר.

לייענט י. י. סיגאַלס רירנדיק ליד „שיר השירים אשר ל׳ יידיש" און איר וועט דערהערן די שטאָלצע עקשנות פון קאָרעץ:

„די יינגערע ברידער באַגייען זיך שלעכט מיר דער שוועסטער, מיט יידיש,
לאָזן איר זיצן אין שטוב־ווינקל אַוונטן, לאַנגע און שפּעטע,
נעמען איר קיינמאָל נישט מיט אין די גאָלדענע גאַסן שפּאַצירן..."

אַט אַזוי קלאָגט זיך קאָרעץ אויף דער גרויסער וועלט פאַר דער פאַר־

נאָכלעסיקונג פון איר לשון. זי איז בייז אויף דער וועלט און אויף אַן עכט קאָרעצעשן אופן איראָניזירט זי די וועלט־בחורים מיט די „געלע דיפּלאָ־מעס״. אָבער זי טרייסט זיך פונדעסטוועגן, און וואָס קאָן דען אַנדערש זיין, איר טרייסט, ווי אַ חלום

„עס עפנט די טיר זיך אויף פּלוצלינג,
און עס פאַלט אַריין ראַפּטום אַ בחור מיט אַ שוואַרצער קאַפּאָטע:
איך בין דיין פאַרשפּעטיקטער חתן,
בין אויסגעוווען לענדער און קאַנטן,
אויף די ליפּן אויף מיינע דער הויך פון דיין אָטעם,
דורך ווייטע ישובים און אַלטע ישיבות,
דער קלאַנג פון דיין קול אין מיין אויער
מיין באָרד האָט פאַרזילבערט
און איך טראָג נאָך די אַלטע קאַפּאָטע״.

קאָרעץ זעט די גרויסע, ברייטע וועלט. זי האָט אפילו באַוואונדערונג פאַר אירע גאָלדענע גאַסן, איבער וועלכע עס שפּאַצירן אירע אַנטרונענע קינדער, אָבער איידער אויפצולייזן איבער זיי איר לשון, וועט זי שוין בעסער לעבן מיט דעם בחור אין דער שוואַרצער קאַפּאָטע.

און אַז די טרייסט איז די אַלטע, שוואַרצע קאַפּאָטע, איז ווי־זשע קאָן מען ווערן אַ טייל פון דער וועלט?

וויל טאַקע קאָרעץ נישט ווערן קיין טייל פון דער וועלט. אפילו ווען זי געפינט זיך אין דעם סאַמע מיטן פון דער וועלט, וויל זי פון איר קיין טייל נישט ווערן. זי לעבט אין דער פרעמד מיט זיך אַליין, און אַז זי דערפילט אויף זיך די דראָענדיקע געפאַר פון דער שטאַרקערער, רוישיקערער וועלט אַרום זיך, — אַרום איר אייגענער אָפּגעזונדערטקייט, בעט זי זיך:

„מיין פאָלק, דו זאָלסט נישט בויען הויך דיין הויז
און נישט קיין פעסטונג אויף אַ הויכן באַרג,
און זאָל געננוג זיין יעדן דאַרף דיינעם אַ שמאָלער טייך.
אַיאָ, מיין פאָלק, דו ווילסט נישט ווערן מעכטיק־גרויס?
דו ווילסט נישט ווערן מעכטיק־הויך, נישט מעכטיק־רייך?
אַיאָ, מיין פאָלק?״

אָט אַזוי בעט זיך קאָרעץ ביי איר פאָלק, און בעטנדיק זיך ברענגט זי אַ ביישפּיל פון אונדזער געשיכטע, איז דער ביישפּיל אויך אַן עכט קאָרעצעשער:

„דערפאַר אפשר, מיין פאָלק, ביסטו אַוועקגעגאַנגען פון דיין לאַנד?
און ביסט אַריבער אַלע גרענעצן פון דער וועלט,
זיך איינגעבעטן דאָ און דאָרט אַ שטיקל מאַרק,

אַ קלייטל אויפגעשטעלט, אַ שטעל זיך אויפגעבויט,
פאַרקניפּט אַלט־אַרעמקייט, אַלט־אַרעמברויט ?
אַיאַ, מיין פאָלק ?"

לייען איך אָט דאָס קאַרעציש געבעט, און איך זע פאַר זיך אַן אַלטינקע באָבעניו, — אַ מחיהדיקע באָבעניו, וואָס באַמיט זיך איינצורעדן אירע ליבע אייניקלעך, אַז זיי האָבן נישט ליב קיין צוקערקעס, בשעת זי ווייסט גאַנץ וואויל, אַז די הערצעלעך פון די אייניקלעך גייען ממש אויס נאָך אַ צוקערקע. און איך לייען דעם ביישפיל און עס איז ווידער דאָס אייגענע.

וואונדערלעכע שורות, אָבער עס פרעגט זיך:

זיינען די אבות אונדזערע טאַקע אַוועקגעגאַנגען מיטן גוטן ווילן פון זייער לאַנד ? און אַז זיי זיינען אַריבער אַלע גרענעצן פון דער וועלט, איז טאַקע קיין אַנדער אַמביציע נישט געווען, ווי נאָר אַ שטיקל מאַרק אויפצו־שטעלן פאַר זיך אַ קלייטל, אַ שטעל פאַר אַלט־אַרעמקייט, און אַלט־אַרעם־ברויט ?

איז דאָס ווירקלעך טאַקע אָט אַזוי ?

זיינען דאָך יידן איבער די גרענעצן געוואָרן אויך ראָטשילדס, בראַצקיס, דיזראַעליס, שפּינאָזאַס, מנשה־בן־ישראלס, און נישט נאָר קרעמער פון אַלטע קליידער.

און אין דער איצטיקער צייט:

„אויף גאָהער־גאָרער וועלט פון ישובים און שטעט
וואוינען מיר אין די גרוי־נידעריקע גאַסן.
צו אונדז קומט קיינמאָל קיין בן־מלך נישט אַראָפּ".

פרעגט זיך ווידער:

וואוינען מיר טאַקע אומעטום נאָר אין די גרוי־נידעריקע גאַסן ? קומט טאַקע י. י. סיגאַל אפילו אין מאָנטרעאָל, וואו ער וואוינט, קיינמאָל נישט אַריין אין קיין ביז גאָר רחבותדיקע יידישע שטיבער, וואָס שטייען אויך אויף בערגיקע גאַסן ?

און וואָס מיינט אונדזער טייערער דיכטער מיט די ווערטער, אַז צו אונדז קומט קיינמאָל קיין בן־מלך נישט אַראָפּ ? בין איך דאָך זיכער, אַז ער מיינט נישט דעם וויזיט, וואָס דער ענגלישער פּרינץ האָט אַמאָל געמאַכט אין מאָנטרעאָל, וואָרום נישט ער און נישט איך בענקען נאָך אַזעלכע פּרינצן. נאָר וואָס־זשע דען ? דער בן־מלך, וואָס זאָל פירן אונדזער פאָלק אויפן דרך־המלך ? ער קומט ! ער קומט ! אפילו איצט, ווען אונדזער פאָלק ליגט איבער אַזוי פיל וועגן צעבלוטיקט און צעפייניקט, הערן זיך זיינע טריט.

און וואָס איז דאָס פאַר אַ וויי־געשריי פונעם טיפסטן האַרצן אַרויס וועגן

דעם פרעמדן חייל, וואָס פאַרשלעפּט אונדזערע זין אין קריג?

„דאָס פרעמדע חיל שלעפּט פון אונדז אַוועק די זין אין קריג
און אונדזערע פּענצטערלעך צעציטערן פון וויסטן שרעק
און כאַפּן זיך אַריין אין זייער גרויער איינזאַמקייט צוריק".

איז קאָרעץ דען נאָך אַלץ אין די אַלטע צייטן אונטערן רעזשים פון די צאַרן? ווייסט זי דען נישט, אַז די איצטיקע חיילות פון דעם סאָוועטישן רעזשים זיינען איר נישט קיין פרעמדע? אַז נישט פאַרשלעפּן דאַרף מען מיט זיך אונדזערע זין, נאָר אַז זיי גייען אַליין, און באַטראַכטן פאַר אַ כבוד דאָס מיטגיין, ווייל נישט קיין פרעמד חייל איז דאָס, נאָר אייגנס!

דאָס איצטיקע קאָרעץ טראַכט זיכער נישט אַזוי. עס איז בלויז איר דיכטער, וועלכער האָט אָוועקגעטראָגן אין דער ברייטער וועלט אַריין דאָס אַלטע, דאָס אַמאָליקע קאָרעץ, און ער איז אַזוי איינגעלעבט מיט דעם אַלטן, דעם אַמאָליקן, אַז דאָס נייע אפילו אין קאָרעץ איז אים שוין פרעמד.

ד.

וויפל שעה'ן זיץ איך דאָס שוין אַזוי, און מיש די בלעטער פון י. י. סיגאַלס נייעם בוך „לידער און ליבן"?

און נישט דווקא דאָס נייע בוך בלויז. עס פאַרבלאָנדזשען די פינגער אויף זיינע פריערדיקע ביכער אויך. און יעדעס מאָל, ווען איך טו דאָס, האָב איך נישט דעם איינדרוק, אַז איך לייען אַ פריערדיק בוך. אויך אין זיינע פריערדיקע ביכער איז דער זעלבער טאָן, און דער זעלבער דרך, ווי אינעם ערשט־דערשינענעם.

אָט שלאָג איך זיך אָן אַ ליד אין זיין בוך „די דריטע סעודה", וואָס ער האָט געשריבן אין דער פאָרם פון אַ בריוו צו זיינער אַ שילערין:

„בוי אין טאָל דיין שטיבל,
און זיי דאָרט מיט דאָרף־מענטשן נאָענט.
אָטעם פון דער ערד די פּראָסטקייט,
און פון קינדער לערן זיך פרייד,
און רו — פונעם טאָג, וואָס פאַרגייט".

איך לייען אָט־דאָס ליד און אין די אויערן קלינגט דאָס ליד: „אַיאָ, מיין פאָלק", וואָס איך האָב ערשט געלייענט אין דעם נייסטן בוך.

איז דאָס איבערחזרונג?

יאָ, איבערחזרונג, און אַזעלכע איבערחזרונגען זיינען דאָ אַ סך ביי סיגאַלן אין יעדן באַזונדער בוך. און דאָך נישט נאָר אָרן זיי מיך נישט אָט־די איבערחזרונגען, נאָר אדרבה, איך האָב אַ באַזונדערע הנאה פון יעדער וואַריאַציע.

אַ סימן, אַז זיך איך שוין שעה׳ן ביי זיינע ביכער, און מיינע פינגער זיינען ביז גאָר וואַכיק מישנדיק די בלעטער פון זיי אַהין און צוריק.

עס איז שפּעט ביינאַכט.

אין דרויסן פון מיינע פענצטער שלאָפט די גרויס־שטאָט, אין וועלכער איך וואוין, און זי האַלט אַן איינגעוויגטע די גרויסע וועלט אין אירע דרימלענדיקע אָרעמס. אָבער צעוואַכט איז איצט פאַר מיר אַלט־קאָרעץ. צעוואַכט איז מעזעריטש. צעוואַכט זיינען אַ גרויסע צאָל קליינע יידישע שטעטלעך אין וואָלין, צווישן וועלכע עס געפינט זיך אויך מיין אייגן שטעטל טריסק.

וואָרים, זיינען דען זיינע קאָרעצער הקדש־זקנים אויך נישט קיין טריסקער הקדש־זקנים? און איז דען נישט זיין בן־עיר, דער אַלטער יאנטל, וועמען דער מעזשעריטשער מגיד רב בער איז געגאַנגען אַנטקעגן אין זיין ווייסן מאַנטל „גוט־יום־טוב־ביטן", אויך נישט מיין בן־עיר? זיין באָבע, וואָס זיצט נאָך ביים פענצטער, איז אויך מיינע, זיין פרומער זיידע — אויך מיינער, און סוף כל סוף בין איך אויך פון צייט צו צייט, ווי י. י. סיגאַל, „אַן אַלט־מאָדישער, אומעטיקער אָרעמאַן", וואָס „גייט דאָ דורך דער לאַנגער וועלט־גאַס אַ פרעמדער פון אַן אומבאַקאַנטער וויט".

פון אַן אומבאַקאַנטער וויט איבער דער פרעמדער לאַנגער וועלט־גאַס, אָבער נישט אינגאַנצן אַן אייגנס, וואָס דערוואָרעמט אין דער גרויסער פרעמדקייט.

„יידיש, מיין גאָלדענער ברונעם,
פון דיר האָט דער בעל־שם־טוב געטרונקען,
דער מעזעריטשער מגיד הקדוש,
דער בראַצלאַווער, בערדיטשעווער,
און אַזוי פיל פראָסט־פּשוטע יידן
אין וואָגל דורך וועגן און לענדער
און אייביקן וועלט־אונטערוועגנס,
וואו עס צינדט זיך די וואָר און לעגענדע —
יידיש, מיין ליכטיקער ברונעם".

ס׳אַראַ שפּע׳דיקער ברונעם עס איז אונדזער יידיש פאַר דעם קאָרעצער יעקב יצחק סיגאַל!

ער שעפּט פון אָט־דעם שפּרודלדיקן ברונעם מיט גרויסע עמער, וואָס שוימען זיך איבער אין אַן אַ שיעור קליינע פרעכטיקע יידישע לידער.

ניט שטענדיק איז נאָענט דאָס, וואָס ער זאָגט אין זיינע לידער. אָפטמאָל ווילסטו נישט און קאָנסט טאַקע נישט אויפנעמען וואָס ער זאָגט אין זיי, אָבער דער יידיש אין זיי! די ווייכע לירישקייט אין זיי! די אוממיטלבאַרקייט אין זיי! די בילדלעכקייט אין זיי!

לײענסט און פֿאַרלײענסט זיך און ביסלעכווײז פֿאַרוואַנדלסטו זיך אַלײן אין אַ ניגון, — אַ ניגון, וואָס ציט זיך פֿון אײביק דורך אַלערלײ וועגן, דורך אַלערלײ וועטערן און גאָרנישט ווערט געמינערט פֿון אים, אפֿילו ווען ער גײט איבער פֿון אײן גלגול אין אַן אַנדערן.

ה.

וואָס פֿאַר אַ שליחות האָט י. י. סיגאַל מיטגעבראַכט פֿאַר אונדז אין זײן פּרעכטיקער פּאָעזיע

וואָס איז ער אויסן?

„איך זוך אַ קלאָרן רעיון, אַ שאַרפֿן משל,
פֿאַרליר זיך אָפֿט אין חן פֿון נאָכגיביקן גוטן לשון,
וואָס לאַשטשעט זיך צו מײַנע הענט, צו מײַן געמיט,
און תמיד פּרוכטיקט עס און וואַקסט און בליט,
און לאָזט מיר זײַנע צווײַגן בויגן, זײַנע פּירות רײַסן,
נאָר נישט דאָס בין איך אויסן.

כ'בין אויסן בעסער מאַכן, בעטן, בענטשן,
זיך אַוועקזעצן אינמיטן אַ ראָד מיט מענטשן:
כ'האָב טויזנט מעשׂיות אָנגעהערט זיך פֿון גאַסן, ספֿרים,
טויזנט און אײן חכמות וועגן הימלען און קבֿרים.
זײ האָבן זיך אין מיר פֿאַרפֿלאַנצט און אויפֿגעגאַנגען —
קאַרשן־בײמלעך — לידער,
ווערבע־בײמער — לידער,
ווײסע, ליכטיקע בערעזעס־געזאַנגען".

אָט דאָס איז י. י. סיגאַלס שליחות — אָט דאָס איז וואָס ער איז אויסן.

ליד און געזאַנג!

און זײַן ליד איז שטענדיק ליד, זײַן געזאַנג איז שטענדיק געזאַנג. אפֿילו זײַנע אַ דרשה וועגן אַ געלן אַריסטאָקראַט איז ליד און געזאַנג. אפֿילו זײַנער אַ „יזכּור" איז ליד און געזאַנג. צו וואָס זײַן פּען זאָל זיך נישט צורירן איז דאָס ליד און געזאַנג. ער נויטיקט זיך נישט אין קײן אויסטערלישקײטן דיך צו באַצווינגען. זײַן פּשוט וואָרט איז באַצווינגענדיק. ער איז אַלײן, ווי דער מעזעריטשער מגיד, ווען ער באַזינגט אַזױ וואונדערלעך אין זײַן בוך „לידער און לויבן".

„דער מעזעריטשער מגיד טראָגט ווײַסע בגדים,
דער מעזעריטשער מגיד רעדט ווײניק און שטיל.
ייִדן קומען צו אים מיט יסורים באַלאָדן,
שמײכלט ער קינדיש און לויטער און קיל.

זעצן יידן מיט אים ביי זיין טיש זיך אַנידער,
רעדט ער און פרעגט זיך ביי איטלעכן אויס,
און בלעטערט דערווייל, טוט אַ קוק אין אַ סידור,
און ניגונט דערביי אַ פּאָר פּסוקים אַרויס...״

ווי דער מעזעריטשער מגיד, אַזוי אויך יעקב יצחק פון קאָרעץ, היילט די יסורים פון זיינע נאָענטע און אייגענע מיט דעם ניגון, וואָס ניגונט פון אים אַרויס.

ער האָט אַן אייגענעם מדרש, וואָס ער רופט טאַקע „מדרש יעקב יצחק״, איז אָט דער מדרש פול מיט וואונדער, וואָס זיינען אַזוי פּשוט, אַז אין זייער פּשטות זיינען זיי די וואונדער איבער וואונדער, אַז עס איז אַ מחיה אויף זיי צו קוקן.

ז.

„לידער און לויבן״ הייסט דאָס נייסטע בוך. אויך אין זיינע פריערדיקע לידער־ביכער זיינען דאָ „לידער און לויבן״.

עס איז איין גרויס בוך לידער, וואָס י. י. סיגאַל האַלט אונדז אין איין געבן זינט ער האָט זיך צו אונדז באַוויזן. נישט מער, וואָס ווייטער קומט צו נאָך אַ באַזונדער איינגעבונדענע אָפּטיילונג צו דעם גרויסן בוך, וואָס ער האַלט אונדז אין איין געבן, און וואָס ווייטער איז די אָפּטיילונג נישט נאָר דיקער, נאָר אויך לויטערער. עס איז דאָס זעלבע קול, דער זעלבער טאָן, ווי ביים אָנהויב פון זיין באַווייזן זיך צו אונדז, נאָר לויטערער, ריינער און מע־לאָדישער, ווי פריער.

אָט שטייט ער פאַר מיינע אויגן ביי זיין אויפטריט אין אונדזער יידי־שער פּאָעזיע.

אַ קליינגעוויקסיק טונקל־הויטיק יינגל מיט גליענדיקע אויגן, וואָס כאַטש זיי שלאָגן מיט אומרו, איז אָבער דער אומרו אַליין אַ ווייכער און אַ וואַרעמער, ווי די לאַנדשאַפט פון זיין און מיין וואָלין, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט אין זיינע ערשטע לידער.

געקומען קיין ניו־יאָרק איז ער פון זיין קאָרעץ דורך מאָנטרעאָל, קאַנאַדע, וואָס איז געווען זיין ערשטע סטאַנציע.

אין יענע טעג האָט יעדער יונגער מענטש מיט יידישן ליד אין זיין געמיט זיך געצויגן קיין ניו־יאָרק. עס האָט געצויגן צו די „יונגע״, וואָס האָבן געשאַפן אַ מין ישיבה פאַר דעם נייעם יידישן געלייטערטן וואָרט אין דעם קעלערדיקן, מילכיקן רעסטאָראַנדל אויף איסט־בראָדוועי. צוזאַמען מיט י. י. סיגאַלן פון מאָנטרעאָל האָט זיך באַוויזן אַן אַנדער טונקל־הויטיק בחורל, ב. י. ביאַלאָסטאָצקי, וואָס האָט אויפן וועג פון דער ליטע פאַרבלאָנדזשעט אויף אַ ווייל קיין פּיטסבורג. מיט אָט די צוויי צוגעקומענע איז די גרופּע

ייִנגערע פֿון די „יונגע" גרעסער און קאַליריקער געוואָרן. דער בעסאַראַביער אפֿרים אויערבאַך, דער גאַליציאַנער נפֿתלי גראָס, דער ווײַס־רוסישער א. ניסענזאָן. אין יענע טעג איז די גרופּע ייִנגערע פֿון די „יונגע" געווען נישט מער ווי אַ נײַ־געקומענע גרופּע, וואָס איז געגאַנגען אין די טריט פֿון זייערע עלטערע ברידער.

— טאַלאַנט יאָ, אָבער...

אָט אַזוי האָבן די „יונגע" גערעדט וועגן די ייִנגערע און געמיינט האָט עס, אַז די ייִנגערע זײַנען נישט מער ווי איבערנעמער פֿון זייערע עלטערע ברידער. ביסלעכווײַז איז דער „אָבער" אָפּגעווישט געוואָרן פֿון די ליפּן אויף די עלטערע ברידער. עס האָבן זיך אָנגעהויבן אַרויסוויקלען די אייגנאַרטיקייטן פֿון די ייִנגערע. יעדערער האָט אָנגעהויבן אַרויסצושײַלן פֿון זיך זײַן באַזונדערקייט, און זע, אָט איז שוין אַ ווייטערדיקער דור פֿון וויכטיקע, פֿנימדיקע ייִדישע דיכטער.

י. י. סיגאַל, וואָס האָט בײַם סאַמע אָנהויב מיטגעבראַכט מיט זיך די סימנים פֿון דעם, וואָס ער גיט אונדז הײַנט, איז געגאַנגען אַ היפּשן מהלך באַרג־אַרויף אין קינסטלערישער דערגרייכונג.

פֿון ציטערדיקע פּיס־שפּיץ־פֿינגער זײַנען געוואָרן געזונטע טריט, כאָטש דער וועג, פֿון וועלכן ער איז געקומען ציט זיך אַלץ פֿון קאָרעץ און קרײַזט זיך אויף צוריקוועג צו קאָרעץ.

ז.

ער אַליין איז אויך דער זעלבער און דאָך אַן אַנדערער ווי ער איז געווען, ווען ער האָט זיך צום ערשטן מאָל בײַ אונדז באַוויזן.

לעבנדיק אינערלעך דורכאויס מיט זײַן קאָרעץ, איז אים סוף כל סוף געוואָרן אויס אונטערשייד צווישן ניו־יאָרק און מאָנטרעאָל און ער איז געוואָרן אַ תּשובֿ אין אָט־דער מעטראָפּאָליע פֿון קאַנאַדע.

אַז אַן אונדזעריקער פֿאַלט אַמאָל אַהין אַרײַן, איז אים די שטאָט נעענטער, ווײַל דאָרטן קומט אים אַנטקעגן י. י. סיגאַל.

איך פֿיל זיך שטענדיק גוט אין מאָנטרעאָל בײַ די באַגעגענישן מיט אים.

אפֿילו אַז עס טרעפֿט זיך און מיר איז שלעכט, ווערט מיר בעסער, ווען ער קומט מיר אַנטקעגן.

אָט דערמאָנט זיך מיר אַ מאָמענט, ווען מיר איז געווען שלעכט, זייער שלעכט אין דער שטאָט מאָנטרעאָל.

איך בין געלעגן אַ שווער־קראַנקער אין דעם דאָרטיקן שפּיטאָל. איין מאָל, אין אַ ווינטער־נאַכט, איז געוואָרן גאָר באַזונדער שלעכט. אינעם דרויסן פֿון מײַן צימערל האָט מען זיך געריכט אויפֿן ערגסטן און אויך איך, ליגנדיק אויף מײַן בעט, האָב געהערט שטילע, אָנקומענדיקע טריט פֿון עפּעס אַזוינס, וואָס איז זייער רואיק, שוין אַביסל צופֿיל רואיק.

אין יענע שעה'ן בין איך געווען אין טריסק, אינעם שטעטל פון מיין וויג. עפּעס האָב איך דעמאָלט זייער שטיל און אינטים געשמועסט מיט מיין מאַמען.

פּלוצלינג בויגט זיך אַ פּנים איבער מיר און עפּעס אַזוי נאָענט און אייגן איז מיר אָט דאָס פּנים.

מיט יאָרן צוריק האָב איך דאָס פּנים געזען אַ יונגס, איצט איז דאָס אַביסל עלטער. דעמאָלט זיינען די האָר געווען דורכאויס טונקל און איצט זעען זיך גרויע זילבערנע פּעדעמלעך ביי די שלייפן.

— איך האָב דעם איינדרוק, אַז טריסק בענקט נאָך דיר, — האָב איך בפירוש געהערט, ווי אָט דאָס פּנים זאָגט צו מיר, כאָטש די ליפּן פון אָט־דעם פּנים האָבן גערעדט גאָר עפּעס אַנדערש.

— שטאַרק זיך, ווייגפער, שטאַרק זיך! — האָבן י. י. סיגאַלס ליפּן צו מיר געמורמלט, אָבער געהערט האָב איך:

— טריסק בענקט נאָך דיר... בענקט נאָך דיר...

ווען ער איז אַוועקגעגאַנגען, בין איך געלעגן אַ לאַנגע צייט מיט אָפענע אויגן און מיר איז געווען אומגעהויער גוט, וואָס קאָרעץ איז געקומען צו גאַסט קיין טריסק.

— דער קאָרעצער צום טריסקער, — האָב איך געמורמלט צו זיך און איך וואָלט געקאָנט שווערן, אַז איך האָב דעמאָלט געשמייכלט.

אָט שמייכל איך איצט אויך. איך שמייכל צו יענעם וואונדערלעכן וויזיט, וואָס י. י. סיגאַל האָט מיר געמאַכט, און איך שמייכל צו די שעה'ן איבער י. י. סיגאַלס לידער, וואָס איך האָב היינט פאַרבראַכט.

היינט אָוונט איז דער טריסקער געקומען צום קאָרעצער און איצט, אַז ער גייט אַוועק, האָט ער דאָס געפיל, ווי איינער פון יענע צעבראָכענע יידן, וואָס זיינען געווען צו־גאַסט ביי דעם מעזעריטשער מגיד.

.1944

# יונה ראָזענפעלד

**א.**

לעצטן זומער האָב איך פאַרבראַכט עטלעכע טעג אין אַ זומער־האָטעל, וואו ס'איז אויך געווען יונה ראָזענפעלד־משפחה.

איך האָב איבערגעלעבט לעבן זיי נאָך אַמאָל אַ זומער פון מיין פריער יוגנט אין דער וואָלינער שטאָט קאָוולע, וואו זיי האָבן דעמאָלט געוואוינט.

איך געדענק גוט, ווי אָט דאָס פּאָרל האָט דעמאָלט אויסגעקוקט.

זי, אַ יונגינקע, קליינגעוויקסיקע און זייער חנעוודיקע מיט אַ פּאָר טונקעלע, שיינענדיקע אויגן, און ער, אַביסל עלטער פון איר, אָבער אויך אַ יונגער און אַ קליין־געוויקסיקער, ווי זי. זיין פּנים האָט זיך אין לויף פון אָט די יאָרן ווייניק געענדערט. דעמאָלט אַ דאַר קנאָכיק פּנים, און היינט אויך אַזוי. נישט מער די בלאָנדע טשופּרינע איז פאַרשוואונדן, און אַ גרויסע ענדערונג איז פאָרגעקומען אינעם אויסזען פון זיינע וואָנצעס. דעמאָלט זיינען געווען וואָנצעס בפועל ממש. פולע בלאָנדע מיט שפּיצלעך אַרויף, און היינט זיינען זיי נישט מער, ווי גלאַט אַזוי אַ פּאָר וואָנצעס, וואָס אַ מענטש טראָגט.

דעמאָלט האָבן זיינע וואָנצעס געהאַט פאַר מיר אַ גאָר גרויסע באַדייטונג.

איך בין נאָך געווען זייער יונג, און ווי יעדער יונגער און זייער סענטימענטאַלער נפש, האָב איך געזען אין יעדער קליינער צופעליקייט אַ באַזונדער באַדייטונג.

איך בין געקומען קיין קאָוולע פון מיין געבורט־שטעטעלע טריסק, וואו דער פּאָסט־נאַטשאַלניק, וואָס האָט געטראָגן גילדענע עפּאָלעטן און גילדענע קנעפּ, האָט אויך געהאַט אַזעלכע וואָנצעס, און אַזוי ווי איך האָב געוואוסט, אַז יונה ראָזענפעלד קומט נישט נאָר פון אַזאַ שטעטעלע, ווי מיינס, נאָר אַז זיינס טראָגט אַפילו כמעט דעם זעלבן נאָמען, — מיינס „טריסק" און זיינס „טשאַרטאָריסק", בין איך געווען זיכער, אַז אויך אין זיינעם איז דאָ אַזאַ נאַטשאַלניק, ווי אין מיינעם. איז מילא, קיין גילדענע עפּאָלעטן און גילדענע קנעפּלעך טאָר אַ ייד נישט טראָגן אַפילו ווען ער איז אַ גרויסער שרייבער. אָבער וואָנצעס, וואָס זיינען מסתמא אויך אַ סימן פון חשיבות, קאָן מען זיך פאַרגינען. און איך, וואָס האָב שוין דאַן שטילערהייט אונטערגעשריבן, האָב קוקנדיק אויף יונה ראָזענפעלדן געחלומט פון צווי זאַכן.

ערשטנס, צו הערן אַמאָל אָט אַזאַ גרויסער שרייבער ביי יידן, ווי ער איז,

און צווייטנס, אַז מען וועט לעבן און דערלעבן די מענלעכע רייפקייט, וועט מען זיך אויך פאַרלאָזן אָט אַזעלכע שיינע בלאָנדע וואָנצעס, וואָס וועלן זיין פאַרדרייט טאַקע פונקט, ווי ביי אים מיט די שפּיצלעך אַרויף.

ב.

ווען איך האָב לעצטן זומער פאַרבראַכט מיט די ראָזענפעלדס איבעם זומער־האָטעל אין די בערג נישט ווייט פון ניו־יאָרק, האָבן מיר אָפטמאָל גערעדט וועגן יענער צייט אין דער וואָלינישער שטאָט קאָוולע.

זיי האָבן מיך דעמאָלט נישט געקאָנט קענען, ווייל איך בין נאָך געווען צו יונג זיך צונויפצוקומען אין זייער געזעלשאַפט, אָבער איך האָב זיי געקענט פון די שפּאַצירן, וואָס זיי פלעגן מאַכן איבער די גאַסן.

און ווער האָט זיי נישט געקענט אין קאָוולע?

אַלע האָבן זיי געקענט, און גערעדט האָט מען וועגן זיי אומעטום.

די יידישע אינטעליגענץ פון שטאָט האָט געשטאַלצירט מיט דער זכיה, וואָס איינער פון דער שרייבער־משפחה וואוינט דאָ אין שטאָט, אָבער נאָך מער פון דער אינטעליגענץ האָבן געשטאַלצירט די באַלמעלאָכע־יונגען. זיי, די באַלמעלאָכע־יונגען, זיינען ביי זיך אליין עפּעס ווי חשובער געוואָרן דער־פון, וואָס דער שרייבער יונה ראָזענפעלד איז אַ באַלמעלאָכע. אמת, ער אַר־בעט שוין מער נישט ביי זיין טאָקאַרניע־וואַרשטאַט, אָבער דאָס איז גאָר־נישט. אַבי ער האָט באַוויזן, אַז פון אַ טאָקער קאָן מען ווערן אַ שרייבער, איז דאָס געווען ביי זיי זייער שטאַרק אָנגעלייגט.

און איך געדענק, ווי די באַלמעלאָכע־יונגען האָבן הנאה געהאַט צו דער־ציילן, אַז יונה ראָזענפעלד קאָן קיין אַנדער שפּראַך נישט אַחוץ יידיש, און אַז עמעצער האָט געוואָלט האָבן, אַז יונה ראָזענפעלד קאָן אויך לייענען רו־סיש, האָט דאָס אַרויסגערופן אומצופרידנקייט ביי די באַלמעלאָכע־יונגען אַנטקעגן דעם דערציילער, וואָרום זיי איז געגאַנגען אין לעבן, אַז זייער באַ־ליבטער שרייבער זאָל זיין אָט פונקט, ווי יעדער איינער פון זיי איז, וואָס דאָס האָט געמיינט:

— נאָט, זעט, אַ פּראָסטער באַלמעלאָכע, ווי מיר זיינען, און דאָך, וואָס פאַר אַן אַנטיקל ער איז!

איך, פערזענלעך, האָב געהאַט דעמאָלט צו יונה ראָזענפעלדן מאָדנע, געמישטע געפילן.

פון איין זייט האָב איך אים שטאַרק באַוואונדערט. עפּעס אַ קלייניקייט אַ שרייבער, וואָס וועגן אים שרייבן אַזעלכע בערן, ווי בעל־מחשבות און ש. ניגער. און אפילו חיים נחמן ביאַליק גיט צו, אַז ער איז אַזוינס און אַזעלכעס. פון דער צווייטער זייט, אָבער, בין איך געווען מיט אים שטאַרק אומצופרידן.

מײַן אומצופרידנקייט מיט אים האָט זיך גענומען דערפון, וואָס זײַן שרײַבן האָט מיר פאַרשאַפט גרויס עגמת־נפש.

פאַרשטייט זיך, אַז נישט יונה ראָזענפעלד איז געווען שולדיק, נאָר מײַן געמיט, וואָס האָט פײַנט אויפצונעמען טרויער און מענטשלעכע רשעות. וואָלט יונה ראָזענפעלד נישט געווען געוואוינט מיט מיר צוזאַמען אין איין שטאָט, און וואָלט ער נישט געווען דער ערשטער שריפטשטעלער, וואָס מײַנע אויגן האָבן געזען, וואָלט איך אין יענער צײַט געווען אפשר אויפגעהערט צו לייענען זײַנע דערציילונגען, ווי איך האָב אין יענער צײַט זיך אָפּגעוואָרפן פון דאָסטאָיעווסקיס סאַדיסטישע נשמה־גריבלעניש, און זיך בעסער גע־לאָזט שווענקען אויף דער זינגעוודיקער שײַנקייט פון טורגעניעוון, אויף דער זוניקער כוואַליעדיקייט פון טאָלסטאָיען און אויף דער גרינג־ווינטלדיקייט פון טשעכאָוון. אין דער ייִדישער ליטעראַטור האָב איך פאַר זיך געפונען מענדעלען און שלום־עליכמען, אין וועמעס ווערק איך האָב זיך ממש געווייקט. פּרצן האָב איך געלערנט מיטן ניגון פון דער גמרא. צווישן די דעמאָלטדיקע ייִנגערע האָב איך געדאַוונט רײַזענען מיט דער גיכקייט, ווי די ייִדן אין מײַן שטעטל בײַ אַן ערשטן מנין פאַר אַ יאַריד, און זיך ממש פאַרכליניעט פון אַשן, און טײַלווײַז אויך פון שניאורן און ווײַסנבערגן. נישט ליב זײַנען מיר געווען די דערציילונגען פון נאָמבערגן, כאָטש דער סטיל האָט מיך דווקא אימפּאָנירט, אָבער די „פליגלמאַנס" זײַנע זײַנען מיר געווען פרעמד, און איך האָב זיי נישט געקאָנט באַנעמען.

איצט טראַכט איך, אַז עס איז געווען גוט, וואָס בערגעלסאָנס ווערק זײַנען אין יענער צײַט נישט אַרײַנגעפאַלן אין מײַנע הענט. בערגעלסאָנס שרײַבן, וואָס איז מיר הײַנט אַזוי נאָענט און אײַגן, וואָלט אפשר אין יענער צײַט מיר אויך געווען פרעמד געבליבן.

ג.

און אָט אַזוי איז דאָס געווען מיט יונה ראָזענפעלדס דערציילונגען אין יענער צײַט בײַ מיר.

נישט לייענען זיי, האָב איך זיך נישט געקאָנט פאַרגינען. וואָס הייסט, מען לייענט נישט אַ שרײַבער מיט אַזאַ פײַנעם נאָמען, וואָס וואוינט נאָך מיט דיר אין איין שטאָט, — ממש אין שכנות!

הכלל, איך האָב געלייענט די דערציילונגען. פון איין זײַט געווען שטאַרק באַצוואונגען פון דעם אייגנאַרטיקן און קרעפטיקן טאַלאַנט, און פון דער צווייטער זײַט בין איך אַרויסגעגאַנגען אַ צעפּײַניקטער פון זיי.

סאַראַ גרויל יונה ראָזענפעלד האָט עס אַרויסגערופן אין מיר מיט זײַן דערציילונג: „אַן אַ האַנט".

נישט געגוג געווען די שילדערונג וועגן אַ יונגן מענטשן, וואָס פאַרלירט אַ האַנט, און צוזאַמען מיט איר אויך די כלה, האָט נאָך דאָרטן יונה ראָזענ־פעלד אַ סצענע מיט דער כלהס ברודערל, וואָס האַלט אין איין קוקן אין דער לאָך פונעם אַרבל, און וויל אומבאַדינגט וויסן, וואו איז די האַנט.

נו, און זיין דערציילונג „עלנטע מענטשן״?

איך האָב שוין אין יענער צייט געוואוסט דעם טעם פון עלנטקייט, אָבער דער עלנט, וואָס האָט זיך אַ טראָג געטאָן אויף מיר פון דעם פופציק־יאָריקן אלמן און דרייסיק־יאָריקער בת־יחידה זיינער, האָט מיר פאַרסמט דאָס לעבן.

און אפילו זיין דערציילונג „קאָנקורענטן״, וואָס איז אין תוך אַ הומאָ־רעסקע, איז אָבער דער הומאָר אין איר אַזאַ, וואָס פאַרטונקלט פאַר אייך די זון אין אַ פרילינגדיקן פרימאָרגן.

איך האָב דעמאָלט נישט געקאָנט באַנעמען, פאַרוואָס ער נעמט זיך שטענדיק צו אַזאַ טעמאַטיק, וואָס טראָגט אין זיך גרויל און געוואַלדיקע מענטשלעכע רשעות.

עס איז געווען אַזוי ווי לגבי די אַנדערע שרייבער פון זיין דור, איז ער דער איינציקער געקומען צו שיטן הייסן פריסיק אונטער אונדזערע טריט. און עס איז געווען אַ געפיל ביים לייענער, אַז יונה ראָזענפעלד האָט אַ הנאה, ווען זיין פריסיק צעבריט און פאַרשאַפט וואונדן.

לגבי י. מ. ווייסנבערגן, וואָס איז געקומען אין איין צייט מיט אים, און וועלכער האָט אונדז געוויזן די גראָבע פלעקן אויף אונדזערע בגדים, האָט ער איבערגעקערט די זעלבע בגדים און אונדז געוויזן דעם צעריסענעם אונטערשלאַג.

ער איז געקומען אין אונדזער ליטעראַטור אַריין אין דער בחינה פון אַ פעל־אונטערזוכער, — אַ פעדאַנט, וואָס באַנוגנט זיך נישט מיט אונטערזוכן די אויבערשטע, האָריקע זייט, נאָר קערט איבער יעדע פעל אויף דער אַנדערער זייט, און זוכט און נישטערט ביז ער געפינט פאָרט עפּעס אַ חסרון. און אַז ער געפינט ענדלעך דעם חסרון, האָט ער אַזאַ הנאה אָנצואווייזן אויף אים:

— נאָט, זעט, ווי פויל און ווי לעכערדיק די פעל איז!

## ד.

איצט, נאָך אַזוי פיל יאָרן שפּעטער, לייענענדיק זיין נייעם בוך „איינער אַליין״, הויב איך אָן צו באַנעמען, אַז עס איז נישט געווען יונה ראָזענפעלדס קיין קאַפּריז צו שילדערן פאַר אונדז דעם שוידער פונעם לעבן, נאָר עס איז געווען דער שוידער פונעם לעבן, וואָס האָט געצוואונגען יונה ראָזענפעלדן אים אַרויסצוברענגען.

דורך דעם בוך „אײנער אַלײן״, ווערט געעפנט אַ פענצטער נישט נאָר צו זײַנע אײגענע שווערע איבערלעבונגען אין זײַן פריער יוגנט, נאָר דורך דעם זעלבן פענצטער ווערט פאַר אונדז קלאָרער די טעמאַטיק פון זײַנע דערציילונגען און דער גאַנצער אופן פון זײַן שאַפן.

עס דערמאָנט זיך מיר זײַנע אַ דערציילונג: אַ בחור דערקלערט זיך אַ מיידל אין שנאה. מיט אַזאַ סאַדיסטישער הנאה טוט דאָס דער בחור, אַז מען פילט ממש, ווי מיט יעדן זאַג זײַנעם צו דער מויד, אַז ער האָט זי פײַנט, קומט אים צו אַ שטיק געזונט.

אין יענע יאָרן, ווען איך האָב אָט די דערציילונג געלייענט, האָב איך זי נישט געקאָנט באַנעמען. דער עיקר האָב איך נישט געקאָנט באַנעמען יונה ראָזענפעלדן אַליין, וואָס האָט אַזאַ הנאה צו מאַלן פאַר אונדז די מענטשלעכע רשעות. זײַן פּערזענלעך לעבן האָט מיר, אין יענער צײַט, אויסגעקוקט צו זײַן זייער אַ גליקלעכס. ערשטנס, דער פאַקט אַליין, וואָס ער האָט באַוויזן פון אַ פּשוטן באַלמעלאָכע־יונג צו ווערן אַזאַ אָנגעזעענער שריפטשטעלער ביי יידן, איז דאָך גענוג, אַז ער זאָל ליב האָבן דאָס לעבן. צווייטנס, זײַן שיין און ליב ווייבל, מיט וועלכן איך האָב אים אָפט געזען אויף די שפּאַציר־גאַנגען אין די אָוונטן איבער די גאַסן פון קאָוולע.

וועגן דער פרוי ראָזענפעלד האָט מען גערעדט אין קאָוולע נאָך מיט מער באַוואונדערונג, ווי וועגן אים.

לויט די מעשיות, וואָס איך האָב זיך דעמאָלט אָנגעהערט, האָט עס געהייסן, אַז זי איז געווען די גראַטענע און וואויל־געלערנטע טאָכטער פון דער סאַמע רייכסטער און סאַמע אָנגעזעענסטער משפחה אין טשאַרטאָריסק. ווען נישט זײַן גרויסער טאַלאַנט, וואָלט יונה ראָזענפעלד נישט געווען געהאַט די זכיה אפילו זיך מיט איר צו באַקענען, אָבער עס איז געווען זײַן גרויסער טאַלאַנט, וואָס האָט זיי צונויפגעבראַכט. אירע עלטערן זײַנען געווען קעגן. זיי איז נישט אָנגעשטאַנען קיין באַלמעלאָכע, אָבער זי האָט געקעמפט, און האָט אויסגעפירט.

אויסהערנדיק אָט־די אַלע מעשיות, איז בײַ מיר אויסגעקומען, אַז יונה ראָזענפעלד דאַרף זײַן זייער אַ גליקלעכער מענטש. ער איז אויסגעקומען אין מײַנע אויגן, ווי אַ מעלאָדראַמאַטיש מעשהלע מיט אַ גליקלעכן סוף. און ווען איך האָב געקוקט אויף דעם העלד פון אָט דעם מעשהלע מיט דעם גליקלעכן סוף, וואָס איז נאָך געווען יונג און בלאַנד, האָב איך נישט געקאָנט באַנעמען, פאַרוואָס ער שרײַבט אַלץ אַזעלכע דערציילונגען, וואָס פאַרשאַפן אַזוי פיל עגמת־נפש, גלײַך ווי דאָס גאַנצע לעבן וואָלט געווען איין שטיק עלנט, איין שטיק רשעות, און ווייטער גאָרנישט.

דערפאַר האָב איך אין יענע יאָרן נישט געזוכט זיך צו באַקענען מיט

אים, כאָטש אַ באַגער דערפאַר איז ביי מיר געווען.

אין אַ העפטל האָב איך געהאַט מיינע ערשטע לידער, און עס האָט זיך זייער געוואָלט ווייזן אַן אמתן שרייבער און הערן אַ מיינונג. אָבער יעדעס מאָל, ווען איך האָב געלייענט מיינע לידער פאַר זיך אַליין ווען זינגענדיקע פייגעלעך, קאָלירטע פעלד־בלימעלעך און שפּילעוודיקע ווינטעלעך, זיינען געקומען פאַר מיינע אויגן זיינע מוראדיקע און גרויזאַמע דערציילונגען, און איך האָב זיך פאָרגעשטעלט, ווי אַזוי ער וואָלט נאָכן איבערלייענען מיינע עטלעכע שורות אַ קוק געטאָן אויף מיר.

— בחור, וואָס איז אַזאַ גדולה אויף דיר? — וואָלט ער אַ פרעג געטאָן, און די שפּיצן פון זיינע וואָנצעס וואָלטן זיך צעציטערט.

אָט אַזוי, האָב איך זיך פאָרגעשטעלט, וואָלט געווען דער רעזולטאַט פון מיינעם אַ באַזוך ביי אים, און איך בין דערפאַר קיינמאָל נישט געגאַנגען צו אים זיך באַקענען פערזענלעך, אָבער נאָכגעקוקט האָב איך אים אַ סך נייגעריקער, און מיט אַ סך מער באַוואונדערונג, ווי יעדער אַנדערער אין דער שטאָט קאָוולע.

ה.

וויפל יאָר זיינען שוין די ראָזענפעלדס אין ניו־יאָרק?

עס איז שוין, דאַכט זיך, אַ יאָר צוואַנציק ווי מיר וואוינען ווידער אין איין שטאָט, און דאָך איז דאָ אין ניו־יאָרק אויך צווישן אונדז צו קיין נאָענט־קייט נישט געקומען.

אמת, דאָ קאָנען מיר זיך יאָ פערזענלעך, און אַז מען באַגעגנט זיך אַמאָל, איז מען פריינטלעך איינע צו די אַנדערע, און די פריינטלעכקייט איז אַ האַרציקע און אַן אויפריכטיקע, אָבער צו קיין אינטימקייט, וואָס עס וואָלט אפשר געדאַרפט זיין צווישן דעם דערציילער פון טשאַרטאָריסק און אַ דיכ־טער פון טריסק, — צוויי שטעטלעך, וואָס ליגן זייער נאָענט איינס לעבן אַנדערן אין וואָלין, איז דאָך קיינמאָל נישט געקומען. פאַרוואָס? מיר איז שווער צו דערטאַפּן די ריכטיקע סיבה. בלויז אַ יונה ראָזענפעלד, וואָס איז געבענטשט מיט אַזאַ וואונדערלעכן פסיכאָלאָגישן חוש, וואָלט זיך געקאָנט דערצו דערגרונטעווען. די סיבה, וואָס ער איז די גאַנצע צייט אַ מיטאַר־בעטער אין „פאָרווערטס״, וואו איך האָב קיינמאָל נישט מיטגעאַרבעט, האָט דערמיט גאָרנישט וואָס צו טאָן.

אגב, וועגן יונה ראָזענפעלדס מיטאַרבעטערשאַפט אינעם „פאָרווערטס״. לייענענדיק איצט זיין בוך „איינער אַליין״, וואָס האָט צו טאָן מיט יונה ראָזענפעלדס שווערע איבערלעבונגען אין זיין פריער יוגנט, איז די גאַנצע צייט געשטאַנען פאַר מיינע אויגן אַב. קאַהאַן.

יעדעס מאָל, ווען איך האָב געלייענט, ווי דער רשעותדיקער באַלעבאָס האָט געפּײניקט דעם יונגינקן לערן־ייִנגל יונהן, האָב איך דערזען פאַר די אויגן אַב. קאַהאַנען.

וואָרום עס איז דאָך אַ „סוד פאַר גאַנץ בראָד״, אַז אַב. קאַהאַן האַלט אין איין טעראָריזירן יונה ראָזענפעלדן.

פאַרוואָס ? פרעגט ביים בייזן ווינט, הלמאי ער רייסט בלעטער פון ביימער ? הלמאי ער טרייסלט שויבן און פענצטער און לאָזט נישט רוען ? אויף אַב. קאַהאַנען פרעגט מען נישט קיין פאַרוואָס.

הלמאי האָט ער אין די פריערדיקע יאָרן טעראָריזירט ווינטשעווסקין, מאָריס ראָזענפעלדן און זאַמעטקינען ? הלמאי האָט ער פיינט געהאַט ליעסינען וועמעס פערזענלעכקייט עס איז געווען לגבי קאַהאַנס, ווי אַ ים לגבי אַ געמויזעכטס ? הלמאי האָט ער נישט געקאָנט איבערטראָגן וולאַדעקן ? הלמאי טשעפּעט ער זיך איצט צו שלום אַשן ?

ניין, אויף אַב. קאַהאַנען פרעגט מען נישט קיין קשיות. ער האָט זיך אַזוי שטאַרק אַריינגעזסמאָלעט אין דער „פאָרווערטס״־מאַשין, אַז די פייער־דיקע פרעג־צייכנס וועלן די סמאָלע נישט צעלאָזן.

די ברויט־פראַגע איז ביי ייִדישע שריפטשטעלער דאָ אין ניו־יאָרק זייער אַ שאַרפע, און אַב. קאַהאַן האַלט דעם שליסל צו אַ ברויט־שפּייכלער, און צווינגט אַזוי אַרום צו דולדן דערנידערונגען.

אָט אַרבעט שוין איבער צוואַנציק יאָר אינעם „פאָרווערטס״ דער דיכ־טער־עסייאיסט ב. י. ביאַלאָסטאָצקי, קומט ער, ווי אַזעלכער, דאָרטן צום אויסדרוק ? פרעגט ביי טויזנטער לאַנג־יאָריקע „פאָרווערטס״־לייענער, און זיי קאָנען אפילו נישט דעם נאָמען אַרויסברענגען פון די ליפּן.

פאַרוואָס ? אָט אַזוי וויל אַב. קאַהאַן, וואָס האַלט דעם שליסל פון דעם ברויט־שפּייכלער, ווי אַ בייזער שומר האַלט ער די בייטש, און — אוי, דאָס ברויט, דאָס ברויט, — נישט געדאַכט זאָל דאָס ווערן, ווען מען מוז באַצאָלן דערפאַר נישט נאָר מיט דער אייגענער אַרבעט, נאָר אויך מיט דער אייגענער מענטשלעכער חשיבות !

יונה ראָזענפעלד האָט באַוויזן דעם כוח זיך נישט אונטערצוגעבן אין זיין קונסט.

פּונקט, ווי ער האָט אין זיינע יונגע יאָרן עקשנותדיק געליטן און זיך נישט געלאָזט צעשטויבן פון זיין דעמאָלטדיקן באַלעבאָס, אַזוי לאָזט ער זיך איצט נישט צעשטויבן פון אַב. קאַהאַנען.

מען זאָל זוכן אין קאַהאַנס רעדאַקציע־שופלאָד, וועט מען אַוודאי גע־פינען אַ היפּשע צאָל יונה ראָזענפעלדס ביז גאָר אינטערעסאַנטע דערציילונ־גען, וואָס האָבן קיינמאָל די ליכטיקע וועלט נישט דערזען.

איז טאַקע גוט אַט דאָס, וואָס יונה ראָזענפעלד האָט דעם נישט־געדרוקטן ווערק פאַרעפנטלעכט אין אַ בוך. עס איז אַ בוך, וואָס ווייזט אונדז, אַז יונה ראָזענפעלדס קערנדיקער טאַלאַנט איז נישט געשטרויכלט געוואָרן אונטער אַב. קאַהאַנס טעראָר. דער ראָמאַן איז אַ מין פרע־היסטאָריע פון דער שפּע־טערדיקער גרויס־עקספּלואַטאַציע. ער איז געשריבן געוואָרן מיט פייער אויף שפּירט און עס שלאָגט מיט אַזאַ היץ, אַז עס בריט אַזש דאָס פּנים. עס איז אַ בוך וועגן מוראדיקן חושך, דורך וועלכן מען רייסט זיך דאָך דורך אַדאַנק דעם בליץ, וואָס צעבליצט זיך.

דער בליץ אין אַט־דעם חושך איז דער אַרבעטער אליהו, וואָס ראַטעוועט דעם יונגן לערן־ייִנגל יונהן פון אונטערגאַנג.

ז.

אויב דאָס בוך „איינער אַליין" איז פאַר אַנדערע אַ פּראַכטפולער קינסט־לערישער דאָקומענט מיט גרויסן סאָציאַלן אינהאַלט, האָט דאָס פאַר מיר נאָך אַ פּלוס מיט דעם, וואָס עס האָט פאַר מיר אויפגעעפנט אַ פענצטער צו דער פאָרמאַציע פון יונה ראָזענפעלדס באַזונדערקייט סיי אין שאַפן, און סיי אין זיין פּערזענלעכקייט.

דאָס, וואָס איז מיר לאַנגע יאָרן געווען אין אים אַ רעטעניש, איז איצט פאַר מיר געלייזט, און אַלצדינג אין אים איז מיר איצט נאָענטער און אייגענער.

און זאָל מיר דערלויבט זיין צום סוף אַ באַמערקונג, וואָס כאָטש זי וועט אפשר קלינגען אַביסל פּערזענלעך, האַלט איך אָבער, אַז זי האָט אַ געזעל־שאַפטלעכע באַדייטונג. „איר האָט פון אייער ,פּיניען' געמאַכט אַ בעסערן לייט, ווי איך פון מיין יונהן", האָב איך געפונען אויפגעשריבן אויפן שער־בלאַט פונעם בוך, וואָס איז מיר געשיקט געוואָרן.

וויל איך דאָ לאָזן וויסן יונה ראָזענפעלדן, אַז דאָס ביסל פריידי אין אַט־דעם קאָמפּלימענט איז ביי מיר גלייך צעגאַנגען געוואָרן אינעם צער, וואָס איז אויפגעגאַנגען אין מיר, הלמאי ער טראַכט אַזוי וועגן זיך.

איך וויל אים פאַרזיכערן, אַז „פּיניע" האָט געוואָלדיק דרך־ארץ פאַר יונהן, וואָס האָט געקאָנט פון אַ געפּייניקטן לערן־ייִנגל אין אַן אָדעסער טאַקאַרניע־פאַבריקל ווערן אַזאַ גרויסער יונה ראָזענפעלד אין אונדזער ייִדי־שער ליטעראַטור.

.1941

# יעקב מעסטל

### א.

מיר פאַרצייכענען מיט יום־טובדיקייט יעקב מעסטלס זיבעציקסטן געבוירנטאָג. מען יום־טובט אים, ווי אַ וויכטיקן יידישן קולטור־כוח אויף פאַרשיידענע געביטן, — שריפטשטעלער, לעקטאָר, שוישפּילער, רעזשיסער, און דער עיקר, וואָס אָט־די ווערסאַטיליטעט זיינע איז געווידמעט דער פאַרצוויגטער יידישער קולטור־אַרבעט פונעם איקוף.

אַוודאי וואָלט אָט־דער יום־טוב געדאַרפט אַרויסרופן דערהויבונג אויך אין די אַנדערע יידישע קולטור־קרייזן, אָבער די רשעות, וואָס ברויזט איצט אין אונדזער לעבן אַנטקעגן אַלץ, וואָס איז איר ניט אונטערטעניק האָט מיט איר דראָענדיקער פויסט באַוויזן אַנצופילן אַ סך שווערע געמיטער מיט פּחדנות.

מילא, די רשעות איז דאָך רשעות, אָבער אויף די פּחדנים איז באמת אַ גרויס רחמנות.

אַ סך פון אָט־די פּחדנים וואָלטן זיכער געוועזן גרייט זיך אָנטאָן אין די שבת־יום־טובדיקע קאַפּאָטעס לכבוד יעקב מעסטל, אָבער אַז מען לעבט אין פּחד פאַר דער רשעות, און קיין מוט זיך צו באַפרייען פון דעם פּחד איז נישטאָ, זיצט מען אין די היימען און מען פילט זיך, — אַזאַ יאָר אויף דער רשעות!

נישטאָ קיין פאַרשטייער פון דעם אַקטיאָרן־פאַראיין, — פאַרוואָס? איז דאָך יעקב מעסטל איינער פון די חשובסטע אין דער פּראָפעסיע, און אויך איינער, וואָס האָט סיי מיט זיין גרויסן וויסן, און סיי מיט זיין שטענדיקער וויליקייט אַזוי פיל צוגעטראָגן צו דעם פאַראיין. נאָר וואָס־זשע דען? יעקב מעסטל העלפט דער יידישער קולטור־אַרבעט ביים איקוף, און דאָס געפעלט נישט דער רשעות, וואָס בושעוועט ביי אונדז הינטער דער מאַסקע פון צביעות, און זוכט מיט אַלע כוחות צו שטערן, אַז דער געזונטער באַגער פאַר יידישער קולטור־בויאונג זאָל קומען צום אויסדרוק אין איינקייט.

אַז וואויל איז צו יעקב מעסטלען, וואָס שטייט פעסט אויף זיינע פיס און גיט זיך נישט אונטער דער פּחדנות.

נישטאָ דאָ אויפן יום־טוב אַזעלכע, וואָס וואָלטן געדאַרפט זיין? איז מילא! לאָמיר זיך טרייסטן, אַז די, וואָס זיינען יאָ דאָ, זיינען געקליבענע,

---

רעדע, געהאַלטן אויף דער פייערונג לכבוד יעקב מעסטל צו זיין 70טן געבוירנטאָג.

און באַזעלטע מיט גייסט פון אָט־דעם יום־טוב און באַהויכט מיט ליב־שאַפט.

און איז דען נישט ליבשאַפט, וואָס דאָמינירט די טעטיקייט אַרום דעם איקוף?

זאָלן יענע לייט לייענען יעקב מעסטלס אַרבעטן אין דער „יידישע קול־טור", אין זיינע ביכער, וואָס זיינען דערשינען ביים איקוף־פאַרלאַג, וועט אפשר די צביעות־מאַסקע איבער זייערע פנימער אַ ציטער טאָן.

ב.

דעם נאָמען יעקב מעסטל האָב איך צום ערשטן מאָל באַגעגנט אין יאָר 1916, ווען עס איז דערשינען ב. באַסינס אַנטאָלאָגיע „500 יאָר יידישע פּאָעזיע".

איך געדענק באַזונדער דעם איינדרוק, וואָס עס האָט אויף מיר געמאַכט דאָס בילד פון דעם יונגן פּאָעט פון גאַליציע אין דער מיליטערישער אוני־פאָרם פון אַן עסטרייכישן אָפיצער.

— הער נאָר, הער, — אַ יידישער פּאָעט מיט אָפיצערסקע עפּאָלעטן!

— האָב איך אויסגערופן צו משה לייב האַלפּערן, וואָס איז געווען פון זעלבן גאַליצישן שטעטל זלאָטשעוו, ווי יעקב מעסטל. אַ וואונדער איז פאַר מיר געווען דער טרויער אין די פערזן:

„שוין! אויסגעלאָזט זיך האָבן אַלע לידער,
און געשטאָרבן אַלע האַרפן־קלאַנגען, —
ווער וועט ירשענען מיינע טרוימען
און מיין ליד דערזינגען?"

איך האָב איבערגעלייענט אָט־די שורות ביי משה לייבן אין קליינעם צימערל אין וויליאַמסבורג פון ברוקלין, און זיך צעטענהט אויפן קול:

— אַ שיינער, פיינער יונג אין אַן עלעגאַנטער אוניפאָרם פון קייזער פראַנץ יאָזעפס אַרמיי האָט שוין אויסגעזונגען פון זיך אַלע לידער? וואָס איז דאָס פאַר אַן אומרו וועגן אַ יורש, ווען מען איז נאָך אַליין אַזוי יונג?

משה לייבן האָבן, אַפּנים, אימפּאָנירט די טענות פון זיין יינגערן קאָ־לעגע. זיין טיף באַריטאָן־קול האָט זיך געוויגט פון געלעכטער, און דאָס בלוי־גרוי פון זיינע שטאָלענע אויגן האָט געגלעט מיין פנים.

— פּאָע־ע־עזיע! — האָט ער אַ ברום געטאָן, וואָס האָט געמיינט ביי אים אַ פאַלד אינעם פנים פון דער „קונסט לשם קונסט", וואָס איז אים געווען דערווידער.

שפּעטער אָבער איז זיין קול געוואָרן ווייך אין זיינע רייד וועגן יעקב מעסטלען, — עס האָט געשלאָגן פון דעם בענקשאַפט און נאָסטאַלגיע.

— ער איז זייער באַגאַבט. נישט פון קיין גבירישער משפּחה, האָט ער באַוויזן אָנקומען אין דער הויכשול פון לעמבערג. אַ סברה, אַז ער איז אויך אַ באַגאַבטער שוישפּילער. אָט האָט ער באַוויזן דורכצומאַכן אַ מיליטערישע אַקאַדעמיע, און איצט, הער איך, איז ער שוין אַן אָפיצער פון אַ העכערן ראַנג.

דאָ האָט משה לייב זיך פאַרטראַכט. אַפּנים, אַז פאַר אים האָט אויפגעלויכטן זיין זלאָטשעוו, וואָרום זיינע אויגן האָבן אַוועקגעבלאָנדזשעט אין דער ווייטקייט.

— אייגנטלעך קום איך אים אַ חוב, — האָט ער ענדלעך שטיל אַ זאָג געטאָן.

— אַ חוב? — בין איך נייגעריק געוואָרן, און משה לייב האָט דערציילט, ווי אַזוי יעקב מעסטלס געדרוקטע לידער, וואָס זיינען שטאַרק באַוואונדערט געוואָרן אין זיין קרייז, האָבן אים אַ שטויס געטאָן זיך נעמען צו דער פּען.

— איך האָב געטראַכט ביי זיך, אַז אויך איך קאָן עפּעס באַוויזן, — האָט ער שמייכלענדיק צו זיך שטילערהייט געזאָגט, און אַ קוק טוענדיק אויף מיר, צוגעלייגט מיט איראָניע אין טאָן אויפן אייגענעם חשבון:

— און אָט, ווי איר זעט!

ג.

עס זיינען אַוועק עטלעכע יאָר.

איך האָב דעם נאָמען יעקב מעסטל זעלטן באַגעגנט. די ערשטע וועלט־מלחמה האָט אויך מיר סוף־כל־סוף אָנגעטאָן אַ אוניפאָרם. טאַקע נישט קיין אָפיצערסקע, אָבער אין דער אוניפאָרם פון אַ ייִדישן לעגיאָנער. אויף דער ערד פון ישראל בין איך מיט אַ ביקס אין דער האַנט געשטאַנען קעגן די כוחות, וואָס יעקב מעסטל האָט געהאָלפן קאָמאַנדירן אין זיין ראַנג פון אַן אויבער־לייטענאַנט ביי די עסטרייכער.

ווען די מלחמה האָט זיך געענדיקט, בין איך צוריק געקומען קיין ניו־יאָרק צו דער סביבה פון די „יונגע“, און צו מיין פּאָעטישן מדריך משה לייב האַלפּערן. איך האָב, נישט געקוקט אויפן וואַרעמען קבלת־פּנים, וואָס מען האָט מיר געגעבן אין אַ זאַל מיט אַזעלכע באַגריסער, ווי דוד פּינסקי, פּראָפ. נחום סלושץ, פּרץ הירשביין, משה לייב האַלפּערן, סאָלאָמאָן גאָלוב, וועלכער האָט אויף יענעם אָוונט צום ערשטן מאָל געזונגען מיינע „טויבן“ אין זיין מוזיק, נישט געהאַט מיט וואָס זיך צו קויפן אַ ציווילן אָנצוג. פאַר די צען לידער, וואָס א. ליעסין האָט אָפּגעדרוקט אין דער „צוקונפט“, האָב איך געקראָגן פונקט גענוג אויף הוצאות קיין פילאַדעלפיע, וואו איך האָב גע־

קראַגן אַ לערער־שטעלע אין אַ קינדער־שול פונעם „נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד“.

איך האָב שווער איבערגעלעבט דעם איבערבייט פון ניו־יאָרק אויף פילאַדעלפיע. עס האָט מיך שטאַרק געצויגן צו דער סביבה פון די ייִדישע פּאָעטן, אָבער פּלוצלינג לאָזט מיר וויסן דער טעאַטראַל אַנשל שאָר, וואָס האָט אין יענער צייט אָנגעפירט מיטן ייִדישן טעאַטער אין פילאַדעלפיע, אַז עס קומט צו אים אַריבער פון איראָפּע דער באַרימטער ייִדישער שוי־שפּילער און דיכטער יעקב מעסטל.

— אָט קומט אַ פּאָעט, מיט וועמען מען וועט פאַרברענגען אין נאָענט־קייט, — האָב איך זיך דערפרייט, און געציילט די טעג צו דער באַגעגעניש.

די לאַנג־דערוואַרטע באַגעגעניש איז ענדלעך געקומען, און מיר נישט געבראַכט קיין באַפרידיקונג.

אַפּנים, אַז דער פּאָעט אין מיר, האָט נישט געקאָנט אין יענער צייט באַנעמען, ווי אַזוי אַזאַ דיכטער, ווי יעקב מעסטל, קאָן זיין איבערשוימט פון זיין טעאַטער, וואו מען שטעלט פּיעסן פון אַ גאַנץ נידעריקער מדרגה. מיר איז דאָס געווען דערווידער.

דער מענטש איז מיר זייער געפעלן געווען. אַ יוגנטלעכער, אַ ספּריט־נער, מיט אַ פיין פאַרמירט פּנים, און אויגן אויסדרוקספולע, וואָס זיינען פול מיט ענטוזיאַזם. אָבער ענטוזיאַזם פאַר וואָס?

אין טעאַטער בין איך צוליב אים געגאַנגען זייער אָפט, און נישט איין מאָל אפילו שטאַרק אים באַוואונדערט, ווי אַזוי ער האָט מיט זיין שפּילן פאַרוואַנדלט קליאַטשעס אין זייד, אָבער צו קיין אינטימער דערנעענ־טערונג האָט דאָס נישט געבראַכט.

מיר האָבן זיך באַגעגנט אויך אינעם דרויסן פון טעאַטער. פון צייט צו צייט ביי אַנשל שאָר און דאָרע וויסמאַן אין שטוב, אַמאָל אין דער קאַפע „קאַלאָניאַל“, וואָס איז געווען אַ שטיקל אימיטאַציע פון דעם קאַפע „ראָיאַל“ אין ניו־יאָרק, און דער עיקר אין דער געזעלשאַפט פון פיינע דאַמען. צווישן די לעצטע פלעג איך באַזונדער פילן פאַרדרוס, הלמאי מען זעט אין אים בלויז דעם שוישפּילער און נישט דעם פּאָעט, און אין אַזעלכע מאָמענטן פלעג איך אינמיטן ביי אים אַ פרעג טאָן:

— זאָגט מיר, ווען וועל איך שוין ענדלעך קריגן אייערס אַ בוך לידער?

— מיינס אַ בוך? המ... יאָ, — מיינס אַ בוך!

עס איז געווען, ווי מיין פראַגע פלעגט אים אויפוועקן און אים דערמאָ־נען, אַז עס איז דאָ עמעצער, וואָס וויל פון אים דאָס, וואָס ער פאַרנאַכלעסיקט אַזוי שטאַרק.

## ד.

ווען איך האָב אים באַגעגנט מיט יאָרן שפּעטער אין ניו־יאָרק האָב איך גלייך געקראָגן דעם איינדרוק, אַז דער דיכטער אין אים לאָזט זיך דאָך נישט באַהערשן פון דעם שוישפּילער.

איז דאָס געווען אַנטוישונג אין דעם יידישן טעאַטער, וואָס האָט אים נישט געקאָנט געבן קיין קינסטלערישע באַפרידיקונג? צי די השפּעה פון זיין פרוי שרה קינדמאַן, וועלכע האָט אין יענער צייט אַרויסגעגעבן אַ זאַמלונג „מיידלשע געזאַנגען”, וואָס איז אַ שיר־השירים צו אים.

„אויפגערוימט דאָס עלנט־שטיבל,
ברענג איך ווייַן און בלומען, —
גרייט דעם טיש פאַר צווייען, —
אפשר וועט ער קומען?
— — — — — — — — — — — — —
און קומט נישט קיינער אין מיין שטיבל,
פאַרבעט איך שכנס קראַנקן הונט,
און טייל מיט אים מיין ברויט און ווייַן
און ביטערקייט פון וואונד.

אַט אַזוי האָט זי געזונגען צו אים, און אפשר טאַקע אויפגעוועקט אין אים צוריק דעם דיכטער.

איך פּערזענלעך האָב זיך אַ צייט נישט געקאָנט אַריינהיימישן אין יעקב מעסטלס דיכטונג, כאָטש דעם דיכטער אין אים האָב איך געאָנט.

אפשר דערפאַר, ווייל דאָס ערשטע בוך זיינס, וואָס מיר איז אויסגעקומען צו לייענען איז געווען די זאַמלונג „דמיונות”, פון וועלכער עס האָט אויף מיר געאָטעמט צופיל מיט דער עלעגאַנץ פון דייטשישער סאַלאָן־קולטור, בשעת איך האָב ביי אים געזוכט די פשוטקייט פון זלאָטשעוו? — אַ סימן — די איריטירונג, וואָס איך האָב דערפילט ביים לייענען זיין טיףלירישע דערציילונג „לוקרעציאָס טויט”.

איך האָב זיך געוואונדערט אויף זיך אַליין ביים לייענען אַט די נאָוועלע.

דאַכט זיך, פיין. איך לייען און האָב גענוס, און דאָך בין איך איריטירט.

— וואָס זיינען דאָס פאַר אַ בעאַטריקס? פאַר אַן אַגנעסעס? פאַר אַ לוקרעציאָס? וואו האָט ער זיי גענומען! אַ מענטש הייסט יעקב, און קומען קומט ער פון זלאָטשעוו, און אָטעמען אָטעמט ער מיט דער לופט, וואָס איז מיר אַזוי ווייט און פרעמד. איז די דיכטונג זיינע אויך נישט מער, ווי אַ מין טעאַטער־שפּיל, — אַ מין פאַרשטעלעניש?

אָבער אַט צעעפן איך זיין בוך „סאָלדאַטן און פּאַיאַצן לידער”, און דערפיל דעם רעוואָלט פון דעם זלאָטשעווער יעקב אַנטקעגן דעם סטודענט פון

לעמבערג, דעם אָפּיצער פון ווין, און אויך אַנטקעגן דעם טעאַטראַל אין אים, וואָס אַלץ צוזאַמען איז ביי אים געווען אַ געוויסע צייט אַן עיר־מקלט פאַר עסקעיפּיזם פון דער עכטקייט זיינער, פון דער געוואָרצלטקייט און שטאַמיקייט, וואָס אין אים.

אָטעמט ים צו וואַלקן־הויך,
אַ טראָפּן פאַלט צוריק אין ים —
מענטשן אויך.

ווערט דיין גאַנג אַ שטורעם־פלאַם,
וואָס פאַרגייט, ווי קרבן־רויך, —
איך אויך.

אָט דאָס איז דער סוד פון אַן עכטן דיכטער. אַוועקגעבלאָנדזשעט פון זיך, ווייל אויסגעדאַכט זיך, אַז ערגעץ אַנדערש איז פאַרביקער, רייכער, און פּלוצלינג כאַפּט ער זיך, אַז אין דער גאַנצער פאַרביקער רייכקייט פעלט די אייגענע, און עס הויבט זיך אָן דער רעוואָלט.

דער רעוואָלט אין זיך איז נישט קיין גרינגער. די לענדער פאַר עס־קעיפּיזם האָבן זייער כישוף, און מען זוכט אַ פאַרענטפערונג פאַר דעם גאַנג צו זיי.

געבענטשט זאָל זיין די נאַרעריי, וואָס קאָן פאַרוועבן טויזנט מראות,
געבענטשט זאָל זיין די בלענדעניש, וואָס שאַפט באַגלויבטע קינדער,
געלויבט, געבענטשט די אויגן אייגענע, וואָס דערבליקן וואונדער,
און זעען דורך פאַרפאַפּטן שמינק בלויז גאָלד־באַזוימטע כמאַרעס.

נו, יאָ, אַוודאי, — געבענטשט, געבענטשט! ווייל עס ווילט זיך נישט אַרויס פון דער בלענדעניש, וואו עס איז גרינגער, אָבער די עכטקייט אין זיך מאָנט און טרייבט ביז מען דערזעט די גאַנצע נאַקעטקייט, און עס ווערט פיינלעך.

סעם,
דער שטערנצינדער,
מעבל־מייסטער,
וואָלקן־וועבער, ווינטן־שפּינער, —
סעם, דער מלך איבער רעקוויזיט
האַלט אַ רעדל בינע־זון אין זיין רעכטער בערן־פויסט.

סאַרע שאַרפע און בייסיקע איראָניע עס שרייט אַרויס פון אָט־די פראַכט־פולע, פשוטע שורות איבער זיך אַליין.

אַז נישט מער, ווי עפּעס אַ סעם מיט אַ בערן־פויסט איז דער באַלעבאָס איבער דער זון, די שטערן, דער לבנה, און דעם גאַנצן רעקוויזיט פון דער

סביבה, אין וועלכער מען האָט זיך אַרײַנגעלעבט און געזוכט דורך איר צו געבן קינסטלערישן אויסדרוק פון זיך, איז וואָס־זשע איז דער חידוש, וואָס

אויף זונען, אויך זונען פאַרגייען ?

דאָס בוך „סאָלדאַטן־און פּאַיאַצן־לידער" איז פיל מער, ווי דער נאָמען זאָגט אָן.

עס איז אַ בוך, דורך וועלכן איר דערזעט, ווי דער סאָלדאַט זוכט זיך אַרויסצוראַטעווען פון זײַן סאָלדאַטשינע דורך פּאַיאַצעווען איבער זיך, און פון דעם פּאַיאַצעווען וואַקסט אויס אָנשטאָט אַ פּאַיאַץ, אַ טיף־פילנדיקער און טראַכטנדיקער מענטש, וואָס הויבט זיך ביסלעכווייז אָן אַרײַנגנבענען אין אייער געמיט, און ער ווערט אייך נאָענט, אייגן און איר זאָגט מיט אים צוזאַמען :

דער אַרלעקין האָט אײַנגעזאַפּט אַלע זיבן טאָן־קאָלירן,
און דאָך בלײַבט אַ גרויקייט נאָר דערפון.

איז אייך דאָך ניט גרוי, ווײַל פאַר אייך וואַקסט אויס אַ מענטש אָן אויפגעבלענדטער אין זײַן אייגענעם קאָליר.

ה.

פאַרשלייערט איז מײַן פענצטער, פאַררינגלט איז מײַן טיר,
שעמט זיך אָפּט דער העלער טאָג אַ קוק צו טאָן אויף מיר.

איז דאָס נישט מאָדנע, וואָס ווען ער דערזעט דעם שלייער איבער זײַן פענצטער, און ווערט באַוואוסטזיניק אויף דער פאַררינגלטקייט פון זײַן טיר, ווערט דער שלייער איבער אים אַן אויפגעלייזטער פאַר מיר, און זײַן טיר ווערט פאַר מיר אַ צעפּראַלטע.

קלאָגט ער זיך, און דורך זײַן קלאָגן זיך, ווערט דער ספינקס אַ באַרעדעוודיקער, און ער אַליין אַ דערזעענער אין פולער קלאָרקייט.

אָט די קלאָרקייט בלענדט־אויף נישט נאָר פאַר אונדז, וואָס פאָלגן נאָך זײַן געראַנגל מיט די אַלע פאַרבלענדענישן, אין וועלכע ער איז געווען פאַרבלענדט, — זי בלענדט־אויף אויך פאַר אים אַליין. אַ סימן ? הערט זיך צו צו זײַן אייגן קול :

איך האָב אייך נישט געקענט — האָב איך פאַרמאַכט די אויגן,
און האָב אויף פרעמדע שפורן אַוועקגעצויגן.
יאָרן לאַנג געגעסן ברויט פון אייערע סטויגן,
און אָפּגעקערט פון אייך מיט צוגעמאַכטע אויגן.

דאָס איז שוין מער נישט קיין ברכה צו דער פאַרבלענדעניש, וואָס זעט

דורך פאַרפאַפטן שמינק גאָלד־באַזוימטע כמאַרעס. דאָס זיינען ווערטער פון אַ מענטשן, וואָס האָט אָנגעהויבן דערזען, דערהערן און באַנעמען, און ווייל אַזוי, איז זיי מיר געזונט, דו פוילישער אָטעם פון דער לעמבערגער הויכשול, און דו אויך, באַפּראַקטע קולטור אויף דעם ווינער דייטש, און ברוך־הבא, מיין שטאַמיקייט פון זלאָטשעוו.

מיין פאָלק, — שווערער יאָך האָט דיין שטערן געבויגן,
און איך האָב געמיינט — דו שרעקסט זיך פאַר זונען.
איצט האָסטו דערמוטיקט צעעפנט די אויגן
און ווידער דיין שטאָלץ און גבורה געפונען.

דאָס פאָלק גופא האָט זיך אייגנטלעך קיינמאָל נישט געשראָקן פאַר זונען. אדרבא, עס איז זיי שטענדיק אַנטקעגנגעגאַנגען, אָבער, אַז מען איז געווען אין דער פרעמד, האָט מען געמיינט...

איז טאַקע גוט, וואָס מען איז ענדלעך אַהיים געקומען, און נישט נאָר דאָס פאָלק דערזען, נאָר אויך זיך אַליין, ווי אַ טייל פון דעם.

פון שטאָם צו שטאָם, פון פאָלק צו פאָלק וועט, ווי אַ נייע תורה
זיך טראָגן פאַראייניט געזאַנג.

איצט אַז מען איז פאַרוועבט אין דעם געוועב פונעם אייגענעם פאָלק, איז גאַנץ נאַטירלעך דער חלום פון פעלקער־פאַרברידערונג.

ז.

צו פעלקער־פאַרברידערונג נישט ווי אַ קבצן, נאָר ווי אַ גביר מיט אַן אייגן פאַרמעג אינעם צושטייער, איז שליחות פון אַ גרויסער מדרגה.

אין לויף פון יאָרן, וואָס מיר אַרבעטן אין איקוף, זע איך אין אַלע טעטיקייטן פון יעקב מעסטל אָט־דעם שליח.

אויף דער טעאַטראַל אין אים, וואָס איז פריער געווען פאַר אים עסקעי־פיזם, איז איבערגעגאַנגען אין אַ מעדיום פון שליחות פאַר דער ווירקלעכקייט.

לייענט איבער זיין ווערטפול בוך „אונדזער טעאַטער" און פאַר איך גייט אויף אַ מענטש נישט נאָר מיט גרויסן וויסן אויפן טעאַטער־געביט, וואָס איז כולל אין זיך אַזוי פיל פאַרמען פון דער קונסט, ווי דראַמע, מוזיק, רעזשי, פלאַסטישע קונסט, טאַנץ, ריטמיק, עלאָקיוציע, נאָר אויך אַ מענטש מיט אַ באַשטימטער שליחות דורך אָט־די אַלע קונסטן פאַרן לעבן. דאָס זעלבע וועט איר אויך געפינען אין זיין צווייטן בוך „70 יאָר טעאַטער־רעפּערטואַר". און איז דען נישט אָט־די שליחות אויך דער עצם פון זיינע פיינע ליטעראַ־טור־עסייען?

נישט איין מאָל טראַכט איך, אַז ערשט איצט, אין זיין געלייטערטער קלאָרקייט, וואָלט ער זיך געדאַרפט פאַרמעסטן אויף גרויסע דיכטערישע

אַרבעטן. וואָרום, סאַראַ מהלך עס איז פון זיינע פאַרנעפּלטע „דמיונות״ און דעם ראַנגלעניש צו געלייטערטקייט דורך זיינע לידער ביז דער קרישטאָל־קלאָרקייט אין זיינע לעצטע עסייען!

ז.

מיין פרוי, וואָס איז אויף איר אופן דורכגעגאַנגען דעם זעלבן פּראָצעס, ווי יעקב מעסטל, פון היימישקייט צו פרעמדקייט, און דערנאָך געצויגן געוואָרן צוריק צו היימישקייט, האָט מיר אַרויסגעהאָלפן צו באַנעמען דעם גאַנג פון איר עלטערן חשובן פריינט:

— מיר, דער טייל פון דער יידיש־גאַליציישער יוגנט, וואָס האָט זיך געריסן פונעם קליינעם שטעטל צו דער קולטור פון דער גרויס־שטאָטישקייט, האָבן געמוזט אַ שוועב טאָן איבער אַ גרויסן שטיק חלל, וואָס איז געלעגן אין דער מיט. קיין נאַטירלעכע פאַרבינדונג, וואָס זאָל פירן פון זלאָטשעווער יידישקייט צו דער קולטור־וועלט פון ווין איז נישט געווען. נישט טרעפּל צו טרעפּל, וואָס פירט דעם טראָט בהדרגהדיק מיטנעמענדיק דאָס אייגענע פאַרמעג אַהין, וואוהין מען גייט, נאָר אַן אימפּעטדיק שוועבן אין דעם נייעם צויבערלאַנד, איבערלאָזנדיק דאָס אַלטע הינטער זיך, ווי עפּעס, וואָס איז נישט וויכטיק צו שלעפּן עס מיט זיך.

אין זיטאַ וויינפּערס טונקעלע אויגן האָט זיך באַוויזן דער גראַנגל, וואָס זי אַליין האָט אויף איר אופן דורכגעמאַכט, און זי האָט אין איר פאַרטראַכטקייט אָנגעהויבן צו דערקלערן אפשר מער זיך אַליין, ווי מיר אויף מיינע פראַגעס:

— עס ווענדט זיך ווער. די, וועמעס וואָרצלען זיינען געווען נישט מער, ווי אויפן אויבערפלאַך, האָבן זיך אויפגעלייזט אין דעם נייעם. און יענע, וואָס זיינען געקומען פון דער טיף און זיינען געווען אָנגעפּילט מיט די זאַפטן פון דער היימישקייט, האָבן אין זייער גאַנצער פאַרשיכורטקייט מיטן נייעם, דאָך געזוכט דעם וועג אויף צוריק.

זי האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר מיט אַ גוטמוטיקן פאַרוואורף, הלמאי איך מאַך אַ וועזן פון איר קורצער בינע־אַקטיוויטעט, וואָס זי באַטראַכט איצט, ווי אַ צופאַל, און מיט באַוואונדערונג אָנגעהויבן רעדן וועגן יעקב מעסטל:

— אַ מענטש, וואָס איז געווען אַזוי שטאַרק אַריינגעוועבט אין דער קולטור אויף דער דייטשישער שפּראַך, איז דאָך עקשנותדיק געגאַנגען סיי ווי אַ שוישפּילער און סיי ווי אַ דיכטער צוריק צו זיין אייגענעם יידישן לשון.

די רייד האָבן פאַר מיר קלאָר געמאַכט פאַר וואָס יעקב מעסטלס „דמיונות״, וואָס זיינען געקומען צום אויסדרוק דורך זיינע דראַמאַטישע פּאָעמען, האָבן געמוזט אָטעמען מיט פרעמדקייט פאַר דעם יידישן מענטשן, וואָס האָט געלעבט מיט דער היימישקייט. אין זיין צוריקקערן זיך פון דער

פרעמד, האָבן זיינע מיטגעבראַכטע דזשיאָוואַניס, בעאַטריקס, אַגנעסעס און לוקרעציאַס נישט געקאָנט אויפגענומען ווערן פון די, וואָס האָבן אויפן געביט פון טעאַטער ערשט געהאַלטן ביי די „צוויי קוני לעמעלס" און ביי „שולמית" און אויפן געביט פון ליטעראַטור ביים איבערגאַנג פון שמ"רס ראָמאַנען צו מענדעלעס „קליאַטשע", וואָס קליינשטעטלדיקע יונגעלייט האָבן געלערנט מיטן ניגון פון גמרא.

אַפּנים, אַז יעקב מעסטל האָט דאָס אַליין דערפילט, און אין זיין אויפריכטיקער תפילהדיקייט געבעטן מחילה:

זיי מיר מוחל, גאָט,
וואָס מיינע שירים — אויך פון אַנגענעמסטן מין
באַנעמט מען נישט.

ח.

איך האָב איצט דאָס געפיל, אַז זיינע שירים, וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן דורך אים אין דעם פּעריאָד פון זיין געראַנגל מיט זיך אַליין, זיינען אין די איצטיקע טעג ערשט צייטיק געוואָרן און לאָזן זיך זייער גרינג און מיט פאַרגעניגן אויפנעמען.

לייענענדיק זיי איצט, טראַכט איך, אַז זיי געהערן צו יענע מיני פּרוכט, וואָס לאָזן זיך נישט עסן גלייך נאָכדעם, ווי זיי ווערן פון די בוימער אַרונטערגענומען, ווייל די רייפקייט אין זיי קומט ערשט שפּעטער מיט דעם צעיערן זיך אין זיך גופא.

אין דער רייפקייט און קלאָרקייט פון זיינע איצטיקע עסייען איבער טעאַטער און ליטעראַטור, אַנטפּלעקט זיך אויך די רייפקייט און קלאָרקייט אין אַ צאָל פון זיינע אַמאָליקע לידער. עס וואַקסט אויס אַ באַגער, אַז ער וואָלט זיך געדאַרפט פאַרמעסטן אויף נייע פּאָעטישע דערגרייכונגען.

וואָס איז? ער איז נישט מער יונג? נאַרישקייטן! וואָס פאַר אַ ווערט האָט דאָרטן עפּעס אַ ציפער, וואָס איז פאַרצייכנט אין עפּעס דאָרטן אַ לעקסיקאָן, אַז אויפן אויסזען זע איך זייער אַ קליינע ענדערונג פאַר די אַלע יאָרן, וואָס איך קען אים.

די זעלבע זשוואַוויקע, דין־דראַמאַטיקע פיגור, די זעלבע ענערגיע, דער זעלבער אויפשיין אין זיינע אויגן, ווען ענטוזיאַסטיש, און ווען אין צאָרן. איז וועמען אַרט דאָס עפּעס אַ ציפער?

אמת, דאָס לעבן אַרום האָט זיך אין די יאָרן געוואַלטיק געענדערט, און אָט־די ענדערונגען זיינען נישט דורכגעגאַנגען אָן אַ חותם אויף אים, ווי אויף אונדז אַלע. אָבער אָט דער חותם טאָר נישט וועגן קיין וואָג, וואָס באַשווערט, נאָר שוואונג אין פליגל צו נייע הויכקייטן, און כוח אין די טריט צו נייע ווייטקייטן.

1954.

# בער האָראָוויץ

## א.

צווישן די נייע נעמען אין דער יידישער פּאָעזיע פון פּוילן, וואָס האָבן אַריבערגעקלונגען צו אונדז קיין ניו יאָרק גלייך נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז אויך געווען דער נאָמען בער האָראָוויץ. דער טאָן פון זיין ליד האָט זיך אויסגעטיילט פון די איבעריקע טענער מיט דער געזונטקייט פון דער ערד אַרום די קאַרפּאַטן־בערג אין גאַליציע, און אין דער זעלבער צייט געשלאָגן פון זיך מיט טיפער, פאַרוואָרצלטער פאָלקס־יידישקייט, וואָס האָט פאַרמאָגט איר אייגנאַרט, כאָטש זי איז שוין געווען היפּש באַרירט מיט דעם אָטעם פון דער מערב־איראָפּייאישער קולטור.

אין די קרייזן פון די יידישע דיכטער אין ניו־יאָרק האָט אָט דער טאָן געוועקט נייגער און צופרידנקייט.

— אַ מחיהדיקע געזונטקייט! — האָט מען אָפט געהערט באַמערקן וועגן אים צווישן די יונגע דיכטער, און מען האָט נאָכגעפאָלגט נאָך זיין שפּאָן.

— ער שרייבט אויך מחיהדיק אין פּראָזע, — האָט שמואל יעקב אימבער, וועלכער איז אין יענער צייט געקומען אויף אַ לענגערן באַזוך קיין ניו־יאָרק, אינפאָרמירט. און ווען עס זיינען שפּעטער אָנגעקומען צו אונדז זיינע צוויי בענד לידער, אַרויסגעגעבן דורכן קלעצקין פאַרלאַג, האָט מען זיך געקוויקט סיי מיט די לידער און סיי מיט די פּרעכטיקע בעל־שם מעשיות, וואָס זיינען געשריבן געוואָרן אין אַ ביז גאָר פיינער פּראָזע.

— מען זאָגט, אַז ער איז אויך אַ גאָר פיינער צייכענער, — האָט משה לייב האַלפּערן מיר דערציילט אין אַ טאָן, וואָס האָט קלאָר געמאַכט זיין אינטערעס צו בער האָראָוויצן. וואָרים אויך ער האָט אָפטמאָל געפּרובירט זיינע כוחות אויף דעם געביט.

מיט וואָרעמקייט האָט אָפט גערעדט וועגן אים ראובן אייזלאַנד ביי יעדער געלעגנהייט, און איך, וואָס בין באַצייכנט געוואָרן אין די זעלבע קרייזן, ווי אַ סאַנגווינעסטיקער צווישן די סאַמע יינגסטע, האָב זיך גאָר באַזונדער דערפרייט מיט אָט דעם טאָן אין בער האָראָוויצן, און איך האָב געהאַט אין זיך דאָס געפיל, ווי מירביידע רופן זיך איבער.

פאַרוואָס איך האָב זיך אין יענער צייט נישט איבערגעשריבן מיט אים, ווייס איך נישט. עס איז מיר ביז היינט אומפאַרשטענדלעך, פאַרוואָס מיר

האָבן אין יענער צייט נישט אָנגעקניפּט קיין פּערזענלעכע פאַרבינדונגען. נישט נאָר האָבן מיר זיך נישט איבערגעשריבן, נאָר איינער דעם אַנדערן אונדזערע אַרויסגעגעבענע לידער־זאַמלונגען נישט געשיקט. און עס איז געווען ביז גאָר טשיקאַווע, אַז ווען מיר האָבן זיך אין יאָר 1929 באַגעגנט אין וואַרשע, און זיך געביטן מיט אונדזערע ביכער, האָבן מיר איינער פאַרן אַנ־דערן ציטירט אויסנווייניק אַ צאָל פּערזן.

— ווי עס זעט אויס, גיב איך דיר איבערגעלייענטע ביכער, — האָב איך זיך געוויצלט, און ער האָט מיך גלייך מכבד געווען מיט דעם געדאַנק, אַז גוטע ביכער לייענט מען נישט איבער, נאָר מען לייענט זיי נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל.

ב.

עס ווערט אַזוי גרויליק צו טראַכטן, אַז אָט דער בער האָראָוויץ איז דערשלאָגן געוואָרן אונטער די שטעקנס אין די לאַפּעס פון זיינע אייגענע מאַידאַנער פּויערים!

האָט ער דאָך גלייך ביי אונדזער ערשטער באַגעגעניש גערעדט צו מיר מיט אַזוי פיל ליבשאַפט פון זיין מאַידאַן, און די געזונטע פּויערן אין דעם.

— זישע, דו וועסט מיט מיר אַריבערפאָרן אַהין, וועסטו זיך ממש מחיה זיין מיט דער געגנט און מיט די מענטשן אין איר. געזונטע, וויטאַמינענדיקע נאַטור־קינדער. נישט אומזיסט האָט דער בעל־שם די נאַטור ליב געהאַט. איך וועל דיך פירן אינעם סאַמע האַרצן פון די קאַרפּאַטן־בערג, וואו ער האָט געטראַכטן.

האָט עמיצן געקאָנט איינפאַלן אין יענע טעג, וואָס אים דערוואַרט אין זיין באַליבטער געגנט, ביי די זעלבע פּויערן, וואָס ער האָט אַזוי רחבותדיק באַזונגען?

אַקוראַט ווען דאָס איז געשען איז ביז היינט נאָך נישט פעסטגעשטעלט געוואָרן. מען זאָגט — 1942, אַנדערע ווילן האָבן — 1943, און אַז געווען איז דאָס שמחת־תורה, ווען אַ צאָל פּויערן זיינען אים באַפאַלן אין זיין גאַ־ליצישן דאָרף מאַידאַן מיט דרענגלעך, — עס איז אפילו פאַראַן אַ סברא, אַז מען האָט אים באַגראָבן לעבעדיקערהייט.

אויב דאָס לעצטע איז אמת, מוז די ערד איבער זיין קבר ביז איצט שריי־ען, וואָרום אַזאַ מעכטיק קול, ווי ער האָט געהאַט, לאָזט זיך אפילו אונטער דעם ערד־צודעק נישט פאַרשטומען.

איך לאָז איבער צו די היסטאָריקער צו דערגראָבן זיך און פעסטצושטעלן די דאַטע און די אַלע פּרטים, ווי אַזוי דאָס איז געשען. פאַר דער כראָניק פון יענער גרויליקער קאַטאַסטראָפע איז דאָס אַוודאי וויכטיק. פאַר מיר איז זיין

געשטאַלט אַ לעבעדיקע, און איך קאָן זיך בשום אופן נישט צוגעוואוינען צום געדאַנק, אַז דער טויט האָט כוח געהאַט אים צו באַזיגן.

עס זײַנען נישט נאָר זײַנע ביכער, אין וועלכע איך קוק אַרײַן און הער פון זיי דאָס גערויש פון לעבן, זײַנע צייכענונגען, וואָס שלאָגן פון זיך מיט קולות, — אפילו נישט נאָר די צייכענונגען פון מיר אַליין, — זײַנע חפצים־מתנות, מיט וועלכע ער האָט מיך באַשאָנקען, וואָס יעדער איינער באַזונ־דער דערמאָנט אַ לעבעדיקן מאָמענט דאָ און דאָרטן, נאָר עס איז דער עיקר ער אַליין, — זײַן מעכטיקע פיגור, זײַן פול־בלוטיק קול — זײַן אינערלעכער כוח האַלטן מענטשן וואַכזאַם צו זײַן אייגנאַרטיקייט.

— „סערוואוס״, בער האָראָוויץ! — האָב איך געהערט אומצאָליקע מענטשן, און דער עיקר יוגנטלעכע, אים באַגריסן אויף די גאַסן פון וואַרשע, ווילנע און ווין.

— סערוואוס! סערוואוס!

די באַגריסונג „סערוואוס״ האָט ער מיטגעבראַכט מיט זיך פון זײַנע מקומות. און עס האָט נישט גענומען לאַנג און זי האָט זיך אַרײַנגעהאַמערט אין די קולטור־קרייזן פון וואַרשע און ווילנע.

ג.

ווער עס האָט ליב גערעגלטע וואַסערן,
איך האָב ליב ראַשנדיקע באַרג־וואַסערן, —
אומגעבונדן, נישט געקאָוועט, שווים אין געזאַנג!

ער אַליין איז געווען אַ ראַשנדיקער, אומגעבונדענער באַרג־שטראָם, וואָס האָט געשוימט אין זײַן ריזלדיקייט, ווי פריידיקע טענער אין אַ ליכטיקן זומער־קאַיאָר איבער שפּע׳דיקע, קאָלירטע בערג.

ווי באַרג־וואַסער שווים אין די אייגענע ברעגן,
און קומסטו אין די טאָלן, ברענג ברכה צום לעבן!

ביז איצט קלינגען אין מײַנע אויערן אָט די שורות, וואָס ער האָט אַ יאָג געטאָן איבער מיר גלײַך ביי דער ערשטער באַגעגעניש מיט מיר אין וואַרשעווער ליטעראַטן־פאַראיין, אויף טלאָמאַצקיע 13, האַרבסט פון יאָר 1929.

ברעך די טויטע פאַרגליווערטע פעלדזן,
וואָס העמען דײַן שטאַרקן און פריילעכן גאַנג.

יענער זוניקער נאָכמיטאָג, ווען איך האָב דערפילט אַרום זיך זײַנע גרויסע, שטאַרקע אָרעמס, און דעם רוישיקן אויסרוף:

— אָט איז ער, דער זישע ווײַנפּער, מיט וועמעס לידער עס איז מיר אַ מחיה זיך איבערצורופן! — האָט ער אויסגעשריגן הויך אויפן קול, און

כאָטש ער האָט נישט געהאַלטן פאַר נויטיק אָנצורופן זיין נאָמען, האָב איך שוין געוואוסט, אַז דאָס איז בער האַראָוויץ.

די לוקעווער יידן, —
זיי טראָגן צעכראַסטעטע העמדער,
און לעבן תמיד אין פרידן, —
די לוקעווער יידן!

עס איז געווען ביז גאָר מאָדנע, וואָס אָט די שורות זיינע זיינען אַרויס פון מיין מויל גלייך, ווי איך האָב זיך באַפרייט פון זיינע אָרעמס, און ער האָט גלייך ממשיך געווען אין זיין מחיהדיקן רוישיקן קול.

אויף זעליג פישלס רוקן
איז אַ פּחד צו קוקן,
ער פּאַקט אַ בוהאַי ביי די הערנער,
טוט ער זיך פאַר אים בוקן.

און באַלד שוין מירביידע צוזאַמען אין פריילעכע טענער:

וואָס רוישט אַזוי דער וואַלד?
סאַראַ מעכטיק קלינגען! —
דאָס קאָסען די לוקעווער יידן,
און לוקעווער שניטער זינגען.

עס וואַקסט דאָס האַרץ אין פריידן,
עס קומען פריידיקע טרערן, —
זאָלן אַזוינע טייערע יידן,
ווי לוקעווער זיך מערן.

די אַרומיקע, וואָס האָבן ביי־געוואוינט אָט די ערשטע באַגעגעניש אונד־זערע, האָבן געשמייכלט, ווי די גאָלדענע האַרבסט זון דורך די פענצטער.

ספּעציעל געדענקט זיך מיר דער שמייכל פון דעם פאָלקס־פּאָעט הער־שעלע. ער האָט געקוקט מיט צעוואַרעמטע אויגן אויף אונדז ביידן און עט־לעכע מאָל איבערגעחזרט מיט אויפגעלויכטנקייט אין זיין שטיל קול:

— בערקע און זישע!
— בערקע און זישע!

ד.

— קום מיט מיר אויף אַ פּאָר וואָכן אין מיין דערפל מאַידאַן, — האָט ער זיך געבעטן ביי מיר.

ספּעציעל איז ער צוגעשטאַנען צו מיר מיט דער איינלאַדונג אין די טעג, ווען מיר זיינען געווען אינאיינעם אין ווילנע, וואו עס האָבן זיך געוואָרפן אַזוי פיל יידישע אויסגעבלייכטע יינגערע און עלטערע, פאַר די אויגן.

— קום מיט מיר אין מיין געגנט, און איך וועל דיר ווייזן געזונטע, האָרע־פּאַשנע יידן, — האָט ער זיך ביי מיר געבעטן.

— די לוקעווער? — האָב איך לאַכנדיק געפרעגט.

— זיי געפעלן דיר, הא? — האָט ער זיך דערפרייט, און כדי אויפצורייצן אין מיר דעם באַגער צו באַזוכן מיט אים זיין היים אין מאַידאַן, האָט ער אינמיטן דער ברייטער פּאָהוליאַנקע גאַס אין ווילנע אָנגעהויבן פאַר מיר צו רעציטירן שורות פון זיינס אַ ליד.

עס חלומען זיך אפילו נישט
אַזוינע שטילע, פּרעכטיקע נעכט!
איך זיץ אין לבנה־ליכט
אויף דער זילבערנער וועראַנדע
אַנגעלענט דעם שטערן אָן דעם האַרטן האָלץ.

און כדי נאָך מער צו וועקן אין מיר דעם באַגער, האָט ער געזאָגט:

— איך וועל דיך פירן אין די טריט, וואָס דער בעש״ט האָט געטראָטן אין מיין געגנט.

— צום דאָרף יאַסין? — האָב איך געפרעגט.

ער האָט זיך פריידיק און גליקלעך צעלאַכט הויך אויפן קול, און זיך געוואונדערט:

— ווען האָסטו באַוויזן צו ליינען מיין דערציילונג „חדווה״?

— זעסט דאָך, — האָב איך זיך מיט אים געררייצט, און ווי פון זיך אַליין האָט זיך אָנגעהויבן צו זינגען שיר־השירים צו אָט דער דערציילונג זיינער.

אַקוראַט, וואָס אַזוינס איך האָב אים דעמאָלט געזאָגט, געדענקט זיך מיר נישט. איך געדענק בלויז, אַז איך האָב אויסגעדריקט מיין באַגייסטערונג צו דער ערדישער, נאַטירלעכער פּשטות, מיט וועלכער ער האָט אויסגעוועבט דעם בעש״ט אין זיין דערציילונג „חדווה״, און דער עיקר האָב איך דעמאָלט באַטאָנט דאָס מענטשלעכע, וואָס שטראַלט מיט אַלע שיינקייטן פון זיין בעש״ט.

— אָט, אָט, אָט! — האָט ער גליקלעך זיך צערויִשט, און דעמאָלט געדענק איך, ווי אין דער גאַנצער מעכטיקער גופיקייט זיינער האָט זיך צעוויגט אַ דורכזיכטיק קינד, וואָס האָט געלויכטן מיט אַן אַ שיער דורכגעלויכטענער ריינקייט.

ה.

שיינע, צעלויכטענע טעג און אָוונטן מיט בער האָראָוויצן, אין 1929 אפילו, ווען די אָרעמקייט איז געווען אַן אָנגעלאָדענע מיט גרויסער שווערקייט.

וואַרשע האָט געברויזט מיט יידן־פּראָטעסט קעגן די פּילסודסקי גזירות אויף יידן; ווילנע האָט געמאָסטן דעם טראָט אין טיפער פּאַרטראַכטקייט וועגן דעם מאָרגן פאַר יידן. בער האָראָוויץ איז נישט געווען טויב און בלינד צו דעם אַרום, און דאָך האָט געשפּרודלט פון אים מיט אַזוי פיל פרייד, וואָס האָט זיך בשום אופן נישט געלאָזט צאַמען אין איר צוטרוי און אין איר ליבשאַפט צו מענטשן.

— העי, אַלטער, הויב אויף די אַראָפּגעלאָזטע נאָז! — פלעגט ער אויסשרייען צו דעם־שטענדיק פאַרזאָרגטן אַלטער קאַציזנע.

— וואָס־זשע איז מיט דיר אַזוי די גדולה? — פלעגט אַלטער קאַציזנע אויף אים אַ קוק טאָן מיט דעם דורכזיכטיקן טרויער אין זיינע ערנסטע אויגן דורך די ברילן.

— קאָן מען דען זיך נישט דערפילן גדולהדיק אָן אַ פאַרוואָס? — האָט בער האָראָוויץ פון אים גוטמוטיק געחוזקט.

צי ער האָט טאַקע געמיינט אַקוראַט, ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט, בין איך נישט אַזוי זיכער. גיכער איז דאָס געקומען ביי אים פון זיין טיפער ליבשאַפט צו מענטשן, וואָס ער האָט נישט געוואָלט זען קיין דערשלאָגנקייט אין זיי, און דאָס אָנשרייען איז ביי אים געווען אַ מין מעטאָדע צו דערמוטיקן, אַז מען זאָל זיך נישט אונטערגעבן צו דעם אַטראָפּירנדיקן כוח פון עצבות.

אויך אויף זיך אַליין האָט ער אַ טבע געהאַט אָנצושרייען אין מאָמענט, ווען אַזאַ עצבות האָט זיך אויף אים פאַרמאָסטן:

דאָס משוגענע דונערן האָט אויפגעהערט,
ווייסע מלאכים טרעטן איבער דער בלוטיקער ערד,
שלום עליכם, מלאכי השלום!

נו, יאָ, שלום עליכם, מלאכי השלום, — האָט ער געגריסט די וועלט, להכעיס אַלע משוגענע דונערן, אויפן זעלבן אופן, ווי ער האָט יעדן באַקאַנטן זיינעם געגריסט מיט זיין רוישיקן און ברייטן, וואַרעמען אויסרוף:

ו.

איז ער געווען מער מייסטער דורך דער ליניע, ווי דורך זיין וואָרט?

שווער צו באַשטימען, וויילביידע האָבן זיך אים געגעבן גרינג, און ספּאָנטאַן, און דורך ביידע איז געקומען זיין אויסדרוק אויף אַ רוישיקן און פריידיקן אופן.

ווען איך האָב אים מיט אַכט יאָר שפּעטער באַגעגנט אין ווין, איז ער געווען באַזאָרגט מיט טיפער אחריות פאַר זיין אויפוואַקסנדיקן יינגל, וואָס האָט אפנים געדאַרפט מער, ווי דער פאָטער איז בכוח געווען אים צו געבן.

זיך צעגאַנגען מיט דער פרוי, האָט ער געפילט אין זיך אַ טאָפּלדיקע

אחריות פֿאַרן קינד. אין יענער צײַט האָב איך אין אים געזען אַ באַזאָרגטקייט און אַן אָפּטן אומרו, אָבער אין כאַראַקטער און אין דער רױשיקייט — דער זעלבער, ווי איך האָב אים געזען מיט אַכט יאָר פֿריער אין וואַרשע און אין ווילנע.

—סערוואוס! — האָט אויך אין ווין געקלונגען פֿון זײַן מויל צו פֿרײַנט און באַקענטע אומעטום, וואָס איך האָב זיך מיט אים באַוויזן.

— סערוואוס, בערקאָ! — איז געקומען צו אים פֿון יעדן אײנעם דער פֿרײַנטלעכער ענטפֿער.

און נישט קיין חידוש!

פֿון אים האָט זיך געטראָגן אַן אומבאַגרענעצטע ליבשאַפֿט צו מענטשן, צו ייִדן. אויך וועגן זײַן דערוווייטערטער פֿרוי האָט ער גערעדט מיט ליבשאַפֿט. און וועגן זײַן ייִנגעלע?

— מאָרגן האָב איך מיט אים אַן אויספֿלוג, — ווילסט אפֿשר מיטקומען איך וועל דיר ווײַזן הערלעכע פֿלעצער!

ווען ער האָט דערהערט ביי ווּעמען אין ווין איך שטיי אײַן, און אַז די מענטשן זײַנען די משפּחה פֿון מײַן פֿרוי, האָט ער אויסגערופֿן:

— זיטאָ איז דײַן? הער נאָר, הער! מיר זײַנען דאָך פֿון דעם זעלבן געגנט אין די קאַרפּאַטן־בערג! איך קאָן דאָך זי, ווען זי איז געווען אַ יונג מיידל.

דאָס האָט געבראַכט דערצו, ער זאָל שוין די מערסטע צײַט פֿון מײַן באַזוך אין ווין מיט מיר אין הויז פֿון מײַן פֿרויס מוטער, פֿון וועלכער ער האָט, אַגב, געמאַכט עטלעכע פּרעכטיקע צייכענונגען, שמועסנדיק מיט איר וועגן די שיינקייטן פֿון די קאַרפּאַטן־בערג, וואו ער איז אויסגעוואַקסן.

סאַראַ ליבשאַפֿט עס האָט זיך געטראָגן פֿון אים צו יענער געגנט, — צו די געזונטע, האָרעפּאַשנע ייִדן, און אויך צו די פּויערן, מיט וועלכע ער האָט געלעבט אין נאָענטקייט.

ז.

צווישן מײַנע ליולקעס אין דעם מעשענעם וואַזעלע איז די גרעסטע — זײַנע. זי דערמאָנט אַ מיטנאַכט אין ווילנער האָטעל „יעוראָפּייסקי״, ווען איך האָב זיך אויפֿגעכאַפּט פֿונעם שלאָף און אים געזען אין אַ רויכיקער כמאַרע אין ווינקל ביי אַ טישעלע מיט אַ קליין לעמפּל איבער דעם.

— בערקאָ, דו לאָזט מיך נישט שלאָפֿן, — האָב איך אויסגערופֿן, און ער האָט, נישט אויסדרייענדיק זײַן פּנים צו מיר, געענטפֿערט:

— דו מיך אויך נישט!

די זעלבע וואָך איז אין ווילנער „טאָג״ אונטער דער רעדאַקציע פֿון זלמן רייזען, דערשינען זײַנס אַ פֿאָעמע מיט מײַן נאָמען איבער איר.

אויף מײַנער אַ וואַנט הענגט אײַנגעראָמט אַ טאָפּלטער פּאָרטרעט פֿון מיר

— צייכענונג און וואָרט, שטייט פאַר די אויגן דאָס קאַפּע הויז „צענטראַל“ אין ווין, וואו ער האָט אין מיטן רוישיקן טומל געשאַפן ביידע צוזאַמען.

אין ווינקל לעבן דער טיר פון מיין וואוינונג שטייט צווישן אַ קאָלעקציע שטעקנס זיינער מיט אַ הערשן־האָרן איבער זיך, קלינגט אין די אויערן:

— דער הערש איז טאַקע פון מיין מאַידאַן!

פון זיין מאַידאַן?

דאָס זעלבע מאַידאַן, וואו ער איז געבוירן געוואָרן, אויסגעוואַקסן און אָנגעפילט געוואָרן מיט איר שיינקייט, מיט דער רחבות, און מיט אַזוי פיל ליבשאַפט אין זיך צום לעבן, און דאָס זעלבע מאַידאַן, וואו מען האָט אים דערשלאָגן מיט דרענגלעך און ניט קיין דערשלאָגענעם אין דער ערד באַגראָבן?

איך נעם אַרונטער פון מיינע פּאָליצעס זיינע ביכער, און . . . אָבער, וואָס איז דאָ צו זאָגן, און וואָס איז דאָ צו רעדן?

1948.

# ב. ריווקין

## א.

אַ צייט נאָך ב. ריווקינס טויט קומט אַרויף צו מיר די פרוי מינאַ באַר־דאַ־ריווקין, מיט איר שטענדיק מאַמעדיק־באַזאָרגט פּנים, וואָס איז דאָס מאָל געווען באַזונדער באַזאָרגט.

— וואָס איז געשען, מינאַ ? — האָב איך געפרעגט, און זי האָט אָנגעהויבן זיך באַקלאָגן אין אַ שטאַרקן אומרו :

— הערט אַ מעשה : איך שטעל איצט צונויף אַ באַנד פון ברוכס איבער־געלאָזטע מאַנוסקריפּטן, און איך געדענק אויף זיכער, אַז ער האָט וועגן אייך געשריבן, אָבער איך קאָן בשום אופן ניט געפינען דאָס אַרטיקל, — אפשר ווייסט איר, וואו, און ווען דאָס אַרטיקל איז אָפּגעדרוקט געווען ?

איך האָב זיך אָנגעשטרענגט צו דערמאָנען און זיך באַלד צעשמייכלט פון מיין אָנשטרענגונג. וואָרים וואָלט דאָס אַרטיקל געווען געדרוקט געוואָרן, וואָלט איך דאָס ניט נאָר געדענקט, נאָר זיכער געווען אויסגעשניטן.

— אַזאַ אַרטיקל איז קיינמאָל פון ב. ריווקין ניט דערשינען, — האָב איך איר פאַרזיכערט.

— זייט איר זיכער ? — האָט זי געפרעגט אין פאַרצווייפלונג.

זי איז געבליבן זיצן אַ דערשלאָגענע. אין מיר איז אויפגעגאַנגען אַ טיף מיטגעפיל צו אָט דער צאַרטער פרוי, וואָס האָט ניט נאָר פאַרגרינגערט ב. ריווקינס לעצטע יאָרן פון זיין שווערן לעבן מיט איר פאַרשטענדעניש און באַציאונג צו זיין גרויסן גייסט, וועלכער איז שטענדיק געריטן אויפן רוקן פון אַ צעוויגטן שטורעם, נאָר לעבט אויך איצט מיט און פאַר דער ירושה, וואָס ער האָט אונדז איבערגעלאָזט.

איך האָב דערפילט אַ באַגער צו פאַרגרינגערן איר שווער געמיט, און אָנגעהויבן רעדן צו איר וועגן דער קליינער זאַמלונג פון לויטערע און צאַרטע לידער, וואָס איז אַרום יענער צייט דערשינען פון אָט־דער מינאַ באַרדאַ־ריווקין.

— עס איז פאַר מיר אַ פאַרגעניגן אייך צו זאָגן, אַז איך האָב געהאַט אַן אמתן געניוס פון אייערע לידער, — האָב איך געזאָגט, און אויף אַ רגע האָבן אירע טונקעלע אויגן אַ שיין געטאָן.

— אַדאַנק אייך ! עס איז גוט צו הערן, אַז אַ דיכטער האָט הנאה געהאַט

פון מיינע לידער, — האָט זי אָנגעהויבן, און באַלד זיך אומגעקערט צום פריערדיקן: — איך גיב נאָך ניט אויף, ערגעצוואו מוז דאָך דאָס זיין.

זי האָט זיך אויפגעהויבן און גערעדט מער צו זיך, ווי צו מיר אין איר פאַרטראַכטקייט:

— איך האָב יאָ געפונען אַ פּעקל מיט נאָטיצן וועגן איך... זייער אינטע־רעסאַנטע נאָטיצן... לויט זיי האָט געדאַרפט זיין אַ ברייטערע אַרבעט, און טאָ־קע אַ וויכטיקע אויך... אויב איך וועל די אַרבעט ניט געפינען, וועל איך אפשר אַריינגעבן די נאָטיצן, ווי זיי זיינען?...

מיט אַ שטיקל צייט שפּעטער באַווייזט זיך דער עסייאיסט אַבאַ גאָרדין און לאָזט מיר וויסן אין אַ פריילעכן, הלצהדיקן טאָן:

— ב. ריווקין האָט צוגעשיקט וועגן איך אַן אַרטיקל פון יענער וועלט.

האָב איך זיך דערפרייט מיט דער נייעס, אַז דאָס אַרטיקל וועגן מיר האָט זיך אָפּגעזוכט, און באַמערקט:

— נו, ביי אים איז אַזאַ זאַך דאָך מעגלעך!

ב.

מיין באַמערקונג, אַז ביי אים איז אַזאַ זאַך מעגלעך איז געגאַנגען אויפן אַדרעס פון מאַרק טאַלעראַז, וואָס איז געווען ב. ריווקינס פּסעוודאָנים איבער זיינע אַרטיקלען וועגן ספּיריטואַליזם, וועלכע זיינען געלייענט געוואָרן פון אַ סך מענטשן מיט גרויס אינטערעס.

געלייענט האָבן אָט די אַרטיקלען ניט נאָר יענע, וואָס האָבן געטיילט מאַרק טאַלעראַזס גלויבן אין גייסטער, נאָר אויך אַ סך, וואָס האָבן געקוקט אויף אָט דעם גלויבן מיט ביטול. מען האָט געלייענט צוליב דער גייסטרייכקייט, וואָס האָט געשלאָגן פון זיי און צוליב דעם פאַרבנרייכן סטיל אין זיי.

און וואָס איז דער חידוש? איז דאָך מאַרק טאַלעראַז געווען ניט מער ווי אַ שלייער, אונטער וועלכן עס האָט זיך געטראָגן ב. ריווקינס אומבאַגרע־נעצטע פאַנטאַזיע מיט אַ היפּשן בינטל שליסל צו די טירן פון אַלערליי פאַר־באָרגענע קעמערלעך אין דעם פאַרנעפּלטן לאַבירינט פונעם קאָסמאָס.

עס דערמאָנט זיך מיר אַן אָוונט ביי אים אין שטוב מיט אַ טונקל־הויטי־קער און אייגנפאַרחלומטער מעדיום, וואָס ער האָט דעמאָלט ביי זיך געהאַט, כדי צונויפצוברענגען גייסטער פון יענער וועלט מיט אַ צאָל ערדישע פריינט זיינע, וואָס ער האָט ספּעציעל פאַרבעטן צו זיך יענעם אָוונט.

איך האָב זיך נאָרוואָס געהאַט אומגעקערט פונעם יידישן לעגיאָן אין ארץ־ישראל, און נאָך אַפילו ניט באַוויזן איבערצובייטן מיין אוניפאָרם אויף אַ ציווילן אָנצוג, און אפשר טאַקע צוליב מיין אוניפאָרם,האָט די מעדיום מיך אומבאַדינגט געוואָלט האָבן האַרט ביי איר זייט. דאָס קליינע עס־צימער איז

געווען האַלב־באַלויכטן און אַרום דעם קײַלעכדיקן טיש די געסט, וואָס יע־דער איינער פון זיי האָט זיך געדאַרפט קאָנצענטרירן אויף איינעם אַ גייסט. די מעדיום איז געזעסן מיט צוגעמאַכטע אויגן און געשילדערט פאַר דעם און פאַר יענעם דאָס אויסזען פון דעם גייסט, אויף וועלכן מען האָט זיך קאָנ־צענטרירט. האָט געטראָפן ענלעכקייט, און עמיצער פון די געסט האָט באַשטע־טיקט, איז ב. ריווקינס פּנים געוואָרן אויפגעלויכטן, און פון זײַן מויל האָט זיך אַ ריס געטאָן אַ ברום, און אַז די ענלעכקייט האָט ניט געשטימט, האָט ער געפונען אַ תּירוץ:

— עס טרעפט זיך אַ צעמישעניש!

איך געדענק, אַז איך האָב בײַ איין מאָמענט אַזאַ אַרויסגעוואָרפן פון מויל אַ חכמה:

— מסתּמא זיך געביטן מיט דער דירה דאָרטן.

דער עולם אַרום טיש האָט זיך צעלאַכט, און איך האָב באַלד חרטה געהאַט אויף דער חכמה, ווײַל ב. ריווקינס פּנים האָט זיך אַ כמורע געטאָן, און ווער עס האָט אים געקאָנט אין דער נאָענט, האָט אים קיינמאָל ניט גענומען מיט קיין גרינגשאַצונג אַפילו ווען זײַנער אַ צוגאַנג האָט זיך בשום אופן ניט גע־לייגט אויפן שׂכל.

— נו, יאָ, עס איז ריווקין, — פלעגט מען פאַרענדיקן, ווען מען האָט דערציילט וועגן זײַנער אַן אויסטערלישקייט, און דער טאָן איז געווען אַזאַ, וואָס האָט געמיינט:

— וואָס ער קאָן זיך פאַרגינען, קאָן ניט אַן אַנדערער.

דער אינטערעס צום ספּיריטואַליזם האָט בײַ ב. ריווקינען אָנגעהאַלטן אַ לענגערע צײַט, און אינגאַנצן אָפּגעזאָגט פון אים האָט ער זיך ניט אַפילו אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען זײַן אינטערעס איז איבערגעגאַנגען צו אַנדערע ענינים.

אַט דערמאָנט זיך מיר נאָך אַ סצענע, וואָס איך האָב איבערגעלעבט לעבן אים, וואָס האָט מיך ממש איבערגעשראָקן.

ער האָט אין יענער צײַט געלעבט אין פילאַדעלפיע, וואו ער האָט מיט־געאַרבעט אין דער דאָרטיקער טעגלעכער צײַטונג די „יידישע וועלט“, און איך בין אַהין אָנגעקומען, ווי אַ לערער פאַר אַ קינדער־שול פונם „נאַציאָנאַלן אַר־בעטער־פאַרבאַנד“. אַזוי ווי מײַן שול איז געווען אין שכנות מיט דער רעדאַק־ציע פון דער צײַטונג, פלעג איך אין אָוונט נאָך די לימודים זיך אַרײַנכאַפּן אַהין פון צײַט צו צײַט. איין מאָל אין אַזאַ אָוונט בעט מיך ב. ריווקין מיטצו־גיין מיט אים אין יידישן טעאַטער, וואָס אַנשל שאָר האָט דאָרטן אָנגעפירט, און מיר לאָזן זיך גיין צופוס דורכן „אינדעפּענדענס סקווער פּאַרקל“ שווייגנדיקע און פאַרטראַכטע, יעדער איינער מיט זײַנע מחשבות. ווען מיר האָבן דערגרייכט

דאָס פּלאַץ, וואו דער גרויסער באַפרייאונגס־גלאָק מיט דער צעשפּאָלטענער ריפּ שטייט אויף זיין פּיעדעסטאַל, איז פּלוצלינג ב. ריווקין געבליבן שטיין מיט דער רעכטער האַנט אויסגעשטרעקט אינעם חלל אַריין:

— וואָס איז, ריווקין? — האָב איך געפרעגט אַ דערשטוינטער, אָבער אָנשטאָט אַן ענטפער צו מיר, האָט זיין קול אַ דערהויבנס און עקזאַלטירנדיקס אויסגערופן אין דעם חלל אַריין:

— יצחק לייבוש פּרץ אין פילאַדעלפיע?

אַ דינער, אַנהויב־ווינטערדיקער נעפּל האָט זיך געצויגן איבערן סקווער פונעם פּאַרקל, און די אָנגעצונדענע לאָמפּן האָבן דורך אָט דעם נעפּל אויסגעקוקט ווי פאַרזשמורעטע אויגן.

איך האָב אויפגעשווידערט, אָבער געזאָגט האָב איך גאָרניט. מיר זיינען שווייגנדיקע געגאַנגען דעם גאַנצן וועג ביז מיר האָבן דערגרייכט דעם טע־אַטער.

ג.

וואָס־זשע אַזוינס האָט ב. ריווקינען געפירט זיך אַריינצולאָזן אין דעם ספּיריטואַליזם? וואָס האָט אים געבראַכט צו אַזאַ עקזאַלטירנדיקן געמיט־צו־שטאַנד, אַז ער האָט אָנגעהויבן צו זען זאַכן און מענטשן אין דעם ליידיקן חלל?

אַז ער האָט ווירקלעך געזען, איז ביי מיר קיין שום ספק ניט. ניט גע־ווען אין זיין כאַראַקטער קיין שום סימן פון אָנשטעל, און אַוודאי ניט פון באַ־וואוסטזיניקן צוטראַכטן זאַכן, כדי מאַכן אַן איינדרוק. איז וואָס־זשע האָט אים דערפירט דערצו? איז ער געווען אַזוי שטאַרק באַווירקט פון דעם גרויסן ענגלישן געלערנטן סער אָליווער לאָדזש אָדער אַנדערע פון דעם מין, וואָס האָבן אין יענער צייט געזוכט צו איבערצייגן די וועלט דורך וויסנשאַפטלעכע באַ־וויזן, אַז דער ספּיריטואַליזם איז אַ פאַקט?

אין יענער צייט האָב איך געפרעגט אָט די פראַגע, און ניט געפינענדיק קיין ענטפער, האָב איך אָנגעהויבן צו טראַכטן, אַז ער איז אַן ערנסטער חולה, און אין מיין וואַרעמער באַציאונג צו אים, בין איך געווען היפש באַזאָרגט.

איך האָב אפילו זיך דערגרונטעוועט פון וואַנען די חולאת איז צו אים געקומען, און מיין האַרץ איז געווען אָנגעפילט מיט טיפסטן מיטגעפיל צו אים.

די סיבה האָב איך געזען אין דעם פאַרלוסט פון זיין פרוי, צו וועלכער ער איז געווען שטאַרק צוגעבונדן.

ווער עס געדענקט ב. ריווקינען אין דעם פעריאָד פון זיין פרויס אומ־היילבאַרער קראַנקהייט, וועט זיך אַוודאי דערמאָנען דעם גוואַלטיקן פיין, וואָס האָט זיך פון אים געטראָגן. ער פלעגט אין יענער צייט אָפּזיצן שעה'נווייז אין

אַ ווינקל פון שלומס קאָפּע־הויז אײַנגעגנורעט אין זײַן אייגענער קיילעכדיקייט — דאָס רונדע פּנים אַרונטער צום האַרצן, און די אויגן דורך די זײַער דיקע ברילן האָבן געגעבן דעם אײַנדרוק, אַז אָט באַלד וועלן זיי דורכלעכערן דעם טיש, די ווענט, די סטעליע און דורך זיי אַלע זיבן הימלען.

איין מאָל האָט ער איז אַזאַ צושטאַנד זיך פּלוצלינג היסטעריש צעשריגן הויך אויפן קול:

— איך וועל ניט דערלאָזן! ניין! ניין! איך וועל זיך אײַנשפּאַרן און ניט דערלאָזן!

ער איז געשטאַנען אויף די פיס, געביילט די פויסטן צו דער ווײַטקייט און איבגאַנצן געציטערט:

— איך וועל ניט דערלאָזן!

שפּעטער, ווען די פּרוי איז שוין געווען טויט, און דער ברויז אין אים איז איבערגעגאַנגען אין פאַרלוירנקייט און אין אײַנזאַמקייט, האָט ער אין זײַן זוכעניש זיך צו ראַטעווען פון זיי, זיך אַרויפגעכאַפּט אויפן רוקן פון דער אילוזיע וועגן דער ווײַטערדיקער עקזיסטענץ פון די, וואָס זײַנען געצוואונגען צו פאַרלאָזן די ערד, און דאָס מיין איך איז דער גאַנצער מהות פון ב. ריווקינס פּערזענלעכקייט, ווי אַן עסייאיסט און יידישער ליטעראַטור־קריטיקער.

לייענט פּאַרזיכטיק זײַנע אַרבעטן, — צי זיי זײַנען וועגן יידישע קולטור־פּראָבלעמען, אָדער וועגן יידישע שעפערישע מענטשן, און איר וועט אַוועקגעטראָגן ווערן אין זײַנע הויכקייטן און ווײַטקייטן אויף אַזוי פיל, אַז ווען איר וועט קומען צו זיך, וועט איר זיך כאַפּן, אַז עס זײַנען שוין ניט די פּראָבלעמען און די שריפטשטעלער וועגן וועלכע ער רעדט צו אייך, נאָר עס איז ב. ריווקין, און דורכאויס ב. ריווקין, וואָס האַלט אייך געשפּאַנט מיט זײַן געוואַלטיקן דראַנג צו ראַטעווען אונדז אַלעמען און זיך אַליין פון דער אָדער יענער פּיין, וואָס פּײַניקט אונדזערע געמיטער.

אָט כאַפּ איך אַרויס בלויז עטלעכע זאַצן פון זײַן וואונדערלעכער עסיי: „די צוויי בריקן, וואָס די יידישע ליטעראַטור וואַרפט איצט צו דער יידישער רעליגיע". און הערט נאָר, הערט, ווי ער טרייסט די יידישע שעפערישע מענטשן, וואָס זײַנען געפאַלן בײַ זיך איבער דער גלײַכגילטיקייט מצד דעם ברייטן יידישן עולם צו זייער שאַפן:

— זיי האַלטן זיך איצט אינגאַנצן פאַר איבעריקע, פאַר אומזיסטיקע. זיי פילן זיך, ווי אָפּגעגנאַרט פון אויבן ביז אַראָפּ, — דונערט ער אין זײַן ברויזקייט, און ער הילכט אַרויס פון זיך:

— אָבער, ניין! די איבעריקע וועלן ווערן די בויטיקסטע, און די פאַרמשפּטע וועלן ווערן די אויסגעלייזטע און די דערלייזער!

אויף וואָס איז זיך סומך זײַן טרייסטנדיקער פּאַראויסזאָג? שפּאַרט ער

אים אָן אויף עפּעס אַן אַקטועלער געשעעניש אין אונדזער לעבן? ניין. אַפילו קיין שפּעקולאַטיוו ברענגט ער אויך ניט, און דאָך זייט איר טיף באַזעלט און גייט אים נאָך. פאַרוואָס? עס איז איבער דעם גליענדיקן באַגער אין אים זיך צו ראַטעווען פון אומגלויבן אין גלויבן אַריין, און ווייל זיין באַגער איז אויך אייערער, גיסט איר זיך צונויף מיט אים, און איר זייט שוין צוזאַמען מיט אים אויפן רוקן פון דער שיינער, שטראַליקער אילוזיע:

— יידיש און די קינסטלערישע ליטעראַטור אויף איר ווערט פאַר אַלע יידן איבער דער גאָרער ערד אַ כמו־טעריטאָריע, וואָס איז נאָך שטאַרקער, ווי אַן ערדישע טעריטאָריע, און די יידן פון אַלע תפוצות ציען פון איר די קרעפטיקע יניקה פאַר המשך און קיום.

ד.

די חכמי־לעזשאַנקע, וואָס קאָנען אויסרעכענען אַקוראַט, אַז צוויי מאָל צוויי איז פיר האָבן אָפּטמאָל ביי זיין לעבן געשמייכלט פון ב. ריווקינס פאַנטאַסטישע איינפאַלן, און ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן געזוכט צו מינימיזירן זיין וואָרט.

— רייט, ווי אַ מכשף אויף אַ בעזים, און וואָס?

— צעשויבערטקייט, וואָס פילט ניט די נויטיקייט זיך צו פאַרקעמען!

אָט אַזעלכע און ענלעכע באַמערקונגען האָט מען געהערט פון די חכמי־לעזשאַנקע, און עס איז מאָדנע, וואָס איצט, נאָך זיין טויט, קוקן זיי אַלע אויס, ווי פאַרקאָפּטשעטע גלעזלעך אין דעם ליכט פון דער פאַרביקער ירושה, וואָס ווערט איצט צונויפגעזאַמלט דורך זיין פרוי מינאַ באָרדאָ־ריווקין.

עס איז ביז גאָר סימפּטאָמאַטיש אָט דאָס, וואָס צווישן די הויפּט עסקנים אַרום דער אויפזאַמלונג פון זיין ירושה זייַנען די שעפערישסטע מענטשן אויפן געביט פון אונדזער בעלעטריסטיק און פּאָעזיע. אַוודאי שפּילט דאָ אַ ראָל דער באַגער צו ווייזן די אייגענע פנימער, וואָס ב. ריווקין האָט אַזוי מייסטערהאַפט אַרויסגעבראַכט דורך זיינע אַרבעטן. אָבער איז דען ניט טאַקע דער באַגער אַליין דער בעסטער באַווייז, ווי וויכטיק עס איז פאַר זיי געזעען צו ווערן דורך ב. ריווקינען?

צום לויב פאַר די אמתדיקע שעפערישע מענטשן זאָל פאַרצייכנט ווערן: קיינער פון זיי איז ניט געווען צווישן די, וואָס האָבן געזוכט מבטל צו זיין ב. ריווקינען. אדרבא. אויב ער האָט ביים לעבן געהאַט אויפריכטיקע פאַרערער, זייַנען דאָס געווען די טאַלענטירטסטע בעלעטריסטן און דיכטער. זיי זייַנען געווען די איינציקע, וואָס האָבן אים באַנומען און אים שטאַרק אָפּגעשאַצט. ער איז געווען פאַר זיי ניט נאָר אַ ליטעראַטור־קריטיקער, דורך וועלכן מען קאָן פאַרמערן פאַר זיך דאָס ביסל פּירסום, וואָס מען האָט געוואָלט און גע־

דארפט, נאָר אויך אַ מיטשאַפער פון זייערע ווערק, אין וועלכע ער האָט אַרײַנ־געלאָדן זײַן אייגענע איבערשוימטע אָנגעלאָדנקייט און מיט איר אָנגעפילט די בלויזן דאָ און דאָרט, אַדאַנק וועלכן די ווערק זײַנען וואַגיקער געוואָרן, און זיך דערהויבן צו גרעסערער חשיבות.

אָט דער אופן פון איבערלאָדן די אייגענע אָנגעלאָדנקייט און זי אַרײַנ־לאָדן אין יענעמס אַ ווערק איז דאָס סאַמע כאַראַקטעריסטישע אין ב. ריוור־קינען, ווי אַ ליטעראַטור־קריטיקער.

— אַ ווערק, וואָס האָט אין זיך די ברכה פון טאַלאַנט, לויזט מען ניט, נאָר מען וועבט אין דעם אַרײַן דאָס, וואָס עס רופט אין דיר אַרויס, — האָב איך אים אַמאָל געהערט זאָגן.

און איך געדענק, אַז אָט דער זאָג זײַנער האָט ניט נאָר מיר געגעבן דעם שליסל צו אים אַליין, נאָר האָט אויך קלאָר געמאַכט פאַר מיר די סיבה פון מײַן ווידערווילן צו יענע קריטיקער, וואָס פאַרנעמען זיך מיט שטענדיקער מבינות־זאָגערײַ אויף יענעמס ווערק, בשעת זיי אַליין זײַנען הויל פון יעדער מין שעפערישקייט אין זיך.

מיט אָט דעם זאָג איז ער מיר שטאַרק נאָענט געוואָרן גלייך ביי דער ערשטער באַקאַנטשאַפט מיט אים פערזענלעך.

עס איז געווען אין אַ שפעטן ווינטער־אָוונט אין יאָר נײַנצן־זעכצן. איך בין געזעסן מיט משה לייב האַלפערן ביי אַ טישל אינעם קעלערדיקן רעס־טאָראַנדל אויף איסט בראָדוועי. פלוצלינג האָט זיך צוגעוויגט צו אונדז אַ קלײנגעוויקסיקע, קיילעכדיקע פיגור מיט אַ מאַסיוון קאָפּ און אומרואיקן קיי־לעכדיקן פנים, איבער וועלכן דאָס סאַמע אָנזעענדיקסטע זײַנען געווען די צוויי דיקע גלעזער פון אַ פּאָר ברילן.

משה לייב האַלפערן האָט אונדז פאָרגעשטעלט, און פון אַ זײַט אַ מורמל געטאָן צו מיר:

— אַ וויכטיקער כוח.

גלייך ביים אָנהויב פונעם שמועס, האָט משה לייב האַלפערן גענומען קיבעצן ב. ריווקינען:

— איר נעמט אייער אַלדאָס גוטס און שטאָפּט מיט דעם אָן אַלע בלויזן פון די, צו וועלכע איר רירט זיך צו, — האָט ער געזאָגט, און דעמאָלט האָט ב. ריווקין אַ זאָג געטאָן דעם זאָג, וואָס האָט מיך גענומען.

משה לייבס קיבעצן האָט אָפּנים שטאַרק אָנגערירט ב. ריווקינען, און ער האָט גענומען רעאַגירן.

— המ . . . — האָט ער גוטמוטיק געברומט, ווען משה לייב האָט אים פאָרגעוואָרפן, אַז ער רייסט צו די הויכן אַ צאָל שרייבער ממש ביי די טשופּ־רינעס.

— המ . . . — האָט ער געהאַלטן אין איין איבערחזרן, און שפּעטער איז ער פון דעם „הם" איבערגעגאַנגען אין ווערטער, וואָס זיינען געוואָרפן גע־וואָרן מיט דעם אימפּעט פון פאַלנדיקע שטיינער:

— קריטיקער באַדאַרפן ניט זיין קיין לויזערס פון קעפּ ביי די שריפט־שטעלער!... אידייען־אָנוואַרפער באַדאַרפן זיי זיין!... איר פאַרשטייט?... אידייען־אָנוואַרפער! צו די הימלען! צו די האָריזאָנטן! איר פאַרשטייט!

אָפּגעזאָגט אָט דאָס, האָט זיך זיין קיילעכדיקע פיגור צעוויגט און זיך אַרויסגעוויגט פונעם רעסטאָראַנדל אין דרויסן אַרויס.

— אַ וואונדערלעכער שריפטשטעלער! — האָט משה לייב האַלפּערן געזאָגט, און נאָכגעקוקט אים ביז וואַנען ער איז פאַרשוואונדן, און דערנאָך לאַנג גערעדט צו מיר וועגן אים מיט גרויס באַוואונדערונג.

ה.

— שאַפונג איז אַן אַקט פון אמונה, — זאָגט ב. ריווקין אין זיין וואונדער־לעכער עכט־ריווקינישער עסיי וועגן י. ל. פּרצן, און באַטאָנט, אַז אַ קינסטלער־דיכטער איז אויך געווען משה רבינו.

זיין באַמיען זיך אריינצוטייטשן אין י. ל. פּרצן רעאַליזם, איז געווען די איבערלאָדונג פון זיין אייגענער אָנגעלאָדנקייט, וואָס כאָטש זי האָט שטענדיק אויסגעקוקט פאַר אונדז, ווי אויסטערלישע שוועבונגען אויף רוקנס פון אי־לוזיעס, איז זי פאַר אים געווען דורכאויס רעאַליזם, וואָס ער האָט געזען, גע־הערט, געפילט מיט אַלע זיינע חושים.

— ליטעראַטור זאָל זיין דירעקטע לעבנס־דינסט, — זאָגט ער אין אַן אַנ־דער אָרט פון דער זעלבער עסיי וועגן י. ל. פּרצן, און ער אַליין האָט מיט אַלץ וואָס ער האָט געשאַפן, געזוכט צו טאָן אָט־די לעבנס־דינסט.

אפילו מיט זיין ספּיריטואַליזם האָט ער באַצוועקט אָט די לעבנס־דינסט. זאָל דער מענטש, וואָס איז אין שטענדיקן פּחד פאַר דער פולשטענדיקער אויפלייזונג, זיך באַפרייען פון אָט דעם פּחד דורכן באַוואוסטזיין, אַז עס איז דאָ אַ ווייטערדיקע עקזיסטענץ. אַזוי איז געווען מיט זיין צערעמאָניאַליזם פאַר דעם וועלטלעכן יידישן מענטשן, וואָס איז געבליבן אַן אויסגעליידיקטער נאָכן איבעררייסן מיטן צערעמאָניאַליזם פון זיינע רעליגיעזע אבות. און וואָס איז זיין משיחיזם אויב ניט אַ בריק־פאַרוואַרפעריי פאַר די שריפטשטעלער פון זיין דור, וואָס האָבן איבער דער אָדער יענער סיבה זיך געשטעלט אָן אַ זייט פון לעבן אַרום זיך, ווייל צעשויבערט האָט דאָס אויסגעקוקט אין זיי־ערע אויגן.

— שווער אייך צו ציען יניקה פון אייער אַרומיקייט? איז נאַט אייך אַן אילוזיע „משיחיזם" און שוועבט אין די הויכן איבער איר!

די, וואָס זיינען געווען אָנגעלאָדן מיט דעם ווירקלעכן לעבן אַרום זיך, האָבן אָט די אילוזיע ניט געדאַרפט, אָבער אַ היפּשע צאָל, וואָס וואָלט אפשר געווען אונטערגעגאַנגען איבער דער אויסגעליידיקטקייט אין זיך, האָט ער באַפרוכפּערט און אַ נייע ענערגיע אַריינגעגעבן אין זיי פאַר ווייטערדיקע שאַפערישע פאַרמעסטן.

עס איז געווען דער כסדרדיקער אומרו צווישן אונדז. ער האָט זיך געטראָגן אַן אימפּעטיקער, געזוכט און גענישטערט, זיך אָנגעלאָדן מיט דעם געפונענעם, און באַלד דאָס אויסגעלאָדן פון זיך פאַר די, וואָס האָבן זיך אין דעם גענויטיקט. ער האָט געזוכט דאָס סאַמע גרעסטע, דאָס סאַמע טיפסטע, און געהאַלטן צעוואַכט אונדזער גייסט, און אים ניט געלאָזט זיך אויסוועפּן, און אויפגעלייזט ווערן.

ספּיריטואַליזם, משיחיזם, צערעמאָניאַליזם, אַלאַמעריקאַניזם — דאָס זיינען די שטריך, ביי וועלכע ער האָט זיך אָנגעכאַפּט אין זיין געיעג פון דער שטענדיקער אומרואיקער זוכעניש זיינער, און צו יעדן שטריך ביי וועלכן ער האָט זיך אָנגעכאַפּט האָט ער אונדז גערופן:

— קומט אַהער, קומט אַהער, און ראַטעוועט זיך!

ז.

אויף דער פּאָליצע פון מיין שטוב־ביבליאָטעק, וואו עס זיינען צונויפגעזאַמלט די ביכער פון די יידישע וויכטיקסטע ליטעראַטור־קריטיקער, וואַקסט אויס אין דער לעצטער צייט בוך נאָך בוך פון ב. ריווקין, וואָס זיין אלמנה, די דיכטערין מינאַ באָרדאָ־ריווקין, גיט אַזוי זאָרגפעליק אַרויס, און יעדעס מאָל ווען אַ ניי בוך קומט צו, לעב איך איבער אַ טאָפּלדיק געפיל.

איך פריי זיך, וואָס נאָך אַ טייל פון זיין ירושה איז אויפגעזאַמלט, און די ליבהאָבער פון יידישן וואָרט וועלן האָבן אַ נייעם קוואַל, פון וואָס זיך צו נערן, און אין דער זעלבער צייט דערמאָנט יעדעס ניי בוך, אַז ער אַליין איז שוין מער ניטאָ.

אָט פאַלן מיינע בליקן אויף די שיין־אַרויסגעגעבענע בענדער, און מיר ווערט עפּעס ביז גאָר מאָדנע צו קוקן, ווי סאָליד זיי שטייען זיך אַזוי אויף דער פּאָליצע.

— ב. ריווקין איז ענדלעך אַזוי נעט געקליידט, און זע נאָר ווי סאָליד ער שטייט אַזוי אויפן זעלבן אָרט אויף דער פּאָליצע, — מורמל איך צו זיך, און פאַר מיינע אויגן גייט אויף דאָס פיזישע לעבן פון אָט דעם אומרואיקן גייסט.

— ריווקין, וואוהין? — פלעג איך אים אַמאָל אָפּשטעלן אינמיטן גאַס, מיט יאָרן צוריק אויף איסט־בראָדוועי, אָדער אין דעם נידעריקן טייל פון די

בראָנקס, וואו מיר האָבן געלעבט בשכנות, שפּעטער אויף דער צווייטער עוועניו, וואָס איז געוואָרן די געגנט פון יידישע קולטור־אינסטיטוציעס און רעסטאָראַנען פאַר יידישע קינסטלער און אינטעלעקטואַלן.

מיין פראַגע צו אים איז שטענדיק געווען דערפאַר, ווייל זיין גאַנג האָט קיינמאָל ניט געגעבן דעם איינדרוק, אַז ער גייט צו אַ באַשטימטן פּלאַץ. וואָרים ניט געגאַנגען איז ער, נאָר זיך געטראָגן פונעם אימפּעט אין אים.

דעם מאַסיוון קאָפּ אונטער אַן אַלטן, צעדרייטן קאַפּעלוש געבויגן אויף אַ זייט, און די באַברילטע אויגן — אָדער אַרונטער צו די שפּאַנענדיקע שיך, אָדער פאַרריסן צום הימל.

— האַ? — פלעגט ער זיך אויפוועקן פון מיין פראַגע, און בלייבנדיק שטיין מיר אַ ברום טאָן:

— הם.

אין אַזעלכע מאָמענטן האָבן מיר זיך זעלטן צעשיידט. איך פלעג אָנגעפילט ווערן מיט זיין אימפּעט און מיטגעטראָגן ווערן ביז מען האָט סוף כל סוף געלאַנדעט ערגעצוואו ביי אַ קאַפע־טישל.

עס איז געווען אינעם פעריאָד, ווען ער איז געווען אינגאַנצן אַרבעטסלאָז, און אין זיין געמיט האָט אָנגעהויבן אויפצוגיין אַ פאַרביטערונג קעגן יידישע שריפטשטעלער, וואָס האָבן געהאַט שטעלעס אין די רעדאַקציעס און זיך ניט וויסנדיק געמאַכט וועגן די, וואָס זיינען אַרומגעגאַנגען שלינג און שלאַנג אָן די מינדסטע מיטלען צו קאָנען עקזיסטירן.

— הם, די בעלי־גופניקעס! — פלעגט מען הערן אים אָפטמאָל אַ ברום טאָן אין זיין פאַרביטערונג.

פלאַכקעפּ האָבן אויפגענומען זיין פאַרביטערונג אויף דעם אופן, ווי מען נעמט אויף די פאַרביטערונג פון יעדן אַנדערן, וואָס געפינט זיך אין אַ שווערער, דריקנדיקער לאַגע.

— איז וואָס־זשע וויל ער? — פלעגט מען הערן ביי די קאַפע־טישלעך אַן איריטירטן אויסרוף פון דעם, אָדער יענעם פינפט־קלאַסיקן צייטונגס־שמירער, וואָס איז געזעסן בהרחבה איבער זיין אָנגעפילטן טעלער מיט פלייש און קאַווע מיט שמאַנט.

— זאָל איך אים געבן מיין שטעלע און אַליין ווערן אַרבעטלאָז?

ביי אַט אַזאַ אויסרוף פלעגט דער פלאַכקאָפּ וועלן געבן דעם איינדרוק, אַז ער איז פון דעם זעלבן קאַליבער, ווי אַ ב. ריווקין, נאָר וואָס זשע־דען? עס איז אַ פּשוטער צופאַל, וואָס ער האָט יאָ אַ שטעלע, און יענער האָט ניט, איז וואָס זאָל ער טאָן, האַ?

דער אמת איז, אַז ב. ריווקינס פאַרביטערונג איז גאָרניט געווען קעגן אָט די פלאַכקעפּ, און אַז די פאַרביטערונג אין אים איז גאָרניט געווען אַזוי איבער

דעם, וואָס ער אַליין האָט קיין פּרנסה ניט געהאַט. זי איז געווען אַ סך טיפער און געווענדט געווען איז זי הויפּטזאַכלעך קעגן די שעפערישע שריפטשטע־לער, וועלכע ער האָט יאָרן לאַנג דערהויבן מיט זיין גייסט, — זיי אָנגעטאָן אין די בגדי־כהונה, און אין טאָגעס פון נביאים. און פּלוצלינג האָט ער דער־זען, אַז אָט די כוהנים נעמען צו פאַר זיך די פעטסטע חלקים פונעם מזבח, ניט טראַכטנדיק וועגן די אַנדערע, וואָס הונגערן, און אַז די נביאים, וואָס זיינען געווען איינגעוויקלט אין זיינע טאָגעס, זיינען אין דעם ליכט פון דער ווירק־לעכקייט נביאי־השקר.

— מען דאַרף זיי אויסרויכערן! — פלעגט ער אין זיין בזיון פאַר דער פאַרשוועכונג פון די בגדי־כהונה און די נביאים־טאָגעס זייער אָפט ווייטיקלעך אַ ברום טאָן.

ב. ריווקינען האָט געבריט דאָס געמיט, ערשטנס, דער פאַקט גופא, וואָס שעפערישע מענטשן קאָנען זיך פאַרגינען צו זיצן אויף זייערע שטעלעס, און גאָרניט טאָן פאַר אַנדערע שעפערישע מענטשן, וואָס זיינען אָן מיטלען צום לעבן, און צווייטנס, —

די צווייטע בריאונג איז נאָך געווען אַ פיל שטאַרקערע, און געווען איז זי, ווען ער האָט דערזען, ווי צוליב די שטעלעס זינדיקן אָט די שעפערישע מענטשן היפּש אונטער מיטן וואָרט, וואָס אין זיינע אויגן האָט דאָס געדאַרפט זיין דער שליח פון דער ריינסטער און הייליקסטער שליחות פאַר אונדזער וויטערדיקן לעבן.

— מען דאַרף אייך אויסרויכערן! — האָט ער איין מאָל אַ ברום געטאָן אין דער מסיבה פון עטלעכע יידישע שעפערישע שריפטשטעלער, וואָס האָבן געהאַט שטעלעס אין די רעדאַקציעס.

איינער פון די זיצנדיקע, וואָס האָט אַפּנים דערפילט ב. ריווקינס צאָרן, האָט אַ זאָג געטאָן מיט אויפריכטיקייט אין זיין קול צו אים:

— איר ווייסט, וואָס איך טראַכט? איך טראַכט, אַז ווען איר וואָלט געהאַט אַ שטעלע, וואָלט מען זי געדאַרפט ביי אייך צונעמען, כדי עס זאָל ניט פאַר־שטומט ווערן דער אמת, וואָס איר וואַרפט אונדז אין די פּנימער אַריין.

— הם, — האָט ב. ריווקין בייז אַ ברום געטאָן, און קוקנדיק יענעם אין פּנים אַריין, האָט ער אַרויסגעדונערט:

— אין אייער פאַרזאָרגטקייט מיט עולם־הזה ווילט איר, אַז איך זאָל אייך צושטעלן דעם פאַרגעניגן פון וועקן אייער געוויסן?

ז.

עס איז אַוודאי גוט, וואָס ב. ריווקינס ירושה ווערט איצט אויפגעזאַמלט, און אַוודאי איז יעדעס ניי בוך פון אים אַן אוצר אינעם שייער פון אונדזער

יידישער ליטעראַטור און קולטור, אָבער יעדעס ניי צוגעקומען בוך זיינס דער־מאָנט אונדז, וואָס האָבן יאָרן לאַנג געלעבט אין זיין נאָענטקייט, אַז ער אַליין איז שוין מער ניטאָ, און עס איז אַזוי מאָדנע צו זען, ווי דער אימפּעטיקער אומרו זיינער איז איצט איינגעפּרעסט צווישן אַזעלכע סאָלידע טאָוולען אונ־טער רוקנס מיט שיינענדיקע גאָלדענע אותיות.

יעדעס מאָל, ווען מיינע אויגן פאַלן אויף אָט־די פעסט־געפּרעסטע רוקנס מיט די שיינענדיקע גאָלדענע אותיות איבער זיי, דערהער איך, ווי דער אומרו שרייט אַרויס פון הינטער זיי:

— לאָזט מיך אַרויס! איך פיל זיך איינגעקרעמפּט צווישן די טאָוולען און הינטער דער שטייפקייט פון אָט די רוקנס!

און זעלטן, זעלטן, ווען איך לאָז אָט דאָס געשריי אָן אַן ענטפער, און נעם נישט אַרונטער פון דער פּאָליצע איינס פון זיינע ביכער, כדי צו בלעטערן דאָס שוין צום ווּיפלטן מאָל און זיך לאָזן אין גערעג איבער די פליגל פון זיין אימ־פּעט צו הויכן, צו ווייטן, וואו ער האָט זיך געפילט אַזוי היימיש.

.1954

# לייב אַליצקי

## א.

וויפל מאָל האָב איך שוין גענומען די פען אין דער האַנט צו שרייבן וועגן דעם וויכטיקן ווערק „דאַדיע קאָוואַל" פון לייבל אַליצקי? זיך גענומען, אָנגעהויבן שרייבן, און אַוועקגעלייגט, ווידער אַמאָל פּרוּבירט, און נאָך אַמאָל נישט נאָר אַוועקגעלייגט, נאָר די פען איז ממש אַרויסגעפאַלן פון דער האַנט, — פאַרוואָס?

די סיבות זיינען פאַר מיר קלאָר סיי פון דעם באַגער צו שרייבן, און סיי פון די שטערונגען, וואָס וואַרפן אַרויס די פען פון מיינע פינגער.

די סיבות פון באַגער צו שרייבן זיינען: ערשטנס, אַ וואונדערלעך, קינסט־לעריש ווערק; צווייטנס, איז די קאַנווע מיין אייגן געבוירן־שטעטל, — די טייערע פאָלקס־מענטשן אין דעם, וואָס איך האָב געקענט דורך דער קינסטלע־רישער געשטאַלטונג פון ל. אַליצקי. און אַ דריטע סיבה איז ער, לייב אַליצקי אַליין, וואָס פאַר מיר איז ער לייבל נחמן יעקב מאירס, — דער עלטערער ברודער פון ברוך אַליצקי, — דעם טאַלענטירטן, שיינעם יידישן פּאָעט, וואָס איז אומגעקומען אינעם וויסטן היטלער־מבול, און דעם נאָך יינגערן מאָטעס אַליצקי, וואָס האָט זיך באַוויזן צו ראַטעווען קיין ניו־יאָרק, וואו ער לאָזט פון צייט צו צייט זיך הערן דורך זיינס אַ פיין ליד אין די ניו־יאָרקער ליטע־ראַרישע אויסגאַבן.

אָבער אָט זיינען דאָ אויך די סיבות, וואָס שטערן מיר, ווייל צו שרייבן וועגן אָט־דעם ווערק „דאַדיע קאָוואַל", טונקט זיך די פען אין דעם בלוט פון דער אייגענער וואונד, וואָס לאָזט זיך נישט פאַרהיילן.

פאַר די אויגן שטייט דאָס בילד, ווי עס ווערט געשילדערט ביים סוף פונעם בוך פון איציקן, דעם פאַרטיזאַן, וועלכער האָט דאָס צוגעזען מיט זיינע אייגענע אויגן דורך אַ לאָך פונעם אוהל־דעכל אויפן אַלטן בית־עולם.

עס איז אַ בילד, פון וועלכן עס ווערט דיר בזיונדיק דאָס אייגענע ביסל לעבן אויף דער ערד.

איך ווייס, איך וויים, אַז עס איז נישט נאָר דיין טריסק, וואָס איז אַזוי בזיונדיק אומגעקומען, — אַ סך, אַ סך אַזעלכע טריסקס זיינען געגאַנגען דעם אייגענעם וועג. אָבער, ווען פאַר דיינע אויגן גייען דורך די, וואָס זיינען דיר געווען אַזוי נאָענט, ביסטו דאָך אַליין צווישן זיי, איז ווי־זשע קאָן די פען אין דיינע פינגער זיך איינהאַלטן, און נישט אַרויספאַלן אַ פאַרשעמטע?

ב.

און דאָך זע, אַז איז די זעלבע פען שוין ווידער צווישן מיינע פינגער און זי באַוועגט זיך איבער דעם ווייסן פּאַפּיר.

איצט האַלט זי זיך מיטן כוח פון אים אַליין, — פון לייב אַליצקי, וואָס איז געבליבן ביים לעבן, און לעבט איצט אין וואַרשע, וואו ער איז אַ וויכטי־קער יידישער קולטור־כוח פאַר דעם קליינעם יידישן ישוב אין דעם איצטיקן פּוילן, און איז אין דער זעלבער צייט אויסגעוואַקסן, ווי אַ וויכטיקער יידישער שריפטשטעלער.

ווען איך האָב אים געזען אינעם יאָר 1929 אין דעם זעלבן טריסק, וואָס האָט נאָך געלעבט, און געטראָגן אין זיך האָפענונגען פאַר געזונטערער באַ־נייאונג, איז ער געווען ווי זיין געשטאַלט שמעון אַדלער, ווען ער האָט שפּעטער אַזוי הערלעך און קרעפטיק געשטאַלטיקט אין זיין גרויס ווערק „דאַדיע קאָוואַל“.

— לייבל נחמן יעקב מאירס האָט זיך היפּש אָוועקגערוקט פונעם שורש זיינעם, — האָבן פרומע עלטערע יידן גערעדט וועגן אים מיט באַדויער.

— מיין ברודער לייבל טראָגט אויף זיינע פּלייצעס די יידישע שול, און איך, ווי איר זעט, פאַרקויף שיך און שטיוול, — האָט גערעדט צו מיר דער ייִנגערער ברודער, ברוך, וועמעס לידער זיינען דערשינען אין נחמן מייזילס „ליטעראַרישע בלעטער“ פון וואַרשע, און איך האָב אויך קיין אַנדער נאָמען נישט דעמאָלט געהאַט פאַר אים, ווי נאָר „לייבל“.

— לייבל, פאַרוואָס אַזאַ טראַציקייט צו טריסק אין דיין בוך „אין אַן אָקופּירט שטעטל“? — האָב איך אים געפרעגט.

— עס געפעלט דיר נישט מיין בוך? — האָט ער שטיל און פאַרביסן געפרעגט ביי מיר, קוקנדיק פון אַ זייט מיט זיינע טונקעלע אויגן דורך די ברילן.

— עס איז דאָ טאַלאַנט אין דעם, לייבל, קרעפטיקער שילדערונגס־כוח, איז ווי־זשע קאָן דאָ זיין אַ רייד וועגן נישט געפעלן? — האָב איך זיך פּרובירט קלאָר צו מאַכן, אָבער דערביי בין איך באַשטאַנען אויף מיין טענה:

— אַזוי פיל טראַציקייט? אַזוי פיל בייזקייט?

איך געדענק, אַז ער איז דעמאָלט געלעגן אויף אַ באַנק לעבן דער שול און זיך געוואָרעמט אין דער נאָכמיטאָגדיקער זון: זיין טונקל־הויטיק פּנים האָט אויסגעקוקט פאַרמאַטערט, און איך האָב אָנגעהויבן פילן געוויסנביסן פאַר מיינע טענות צו אים.

אין מיינע מחשבות האָב איך זיך גענומען בייזערן אויף זיך אַליין פאַר מיינע טענות צו אים.

— אָט איז אַ יונגער מענטש — אַ צווײַג פֿון אַ שטאַם, וואָס איז געווען מיט יאָרן צוריק אַזוי גרין צעבלעטערט דאָ אין שטעטל.

פֿאַר מײַנע אויגן איז געשטאַנען זײַן זיידע — דער שײנער ר׳ יעקב מאיר — גבאי ראשון ביים טריסקער מגיד ר׳ יעקב לײבעניו, וועלכער האָט געהאַט אַ שם פֿאַר זײַן תורה און חכמה, און זײַנע שטענדיק געפּוצטע שטי־וועלעך. נו, און זײַן פֿאָטער נחמן — אַן אײדעלער יונגערמאַן, וואָס איז מיט זײַן נאָך אײדעלערער מוטער געשטאַנען אין דער זעלבער שיך־קראָם, אין וועלכער עס שטייט איצטער זײַן ייִנגערער ברודער ברוך. איך האָב אויך געטראַכט פֿון זײַנע עלטערע ברידער אברהם און משה, וואָס זײַנען אַזוי פּרי־ציטיק אַוועק פֿון דער וועלט, און אָט ליגט ער אָט דאָ לעבן מיר אויסגעצויגן אויף דער באַנק לעבן דעם זיידנס שטוב, וואָס איז איצט די ייִדישע קינדער־שול, און איז אונטער זײַן אויפֿזיכט.

— נו, יאָ, אַ לערער, אַ דירעקטאָר, און אַ טאַלאַנטירטער שרײַפֿטשטע־לער, וואָס קומט צום אויסדרוק דורך דער נאָוועלע, און די פֿײַנע, און קלוגע משלים, וואָס דערשײַנען פֿון צײַט צו צײַט, — האָב איך געטראַכט.

האָט ער ליגנדיק אַזוי אַן אויסגעצויגענער אויף דער באַנק דערפֿילט, וואָס עס זײַנען מײַנע מחשבות וועגן אים ?

עס קאָן זײַן, אַז יאָ, ווײַל ווען ער האָט פּלוצלינג אָנגעהויבן רעדן צו מיר, איז נישט געווען קיין סימן פֿון טראַציקײט אין זײַן קול :

— דיר איז גוט. דו לעבסט אין אַמעריקע, וואָס איז אַזוי ווײַט פֿון דאַ־נען, און עס איז זייער נאַטירלעך, אַז ווען דו פֿאַרטראַכסט זיך דאָרטן אַמאָל וועגן דײַן שטעטל, זאָל דאָס אויפֿגיין פֿאַר דײַנע אויגן ראָמאַנטיש, אָבער אַזאַ ווי איך, וואָס לעבט דאָ ?

ג.

נו, יאָ, איך לעב אין אַמעריקע, ווײַט פֿונעם שטעטל, און דערפֿאַר זע איך דאָס אין אַן אַנדער ליכט.

אַפּנים, אַז ער איז גערעכט געווען. אַ סימן ? דאָס בוך „דאַדיע קאָוואַל״, וואָס ער האָט געשריבן, זײַענדיק דערווײַטערט פֿונעם שטעטל, איז גאָר עפּעס אַנדערש, ווי זײַנע פֿריערדיקע נאָוועלן וועגן דעם זעלבן שטעטל.

ווי און ווינד, אַז עס האָט געדאַרפֿט צו דעם קומען ! עס איז אָט דער „ווי און ווינד״, וואָס האָט אָפּגעווישט אין זײַן צער־פּול געמיט די טראַצי־קײַט, און זי פֿאַרוואַנדלט אין אומגעהויערער ליבשאַפֿט.

אמת, אַז אויך די ליבשאַפֿט האָט אים נישט פֿאַרבלענדט, און ער זעט אויך די שאָטנדיקע זײַטן פֿון די מענטשן, וואָס ער האָט מײַסטערהאַפֿט פֿאַר אונדז געשטאַלטיקט, אָבער אפֿילו אין די שאָטנדיקע זײַטן איז דאָ זײַן אומגעהייערע ליבשאַפֿט, און פֿאַרשטענדעניש, וואָס איז גאָר רירנדיק.

עס איז נישט נאָר די צענטראַלע פיגור „דאָדיע קאָוואַל“ אין זיין בוך. עס זיינען אויך די אַלע אַנדערע, וואָס זיינען אַדורך זיין קינסטלערישן ליכט, דורכאויס נייע געשטאַלטן אין אונדזער יידישער ליטעראַטור.

גרשון טראַטש און רייזע מלכהניו דער רביצינס — צוויי פיגורן, וואָס זיינען גאַנץ צופעליקע אין דער גרויסער שילדערונג, — דער ערשטער, ווייל ער איז דער פאָטער פון „דאָדיע קאָוואַל“, און די צווייטע — אַן אַל־מנה, וואָס איז אַריבערגעבראַכט געוואָרן דורך מלכהניו דער רביצנס פאַר אַ קעכין פון אַן אַנדער שטעטל און זי ווערט גרשון טראַטשס ווייב און אַזוי־אַרום דאָדיעס שטיפמאַמע. איז דאָס נישט אַזוי אין צוזאַמענהאַנג מיט דאָ־דיעס לעבן, וואָס זיי ליכטיקן אויף פאַרן לייענער זיי קיינמאָל נישט צו פאַר־געסן, — זייערע געשטאַלטן ליכטיקן זיך פון דער מייסטערהאַפטער שילדע־רונג און דעם אופן, ווי אַזוי זיי זיינען מאַן און ווייב געוואָרן.

דאָס בילד פון דעם קנאָכיקן, באָרוועסן גרשון אויף דער קלאָץ פון דער טראַטשקע מיט די אויסגעהאָרעוועטע פינגער איבער דעם הענטל פון דער זעג, וואָס איז איצט נישט אין באַוועג, ווייל אונטן איז זי, רייזע מלכהניו דער רביצנס, מיט אַ זעקעלע כלומרשט פאַר אַביסל פרישע זעגאַכץ פאַר איר קיך, אָבער אין דער אמתן איז זי געקומען כאַפן אַ קוק אויף אים, מיט וועמען אַ שדכן זוכט זי צו פאַרשלייערן, איז אַזאַ מייסטערשאַפט, אַז עס גייט אייך נאָך.

— אַרררבעטס, אַרררבעטס, — זאָגט זי ביים אַוועקגיין, און ער קוקט איר נאָך מיט זיינע שיינענדיקע אויגן פון דער קלאָץ אַרונטער אין דעם זוניקן, זומערדיקן פרימאָרגן.

פון אָט דעם געמעל טראָגט זיך אַזאַ טיף־מענטשלעכע ליבשאַפט, וואָס לאָזט זיך ממש אָנטאַפּן מיט די הענט.

און זיינען זיי דאָך נישט די איינציקע! דאָס זעלבע איז מיט יונה סע־ווערױק — דעם פריילעכן באַלעגאָלע מיט דער בעלמע אויף איין אויג, וואָס ברענגט נאָך בוילעטער אַרויס די בלענדיקייט פון זיין צווייטן, זעענדיקן אויג.

ער האָט נישט קיין לשון אין מויל, אָט־דער יונה סעווערױק. אָבער פון דעם אומריינעם לשון שלאָגט אַ מחיהדיק ריין האַרץ פון אַ טייערן אַמכאָ־דיקן יידישן מענטשן.

דאָס זעלבע ווייזט ער אונדז אויך אויף אַ פיל ברייטערן פאַרנעם אין דעם כאַראַקטער פון זיין הויפּט־געשטאַלט „דאָדיע קאָוואַל“. אַ מויל, וואָס שיט פון זיך מיט פריסיק, ווי זיין צווייטער נאָמען איז, אָבער אינעם פריסיק זשאַרעט אויף אייך אַ הייס, אָרנטלעך מענטשלעך האַרץ, וואָס געווינט אייך דורך דעם גאַנצן גאַנג פון זיין פריער יינגלשאַפט ביז ער מאַכט צו אויף

איבּיק זײנע טײערע שוואַרץ־בּריענדיקע אויגן אַרומגערינגלט פון זײן װײב, די בּנים, די טאָכטער אסתּרקע און אַלע איבּעריקע פון זײן פאַרצװײגטער משפּחה.

ד.

אָבער לאָמיך נישט פאַרלויפן צו „דאָדיע קאָוואַל" גופא, וואָס איז די צענטראַלע פיגור פונעם מערקווירדיקן בּוך.

עס זײנען דאָ אַזוי פיל פיגורן און פיגורעלעך, אַרום אים, — ייִדישע און אויך נישט־ייִדישע, פרויען און מענער, — דערוואַקסענע און יוגנטלעכע, וואָס האַלטן אײך געשפּאַנט מיט זײער געראַנגל אינעם לעבן פונעם שטעטל, און מיט דער קאָליריקײט אין זיך גופא, אַז איר גײט מיט זײ מיט, און װילט זײ נישט פאַרלירן פון די אויגן.

דער גאַנג איז אַ גאַנץ היפּשער. אַ מהלך ממש. ער ציט זיך פון די יאָרן אין דער ערשטער װעלט־מלחמה, װען די עסטרײכער האָבן אָקופּירט דאָס שטעטל. איר זעט פאַר זיך די איבּערגאַנגען פון דעם זעלבּן ישוב אונטער די זיך בּײַטנדיקע מאַכטן. יעדע נײַע מאַכט לײגט אַרויף איר חותם, און יעדער נײַער חותם לאָזט איבּער הינטער זיך אַ ירושה, וואָס דער נײַער חותם קאָן נישט אַזוי גרינג פאַרווישן.

די יאָרן פון דער פּוילישער מאַכט האָבן אַרײַנגעבּראַכט מער אָדער װײניקער אַן אײַנגעשטעלטן לעבּן, אָבער דאָס שטעטל האָט שוין נישט מער דאָס פּנים, װי עס האָט געהאַט אין דער צײַט, װען רײזיע מלכּהניו דער רביצנס איז געקומען אָנקוקן איר גרשון אונטער דער טראַטשקע. דער רבּישער הויף איז שוין לאַנג אַ פאַרלאָזענער. אויפן אָרט, וואו עס איז געשטאַנען די קיך און דאָס בּעדל, סאָפּעט איצט אַ פאַראָװע מיל, און שטעלט שוין אַפילו צו אײנציקע עלעקטרישע לעמפּלעך פאַר די שטעטלדיקע שטיבּער. ייִדן ציען דאָס בּיסל חיונה אונטער דער נײַער פּוילישער אָרדענונג און קהלען זיך, װי אין אַלע אַנדערע שטעטלעך פון דעם מין אונטער דער זעלבּער אָרדענונג.

װער עס האַלט זיך נאָך געטרײַ צום שטאָטישן בּית־המדרש, כאָטש די ספרים אין אים ליגן שװײַגנדיקע און פאַרשטויבּטע אין דער אַלטער, האַלבּ־צעבּראָכענער שאַפע, און װער עס איז אַוועק אויף גאַנץ אַנדערע דרכים.

עס פעלן דאָ נישט די פּאַרטײען, װי אומעטום. ציוניסטן אַרום דער העברײִשער קינדער־שול „תּרבּות", בּונדיסטן און אַנדערע „איסטן" — אַרום דער ייִדישער קינדער־שול, וואָס װערט בּיסלעכװײַז דער צענטראַל־פּונקט פון ייִדישיסטן, און גלאַט באַלמעלאָכעס.

עס טוט זיך און עס קאָכט זיך, כאָטש דאָס גאַנצע שטעל איז אַ גענעץ די גרויס.

שמעון אַדלער — דער לייטער פון דער שול איז אַן אַנגעזעענער כוח סיי מיט דעם גרויסן יחוס, וואָס שלעפּט זיך אים נאָך, סיי מיט זיין וויסן און זיין אייגענער פּערזענלעכקייט.

ל. אַליצקי איז היפּש שפּאָרזאַם אין זיין שילדערונג פון אָט־דער איינ־טערעסאַנטער געשטאַלט. אפילו אין זיין ליבשאַפט צו זיין גראַטענער תלמידה אסתר, אָדער אסתרקע פּריסיק — די טאָכטער פון דאָדיע קאָוואַל, האַלט ער שמעון אַדלערן הינטער אַ שלייער. דאָך זעען מיר אים גאַנץ קלאָר. ער וואַקסט זיך פאַנאַנדער פאַר אונדזערע אויגן מער דורך דער צאַרטער ליב־שאַפט פון זיין תלמידה צו אים, ווי דורך זיך אַליין.

עס שוויבלט מיט היפּשע דראַמאַטישע מאָמענטן אַרום אים, און אַרום זיין שול, וואָס ווערט דאָס ציל־ברעט פון די שוואַרצע כוחות פאַר אַלערליי הינטער־פיסלעך, וואָס דערגייען אפילו צו מסירה.

און מסרן איז דאָ אויף וואָס. אין שטעטל איז דאָ אַ באַהאַלטענער אונ־טערגרונט, וואָס איז אַ געמיש פון אומצופרידענע אוקראַינער, מיט וועלכע אַ טייל פון דער יידישער יוגנט איז פאַרבונדן.

## ה.

אָבער די צענטראַלע פיגור פון אָט דער גרויסער שילדערונג איז דאָך דאָדיע קאָוואַל.

עס איז די פיגור, אַרום וועלכער עס דרייט זיך דורך קאַליידאָסקאָפּיש דאָס לעבן פונעם שטעטל מיט אירע איינוואוינער פון דער ערשטער וועלט־מלחמה ביזן ערב פון דער צווייטער.

פאַרוואָס ער האָט אויסגעקליבן דאָדיע קאָוואַל, ווערט קלאָר, ווען מען כאַפּט אויף דעם גרויסן איבערגאַנג אינעם שטעטל פון דער פאַטריאַרכישער כלי־קודשדיקייט צו אַמכאַדיקייט.

אַמאָל, אַמאָל, ווען דער רבי ר׳ יעקב לייבעניו האָט געקיניגט אין זיין הויף, און די עקאָנאָמיק פון די איינוואוינער איז געווען אָפּהענגיק פון דער שפע, וואָס די טויזנטער חסידים פון נאָענט און וויט האָבן מיט זיך גע־בראַכט, איז די אָנזעעוודיקייט געווען ביי די גבאים און ביי די תלמידי־חכמים פון שטעטל, אָבער זינט דאָס האָט זיך אויסגעלאָזט, איז די אָנזעעוודיקייט אַריבער צום פּשוטן יידן, — דעם האָרעפּאַשניק, דעם באַלמעלאָכע, און ווער צווישן זיי האָט געקאָנט כולל זיין אָט־דעם שיכט אויב נישט דאָדיע קאָוואַל, — דער מייסטער באַלמעלאָכע, צו וועמענס קוזניע עס האָבן געשטראָמט די פּריצים מיט זייערע בריטשקעס און קאַליאַסלעך, ווי די פּויערן מיט זייערע פּשוטע וועגענער און אַזוי־אַרום געבראַכטע שפע אין שטוב אַריין?

ל. אַליצקי פירט אונדז אין דער דאָזיקער שטוב אַריין און ווייזט אונדז דאָדיע קאָוואַל אין דער מלוכה פון זיין פאַרצווייגטער משפּחה, — די שטילע,

הכנעהדיקע מינצע, וואָס כאָטש זי האָט נישט בײַ אים אַזאַ מזלדיקע דאָליע, פירט זי דאָך די באַלעבאַטישקייט אויף אַ רחבותדיקן אופן. איר טיש איז דער בעסט־געדעקטער נישט נאָר פאַר איר מאַן מיט די בנים, נאָר אויך אפילו פאַר דעם נישט־יידישן אַרבעטער, וואָס ווערט באַהאַנדלט גלײַך, ווי אירע בנים, און, פאַרשטייט זיך, אַז קיין אורח פעלט קיינמאָל נישט אויף שבת.

דאָדיע קאָוואַלס טיש שפרודלט נישט מיט קיין תורה, אָבער דערפאַר איז די אכילה ממש אַן עבודת־הקודש, און דער כוהן גדול דאָדיע מונטערט אַלעמען און ספּעציעל — דעם אורח, אַז ער זאָל טאָן די מלאכה, ווי עס געהער צו זײַן.

ווי אין שטוב, אַזוי אויך אין דער קוזניע צו די בנים און דעם נישט־יידישן אַרבעטער. ער מונטערט צו אַרבעט מיט זײַן אייגענער ענערגיע, און ער איז זייער שטאָלץ מיט דער פלינקייט און פּרעציזקייט פון זײַן מלאכה.

ער איז צוגעבונדן צום בית־המדרש, צו די תפילות אין אים, נישט מחמת פרומקייט, נאָר מחמת צוגעבונדקייט צו דער אײַנגעוואָרצלטער יידישקייט, אין וועלכער ער איז אײַנגעוואוינט פון זײַן פריסטער קינדהייט.

דאָס זעלבע פאָדערט ער מיט טאַטישן באַפעל פון זײַנע בנים, און דאָך איז ער דער ערשטער צו דערפילן די ריינע כוונות פון זײַן איציקן, וואָס חברט זיך מיטן אוקראַיִנישן אונטערגרונט.

— מײַן בעל יושר, — רופט ער זײַן איציקן, נישט אָן פּיעטעט אין זײַן קול, ווייל ער הערט פונעם זון זייער אָפט דאָס אָרנטלעכע וואָרט.

ווען מען באַפאַלט די שטוב איבמיטן נאַכט און מען פירט אַוועק זײַן איציקן געקייטלט אין קייטלעך, נעמט ער אַרום זײַן מינצען און טרייסט זי:

— נו, איז וואָס? ער האָט, חלילה, עמעצן באַגנבעט, צי עמעצן שלעכטס געטאָן?

ו.

דאָס זײַנען בלויז עטלעכע שטריכן פון דאָדיע קאָוואַל, ווי ל. אָליצקי ווײַזט אים פאַר אונדז.

און עס ווערט פאַר מיר קלאָר די ליבשאַפט אין דעם קינסטלער צו אָט דעם טייערן פאָלקס־יידן. ער פאַרזעט נישט דעם שאָטן, אָבער דאָס ליכט איז אַזאַ בלענדנדיקס.

נישט אומזיסט ווײַזט ער אים פאַר אונדז אין די לעצטע מינוטן פון זײַן לעבן אינעם געשטאַלט פון יעקב אבינו, וואָס ליגט אויף זײַן געלעגער און רעדט צו זײַנע קינדער, וואָס שטייען אַרום אים.

און דאָך איז דאָס נישט נאָר דאָדיע קאָוואַל אַליין אין אָט־דעם בוך, וואָס

טראָגט זיין נאָמען.

עס איז אויך שאַמע שמש, די לערער בעקערמאַן און ברינמאַן, דער טוער לעווין, דער יידישער צורר „קוליאַטעק", וואָס איז אַ מין פּאַרלויפּער צו די יידן־ראַטלער בימי היטלער, און דער עיקר — שמעון אַדלער, און אסתר פּריסיק.

ל. אַליצקי האָט הינטער אָט־דעם בוך „דאָדיע קאָוואַל" אַ גאַנצע רייע אַרויסגעגעבענע ווערטפולע ביכער.

נאָך אין 1924 איז דערשינען אין וואַרשע ביים פאַרלאַג „קולטור־ליגע" זיין בוך „אין אַן אָקופּירטן שטעטל", וואָס האָט געעפנט פאַר אים די טיר צו דער יידישער בעלעטריסטיק. שפּעטער איז דערשינען זיין בוך דערציי־לונגען „אין שיין פון פלאַמען" ביים פאַרלאַג ב. קלעצקין אין ווילנע. עס קו־מען נאָך וויכטיקע ביכער זיינע אויפן געביט פון בעלעטריסטיק: דער ראָ־מאַן „גערענגל", דערציילונגען „דער זון אַנטקעגן", „הונטמאַן" — ראָמאַן, וואָס איז דערשינען אין 1937 ביים פאַרלאַג „קולטור־ליגע", אין וואַרשע, אין צווי אויפלאַגעס. אין 1950 דערשיינט אין בוענאָס־איירעס, ביים איקוף־פאַר־לאַג, זיינע אַ דערציילונג „דורך טויט צום לעבן", און שפּעטער אין וואַרשע, זיינע דערציילונגען „מענטשן אין קלעם", און דער ראָמאַן „אָפּקלייב", ביים פאַרלאַג „יידיש בוך".

אויסער אָט־די אַלע אויסגערעכנטע ווערק אין פּראָזע איז ער אויך זייער שעפעריש אויפן געביט פון פיינע יידישע משלים, פון וועלכע עס זיינען ביז איצט דערשינען אַ צאָל זאַמלונגען.

נישט איין מאָל בלעטער איך איינע פון זיינע משלים־זאַמלונגען און שעפּ פון זיי פּאָלקסטימלעכע און טאַקע אויך אַליצקישע חכמה.

אָבער אין די לעצטע חדשים בין איך פול מיט זיין „דאָדיע קאָוואַל", וואָס איז גאָר אַ באַזונדער געשטאַלט אין אונדזער ליטעראַטור.

ז.

נו, אָט האָט די פען זיך דאָך געלאָזט פירן, כאָטש עס איז איר נישט אָנגעקומען גרינג.

טוריסק — ל. אַליצקיס און מיינס — איז נישטאָ מער, און אויב עס איז אפילו יאָ דאָ, זיינען נישטאָ מער דאָרטן די דאָדיעס, די שאַמעס, ווי עס זיינען שוין לאַנג נישטאָ מער די צדיקים, גבאים און די אַלע אַנדערע, וואָס האָבן דאָרטן געלעבט דורך דורות.

יענע ערשטע דורות זיינען געגאַנגען דעם וועג, וואוהין אַלע דורות גיי־ען, אָבער דער לעצטער איז געטריבן געוואָרן פון ביקסן און באַיאָנעטן אין די לאַפּעס פון רוצחים.

אַוודאי איז אַ שטיקל טרייסט, וואָס די שמעון אַדלערס, די אסתּר פּריסיקס און די איציקס זיינען כאָטש דאָ, — אמת, נישט מער אין טריסק, אָבער דאָ זיינען זיי.

אָט בין איך דאָך אויך נאָך דאָ, און גוט איז מיר צו הערן פון צייט צו צייט אַ גרוס פון ל. אָליצקין, וואָס ביי מיר איז ער נאָך אַלץ לייבל נחמן יעקב מאירס וואָס געפינט זיך איצט אין וואַרשע, וואו ער פאַרנעמט אַזאַ בכבודיק אָרט, ווי אַ יידישער קולטור־בויער, און ווי אַ שריפטשטעלער, וואָס הערט נישט אויף צו וואַקסן דורך די יאָרן אין באַדייטונג.

ווען אָט די שורות ווערן געשריבן, ציטערט דאָס האַרץ פאַר דעם גורל פון אונדזער ביסל יידיש לעבן אין פוילן, און עס טראַכט זיך פון ל. אָליצ־קי, זיין פרוי און זיין קינד.

— ווי לאַנג נאָך, טייערער לייבל? איז שוין נישט צייט צו לייענען פון דיר אַ בוך פון מנוחה און פון יידישער איינגעוואָרצלקייט?

1956.

# שלום שטערן

## א.

שוין אַ לענגערע צייט, ווי איך האָב באַקומען שלום שטערנס לידער־זאַמלונג: „עס ליכטיקט", און ביז היינט האָב איך דאָס ניט גענומען אין די הענט אַריין.

שולדיק איז דער נאָמען איבער דער זאַמלונג. אַזוינע שווערע און כמור־נע טעג ביי אונדז פאַר די לעצטע חדשים און דאָ נאָדיר גאָר: „עס ליכטיקט" אין מיטן דרינען.

אָבער היינט, שבת, דעם 29טן נאָוועמבער פון יאָר ניינצן איין און פערציק, האָט זיך דאָך אַביסל צעליכטיקט אַרום אונדז. די צייטונגען האָבן געבראַכט די גוטע נייעס דורך גרויסע קעפּ אויף די ערשטע זייטן, אַז די סאָוועטישע אַרמייען האַלטן ניט נאָר אָפּ ווירקזאַם די נאַצישע בעסטיעס אויף די פראָנטן פון מאָסקווע און לענינגראַד, נאָר אַז מען האָט צוריק גענומען די וויכטיקע שטאָט ראָסטאָוו ביים דאָן, פּלוס די קלעפּ, וואָס די ענגלענדער גיבן די זעלבע נאַציס און פאַשיסטן אין ליביע און אין די וואַסערן פון מורמאַנסק.

אַוודאי איז נאָך ווייט פון ליכטיק צו זיין. די דראָענדיקע כמאַרעס זיינען נאָך אויך איצט גענוג געדיכט, און מען דאַרף נאָך אַ סך, אַ סך ליכט זיי צו פאַרטריבן און אָפּצואווישן, אָבער צעליכטיקט האָט זיך דאָס אַביסל און זע נאָר זע, אָט זיץ איך שוין עטלעכע שעה אָן איבערגעבויגענער איבער שלום שטערנס: „עס ליכטיקט" און מיר איז ווירקלעך אַביסל ליכטיקער געוואָרן אויפן האַרצן.

פאַרוויגט אין שאָרך פון גרינעם גראָז.
דער הימל בלוי, געשליפן גלאָז.
דאָס מאָך אויף שטיין קרישלט פרייד.
טיפע רו אין בוים, אין בלעטער־קלייד.
און די זון אויף העכסטן באַרג האָט זיך אָפּגעשטעלט.
העל און אָפן ווינטלט זיך דאָס קאָרנפעלד.
און בוים און גראָז און בליט
מיט מיין געמיט זינגט מיט,
זינגט מיט.

מיט אָט דעם ליד עפנט שלום שטערן זיין לידער־זאַמלונג — „עס ליכ־

טיקט״, און איך בין אים דאַנקבאַר, וואָס ער האָט געקאָנט מאַכן אויך מײַן געמיט מיטצוזינגען מיט זײַנעם.

דאָס איז דער כוח פון עכטער פּאָעזיע. און שלום שטערן האָט אין זיך אָט דעם כוח.

אַפילו זײַן „לבנהדיקער טרויער״, פון וועלכן איך האָב זיך שוין לאַנג באַפרײַט, האָט זיך דאָס מאָל איבער מיר צעליכטיקט:

אַזוי ליכטיק און רײַן
איבער דאָרן און שטײן.

ב.

און עס איז ביז גאָר מאָדנע אָט דאָס, וואָס שלום שטערנס: „עס ליכ־טיקט״ איז זײער צוגעפּאַסט צו מײַן הײַנטיקן געמיט.

עס איז אַ בוך, וואָס איז ווײַט פון פולער ליכטיקײט. עס שלאָגט דערפון מיט אַ סך כמאַרעס און נעפּלען.

דער וואַלד אין פלאַמיקן טרויער,
שאָטנדיק שטיל פול מיט לויער.

אַזוי אויך דאָס געמיט מײַנס אין די איצטיקע שווערע טעג פון גרעסטן געראַנגל צווישן ליכט און חושך אויף דער ערד, אָבער דער

האַרבסט מיט רויטן בריליאַנט,
פינקלט אין זוניקן לאַנד.

נו יאָ, אונדזער לאַנד, איז נאָך אַלץ־זוניק, ניט קוקנדיק אויף די שווערע האַרבסטיקע כמאַרעס, וואָס הערן זיך ניט אויף צו רײַסן איבער דעם און זוכן מיט אַלע כוחות צו פאַרטונקלען דאָס פינקלען פון דעם רויטן בריליאַנט אי־בער דעם הימל פון דעם. אַזוי אויך אין שלום שטערנס לידער־זאַמלונג: „עס ליכטיקט״. שווערע האַרבסטיקע ווינטן אַרום. האָגל און שניי און וואָס ניט? אָבער עס ליכטיקט פאָרט מיט שלום שטערנס אָפּטימיזם, מיט זײַן זין פאַר געזונטן און נאַטירלעכן לעבן פון מענטשן, מיט זײַן גלויבן אין אַ בעסערן מאָרגן פאַר דער וועלט.

מיר פאַרגעסן גאָר
אין דער גרויליקער וואָר:
עס וואַרעמט דײַן האַרציק פאַרליבט געוויין.

אויך איך, לײענענדיק די לידער פון שלום שטערן האָב מאָמענטנווײַז פאַרגעסן די גרויליקע וואָר און איך בין אָנגעוואַרעמט געוואָרן ניט נאָר

פון זיין האַרציק, פאַרליבט געווייַן, נאָר אויך מיט זיין האַרציק פאַרליבטן שמייכל:

יאַנעק אויפֿן גאַניק,
האַנקע ביי דער בייט,
אָוונט וואַרפט אויף ביידן
דאָס בלויע שאָטנקלייד.

ג.

דאָס בוך האָט אין זיך דאָס לעבן פון שלום שטערן אויף דעם גרויסן שטח ערד, אויף וועלכן אָט דאָס לעבן איז ביז איצט געלעבט געוואָרן.

עס ציט זיך פון פוילן דורכן אַטלאַנטיק קיין קאַנאַדע, וואו דער דיכטער, לעבט שוין אַ לענגערע צייט.

דאָמינירנדיק איז פוילן, כאָטש אויך די קאַנאַדער ערד קומט דאָ היפּש צום אויסדרוק.

אַ שווער לעבן געווען אין פוילן, וואָס האָט זיך נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה פאַרמירט אין אַ זעלבסטשטענדיקער מדינה. גרינגער איז נאָר גע־וואָרן די גראַפן, וואָס האָבן געהאַלטן די לייצעס איבער דעם האַלדז פונעם פאָלק, וואָס איז אַליין אויך געווען צעטומלט צווישן זיך. דאָס פּוילישע פאָלק איז גערייצט געוואָרן קעגן די אוקראַינער און באַזונדערס קעגן די יידן.

איך בין דאָס יינגעלע פון פוילן,
הונגער איך און גיי אין הוילן.

און ניט נאָר ער, דאָס יידישע יינגעלע פון פוילן, נאָר אויך זיין פעטער יונה, וואָס האָט נאָך געדינט פאָניען אין דעם שנייאיקן סיביר, ישכרן, חיים בערישן, דעם שוסטער, דעם שניידער, דעם בלעכער, דעם קאָוואַל און אַפילו יאַנעקס און יאַשיקס און האַנדזשעס האָבן געלעבט אַזוי שווער, אַז

גאָט דערבאַרעמדיק און גרויס,
צי דיין האַנט אין רחמים אויס.

נו, און אויף דער קאַנאַדער ערד איז וואָס?

ווען די שיף האָט אים געבראַכט דורכן אַטלאַנטיק פון פוילן צו דער קאַנאַדער ערד איז געווען.

בענקשאַפט, דערוואַרטונג, הייסער זאָט,
אין פרעמדן לאַנד פעסט און זיכער ערשטער טראָט.

ד.

ניט ווילנדיק שטייט אויף פאַר מײַנע אויגן דאָס בילד, ווען איך האָב געזען שלום שטערנען צום ערשטן מאָל אויף מײַנעם אַ באַזוך אין מאָנטרעאָל, קאַנאַדע.

עס האָט נאָך דעמאָלט געשמעקט פון אים דער ריח פון דער שיף, וואָס האָט אים אַריבערגעבראַכט, און דער צער פון אַ יידישן יינגל אין דעם דעמאָלטדיקן פוילן האָט אַראָפּגעקוקט פון זײַן גאַנצן אויסזען. ער איז געווען יונג און דאָס אויסגעדאַרטקייט זײַנס און זײַן קלײנגעוויקסיקייט האָט אים נאָך געמאַכט אויסצוזען אַ סך יינגער, אָבער געקאָכט האָט ער זיך, ווי אַ מענטש, וואָס האָט שוין געהאַט אַ סך עסקים מיטן לעבן, און אַט דאָס לעבן איז אים שוין אַרויסגעקומען זייער אַ סך אויפן חשבון.

עס איז אַוודאי אַ צופאַל אַט דאָס, וואָס יעדעס מאָל, ווען איך קום קיין מאָנטרעאָל איז דאָרטן ווינטער.

שניי־באַדעקטע גאַסן, אײַז אויף די טראָטואַרן און אויף די לייטערדיקע, אײַזערנע אַרויפגאַנגען אין די שטיבער, וואָס איך באַזוך. דער הימל איז אויך אין יענע טעג מערסטנס אַ פאַרכמורעטער און אַזאַ נידעריקער, אַז אָט אָט דאַכט זיך וועלן די אומצייליקע טורעמס פון די קלויסטערס אין שטאָט זיך אַרײַנלעכערן אין אים.

און דאָך „ליכטיקט" אין מאָנטרעאָל!

עס ליכטיקט זיך פון דעם ביז גאַר פּיינעם, פּראָגרעסיוון יידישן עולם, וואָס געפינט זיך דאָרט, — פון דער פּראַכטפולער יידישער ביבליאָטעק, פון די גוטע יידישע קינדער־שולן דאָרטן, פון דעם הויך־טאַלאַנטירטן און עכטן יידישן דיכטער י. י. סיגאַל און פון דעם יינגערן פינקלענדיקן שלום שטערן.

דאָס וואָרט „פינקלענדיק" איז זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר שלום שטערנען, ווי עס איז בכלל כאַראַקטעריסטיש פאַר אים זײַן גאַנצער נאָמען.

אַז ער שפּאַנט מיט דיר איבער די מאָנטרעאָלער גאַסן איז ער כסדר פאַר־אויס מיטן פּנים צו דיר און פון זײַן מויל האַלט אין איין פינקלען באַגייס־טערונג פאַר אַלצדינג, וואָס איז גוט און שיין אויף דער וועלט.

און גוטסקייט און שיינקייט געפינט ער שטענדיק גענוג אויף דער וועלט צוליב וואָס עס לוינט זיך צו לעבן, פירן אַ קאַמף און האָפן אויף בעסערס.

דאָ כאַפּט ער זיך, אַז דער גאַסט, וואָס גייט מיט אים האָט ערשט ניט לאַנג צוריק אַרויסגעגעבן אַ בוך און ער צעפינקלט זיך שוין וועגן דעם בוך.

— אַ פיין בוך אייערס. סיגאַל האַלט אויך אַזוי.

אַ כמורנער הימל. שניי איבער די גאַסן, אײַז אויף די טראָטואַרן, אָבער „עס ליכטיקט" אַרום דיר פון שלום שטערנען.

## ה.

און אַזוי ווי ער אַליין איז, אַזוי אויך זיין ליד.

פינקלענדיק, שלומדיק און שטערנדיק אין אַ וועלט פון כמאַרעס, וועלט־קריג און שווערקייט.

דאָס פינקלענדיקייט נעמט זיך ביי אים פון זיין גלויבן אין דער ליכ־טיקייט פונעם מאָרגן, פון דעם, וואָס וועט קומען.

דערווייל איז טאַקע ניט גוט אַרום אונדז.

„אין נאַצי לאַנד, דיין מאָנענדיקער זאָג".

אָבער:

„עס שלאָגט די שעה".

שלום שטערנס וואָרט ווירקט אויף דיר מער מיט דער ליִרישער זאָגע־רישקייט אין דעם, ווי מיט בילדערישקייט. אָבער זיין זאָגערישקייט קומט פון אים אַרויס מיט אַזאַ עכטן טאָן, אַז ניט נאָר הערסטו, נאָר הייבסט אָן צו דערזען.

ער פלעפט דיך זעלטן מיט אַן אימאַזש, וואָס מיר רופן אין דער פּאָעזיע „אַ גליקלעכן אויסדרוק". זיין ליד איז כמעט קיינמאָל ניט באַצירט מיט קיין קרוזשעוועס, אָבער דערפאַר איז די פשוטקייט אַן אָנגעזעענע און דיינע אויגן ווערן ניט מיד נאָכצופאָלגן.

ער דערציילט פון זיך און דער וועלט אַרום אים.

אַ שווערע וועלט. אים איז אויך שווער, אָבער „עס ליכטיקט!"

„און — שווער ראַנגלען.
שאָטנס שפּרינגען.
עס קנאַלט אַ פייער־רויט".

אָבער:

„דער טייך דרימלט ביים שטייניקן וועג,
שטיל און ליכטיק וואָרט דער וועג".

אונדזער איצטיקער וועג איז אפשר ניט אַזוי שטיל און ליכטיק, ווי ער וואָלט געדאַרפט זיין.

אָבער אָט ברענגט די ראַדיאָ שוין פרישע נייעס:

— די סאָוועטישע אַרמיי טרייבט די נאַציס שוין אויך פון טאַגאַנראָג!

איך לאָז איבער שלום שטערנס זאַמלונג לידער אויף אַ ווייל און הער די נייעס דורך דער ראַדיאָ.

— יאָ, יאָ, שלום שטערן, — עס ליכטיקט!

.1943

# אבא שטאַלצענבערג

## א.

אַ ווילדע, אומגלויבלעכע געשעעניש פּלוצלינג אינמיטנדרינען.

די ייִנגערע ייִדישע שריפטשטעלער אין ניו־יאָרק זײַנען פאַרנומען ביז איבערן האַלדז מיט די גוואַלדיקע געשעענישן אַרום זיך. אונדזער ייִדיש לעבן האָט זיך צעשפּליטערט און יעדער שפּליטער איז אַרײַנגעגראָבן אין אַ טראַנשיי. פײַער און רויך אין גערודער פאַר דעם לעבן, וואָס מיר האָבן ליב, אין וועלכן מיר גלויבן, און פּלוצלינג טוט גאָר איינער אַ פאַל אַנידער און אויס, נישטאָ!

ערשט מיט אַ יאָר און אַ האַלבס צוריק איז עפּעס ענלעכס בײַ אונדז געשען.

ניט מיר, ניט דיר איז אַנידערגעפאַלן בײַ אונדז דער יונגער טאַלאַנטיר־טער נאָוועליסט א. ל. אָוועגטאַל און איצט געזעגענען מיר זיך אויף דעם זעלבן אופן מיט דעם יונגן, טאַלאַנטירטן אבא שטאַלצענבערגן.

ווען איך טראַכט פון אבא שטאַלצענבערגן, דערזע איך פאַר זיך אַזאַ מין מוראדיק בילד.

אַ יונג אין די דרײַסיקער כאַפּט זיך פּלוצלינג אויף פון שלאָף. טשוכעט זיך פאַמעלעכדיק אויס און הייבט אָן פּלוצלינג די אויגן זיך רײַבן פון אַ נײַעם זון־באַגאַסענעם וועג, וואָס האָט זיך פאַר אים אַ שפּרייט געטאָן.

— זע נאָר, זע! — שרײַט ער אויס אין פריידיקער דערוואַכונג און ער באַשליסט בײַ זיך, אַז דאָס לעבן איז גוט, אַז לעבן איז זייער און זייער כדאי.

אָט אַזוי באַשליסט ער דעמאָלט בײַ זיך און ער טוט האַסטיק אַ שטעל אַראָפּ די פיס פונעם בעט, כדי מיט זיי זיך אַ לאָז צו טאָן אויף דעם נײַעם ערשט דערזעענעם וועג. אָבער פּלוצלינג דערפילט ער אַ גליווער אין זײַנע פיס און איידער וואָס און ווען פאַלט שוין זײַן קאָפּ אויף צוריק צום קישן און אויס, נישטאָ מער!

דער זון־באַגאָסענער וועג ליגט אָן אויסגעשפּרייטער, אָבער זײַנע אויגן זעען אים נישט מער און זײַנע טריט וועלן שוין איבער אים נישט שפּאַנען.

## ב.

אַ מוראדיק בילד אָט־אָ דאָס, וואָס איך דערזע יעדעס מאָל, ווען איך

טראַכט וועגן אים.

און יעדעס מאָל, ווען עס שטעלט זיך מיר פאַר די אויגן, ווערט די לופט, ווי פאַרגליווערט און עס פעלט מיר אָטעם אויס.

אָט ערשט איז דאָך דאָס געווען, ווען ער איז מיר אַנטקעגן געקומען אויף דער פערצנטער גאַס איינגעטונקען אינעם ליכט פון די אָוונטיקע לאָמפּן און אינעם ליכט, וואָס האָט ממש אַרויסגעשטראַלט פון אים אַליין אויף דער מיט פון דער אָוונטיקער גאַס.

— שלום עליכם, ווייַנפּער! ווען זייט איר געקומען פון די ברייטע וועגן?

איך האָב געקוקט אויף זיין קיילעכדיק פּנים, וואָס האָט דערמאָנט אָן אַ פּנים פון אַן אוקראַינער אין זיין גאַליציע, און זיך מסתמא ברייט צעשמייכלט, וואָרום ער האָט ביי מיר באַלד אַ פרעג געטאָן:

— וואָס־זשע שמייכלט איר?

איך האָב אים געזאָגט, אַז איך שמייכל פון דער האָפערדיקייט, וואָס שלאָגט פון זיין פּנים און ער האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן מיין באַמערקונג:

— האָפערדיק? גוט געזאָגט. איך פיל זיך טאַקע לעצטנס זייער האָפערדיק.

ער איז מיטגעגאַנגען מיט מיר אין אַ קאַפעטעריע טרינקען קאַווע און די גאַנצע צייט נישט אויפגעהערט צו ריידן:

— גענוג! איך וועל זיך מער ניט צוהערן צו די, וואָס ליאַפּען אויפן סאָוועטנפאַרבאַנד! געווען אַ טעות פון מיר, וואָס איך האָב זיך אויפגעהערט צו דרוקן אינעם איקוף־זשורנאַל „יידישע קולטור".

אָט אַזוי האָט ער יענעם אָוונט גערעדט צו מיר, און אויף מאָרגן איז ער שוין געשטאַנען אַן איבערגעבויגענער איבערן טיש אינעם איקוף־צענטער און געלייענט מאַנוסקריפּטן פאַר נחמן מייזיל.

ווי לאַנג צוריק איז דען דאָס געווען? אָט ערשט, טאַקע ערשט איז דאָך דאָס געווען! „אַ מחיהדיקער צענטער!", פלעגט ער אויסשרייען אין אויפ־ריכטיקן עקסטאַז יעדעס מאָל, ווען ער איז אַרויפגעקומען, און שפּאַנענדיק פון ווינקל צו ווינקל איינטענהן מיט אונדז:

— מען דאַרף דאָ מאַכן די היים פון אונדזערע יידישע שרייבער. מען דאַרף דאָ אַריינשטעלן אַן איזיועלע אויף צו מאַכן אַ גלעזל טיי. דאָ וועלן מיר זיך צונויפקומען און שמועסן וועגן ליטעראַרישע ענינים.

עס קלינגט דאָך נאָך אַזוי פריש אין די אויערן זיין אויפגערייצט קול, וואָס פלעגט אַרויסקומען פון זיינע דיקע סענסועלע ליפּן און שווער־אָטעמ־דיקע סטאַקאַטאָ־טענער און עס איז זיך שווער צוצוגעוואוינען, אַז ער איז טאַקע נישטאָ מער, אַז אויס איז מיט אבא שטאָלצענבערגן.

ג.

עס איז גוט געווען, וואָס זײַנע נאָענטסטע האָבן אויף גיך צונויפגענומען דאָס ביסל ירושה, וואָס ער האָט נאָך זיך איבערגעלאָזט.

איך ווייס נישט, צי אין דער זאַמלונג איז דאָ אַלץ, וואָס אבא שטאָל־צענבערג האָט אויפגעשריבן. איך האָב דעם אײַנדרוק, אַז נישט אַלץ איז אַרײַן. די זאַמלונג איז צונויפגעשטעלט געוואָרן אין אײַלעניש, ווײַל די אַרויסגעבער האָבן געוואָלט, אַז דער דיכטער, וואָס האָט זיך אין שפּיטאָל געראַנגלט מיטן טויט, זאָל ביים לעבן קאָנען אַ קוק טאָן אויף זײַן ערשט בוך. אויף ווי פֿל שטאָלצענבערגס נאָענטער חבר, דער דיכטער מ. שטיקער, האָט מיר איבערגעגעבן, איז דאָס סיי ווי ניט געלונגען. אבא שטאָלצענבערג האָט צוגעמאַכט זײַנע אויגן אײַנגאַנצן איין טאָג אײדער זײַן בוך איז דער־שינען. אַ שאָד! ער וואָלט זיכער געווען געהאַט אַביסל פֿרייד, און אפשר אויך אַביסל טרייסט, אַז ער לאָזט איבער נאָך זיך עפּעס, וואָס וועט אַרײַנגענומען ווערן אין דעם האָב און גוטס פֿון אונדזער יידישער דיכטונג.

אַ שאָד! אַ גרויסער שאָד!

וואָרום, ווי עס קוקט אויס, האָט ער אין די לעצטע חדשים פֿון זײַן יונג לעבן, ווען ער האָט שוין געזען דעם טויט פֿאַר זײַנע אויגן, געצווייפֿלט, צי ער לאָזט ווירקלעך נאָך זיך עפּעס איבער.

„קיין הויז נישט געבויט און קיין פעלד נישט פאַרזייט,
אויף ליגנס געבויט און אויף נישטיקע רייד".

זײַנען דאָס געווען זײַנע לעצטע שורות?

איך ווייס נישט אויף זיכער, אָבער אַז אָט די שורות זײַנען געשריבן געוואָרן אין די וואָכן פֿון זײַן שווערער קראַנקהייט איז קלאָר.

מײַנע בליקן זײַנען צוגעשמידט צו אָט־די טרויעריקע שורות אויף זײַטל הונדערט און צען פֿון זײַן זאַמלונג. זיי זײַנען פֿון סאַמע אויבן אָט־די שורות. אונטער זיי ליידיק ווייס פּאַפּיר, ווי אַ פעלד, וואָס האָט געדאַרפט פאַרזייט ווערן און די האַנט פֿונעם זייער איז פּלוצלינג פאַרשניטן געוואָרן.

נאָך קיינמאָל נישט פריער האָב איך פֿון ווייס, ליידיק פּאַפּיר אַזוי פיל אַרויסגעלייענט, ווי איצט.

אַזוי פיל טרויער שרייט פֿון אָט־דער ווייסער ליידיקייט!

ד.

ער דערמאָנט זיך די צייט, ווען אַבא שטאָלצנבערג האָט זיך אין אונדזער יונגער דיכטונג באַוויזן.

עס איז געווען נאָך דער ערשטער גרויסער וועלט־מלחמה.

מיר, די יינגערע פֿון די „יונגע", וואָס האָבן זיך שוין אָנגעהויבן צו־

געוואוינען צו דעם טרויעריקן געדאַנק, אַז מיר זיינען די לעצטע, ווערן פּלוצלינג פאַרבלענדט פון אַ נייער, לעבעדיקער פלעיאַדע גאָר־יונגע שרייבער.

עס קומט אויף די פּראָלעטאַרישע גרופּע אַרום דער „יונג־קוזניע" מיט גאָר נייע נעמען: בער גרין, מ. בירנבוים, מ. א. סול, פּאָמעראַנץ, מעינקע קאַץ און אויך איינצלנע זעלבסטשטענדיקע: טעלער, וויינשטיין, מאַלץ, טאַבאַטשניק, אבא שטאָלצנבערג און מאיר שטיקער.

די לעצטע צוויי זיינען געגאַנגען צוזאַמען, ווי אַ צווילינג. זיי שרייבן אפילו צוזאַמען אונטערביידנס נעמען.

אַט שטייט אויף אַ בילד פאַר מיינע אויגן, ווי אָט־דער צווילינג דער־קלערט מלחמה קעגן מיר.

איך האָב דעמאָלט רעדאַקטירט די „פעדער". קומט צו מיר דער צווילינג מיט אַ פאָרשלאַג מיטצואַרבעטן.

— אדרבה, — זאָג איך, וואָרום דער צווילינג איז מיר געווען צום האַרצן.

האָט אָבער דער צווילינג אַ באַדינג נישט רעדאַקטירט צו ווערן. פאַר־שטיי איך דעם קאַפּריז, און בין שוין גרייט נאָכצוגעבן, וואָרום זייערע לי־דער זיינען מיר, אין מערסטע פאַלן, געפעלן געווען. ערשט עס לאָזט זיך אויס, אַז נישט וועגן לידער האַנדלט זיך ביי זיי, נאָר וועגן אַ סעריע אַטאַקעס אויף אָפּאַטאָשון און לייוויקן.

און אַזוי ווי אויף דעם האָב איך נישט געוואָלט מסכים זיין, האָט דער צווילינג מיך פאַרוואַנדלט אין אַ ציל־ברעט פאַר זיינע פיילן אין לויף פון עטלעכע יאָר.

יוגנטלעכער קאַפּריז און יוגנטלעכער צעכראַסטעטער קאַמף!

ה.

איך האָב אָבער דעם צווילינג נאָכגעפאָלגט. שפּעטער האָט מען אָנ־געהויבן שרייבן באַזונדער. דאָס האָט געמוזט געשען. פונקט ווי זיי האָבן זיך אויסערלעך שטאַרק אונטערשיידט איינער פון דעם אַנדערן, זיינען זיי אויך אינערלעך געווען גאָר באַזונדערע.

שטיקער, — אַ דינער מיט אַן אינטעליגענטיש פּנים, פון וועמענס שרייבן עס ווייט מיט אינטעלעקטואַליזם, און שטאָלצנבערג — אַ קאַנטיקער, גע־פּאַקטער מיט אַ פּנים פון אַ פּויער, פון וועמעס ליד עס איז שטענדיק אויפ־געגאַנגען דער ריח פון קאָרן און קאַרטאָפליעס.

זיך צעגאַנגען אין דער אַרבעט, אָבער פערזענלעך איז מען אויף ווייי־טער געבליבן ביז גאָר נאָענט.

אַ רירנדיקע חברשאַפט און אַ טיפע לאָיאַלקייט פון איינעם צום צווייטן.

ווען אבא שטאָלצנבערג איז מיט אַ צוויי יאָר פריער אַרויפגעקומען מיט זיינע לידער פאַר דער „יידישע קולטור" אין דעם איקוף־צענטער, האָט ער ווידער געהאַט אַ באַדינג צו דער רעדאַקציע: מען מוז איינלאַדן שטיקערן, אַנדערש קאָן ער די לידער נישט געבן!

מיר האָבן האַרציק געשמייכלט פון אָט־דעם באַדינג און אַזוי ווי מיר האָבן סיי ווי געוואָלט האָבן אויך שטיקערן, איז אונדז געווען גרינג שטאָלצנבערגן צוליב צו טאָן.

ביי דעם אַוועקגיין פון עטלעכע שריפטשטעלער פון איקוף איז אונדז אבא שטאָלצנבערג פאַרלוירן געוואָרן און, פאַרשטייט זיך, אַז מיט אים צוזאַמען אויך זיין פריינט שטיקער.

וועד אויף וועמען עס האָט געווירקט איז נישט געווען קלאָר, אָבער ווען ער איז מיט אַ יאָר שפּעטער צוריקגעקומען, האָט ער שוין קיין שום באַדינגונגען נישט געשטעלט.

— איך וויל זיין מיטן פאָלק! — האָט ער אין טיפער אויפריכטיקייט געהאַלטן אין איין איבערחזרן.

ו.

עס איז ביי מיר גאָר קיין שום ספק נישט, אַז אבא שטאָלצנבערג האָט פאַר זיך דערזען אַ נייעם ברייטן זון־באַגאָסענעם וועג און וואָלט דער טויט זיך נישט געווען צוגעאיילט, וואָלטן מיר איצט געהאַט אין אים אַ גאָר באַנייטן, וויכטיקן דיכטער.

ער האָט געהאַט אַזאַ עכטן און אַזאַ זאַפטיקן טאַלאַנט. עס ברויזט, גלעט און שמייכלט אַזוי חנעוודיק פון כמעט אַלע זיינע לידער אין דער זאַמלונג.

ווי חנעוודיק און גראַטעסק עס וואַקסט אונטער זיין פען אַרויס דער קאַוואַליער, וואָס קומט אַרונטער קיין גלינע. ווי ליריש און פיין ער באַווייזט פאַר אונדז דאָס „פראַנצויזיש געמיט" אין דעם „שטרויענעם ריטער".

אַ שאָד!

אַ יונג פון עטלעכע־און־דרייסיק יאָר מיט אַזאַ עכטן דיכטערישן באַגאַזש, וואָס וואָלט זיך ערשט איצט פאַנאַנדערגעפאַקט.

אָבער אויך דאָס וואָס ער האָט אונדז איבערגעלאָזט נעמען מיר איבער, ווייל אַזוי פיל עכטקייט און פּאָעטישע לויטערקייט איז אין דעם פאַראַן.

.1941

# ברוך אַליצקי

## א.

עס ליגן פאַר מיר אַ צאָל לאַנגע, ווייסע אָפּדרוקן, און אויף זיי — דאָס גערעטעוועטע פּאָעטישע פאַרמעגן פון דעם יונגן, אומגעקומענעם דיכטער און בן־עיר מיינעם — ברוך אַליצקי.

דער עלטערער ברודער, דער לעבן־געבליבענער שריפטשטעלער לייב אַליצקי דערציילט אין ציטערדיקע, אָפּגעהאַקטע פּאַראַגראַפן וועגן דעם אומגעקומענעם ברודער ברוך. ווי אַ צוגאָב צו דעם דערציילן זיינען אויך זיינע פּאָר רירנדיקע לידער און אויך דאָס ליד פון דעם יינגסטן לעבן־געבליבענעם ברודער, דעם דיכטער — מאָטעס אַליצקי.

— נעם די קאָרעקטור־אָפּדרוקן, — האָט צו מיר געזאָגט נחמן מייזיל, וואָס איז געווען דער ערשטער רעדאַקטאָר פון דעם אומגעקומענעמס לידער.

— נעם און דערצייל דו אויך עפּעס!

איז וועגן וואָס זאָל איך פריער אָנהויבן צו דערציילן אינעם איצטיקן מאָמענט?

דאָס אויפגעזאַמלטע פּאָעטישע פאַרמעגן, אויף די לאַנגע, ווייסע קאָרעקטור־אָפּדרוקן האַלט מיך געשפּאַנט, ווי עפּעס, וואָס איז מיר ביז גאָר אייגן, און די לאַנגע, ווייסע פּאַפּירן הייבן אָן צו ווערן אין מיינע אויגן וועגן נאָך וועגן, וואָס דרייען זיך און שלענגלען זיך, טיילן זיך פאַנאַנדער און פאַלן צונויף איינער אין דעם אַנדערן ביז זיי ווערן סוף כל סוף איין וועג, איבער וועלכן איך קום צוריק אינעם געבוירן־שטעטל מיינעם, וואו עס איז נאָך מיין אָפּפאָרן, אויפגעקומען אין איין משפחה אַ גאַנצער דריילינג אין דער יידישער ליטעראַטור אַריין.

לייבל, ברוך און מאָטעס — די קינדער פון נחמן און רייזל יעקב מאיר, דעם גבאַי׳ס.

די פּען רייסט זיך צו דערציילן וועגן דעם פּאָטער, דער מוטער, וועגן די עלטערע ברידער פון אָט־דעם דריילינג, וואָס זיינען אַוועק פון דער וועלט אַזוי יונג, און אַוודאי וועגן דעם דריילינג, וואָס זיינען אַוועק פון דער וועלט אַזוי יונג, און אַוודאי וועגן דעם זיידן יעקב מאירן, וואָס האָט פאַראייניקט אין זיך תורה און סחורה און איז געגאַנגען שטענדיק אין געפּוצטע שטיוועלעך.

אָבער איז דען דאָס, וואָס מען דאַרף איצט דערציילן? ניין. איצט דאַרף מען דערציילן וועגן ברוכן, וועמענס פאַרמעגן עס צוויטעט אויף די לאַנגע

בויגן און וועט שוין פאַרבלייבן אָט אַזוי צווימעדיק אין דער אייביקייט אַריין.

ב.

— צוויט!

אָט אַזוי האָב איך אים אָנגערופן אין מיינע מחשבות, ווען איך האָב אים צום ערשטן מאָל דערזען אין מיין געבוירן־שטעטל טריסק, וואוהין איך בין געקומען אין יאָר ניינצן נײַן־און־צוואַנציק אויף אַ באַזוך.

קאָלירנדיקער ציכטיקער צוויט איז געווען די שורה פון זיין ליד, און ער אַליין אויך אַזוי.

ווי אַלט איז ער דעמאָלט געווען? מסתמא אין די צוואַנציקער, און אַזוי האָט ער אויסגעקוקט, כאָטש באַלאָדן איז ער שוין געווען מיט אַ ווייב, אַ קינד און אַ שיך־קלייטל, פון וועלכן ער האָט געדאַרפט ציען דאָס ביסל חיונה.

עס איז געווען אַזוי מאָדנע צו זען אָט דעם שיינעם, יונגן ברוך אין זיין קלייטל צווישן די שיך און שטיוול! עס איז אויך געווען ביז גאָר מאָדנע צו טראַכטן, אַז ער איז דער מאַן פון דעם ווייב, וואָס איז געזעסן ביים טיש־קעסטל, און מיט אירע דריבנע פינגער איבערגעציילט דאָס ביסל פדיון.

אַ ביז גאָר ליב און אָרנטלעך יידיש ווייבל געווען, אָבער לעבן אים האָט זי אויסגעקוקט, ווי אַ נידעריק אַגרעס־ביימל לעבן אַ שלאַנקער פאַלמע.

ער איז געווען דין, שלאַנק און בויגיק, און אויסגעקוקט העכער, ווי ער איז געווען. אַן אַליוון־קאָליר פנים מאָדעלירט פון אַ מייסטער, וואָס איז פאַרליבט אין דער שיינקייט. צוויי פייערדיקע, שוואַרצע אויגן, און אַ קויל־שוואַרצע טשופּרינע, וואָס האָט זיך געקרויזט און געכוואַליעט, ווי אַ פאַר־ליבט ווינטל וואָלט זיך אין זיי באַזעצט און זיי נישט געוואָלט פאַרלאָזן.

— צוויט! — האָב איך געטראַכט וועגן אים אין מיינע מחשבות און געוואַרט אויף די פרוכטן.

— ווי וועלן אויסזען, און וואָס פאַר אַ טעם וועלן האָבן זיינע פרוכטן, ווען זיי וועלן ריף ווערן? — האָב איך ביי זיך געפרעגט.

ג.

אין דעם קלאָג־ליד אויף זיין פאַרלוירענעם עלטערן ברודער פרעגט מאָטעס אַליצקי:

ביי וועמען איז דיין ליד געבליבן, —
דאָס גרויסע ליד, וואָס האָסט נישט אָנגעשריבן?

אָט אַזוי פרעגט ער, און ער ענטפערט זיך אַליין אין זיין טרויער:

איך וועל דאָס זוכן צווישן פלאַמען,
וואָס האָבן דיך אין ווײַטע לײַלעכער געוויקלט.
ביי ווינטן וועל איך פרעגן, —
זיי האָבן דיך געוויגט אין אוונטיקער תליה,
ווי עס וויגט אַ פּיצל קינד אַ מאַמע.
איך וועל מאָנען ביי די וועגן,
וואָס האָבן דײַנע טריט אַרײַנגעזאַפּט, ווי הייסע שקיעה.

זאָל ער פרעגן און מאָנען! פרעגנדיק און מאָנענדיק, וועט ער, לאָמיר האָפן, זיך דערשלאָגן צו דעם גרויסן ליד, וואָס ברוך האָט נאָך נישט באַוויזן אויפצושרײַבן. אָבער ווען ער וועט זיך צו דעם דערשלאָגן, וועט דאָס שוין זײַן זײַנס, און נישט ברוכס, וועמענס פאַרמעגן עס קאָן שוין נישט פאַרמערט ווערן דורך אים אַליין.

אָבער, וואָס אַזוינס איז דאָס אַזוינס דאָס גרויסע ליד?

גרויס אין פאַרנעם? גרויסע טעמע? גרויס אין דער גאַנצקייט דורך אינערלעכער שלימות?

נו, יאָ. אַוודאי איז דאָ גרויסקייט אין אָט־די אַלע אויסגערעכנטקייטן. אָבער איך קען ווערק סײַ אין דער יידישער און סײַ אין דער וועלט־דיכטונג, וואָס האָבן אין זיך אָט די אַלע דריי, נאָר איין גרויסקייט פעלט אין זיי, און זי איז די גרויסקייט פון ליד גופא.

אַזאַ שלל פון ליד איז דאָ אין דעם קליינעם פאַרמעגן, וואָס ער האָט אונדז איבערגעלאָזט:

פּעאָדאָסיע, אָט די פון סאָלאָוויטש,
איז געגאַנגען צום ברונעם מיט אַ ליידיקן עמער
און מיט פולע, אָנגעקוואָלענע בריסטן,
פאַרקאָרקעוועט מיט ברוינע קאָריקעס
אין פאַזוכע.

ווען זי האָט אַרויסגעצויגן דאָס עמער מיט וואַסער
מיט נאָך אַ פּעאָדאָסיען, ווי זי,
מיט אַ קיילעכדיקער זון אויפן דנאָ,
ווי אַ גאָלדענער מעדאַל פונעם אָפענעם הימל־טייסטער, —
האָט זי זיך פּלוצעם צוגענאָגלט
צום אייגענעם שאָטן אויף דער ערד,
ווי אַ צלם,
און פאַרלוירן די שווערסטע און גרינגסטע פון אַלע טשאַ׳עס
דאָס קינד פון איר לייב.

איז געקומען די ליכטיקע מאַריע פון פּאַטשייעוו
אין געשטאַלט פון יוני־ווינט,

פאַרהויבן די ספּודניצע,
און צוגעדעקט איר פּנים,
זי זאָל זיך נישט שעמען פאַר דער הון,
וואָס לייגט אייער אויפן סטויג אין שייער,
און מיידט אויס פונקען פון מענטשלעכן אויג.

אַזוי פּשוט, איז פּעאַדאָסיע פונעם וואָלינער דערפל סאָלאָוויטש מיט אירע פאַרקאַרקעוועטע בריסטן אין איר פאַזוכע, און אַזוי פיל וואונדערלעכ־קייט פון ליד אין אָט־דער פּשטות.

נישטאָ קיין גרעסערער פאַרנעם אין דעם פאַרמעגן, וואָס ער האָט אונדז איבערגעלאָזט. אפילו די ביז גאָר ברייטע שורות, וואָס זיינען געפלאָסן פון אים, זיינען נישט געגאַנגען ווייטער פון זיין אייגענעם האָריזאָנט איבער אים, און געענדיקט האָבן זיי זיך צוזאַמען מיט די ערד־דעסיאַטינען, וואָס זיין אויג האָט פיזיש געזען, אָבער דערפאַר זיינען אָט־די שורות ביי אים אַזעלכע שפּע׳דיקע, ווי עס זיינען די ערד־דעסיאַטינען אונטער יענעם האָריזאָנט.

ווי קרענעצעס מיט ראָסע דיינע פּיס די באָרוועסע, גיטאַרעס בלויע שפּילנדיקע — דיינע אויגן.
אויב נישט פאַר דיר, פאַר וועמען־זשע דאָס שווימענדיקע עמערל מיט האָניק אין די רוימען ?
אַ מויד באַהאַגענע מיט צויטן פלאַקסענע ביז לענד, די ליכטיקסטע פון די וואָלינער זוימען, —
ווער וואָלט נישט וועלן זיין אַ שאָטן פון דעם בלויען ווינט, וואָס איז צו דיינע ליפּן צוגעפלויגן !

— צוויט ! — האָב איך געטראַכט אין מיינע מחשבות, ווען איך האָב אים דאָן באַגעגנט פּנים אל פּנים אויף מיין באַזוך אין טריסק.

אַ סך, אַ סך פונעם צוויט איז דאָ אין דער ירושה, וואָס ער האָט אונדז געלאָזן, אָבער אַ היפּשער טייל פון יענעם צוויט איז שוין פון יענער צייט אָן אין פּרוכטן איבערגעגאַנגען, און אַזעלכע דופטיקע, געשמאַקע פּרוכטן זיינען זיי !

עס זיינען די פּרוכטן פון דער ערד אין ווייס־רוסלאַנד, אין דער ליטע, וואָס ער האָט שפּעטער באַזוכט, אָבער דער עיקר זיינען זיי פון זיין אייגענער וואָלינער ערד אויף וועלכער ער איז געבוירן געוואָרן, זיך אויפגעהאָדעוועט און געלעבט דאָס מערסטע פון זיין קורץ לעבן.

### ד.

אין דער ירושה וואַרפט זיך אין די אויגן הויפּטזאַכלעך דאָס דאָרף מיט די פעלדער, וועלדלעך, טייכן אַרום דעם, און זייער ווייניק דאָס שטעטל.
דאָס אייגענע אויך, ווען ער האָט אויף אַ קורצער צייט געלעבט אין ווייס־

רוסלאַנד און אין ליטע.

ווייניק פון די גרויסע שטעט, און ווייניק אפילו פונעם אייגענעם געבורט־שטעטל.

בלויז צוויי לידער: „בערל דעם גלעזערס" און „בערטשעק גייער" און מער ניטאָ?

דער שליסל צו דעם ליגט אין זיין ביז גאָר אינטערעסאַנטן־רינג „אין געראַנגל מיט די זיידעס".

צו שווער איז געלעגן אויף די אַקסל פון אַט־דעם רעוואָלטירנדיקן בחור די לאַסט פון זיינע זיידעס, וואָס האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט דאָס שטעטל, און אין געראַנגל מיט זיי, האָט ער זיך געראַטעוועט אין דער פרייקייט פונעם דאָרף.

מיין בלוט איז אויסגעמישט מיטן בלוט פונעם פושטן פויער,
און עס זינגט אין מיר דאָס ווילדע געזאַנג פון די טייכן.

זיין ווייטיק צעאַקערט מיין האַרץ, ווי דער אַקער זיינע פעלדער,
באַזאָמענדיק עס מיט ווילדע זאָמען,
און זיין פרייד צעפלאַקערט זיך אין מיינע אויגן,
ווי ראָזע זריעה־שיין אין שייבעלעך פון כאַטעס.

עס פלאַטערן מיינע טעג ראַשיק און פיל־פאַרביק,
ווי זונטיק די סטענגעס אויף פלייצעס פון טאַנצנדיקע שיקסעס,

עס באָדט זיך מיין קאָפּ, אָ, לאַנד מיינס, אין דיינע ווינטן, ווי אַ וואַלד,
ווען איך מעסט מיט מיינע פיס דיינע דאָרפישע שליאַכן.

אין בין־השמשות־צייט ציען זיך אומעטן פון מיינע לידער,
ווי נעפּל־ליילעכער פון דיינע שלווהדיקע לאָנקעס.

אין ברוך אַליצקיס דאָרף־לידער איז דאָ דער וואָלינער פּייזאַזש מיט אַלע זיינע שיינקייטן און חנען, איז דאָ די וואָלינער מויד, דער וואָלינישער יינגל.

וואָס איז דער חידוש, וואָס ער, מיט זיין גרויסער ליבשאַפט צום דאָרפישן פּייזאַזש, האָט זיך דערפילט אַזוי עלנט אין אַ שטאָט ווי וואַרשע?

מאַרשאַלקאָווסקע, מאַרשאַלקאָווסקע!
דיין נאָמען איז קלינגעוודיק און שיין,
דיין לייב שמעקט מיט מוזיק, מיט טענער, מיט פּאָעזיע,
נאָר די נשמה פונעם טריסקער דיכטער
שרייט נאָקעט ביי דיר אויפן דאַך.

צו מיין אָנקומען אין 1929 קיין פּוילן האָט מיך באַגעגנט זיינס אַ ליד אין די „ליטעראַרישע בלעטער", וואו ער האָט מיך געבעטן איך זאָל לאָזן

דעם וואָלינישן ווינט אָפּשטויבן מײַנע ניו־יאָרקער, משוגענע אָפּצאָסן.

— וואָס פֿאַר אַ משוגעת איז דאָס אויף מײַנע אָפּצאָסן? — האָב איך אים געפֿרעגט, ווען מיר זײַנען געווען צוזאַמען אין שטעטל.

— אײַערע שיך זײַנען דאָך ניו־יאָרקישע, — האָט ער מיר געענטפֿערט, און דערבײַ שטאַרק באַטאָנט:

— וואָס דען אַנדערש איז אין אַזאַ ריזן־שטאָט, ווי ניו־יאָרק איז?

אין דעם זעלבן טאָג בין איך געזעסן מיט זײַן עלטערן ברודער, לייבל אַליצקי אין דרויסן פֿון דער יידישער קינדער־שול, פֿון וועלכער ער איז געווען דער דירעקטאָר, און אויף מײַן באַמערקונג, אַז ברוך איז אַ זייער טאַלאַנטירטער דיכטער, האָט ער שמייכלענדיק געשאָקלט מיטן קאָפּ און דערבײַ געזאָגט:

— סע וואַקסט נאָך אַ ייִנגערער!

איך האָב פֿאַרשטאַנען, אַז ער האָט געמיינט מיט זײַנע ווערטער דעם מוזיקער מאָטעס.

— אַ גאַנצער דריילינג אין איין משפּחה! — האָט איך זיך אָנגערופֿן און געפֿרעגט:

— וועט בײַ מאָטעסן אויך זײַן אַזאַ קילקייט צום שטעטל?

— איר מיינט?

דאָס מאָל האָב איך געמיינט לייבל אַליצקיס צוויי ביכער „דאָס אָקופּירטע שטעטל" און „בלויע פֿלאַמען", — ביכער וויכטיקע סײַ אין דער טעמאַטיק און סײַ מיט דער קינסטלערישקייט אין זיי, אָבער פֿון וועלכע עס האָט געשלאָגן מיט אַזאַ שנאה צום שטעטל.

לייבלס טונקל־אויסגעבלייכט פּנים האָט אַ ציטער געטאָן און זײַנע שוואַרצע אויגן האָבן זיך צעפֿלאַמט דורך זײַנע ברילן:

— איר זייט פֿונדערוויטנס, איז דערפֿאַר דאָס שטעטל פֿאַר אײַך פֿול מיט ראָמאַנטיק, אָבער מיר דאָ?

אין זײַן וואָרט „מיר" האָט ער כולל געווען דעם גאַנצן דריילינג פֿון דער אַליצקי־משפּחה.

ה.

איצט זײַנען פֿון די דרײַ געבליבן צוויי. איז אַ טרייסט, וואָס אָט־די צוויי זײַנען דאָ.

מאָטעס זאָגט, אַז ער וועט זוכן ברוכס נישט־אויפֿגעשריבן גרויס ליד אין די פֿלאַמען אויף דער חרובער ערד. מיר זוכן דאָס אַלע, פּונקט ווי מיר זוכן די אַלע נישט־אויפֿגעשריבענע גרויסע לידער פֿון די אַנדערע יידישע קינסטלער, וואָס דער גרעסטער שטורעם אין אונדזער געשיכטע האָט אײַנגעשלונגען, פּונקט ווי מיר זוכן דאָס נישט־אויסגעלעבטע לעבן פֿון די זעקס

מיליאָן אונדזערע קדושים.

— האָסט געזען ברוכן? — האָט ביי מיר געפרעגט מיין יינגערער ברו־דער א. ל. אָוועגנטאַל, ווען איך בין צוריק געקומען קיין ניו־יאָרק.

— געזען, — האָב איך געענטפערט, באַוויזנדיק אַ פּאָר פּיינע שטיוועלעך, וואָס איך האָב מיטגעבראַכט.

— וואָס זיינען דאָס פּאָר אַ שטיוועלעך? — האָט מיין ברודער, לאַכנדיק, געוואָלט וויסן.

— אַ מתנה פון ברוך אַליצקיס שיך־קלייטל אין טריסק.

— שטיוועלעך גאָר? — האָט מיין ברודער זיך געוואונדערט.

— שרעק זיך נישט, איך האָב מיטגעבראַכט אין זיך זיין ליד, אָבער די שטיוועלעך האָבן אַ שייכות.

— סתרי־תורה? — האָט מיין ברודער געשפּאָסט.

— ניין, פּשוטער פּשט! — האָב איך געזאָגט, און דערציילט וועגן דער משוגעת, וואָס ברוך האָט געזען אין מיינע ניו־יאָרקישע אָפּצאָסן.

מיין ברודער אברהמטשיק, וואָס האָט געשריבן זייער טאַלאַנטפול, אונ־טערן נאָמען א. ל. אָוועגנטאַל, האָט עס באַנומען און ערנסט געזאָגט:

— אַ פּאָר שטיוועלעך פון אַ דיכטער אין טריסק גופא קאָנען באמת עפּעס מיינען.

איצט איז נישטאָ מיין ברודער, ווי עס איז נישטאָ דער ברודער פון ליבלען און מאַטעסן.

צוויי יונגע קינסטלער, וואָס זיינען געווען טריסק אין זייער וואָרט, אפילו ווען זיי האָבן געניצט דאָס זעלבע וואָרט פאַר עפּעס אַנדערש אין זייער שאַפן.

דאָס אָרט פון מיין ברודערס קבר ווייס איך, און ברוכס אָרט איז אין זיין ירושה, וואָס ליגט איצט פאַר מיר און וועט איבערגענומען ווערן פון אַלעמען, ווען דאָס עכטע יידיש־קינסטלערישע וואָרט איז נאָענט און אייגן.

.1949

# אהרן קרישטאַלקע

דער נומער „יידישע קולטור" מיט דעם אויסצוג פון אהרן קרישטאַלקעס פּאָעמע „דאָס פישער דאָרף" און זיין בילד, האָט מיך געטראָפן אין לאָס אַנדזשעלעס, און עס איז געווען אַזוי רירנדיק צו אָבזערווירן די פרייד־יקע בייגעריקטייט מצד אונדזערע יידיש־לייענער:

— אַזוי, אַזוי, איז דאָס נאָך דאָ אַ האָפענונג!

— ווער זשע איז אָט דאָס יינגל?

— טאָקע נישט מער, ווי דרייצן יאָר?

— אַז ער איז טאַלאַנטפול איז גאָר קיין פראַגע נישט, אָבער אַז אַ גע־בוירענער אין קאַנאַדע זאָל שאַפן אויף יידיש, איז דאָך...

מיר איז נישט געווען קשה דער גרויסער נייגער און אינטערעס, וואָרעם איך ווייס געגנוי, ווי שטאַרק אונדזערע יידישע מענטשן זענען באַזאָרגט און אומרואיק וועגן דעם מאָרגן פון אונדזער יידיש לשון, און דאָ פּלוצלונג אַזאַ מתנה. און איך האָב דערפאַר מיט גרויס פרייד אין מיין אייגענעם געמיט געגעבן אינפאָרמאַציע וועגן דעם אָנקומענדיקן יידישן פּאָעט אויף אונ־דזער יידישן לשון, און דערביי איז אין מיר פערזענלעך אָפּגעווישט געוואָרן אַ ספק, וואָס האָט געגראָבלט דעם באַוואוסטזיין אַ לענגערע צייט.

דער ספק וואָס האָט מיך געגראָבלט איז געווען וועגן דער ראַטזאַמקייט, צי די זאַמלונג פון זיינע לידער זאָל דערשיינען. איך האָב אָט דעם ספק אויס־געדריקט צום פאָטער פון דעם יונגינקן פּאָעט, — מיין גוטן חבר און לאַנג־יאָריקן יידישן קולטור־טוער שלום קרישטאַלקע.

— וועט אהרן זיין צופרידן אין די שפּעטערדיקע יאָרן פון רייפקייט, מיט דער איצטיקער זאַמלונג?

אָט אַזוי האָב איך געפרעגט, אָבער איצט פרעג איך נישט מער. איך בין זיכער, אַז זי דאַרף דערשיינען.

אומבאַדינגט דאַרף זי, ווייל מיט איר דערשיינען וועט זי ברענגען דורך זיך נישט נאָר דעם אָנזאָג פון אַן עכטן, קוואַליקן טאַלאַנט, וואָס האַלט אין אָנקומען צו אונדז, נאָר אויך, אַז אונדזער טייער יידיש לשון קאָן איבערגע־נומען ווערן פון דעם אָנקומענדיקן דור מיט דעם גאַנצן זאַפט, וואָס איז אין דעם.

אַ סימן?

דאָס בוך „גוט מאָרגן דיר וועלט" און דווקא אויף אונדזער יידישן לשון, פון דעם דרייצניאָריקן אהרן קרישטאַלקע, וואָס באָטש זיין געבורט און דער־ציאונג איז — מאָנטרעאָל, קאַנאַדע, איז זעט מיט אייערע אויגן און הערט מיט אייערע אויערן, וואָס אַ היים־סביבה קאָן דערגרייכן.

ב.

איז טאַקע וועגן דער סביבה פון אַט דעם יונגינקן פּאָעט אויף אונדזער יידישן לשון, וואָס איך וועל זיך דאָ באַזונדער אָפּשטעלן.

די שווערד אין האַנט צעבליצט,
דער קאַמף פאַר פרייהייט און צייט פאַרקריצט.
אין די געבערגן, וואו אַדלערס שוואַרצע קרייזן
הייפעלעך יידן זיך באַווייזן, —
פויערים אַרעמע, — ווער מיט אַ קאָסע און ווער מיט אַן אייזן.
לאָזן אַראָפּ זיך אויפן גריך, ווי אַ פויסט פון שטאָל,
ווי צערייצטע לייבן אויפן שונא אין טאָל.

דאָס זיינען שורות פון דעם דרייצניאָריקן אהרן קרישטאַלקעס אַ גרעסע־רער פּאָעמע — „מתתיהוס צוואה” און געווידמעט איז די פּאָעמע דעם זיידן ר' אברהם און באָבען גיטל, מיט ליבשאַפט.

איר פאַרשטייט ? דעם זיידן און באָבען מיט ליבשאַפט, און ווער עס קען אָט דעם זיידן מיט דער באָבען, ווייסט, אַז די ליבשאַפט האָבן זיי נישט גע־קויפט ביים אייניקל מיט צוקערקעס, נאָר מיט דער גרויסער און רייכער ירושה, וואָס זיי האָבן אָנגעקליבן פאַר זייערע יורשים.

און אויך די יורשים זיינען דיר נישט קיין „אַבי־ווער”.

איינער פון אָט די יורשים אין דער טאַלאַנטירטער דיכטער און עסיי־איסט שלום שטערן, וואָס איז אַ ברודער צו דער מאַמען פון דעם יונגינקן פּאָעט, און די מאַמע שפרה — אַ יידישע לערערין און קולטור־טוערין. וואָס שייך דעם פאָטער, שלום קרישטאַלקע, איז ער נישט נאָר אַ בן־תורה, נאָר אַזוי פאַרליבט אין איר, אַז נישט קוקנדיק אויף זיין שווערער אַרבעט טאָג־טעגלעך אין אַ פאַבריק, איז זיין לעבן געווידמעט אין אומדערמידלעכער טו־אונג, אַז אונדזער יידישע קולטור זאָל שיינען, ווי אַ נר־תמיד.

ג.

איך קען אהרנען, אָדער „ארעלען”, ווי איך בין געוואוינט אים צו רופן, זינט ער איז אַלט געווען אַ יאָר דריי.

ער איז איינער פון דריי ליבע קינדער אין דער קרישטאַלקע משפחה, — אַן עלטערע שוועסטער און אַ יינגערער ברודערל.

די שטוב איז נישט נאָר אַ באַביכערטע אין די שאַפעס, נאָר אויך אין דער גאַנצער לופט און אַוודאי אין די געמיטער.

אינאיינעם מיט די ביכער און ספרים פון די בעסטע יידישע שריפט־שטעלער און מחברים, איז אויך דאָ אין שטוב אַ היפּשע ליטעראַטור פון

דער אײגענער משפּחה גופא. ספרים און ביכער אויף העברעאיש און יידיש פונעם באַליבטן זיידן, וויכטיקע פּאָעטישע ווערק פון דעם פּעטער שלום שטערן און דאָס זעלבע פון די אַנדערע פּעטערס, ווי יחיאל שטערן און יעקב זיפּער. צו די ספרים און ביכער קומען אויך צו די פּאָרטרעטן פון יידישע פּערזענלעכקייטן אויף די ווענט, און קיין יידישע מוזיק פעלט אויך נישט, — אַזאַ שלל פון יידישע רעקאָרדן איז זעלטן צו געפינען.

הכלל, עס איז שוין גאָרנישט קיין צופאַל דעם יונגן אַרעלעס זיך פילן היימיש אין דעם יידישן לשון, — עס איז דאָס לשון אין וועלכן ער לעבט זינט זיין געבורט.

## ד.

וועט אהרן קרישטאַלקע אין זיינע יאָרן פון רייפקייט זיין צופרידן מיט אָט דער זאַמלונג ?

ניין, ער וועט נישט זיין צופרידן, און עס וועט זיכער זיין גוט, וואָס ער וועט נישט זיין צופרידן.

אָבער איז יעדער אַנדערער דיכטער דען צופרידן אין זיינע שפּעטער־דיקע יאָרן פון זיינע ערשטע פּאַרמעסטן ?

עס איז קלאָר, אַז אין באַרג־אַרויף איז יעדער טראָט צו דער העכער־קייט אָפּטמאָל אַ נעגאַציע פון דעם פריערדיקן, אָבער אָט די נעגאַציע איז נישט שטענדיק חל אויפן אָבזערווירער, וואָרעם עס טרעפט זייער אָפט, אַז דער אָבזערווירער געניסט דווקא מער פון די ערשטע טריט, ווי פון די ווייַ־טערדיקע.

און געניסן איז זיכער שוין דאָ איצט פון וואָס אין אָט דער ערשטער זאַמלונג פון דעם אָנהייבער אַהרן קרישטאַלקע.

גוט מאָרגן דיר וועלט,
צעליכטיקט, צעהעלט.
איך האָב דיך צום ערשטן מאָל דערזען,
ווען איך בין אַ קליינער געווען.

איר הערט ווי רעלאַטיוו עס איז דער גאַנצער ענין פון עלטער ?

ביי אייך און ביי מיר איז אַ דרייצניאָריקער נאָך אַ קליינער, אָבער ביי דעם דרייצניאָריקן אַרעלען, איז דאָס שוין פאַרבונדן מיט עלטער.

וואָס זשע וועט ער שוין זאָגן, ווען ער וועט קומען אין אייערע און אין מיינע יאָרן ?

## ה.

און זאָגן וועט ער זיכער אַ סך, אַ סך. מער און טאָקע רייפער אויך, ווי

ער זאָגט איצטער אין אַט דער זאַמלונג.

אויף דעם זאָגט עדות טאַקע אַט דאָס, וואָס ער האָט שוין צו זאָגן:

שטייט דער מאָנומענט, קושט זיך מיט די הויכן,
קוקט אויף דער שטאָט אין אַ נעפּל פון רויכן.

דאָס זיינען ביז גאָר פיינע שורות אין זיין אינטערעסאַנטער, גרעסערער פּאָעמע „מאָונט ראָיאַל". אַוודאי איז „מאָונט ראָיאַל" נאָך נישט אויסגע־האַמערט אין אַלע זיינע דעטאַלן, אָבער טיילן פון אים זיינען ביז גאָר פיין און זיי האָבן אין זיך סימנים פון אַ קומענדיקן מייסטער:

אין מערב דאָס קאָרן און ווייצן,
ווי גאָלדענע כוואַליעס זיך וויגן אין טאַנץ, —
באַלד וועלן זיי צו די מילן פלייצן
און עס וועט זיך מאָלן ברויט פאַר אַ פאָלק, אַ גאַנץ.

אַט אַזעלכע שורות טוען אייך אַ נעם, און איר קאָנט זיך פאַרגינען אַרי־בערגיין אַ צאָל לויזקייטן און אומרייפקייטן, וואָס זיינען אומפאַרמידלעך ביי אַ פרישן, ערשט נאָר וואָס זיך דורכרייסנדיקן קוואַל, וואָס האָט נאָך נישט באַוויזן אָפּצושאַרן אַרום זיך דאָס ווילד־גראָז, די שטיינדעלעך און די זאַמ־דעלעך.

דאָס זעלבע אין אַ צאָל אַנדערע לידער — ספּעציעל אין די גרעסערע פאַרמעסטן.

אָבער די גרעסערע פאַרמעסטן זיינען בפירוש איבערראַשנדיקע.

דאָס בעסטע פון די גרעסערע אַרבעטן איז זיכער די פּאָעמע דאָס „פי־שער דאָרף".

אַז דער יונגינקער אהרן קרישטאַלקע האָט אַן אויג פאַר דער נאַטור, איז צו זען אין די מערסטע פון זיינע קלענערע לידער, ווי „דער ערשטער שניי", „נאָכן רעגן", „עס שאַריעט אויף טאָג" און אין אַנדערע פון אַט דעם מין. אָבער אין דער פּאָעמע דאָס „פישער דאָרף" איז זיין אויג שוין היפּש אָנגעשאַרפט, — אין איר קומט אויך צום אויסדרוק זיין חוש פאַרן לעבן און געראַנגל אין דעם.

הכלל, עס איז דאָ. און דאָס, וואָס איז דאָ זאָגט עדות, אַז זיין וועט אַ סך מער, און אַוודאי איז אַ גרויסע פרייד, וואָס דער אינסטרומענט פון אהרן קרישטאַלקע איז אונדזער טייער יידיש לשון.

הלוואי זאָל איך זוכה זיין צו שרייבן וועגן זיין שפּעטערדיקער רייפ־קייט, וואָס זאָל קומען צום לעבן דורך אונדזער זעלבן יידיש.

אויגוסט, 1953.

# הענעך גליצנשטיין

## א.

די נייעס, אַז הענעך גליצנשטיין איז אומגעקומען אין ניו־יאָרק אינ־מיטן גאַס דורך אַן אַנלויפנדיקן אויטאָמאָביל, האָט מיך דערגרייכט אין אַ מאָנטרעאָלער שפּיטאָל, וואו איך בין געווען שווער קראַנק.

— אוי, מאַעסטראָ הענעך! — האָב איך געמורמלט צו זיך, און די קראַנ־קען־שוועסטער איז געווען שטאַרק אויפגערעגט אויף דעם מענטשן, וואָס האָט געבראַכט צו מיין בעטל די שווערע בשורה.

— אַ נאַרישער מענטש, — האָט זי עטלעכע מאָל געמורמלט צו זיך, ווען יענער האָט פאַרלאָזט דאָס קראַנקן־צימער.

איך געדענק, ווי שטאַרק איך האָב דאָס איבערגעלעבט, און מסתמא, האָב איך ניט איין מאָל אויסגערופן זיין נאָמען אין מאָמענטן פון דעליריאום. ווארום איינער פון די דאָקטוירים האָט אין אַ מאָמענט, ווען איך בין געלעגן אַ וואַכיקער און אַ באַרואיקטער ביי מיר געפרעגט:

— ווער איז אָט־דער גליצנשטיין?

אין דער נאַכט פון מיין שווערסטן קריזיס האָב איך אים געזען און גע־הערט לעבן זיך אַזוי דייטלעך און קלאָר. און כאָטש איך בין געווען באַ־וואוסטזיניק, אַז ער איז שוין ניט געווען מער צווישן די לעבעדיקע, איז מיר געווען אומגעהויער גוט אים צו פילן לעבן זיך.

איך בין געגאַנגען איבער ווייך־קלעפּיקן פעלד, און שטאַרק געהאָרעוועט צו באַוועגן מיינע פיס, וואָס האָבן געהאַלטן אין זינקען אין דער ווייכער קלע־פּיקייט. אַרום מיר איז געווען אַ בן־השמשות, וואָס האָט דאָך געהאַלטן פריי און אָפן אַן אומענדלעכע ברייטקייט און ווייטקייט, וואָס איז געווען אָנגעפילט מיט אַ ליידיקייט אָן דעם מינדסטן סימן פון לעבן. ניט קיין רוים, ניט קיין גראָז, ניט קיין וואַסער, ניט קיין ווינטל אַפילו און אַוודאי ניט קיין חיה און קיין מענטש.

— פון וואַנען בין איך געגאַנגען, און וואוהין איז געווען דער גאַנג?

עפּעס האָט זיך געפלאָנטערט אין מיין מוח אָט־די פראַגע. אָבער איך בין געווען אַזוי שטאַרק אָנגעשטרענגט מיט שלעפּן מיינע פיס פון דער ווייכער קלעפּיקייט, אַז די האָרעוואַניע האָט פאַרטונקלט אין מיר דעם נייגער.

פלוצלונג איז אויסגעוואַקסן האַרט ביי מיין רעכטער זייט דאָס געשטאַלט פון הענעך גליצנשטיין, און אויך ער האָט ווי איך געהאָרעוועט מיט זיינע

שפּאַנענדיקע פּיס אַריין און אַרויס פון דער קלעפּיקייט. די ווייסקייט איבער זיין ניט באַהיטלטן קאָפּ און דאָס בערדל צום פּאַראויס האָבן זיך צעפּלעקט, ווי פאַרגליווערטע שניי־פּלאַמען איבער גרויל׳עכן ליים. אַ ווײַלע האָבן מיר אַט אַזוי זיך געריסן צום פּאַראויס אין טיפן שווייגן, אָבער באַלד האָט זיין ברוסטיק קול אָנגעהויבן דערגרייכן צו מיין געהער.

צו וואָס די איילעניש, ווען מען איז נאָך יונג און אין דער מיט פון אַן אַרבעט, וואָס מען האָט אָנגעהויבן?

איך געדענק גוט, אַז איך האָב געהאַט אַ באַגער אים עפּעס צו זאָגן, אָבער דאָס קול מיינס האָט בשום אופן ניט געקאָנט זיך דורכרייסן דורך מיינע ליפּן, און ער האָט ווייטער גערעדט:

— מיט מיר איז עפּעס אַנדערש! אויב ניט פאַרענדיקט אַפילו, איז אָבער היפּש אָפּגעטאָן געוואָרן. מיין „ירמיהו" אין קליוולאַנדער מוזיי. איר האָט דאָך מיר דערציילט, וואָס פאַר אַן איינדרוק די סטאַטועט האָבן אויף אייך געמאַכט נאָך מיט יאָרן צוריק, ווען איר האָט זיי צום ערשטן מאָל געזען. נו, און אַנדערע אַרבעטן אויך. זיי זיינען צעשפּרייט איבער די מוזייען פון אַ סך קונסט־צענטערס. עפּעס האָב איך באַוויזן אויפן געביט פון דער ראַדירונג.

אַ ווייל איז ער שטיל געבליבן, — געשפּאַנט לעבן מיר אַ שווייגנדיקער, און עטלעכע מאָל אַרויסגעלאָזט דורכן מויל עפּעס אַזוינס, וואָס האָט געקאָנט אָנגענומען ווערן, ווי אַ געלעכטער. דערנאָך האָב איך אים ווידער געהערט:

— אויף אָנערקענונג האָב איך זיך אויך ניט וואָס צו באַקלאָגן. אַלערליי מעדאַלן באַקומען. כע־כע, — אין איטאַליען האָבן פּרינצן מיין אַטעליע ניט איין מאָל באַזוכט. ווען קעניג עמנואל איז נאָך קרוין־פּרינץ געווען, האָט ער מיך אין מיין קאָפּ געקושט.

זיין קול איז געוואָרן ווייך און עפּעס אַזוי בעטנדיק, און פּלוצלונג איז דאָס געוואָרן שטרענג, און איך האָב דערהערט:

— אָבער איר האַלט דאָך ערשט אין דער מיט. איז וואָס־זשע אַנטלויפט איר?

איך האָב זיך אָנגעשטרענגט עפּעס צו זאָגן, און ווידער האָט מיין קול מיך ניט געפאָלגט.

פּלוצלינג, אַ בייזע דערשיינונג.

אַ הויך און לייביק געשטאַלט אין אַ פראַק און האַלב־צילינדער אויפן קאָפּ מיט אויפגעהויבענע ווייס־באַהענטשיקטע הענט שפּאַנט קעגן מיר אויף הינטערוויילעכס, און איך קאָן שווערן, אַז דאָס קיילעכדיק פּנים איז פון דעם פאָלקס־דיכטער שלמה שמולעוויטש, און ווידער שטרענג איך זיך אָן און וויל עפּעס זאָגן, אָבער זיין קול צעדונערט זיך אין מיין פּנים אַריין:

— העי, דו, ניט אויסגעזונגען ליד, וואָס דו ביסט, וואוהין איז די איי־לעניש ?

ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט איז מיין צימער געווען שטאַרק באַלויכטן, און צוויי קראַנקען־שוועסטער האָבן געאַרבעט איבער מיר. מיין בעט איז געווען אַזוי נאַס פון שווייס, אַז איך האָב געהאַט דעם איינדרוק, ווי איך וואָלט געלעגן אין אַ וואַנע. דורכן פענצטער האָט אַריינגעקוקט דער אָנזאָג פון דעם אויפגייענדיקן קאַיאָר, און מיר איז עפּעס פּלוצלינג געוואָרן אַזוי גוט, ווי איך וואָלט דערפילט, אַז אָט דער אָנקומענדיקער קאַיאָר איז ספּעציעל פאַר מיינעט וועגן.

ב.

שוין איבער אַ צענדליק יאָר זינט יענער דערשיינונג און יעדעס מאָל, ווען איך דערמאָן זיך אָן איר, שטייט זי מיר אַזוי קלאָר פאַר די אויגן, און איך לעב זי נאָך אַמאָל איבער.

אַוודאי זע איך ניט אין אָט־דער דערשיינונג קיין שום אויסטערלישקייט, ווי געזען אין איר האָט ב. ריווקין, ווען איך האָב זי אים איבערגעגעבן, אָבער עס ווערט מיר ביז גאָר גוט, ווען איך טראַכט אַמאָל וועגן איר.

מיט דעם פאָלקס־דיכטער שלמה שמולעוויטש האָב איך זיך געפילט זייער נאָענט די לעצטע פאַר יאָר פון זיין לעבן. אַזוי נאָענט, אַז ער פלעגט ספּעציעל קומען פון צייט צו צייט מיך זען. און ווען עס איז אַרויס זיין לעצטע קליינע לידער־זאַמלונג, האָט ער זי מיר פערזענלעך געבראַכט מיט אַן אויפשריפט פון ליבשאַפט. און היות ער איז געווען אויפן וועג צו עפּעס אַ יום־טוב לכבוד אים, איז ער געווען אין אַ פראַק און אַ שטייפן הויכן קאַפעליוש, וואָס האָט דערמאָנט אָן אַ צילינדער. קיין ווייסע הענטשקעס האָט ער דווקא ניט געטראָגן, איז דאָס שוין אַפּנים געווען אַ צוגאָב פון מיין אייגענער פאַנטאַזיע.

איז דאָס געווען דאָס לעצטע מאָל, וואָס איך האָב זיך מיט אים געטראָפן ? אפשר ניט, אָבער זיין געשטאַלט איז אין מיר געבליבן אָט אַזוי, ווי עס האָט דעמאָלט אויסגעקוקט.

אַ סך לענגער און אַ סך טיפער האָט געדויערט די פערזענלעכע נאָענט־קייט צווישן מיר און הענעך גליצנשטיין.

פאַר דער גרויסער וועלט איז ער געווען, און וועט אַוודאי פאַרבלייבן „ענריקאָ”, אָבער פאַר מיר איז ער געווען „הענעך”, אָדער ר׳ הענעך, ווי איך האָב אים גערופן אין די דרייסיקער יאָרן, ווען מיר האָבן געוואוינט צו־זאַמען אַ טיר איבער אַ טיר אין דעם „בראָדוועי צענטראַל האָטעל” און זיך געזען טאָג־טעגלעך מיט אַ צוגאָב, גאַנץ אָפט, אויך אין די אָוונטן.

— איז ווי־זשע פילט זיך היינט דער דיכטער? — פלעגט ער געווינ־לעך ביי יעדער באַגעגעניש אַ פרעג טאָן, און איך האָב שוין געהאַט מיין פאַר־טיקן ענטפער:

— אַ דאַנק זיין ליבן נאָמען, מאַעסטראָ ר׳ הענעך, און פאַרענדיקט מיט אַ פראַגע:

— און איר?

— היפש, — איז געקומען זיין ענטפער, און מען איז צוזאַמען אַרונטער־געפאָרן אינעם עלעוועיטאָר צו דער „קאַפעטעריע״ זיך צו דערפרישן מיט אַ קאַווע.

ג.

עס איז טשיקאַווע, ווי אַזוי מיר האָבן זיך צום ערשטן מאָל באַגעגנט און זיך באַקענט.

אין איינעם אַ ווינטערדיקן זונטיק נאָכמיטיק בין איך געזעסן אינעם קאַפע „ראַיאַל״ און זיך געבייזערט אויף זיך אַליין, הלמאי איך זיץ דאָ און דערהרגע צייט אומזיסט און אומנישט, בשעת אין מיין צימער אינעם „בראָד־וועי צענטראַל האָטעל״, וואו איך האָב דעמאָלט געוואוינט, האָט געוואַרט אויף מיר מיין „פּיניע״, איבער וועלכן איך האָב דעמאָלט געאַרבעט. דאָס קאַפע־הויז איז געווען האַלב־ליידיק.

— איז וואָס־זשע זיץ איך? — האָב איך זיך געפרעגט, און דאָך האָב איך זיך ניט אויפגעהויבן.

איך האָב זיך פּלוצלינג געכאַפּט, אַז דער אַלטיטשקער, וואָס זיצט ביים דערבייאיקן טישל האַלט געשפּאַנט מיין אינטערעס, און עס איז ער, צוליב וועמען איך הויב זיך ניט אויף.

— הער אַ מעשה! — האָב איך זיך אויסגערעדט, און אפילו דערפילט אַ ווידערגעפיל צו אים.

— מען זאָגט, אַ שיינע פרוי האַלט דיך אַמאָל געשפּאַנט, אָבער אָט דער אַלטיטשקער?

און דאָך בין איך געבליבן זיצן, באַשטעלט נאָך אַ קאַווע, פאַררויכערט נאָך אַ פּאַפּיראָס, און ניט אויפגעהערט פון אַ זייט אים שטאַרק אָבסערווירן.

מיך האָט פאַרכאַפּט די זשוואַוויקייט פון דעם קליינגעוויקסיקן פיגורל. דאַכט זיך, עס זיצט, און דאָך איז דאָס אַזאַ אומרואיקס און באַוועגלעכס, ווי ער וואָלט געווען אויף ספּראָנזשינעס. און די קליינע, טונקעלע אויגן אויף זיין פיין טונקל־געדינצלטן פּנים זייגען עפּעס אַזעלכע יונגע, און גיריקע, אַז עס הויפּט זיך אָן צו דאַכטן — אַ יונגלינג, וואָס האָט זיך פאַרגרימירט מיט ווייס־קייט אויפן קאָפּ און ווייסקייט אויף דעם שפּיציקן בערדעלע איבער זיין קין.

— וואָס באַצוועקט דער יונגלינג מיט דעם גרים איבער זיך?

עס זיינען אַריינגעקומען בתיה און שמואל ניגער, און בעת זייער גריסן זיך מיט מיר, איז דער אַלטיטשקער שוין געשטאַנען אויף זיינע ביידע פיס לעבן אונדז.

די ניגערס האָבן זיך דערפרייט מיט אים, און בתיה האָט זיך געווענדט צו מיר:

— איר קאָנט זיך דאָך שוין אַוודאי?

— ענריקאָ גליצנשטיין, — האָט דער אַלטיטשקער אָנגערופן זיין נאָמען, און אויסגעשטרעקט זיין האַנט צו מיר.

— ענריקאָ גליצנשטיין? — האָב איך אויסגערופן אין געפּלעפּטקייט, און שמואל ניגער האָט באַשטעטיקט:

— יאָ, ענריקאָ גליצנשטיין, דער גרויסער קינסטלער אונדזערער.

פאַרשטייט זיך, אַז איך בין שוין געבליבן זיצן מיט זיי איבאַיינעם דעם גאַנצן נאָכמיטיק ביים טיש.

ד.

ווי אַזוי עס איז געקומען דערצו, אַז הענעך גליצנשטיין זאָל ווערן מיינער אַ שכן אויף דעם זעלבן שטאָק פונעם „בראָדוועי צענטראַל האָטעל" קאָן איך זיך איצט ניט דערמאָנען, אָבער אין לויף פון אַ היפשער צייט זיינען אונדזערע צוויי וואוינונגען געוואָרן, ווי אַ שטוב מיט אַן אַלקער.

אין די הייסע זומער־חדשים, ווען אונדזערע טירן זיינען געווען צעעפנטע פאַר מער לופט, פלעגט מען אַריינגיין איינער צום אַנדערן אָן שום צערעמאָניעס. ווען אים האָט עפּעס געדריקט אויפן האַרצן, איז ער אַריינגעקומען, — די ווייסע האָר איבער זיין קאָפּ צעפלאָסענע, די רעכטע האַנט ביים בערדל, און גלייך אָנגעהויבן רעדן, און כאַראַקטעריסטיש איז געווען, אַז ווען זיין געמיט איז געווען צעברויזט, פלעגט זיין יידיש, וואָס איז געוויינלעך געווען אַ גאַנץ געשמאַקער, זיך אָנהויבן מיט דייטשישע ווערטער.

— יאָ... דאָס אַמעריקאָ... אַ וואָנדערפּולס לאַנד! — האָט זיך איין מאָל געגומען רייסן פון זיין מויל, און קוקנדיק אַריבער מיר צום פענצטער, האָט ער ווייטער געגעדט:

— דער פּרעזידענט רוזוועלט איין גראָסער מאַן, אָבער!

אין אַזעלכע מאָמענטן, האָב איך געוואוסט, אַז עפּעס טוט אים שטאַרק וויי, און מיט וואָס צו טרייסטן האָב איך ניט געהאַט.

נו, טאָקע, גיי געפין טרייסט־ווערטער פאַר אַ קינסטלער, וועמעס מייסטערווערק זיינען אין די אוצרות פון די גרעסטע מוזייען איבער דער וועלט, אַז ער זאָל שלום ווערן מיט דער איינזאַמקייט, וואָס איז געקומען איבער אים אין

די יאָרן, וואָס זײַנען שוין איבער זיבעציק, אַז ער זאָל אָננעמען פאַר ליב דאָס האָטעל־צימער, וואָס האָט ניט געקאָנט אים געבן קיין מעגלעכקייט צו אַר־בעטן, און כאָטש ער האָט זיך קיינמאָל פאַר מיר ניט געקלאָגט אויף קיין נויט, האָט אָבער דאָס זייער באַשיידן לעבן זײַנס סיי ווי דערפון דערציילט.

אין געמיטלעכע מאָמענטן האָט ער גערעדט וועגן זײַן לעבן. עס פלעגט אויפשטיין פאַר די אויגן דאָס קליין ייִדיש־פּויליש שטעטעלע טורעק, זײַן פאָטער, — דער מצבה־קריצער, און דערנאָך — די גרויסע וועלט־צענטערס, ווי מינכען, פּאַריז, רוים. יאָרן פון גרויסער אינטענסיווער אַרבעט און אויפ־שטײַג, וואָס האָט אים געבראַכט כבוד, אָנערקענונג און באַלויבונג.

נאָך אַזעלכע שמועסן מיט אים, אַז איך בין געבליבן מיט זיך אַליין, האָט מיך אַרומגענומען אַ שאַרפער אומעט. עס האָט זיך געטראַכט וועגן זײַנע ווערק, וואָס געפינען זיך אין די מוזייען פון פּאַריז, לאָנדאָן, רוים, ברעמען, פראַנקפורט, האַמבורג, קראָקע, און אין די מוזייען פון אונדזער אייגן לאַנד, ווי ניו־יאָרק, נוואַרק, וואַשינגטאָן, קליוולאַנד, שיקאַגאָ און אין אַנדערע צענ־טערס. אין מוח זײַנען דורכגעגאַנגען אַ צאָל באַרימטע פּערזענלעכקייטן, וועל־כע זײַנען געשטאַלטיקט געוואָרן דורך אים אין ביוסטן, — פּויפּסט פּיוס דער נײַנטער, דער קעניג וויקטאָר עמנואל, דער גענעראַל הינדענבורג, דער שריפטשטעלער גאַבריעל ד׳אַנונציאָ, דער ענגלישער לאָרד באַלפור, און נאָך און נאָך, וואָס זײַנען געשטאַלטן פון זײַנע אייגענע חזיונות, ווי זײַן „משיח“, „ירמיהו“, „אָדם“ און „חוה“, דער „וואַנדערער“. הײַנט זײַנע ראַדירונגען, וואָס שטייען ווײַט ניט אָפּ פון זײַן גרויס מייסטערשאַפט, ווי אַ סקולפּטאָר.

— און דאָך לעבט אָט דער קינסטלער אויף זײַנע עלטערע יאָרן גאַנץ פאַראייניזאַמט און אין דחקות, — פלעג איך צו זיך ניט איין מאָל אַ זאָג טאָן.

ה.

קיין צופיל אָריגינאַלן פון זײַנע ווערק האָב איך, צום באַדויערן, ניט גע־האַט די געלעגנהייט צו זען, אָבער פון די, וואָס איך האָב יאָ באַוויזן צו זען סיי אין סקולפּטור און סיי אין ראַדירונג, און אויך די רעפּראָדוקציעס און פּאָרט־פאָליאָס, וואָס מײַן פרײַנט, דער קונסט־ליבהאָבער און שטאַרק באַהאַוונטער אויף דעם געביט, דר. ה. לובין פון שיקאַגאָ, האָט מיר געגעבן, וואַקסט אויס הענעך גליצנשטיין צו אַ הויך, וואוהין בלויז ריזן קאָנען דערגרייכן.

פון אונטער זײַן דלאָטע און מעסער־שאַרף קומט צום אויסדרוק די מעשה־בראשית, וואָס איז אין כסדרדיקן דינאַמישן המשך. אָט, דאַכט זיך דיר, איז ער ביים סאַמע אָנהייב, — רוי און שווער אין דער ליניע, ווי אין זײַן „פּעלערין“, וואָס איז אין דעם מוזיי פון נוואַרק, אָדער אפילו אין זײַנע אייגע־נע זעלבסטפּאָרטרעטן, דורך וועלכע עס רײַסט זיך אַ געוואַלדיקע ענערגיע

פון ערגעץ, וואָס איז נאָך רוי און שווער, צו אַ הויכקייט, וואָס איז געלייטערט, און פול מיט גרינגער דורכזיכטיקייט; און אָט גיט ער אייך דאָס אויסגעליי־טערטע פנים־געשטאַלט פון אַ פרוי, וואָס שטראַלט אין איר דורכזיכטיקייט מיט דער פולער שלימות.

זיינע געשטאַלטן פון „אָדם" און „חוה" זיינען דווקא שוין גאָרניט קיין פרימיטיווע. קוקנדיק אויף זיי, האָט מען דעם איינדרוק, ווי דורך זיי האָט דער גרויסער מייסטער אונדז געוואָלט ווייזן ניט אָדמען און חוהן, נאָר אַ שפּילעוודיקן גאָט, וואָס מאַכט עקספּערימענטן פאַר דער פאָרמירונג פון די מענטשן־געשטאַלטן, וואָס ער האָט געהאַלטן אין פאַרטראַכטן פאַר דער ערד. אָבער ביז גאָר דורכזיכטיק און גרינג איז גליצנשטיין אויף זיינע פּילצאַליקע ראַדירונגען. קוקנדיק אויף זיי, האָט איר דעם איינדרוק, ווי דער מייסטער איבער גראַניט, האָט גענומען וואַקאַציע פון זיין האַמער־דלאָטע און לאָזט זיך וואוילגיין מיט אַ יוגנטלעכער פרייד, וואָס האָט שטאַרק הנאה פון זיינע אייגענע שטיפערייען.

אַזאַ פריידיק געפיל האָב איך געהאַט פון אַ צאָל ראַדירונגען זיינע, וואָס זיינען מיט אַ צייט צוריק געהאַנגען אויף אַן אויסשטעלונג אינעם ניו־יאָר־קער איקוף־צענטער. איך געדענק, אַז איך פלעג ניט דורכלאָזן קיין איין טאָג זיך ניט צו שפּיגלען אין זיי. קוקנדיק אויף זיין מזרח־פּאַסטושקע, וואָס לאָזט דעם ווינט זיך שפּילן מיט די פאַלדן פון איר דינעם קליידל, און דעם אַלטן פּאַסטוך, וואָס ליגט אויפן זאַמד און איז מקנא דעם ווינט, האָב איך געפילט אַ טיפן וויטיק, וואָס גליצנשטיין איז שוין מער ניטאָ מיט אונדז. אַזאַ באַגער איז געווען אין מיר צו קאָנען אים נאָך אַמאָל באַגעגענען, און זיך פריילעך אַ רייץ טאָן מיט אים:

— אַזוי, אַזוי, ר' העניך, זיך שפּילן מיט יונגינקע פּאַסטושקעס אין דעם מדבר ווילט זיך אייך?

איך האָב זיך פאַרגעשטעלט, ווי זיינע יונגע, לעבעדיקע אויגן וואָלטן זיך צעגלאַנצט, און פון זיין מויל וואָלט זיך אַ קייקל געטאָן אַזאַ געשמאַק ברוס־טיק געלעכטערל.

ווי חנעוודיק עס זיינען זיינע צייכענונגען אויף רייך־יידישע מאָטיוון אין דעם „בוים פון לעבן" אַלבאָם, וואָס ל. מ. שטיין, פון שיקאַגאָ האָט אַרויס־געגעבן.

אַזוי פיל שטיפערישער אימפּרעסיאָניזם פון זיינע קינדער־יאָרן אין דעם פּויליש־יידישן שטעטעלע טורעק.

און עס איז גאָר קיין וואונדער ניט, וואָס בשעת אין זיינע סקולפּטורן איז ער געווען שטאַרק אָפּגעהיט מיט דער ליניע און געפירט זי אינעם שפּאַן פון דעם פרימיטיוון מעשה־בראשית צו דער געלייטערטקייט פונעם קלאַסי־

ציזם, האָט ער אין זײַנע ראַדירונגען זיך געלאָזט װאױלגײן מיט דער װינטל־דיקער גרינגקײט אין אים, און האָט אַ דאַנק איר פון צײַט צו צײַט זיך באַװיזן אין לאַגער פון מאָדערניזם.

אַפּנים, אַז ער האָט באַטראַכט זײַן ראַדירונג־אַרבעט, װי אַ מין שיחת־חולין, בײַ װעלכער אַפילו דער ערנסטער תלמיד־חכם דערלױבט זיך אַמאָל אַ שפּיל צו טאָן, און סאַראַ װאונדערלעכער חן עס איז דאָ אין זײַן שיחת־חולין!

ז.

אין זײַן שװערער מאַטעריעלער לאַגע האָט ער פון צײַט צו צײַט געמאַכט אַ צײכענונג פון עמעצן, אָדער אַפילו אַן אױל־פּאָרטרעט, אױב מען האָט פּאַר־געשלאָגן אַ בכבודיקע סומע.

איבעריק ליב איז אים אָט־די אַרבעט ניט געװען, אָבער, האָט ער דען געהאַט אַן אַנדער ברירה?

איך האָב אַרױפגעבראַכט אין זײַן צימער אַ מענטשן, װאָס האָט געװאָלט אַ פּאָרטרעט פון זײַן פרױ.

— איז ער אַ פאַרמעגלעכער? — האָט ער מיך שטיל געפרעגט.

— לעבט באַקװעמער פון אײַך און פון מיר! — האָב איך אים אױף דעם זעלבן שטילן אופן אינפאָרמירט.

— װיפיל דאַרף דאָס קאָסטן? — האָט דער מענטש געפרעגט בײַ אים.

— פינף הונדערט דאָלאַר, — האָט דער מאַעסטראָ געזאָגט.

דער מענטש האָט אױסגעשטעלט אַ פּאָר אױגן, און דערבײַ דערציילט, אַז עס איז דאָ אַ מאָלער, װאָס װיל ניט מער, װי אַ הונדערטער.

הענעך גליצנשטײנס פּנים האָט זיך אָנגעהױבן בײַטן אין קאָליר, און זײַן בערדל האָט זיך צעציטערט. איך האָב ניט געװאָלט ער זאָל ענטפערן דאָס װאָס איך האָב דערשפּירט, אַז ער װעט ענטפערן, און זיך אַרײַנגעמישט:

— נו, יענער איז דאָך ניט ענריקאָ גליצנשטײן!

— נו, יאָ, אַװדאי, — האָט דער מענטש מסכים געװען, אָבער זיך גע־נומען דינגען: — צװײ הונדערט! ניט אַ סענט מער, צװײ הונדערט.

הענעך גליצנשטײנס יונגע אױגן זײַנען פּלוצלינג געװאָרן שטיפעריש, װי בײַ אַ ייִנגל, און ער האָט געזאָגט:

— נו, גוט!

— איך קאָן אײַך געבן עטלעכע דאָלאַר איצט, — האָט דער מענטש אָנגעהױבן, אָבער דער מאַעסטראָ האָט אים אָפּגעשטעלט:

— ניין, ניין, אָבער ניין! — האָט ער זיך אָפּגעזאָגט, און גלעטנדיק

דאָס בערדל, האָט ער צוגעלייגט : — זיי וועלן צאָלן, ווען עס וועט פער־טיק זיין.

און דער מענטש איז אַוועק מיטן אָפּמאַך, אַז מאָרגן וועט קומען זיין פרוי פאָזירן, האָב איך געוואָלט וויסן, פאַרוואָס ער האָט ניט גענומען דעם אויפגאַב ביי אים :

— ניין, ניין, פיליכט וועט אים דאָס בילד ניט געפעלן ?

עס איז אַוועק אַ צייט, און איך האָב שוין אינגאַנצן פאַרגעסן אָן דער טראַנזאַקציע. פלוצלינג קומט צו מיר דער מענטש אָן אויפגערעגטער :

— עס איז דאָך אַ סקאַנדאַל ! אַזוינס איז דאָך ניט געהערט געוואָרן !

— וואָס איז געשען ?

— קומט מיט מיר צו אייער קינסטלער, וועט איר עפּעס זען !

ווען איך בין אַריין צו הענעך גליצנשטיין אין צימער, האָב איך דערזען אַ מיטליאָריקע, גאַנץ־דיקלעכע פרוי אין עפּעס מאָדנע קליידער און אַ קאָ־ליריקע שאַל אויף אירע אַקסל.

— מיין פרוי, — האָט מיר דער מענטש פאַרגעשטעלט, און ממש אַ פאַרצווייפלטער געצויגן מיין אויפמערקזאַמקייט אויף דעם נאָך ניט אינגאַנצן פאַרענדיקטן פאָרטרעט איבערן לייוונט אויפן איזל.

— זעט ! זעט !

איבערן לייוונט איז געשטאַנען אָט די פרוי אין אַ פּאָזע פון אַ טענצערין מיט אַן אויפגעהויבענער האַנט צו איר קאָפּ, און דער ווייז־פינגער פאַרשפּיצט, ווי אַ שפּיץ פון אַ מעסער.

— איז דאָס ניכט איין וואַנדערפול בילד ? — האָט דער מאַעסטראָ ביי מיר געפרעגט, און זיינע יונגע אויגן האָבן אַזוי שטיפעריש געשיינט.

— אָט דאָס, וואָס איך זאָג, — האָט די פרוי באַשטעטיקט, און אין אַ ברוגזן טאָן באַטאָנט צו איר מאַן :

— אַז וואָס פאַרשטייסטו, וואָס קונסט איז !

מיין האַלדז איז געוואָרן אָנגעפּילט מיט געלעכטער, אָבער איך האָב מיט צלע כוחות אים צוריק געהאַלטן. איך האָב דעמאָלט באַנומען, פאַרוואָס דער מאַעסטראָ האָט ניט געוואָלט נעמען דעם אויפגאַב, וואָרום ער האָט שוין דע־מאָלט פאַרטראַכט נקמה צו נעמען פון אָט־דעם מענטשן, וואָס האָט אים פאַר־גליכן מיט עפּעס אַ שמירער, וואָס מאַכט פאָרטרעטן פון רייכע מענטשן פאַר אַ הונדערטער.

## ז.

שרייבנדיק אָט־די שורות קומט מיר אויפן געדאַנק דער גולמדיקער טראַק, וואָס האָט אויסגעלאָשן אַזוי אומזיניק דאָס ליכט פון גליצנשטיינס

יונגע, העל־זעערישע אויגן.

— איז ווי־זשע פילט זיך הײַנט דער דיכטער? — העט איך אויך איצט זײַן קול, און איך ענטפער:

— אַ פײַנלעכע בענקשאַפט פיל איך אין זיך נאָך יענע באַגעגענישן, און אין דער זעלבער צײַט — אויך אַ זכיה, וואָס אָט־די באַגעגענישן זײַנען געווען...

1955.

# אבֿרהם וואָלקאָוויץ

## א.

אין דער היים פון דער קאַנאָוויץ־משפחה אין פאָל־ריווער, מאַסאַטשוזעטס, וואו איך בין דער גאַסט יעדעס מאָל, ווען איך באַזוך יענעם ישוב פאַר דעם איקוף, האָב איך באַמערקט אַ פאָר געמעלן, וואָס האָבן געצויגן מיין אויפֿמערקזאַמקייט מיט זייער געוואַגטקייט אַריינצודרינגען אין דעם פּרדס, צו וועלכן דער שליסל איז דערווייל נאָך ערגעצוואו באַהאַלטן. ווען איך האָב איבערגעלייענט די אונטערשריפט, האָב איך געפרעגט:

— פון אייער משפחה?

— אונדזער זון, — האָט דאָרע קאַנאָוויץ געזאָגט מיט יענער ווייכקייט אויף איר פנים, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר אַ מאַמע, ווען זי רעדט וועגן די פאַרמעסטן פון אירס אַ קינד.

— ווער ווייסט, צי דאָס מיינט עפעס? — האָט באַמערקט מאיר, דער פאָטער, און דערביי צוגעלייגט מיט אויפריכטיקער אָפנהאַרציקייט אין זיין טאָן:

— דעקאָראַטיווקייט, אָבער וואָס אַזוינס דאָס מיינט, איז פאַר מיר ניט קלאָר.

שמועסנדיק מיט די קאַנאָוויצעס, בין איך געוואויר געוואָרן, אַז זייער זון אין די פריע צוואַנציקער האָט, לערנענדיק זיך אויף אַ קורס פון „אינטעריאָר דעקאָרעישאָן" אין אַ שול, זיך אָנגעשלאָגן אויף דער אָפטיילונג פון דער פלאַסטישער קונסט, וואָס די שול האָט געהאַט, און איצט, איז — הימל און ערד און מאָלעריי ביי אים.

— וואו געפינט ער זיך איצט?

— האָט אַ סטודיאָ אין ניו־יאָרק, און מאָלט אָן אַן אויפהער, — האָט דער פאָטער געזאָגט אין אַ שטילן טאָן, וואָס האָט געהאַט אין זיך צוזאַמען מיט דער נאָטקע פון באַזאָרגטקייט אויך אַן אָנדייטונג פון שטאָלץ, וואָס זיין זון האָט דאָך אַ באַגער פאַר העכערע ענינים.

מיט אַ פאָר וואָכן שפעטער בין איך געזעסן צוזאַמען מיט די עלטערן זיינע אין דער אַטעליע פון דעם יונגן האַוואַרד קאַנאָוויץ, און זיך געוואונדערט.

איך האָב געקוקט אויף די פאָר צענדליק ליוונטן, איבער וועלכע עס האָט זיך געטראָגן אַ בענקשאַפט דורך אַ וועלט פון אַבסטראַקציעס צו אַן עפעס, וואָס איז נאָך ניט אינגאַנצן קלאָר פאַר דעם יונגן קינסטלער אַליין, און בשעת

מעשה געזען לעבן זיך די טאַטע־מאַמע, וואָס גייען זייער גאַנץ לעבן איבער זייער וועג צו אַ באַשטימטן ציל, און זיך געפרעגט:

— וואו איז די ירושה פון די עלטערן בײַ אַט דעם זון?

און עס איז דאָך ניט די עלטערן גופא, — עס איז דאָך די גאַנצע סביבה, אין וועלכער אַט דער האָארד איז דערצויגן געוואָרן. עס איז געקומען אויפן זינען דאָס הויז פון דער האָראָוויץ־משפּחה — ליובא און נייטן, — נאָענטע און אייגענע צו די קאַנאָוויצעס און צו דעם יונגן האָארדן אויך — מענטשן מיט אַ באַשטימטן רעאַליסטישן צוגאַנג צו דער וועלט און צום ייִדישן לעבן, איז וואו־זשע איז די השפּעה פון דער דערציאונג?

איך האָב געקוקט אויף די לייוונטן, זיך געוואונדערט. אין זכרון איז אויפֿגעגאַנגען אַ מאָמענט פון מיין יוגנט, ווען איך בין פּונקט אַזוי געזעסן אין דער אַטעליע פון דעם היינט שוין באַרימטן קינסטלער אברהם וואָלקאָוויץ.

— האָב איך זיך דעמאָלט אויך אַזוי געוואונדערט?

איך האָב זיך אָנגעשטרענגט צו דערמאָנען, און געוואָרן זיכער בײַ זיך, אַז דעמאָלט האָב איך אויפגענומען די אַבסטראַקציעס פון אברהם וואָלקאָוויצעס שאַפן און אַפילו מיטגעריסן געוואָרן פון זיי אין זיין וועלט אַריין.

— איז דאָס בלויז דערפאַר, ווייל איך קען דעם הינטערגרונט פון דעם יונגן האָארד קאַנאָוויץ, וואָס איך וואונדער זיך אַזוי אויף זיינע אַבסטראַקציעס? צי איז דאָס אויך דערפאַר, ווייל אין לויף פון די יאָרן איז מיר בכלל די אַבסטראַקטע קונסט דערווידער געוואָרן?

קאָן זיין, אַז אַ געוויסער אמת איז דאָ אין ביידע סיבות, אָבער עס איז דאָך אַ פאַקט, אַז אברהם וואָלקאָוויצעס געמעלן זיינען מיר אויך איצט ביז גאָר נאָענט און רעדן צו מיר מיט אַ לשון, וואָס איז מיר קלאָר.

— אפנים, אַז אַבסטראַקציעס צו אַבסטראַקציעס זיינען ניט גלייך, — האָב איך צו זיך געזאָגט, און זוכנדיק די באַזונדערקייט, וואָס שיידט פאַנאַנדער דעם יונגן פון דעם אַלטן, — האָב איך זיך אָנגעכאַפּט בײַ אַ פאַלע פון אַ געדאַנק, וואָס האָט אָנגעהויבן אויפהעלן אין מיר, אַז בשעת בײַ האָארד קאַנאָוויצן זיינען די חלומות אין זיין חלום־לאַנד אָן דעם מינדסטן באַגער צו דערווירקלעכקייט און בלייבן דערפאַר דאָרטן, וואו זיי זיינען, איז בײַ אברהם וואָלקאָוויצן דער חלום אָנגעלאָדן מיט אומגעהויערער בענקשאַפט צו דער וואָר, און עס איז אַט די בענקשאַפט, וואָס גייט אויף פאַר אונדזער אויג ממש, ווי רעאַליזם.

אברהם וואָלקאָוויץ טונקט זיין פּענדזל אין די ריינע, דורכזיכטיקע קאָלירן פונעם רעגנבויגן, און העלט אויף פאַר אונדז דעם חלום אין זיך, וואָס איז מיד

ב.

חלום צו זיין און איז דערפאַר אין עקשנותדיקן גאַנג צו דער וואָר.

אין זיין יוגנטלעכן בילד „דער קוש", וואָס איז איצט אין ניו־יאָרקער מעטראָפּאָליטאַן מוזיי, גיסט זיך צונויף דער חלום פון ביידע געשלעכטן איינער צום אַנדערן אין אַ געזונטן רעאַליסטישן קוש.

בשעת די פיגורן פון דעם מאַן און דער פרוי זיינען חלומדיקע, איז אָבער דער קוש אַזוי רעאַל.

און איז דען ניט דאָס זעלבע אין אַלע זיינע אויסגעטרוימטע פיגורן?

ווען איר קוקט אויף זיי, ווערט איר מיטגעצויגן פון דער טיפער בענקשאַפט זייערער, וואָס איז אויך די בענקשאַפט אין אייך גופא, און איר הויבט אָן האָבן דאָס געפיל, ווי אייער אייגענע בענקשאַפט שוועבט איבער אַ כישוף־טעפיך אין דער לופט פון אייער אייגענעם חלום־לאַנד צו דער באַגערטער ווירקלעכקייט.

אָט די בענקשאַפט איז אין זיין יעדער ליניע באַזונדער, און ווערט נאָך בוילעטער, ווען אָט די ליניעס גיסן זיך האַרמאָניש צונויף אין דער גאַנצער קאָמפּאָזיציע.

וואָלקאָוויץ איז דערפאַר ביז גאָר קאָלירריק אַפילו, ווען ער אָפּערירט בלויז מיט בלייפעדער. עס איז די דינע סוגעסטיע פון יעדן שטריכל זיינעם, וואָס געבערט פאַר אייער אויג קאָליר. יעדעס שטריכל געבערט איר אייגענעם קאָליר, און ווייל זיין גרויסער כוח איז אין דער סוגעסטיווקייט איז ער דערפאַר אומבאַגרענעצט אין זיין געבערן.

די ליניע — סוגעסטיווקייט, די סוגעסטיווקייט — קאָלירן, די קאָלירן — טענער און קלאַנגען און זיי אַלע — מחשבות, וואָס אַנטפּלעקן זיך איינע פאַר די אַנדערע, און די אַנטפּלעקונגען גייען אויף איינע נאָך די אַנדערע אין גרויסער פיינלעך־פריידיקער בענקשאַפט נאָך נייערע אַנטפּלעקונגען.

אומבאַשטימטקייטן?

זיכער זיינען אין אברהם וואָלקאָוויצעס געמעלן דאָ אומבאַשטימטקייטן, אָבער בשעת ביים יונגן האָוואַרד קאַנאָוויצן זיינען די אומבאַשטימטקייטן ניט אין גאַנג צו אַ באַגערטער באַשטימטקייט, זיינען זיי ביי אברהם וואָלקאָוויצן אין כסדרדיקן, עקשנותדיקן גאַנג, און זיי וועקן אויף אין אייך דעם באַגער מיטצוגיין.

אָט זיץ איך און קוק אויף האָוואַרד קאַנאָוויצעס אַ ביז גאָר פיין געמעל, וואָס הייסט ביי אים „האַלץ". מיינע אויגן זעטיקן זיך סיי מיט דער פּרעציזקייט פון דעם מאָלן, און סיי מיט דער דינער שטימונג, וואָס

ווײַטע פון דעם חלל צווישן הימל און וואַסער, וואָס גיסט זיך צונויף האַרמאָניש מיט זיי ביידן — אָבער פון מיין בענקל טו איך זיך ניט קיין הויב, ניטאָ קיין באַגער מיטצוציען מיט די אָפּגעשניטענע שטאַמען, וואָס וויגן זיך אינעם רואיקן וואַסער, באַווייזנדיק פאַר מיר די פרישע אָפּשניטן, וואָס קוקן אויס, ווי פאַרהיילטע וואונדן, פון וועלכע מען האָט נאָר־וואָס אַרונטער־גענומען די באַנדאַזשן, ווייל קיין בלוט וועט פון זיי שוין ניט רינען.

אַ שיין בילד, — אַ ווערק, וואָס גיט סמיכה דעם קינסטלער, אַז ער פאַר־מאָגט אין זיך מייסטערשאַפט, אָבער וואָס וויל ער מיט זיין מייסטערשאַפט? פון וואַנען קומט ער? וואוהין גייט ער? זיין טייך ציט זיך ניט, נאָר וויגט זיך אויפן זעלבן אָרט. ער ציט זיך ניט, ווייל ניטאָ קיין אָנדייטונג פון קיין ברעג, צו וועלכן ער זאָל האָבן אַ באַגער זיך צו ציען. און אַז קיין ברעג פון יבשה איז ניטאָ, איז ניטאָ במילא דער באַגער פאַר בויאונג, און צו וואָס־זשע האָט מען געדאַרפט אָפּשניידן אָט די שטאַמיקע ביימער? גלאַט אַזוי, אַז זיי זאָלן זיך וויגן אינעם וואַסער, כדי דער יונגער האָוואַרד קאַנאָוויץ זאָל זיי נוצן פאַר מאָדעלן, און דורך זיי אונדז ווייזן, אַז ער קאָן מאָלן?

ג.

— קאָנט איר אברהם וואַלקאָוויצעס אַרבעטן? — האָב איך געפרעגט דעם יונגן האָוואַרד קאַנאָוויצן.

— ניט צופיל, עפּעס האָב איך געזען, — האָט ער געענטפערט אין אַ טאָן, וואָס האָט מיר קלאָר געמאַכט, אַז עס איז אים ניט זייער וויכטיק.

קיין איבערראַשונג פאַר מיר איז זיין ענטפער ניט געווען. מיין דער־פאַרונג מיט יונגע קינסטלער אויף פאַרשיידענע געביטן פון קונסט איז פאַר־נייניק פון אַלץ, וואָס איז געווען פאַר זיי. איך אַליין בין דאָך אויך אַמאָל גע־ווען יונג. אפשר קאָן דאָס גאָר אַנדערש ניט זיין. די אייגנאַרטיקייט, וואָס רייסט זיך צום אויסדרוק, איז אַזוי פאַרכאַפּט פון זיך אַליין, אַז זי האָט ניט קיין אויגן פאַר עפּעס אַנדערש. איך האָב דערפאַר גאַנץ גוטמוטיק זיך צוגעהערט צו די רייד פון דעם יונגן האָוואַרד קאַנאָוויצן, וואָס זיינען געווען אַזוי צע־שטערנדיק פון דעם ביז איצטיקן אויפן געביט פון אַלע קונסטן, און באַזונדער — פון דער פּלאַסטישער.

הערנדיק אים האָב איך געקוקט אויף זיין יונגן גלי, וואָס האָט זיך גע־שפּרייט און געריוויטלט די ווייכע הויט פון זיין פיינעם, סענסיטיוון פּנים, און דערהגרייכט דאָס בלאָנד פון זיינע פרישע וואַנצעלעך איבער זיינע ווייכע ליפּן און זיך געפּרובירט פאַרשטעלן, ווי אַזוי ער, וועט רעדן, ווען ער וועט דורכגיין דעם גאַנג פון אַן אברהם וואַלקאָוויצן און קומען אין יענעמס יאָרן.

— איך האָב, אגב, זיך דאָ ניט לאַנג אָנגעשלאָגן אויף אברהם וואָלקאָוויצן פערזענלעך אויף אַן אויסשטעלונג, און זיך טאַקע פאַרגעשטעלט פאַר אים. — האָט ער איבערגעריסן מיינע געדאַנקען און אַן אויפגעלויכטענער דער־ציילט:

— איך בין צוגעגאַנגען צו אים, זיך פאַרגעשטעלט, און הערנדיק, אַז איך בין אַ מאָלער, איז ער געווען גאָר פאַראינטערעסירט אין דעם וואָס איך טו.

אָט אַזוי האָט ער דערציילט און אין דער זעלבער אויפגעלויכטנקייט צו־געלייגט:

— אַ ליבער אַלטיטשקער, און אַזאַ פריינטלעכער!

— נו, יאָ, עלטערע קינסטלער מיט דערגרייכונגען הינטער זיך קאָנען זיך שוין פאַרגינען פריינטלעך צו זיין, — האָב איך באַמערקט אין אַ קיבעצדיקן טאָן.

מאיר קאַנאָוויץ, דער פאָטער פונעם קינסטלער, האָט אַ צופרידענעם שמייכל געטאָן אין הסכם מיט מיין באַמערקונג, און דאָרע, די מוטער, האָט זיך צעלאַכט.

ניט קיין חידוש — מענטשן ערנסטע מיט אַ באַגאַזש פון פראַקטישער געזעלשאַפטלעכער טואונג דורך יאָרן, — דער עיקר טאַקע דער פאָטער, וואָס האָט אין זיינע יונגע יאָרן פּאָעזיע געשריבן, און אַפילו געדרוקט אויך.

— אַפּנים, אַז אַזוי איז מען, ווען מען ראַנגלט זיך אין גאַנג באַרג אַרויף, — האָט דער פאָטער באַמערקט, ניט אינגאַנצן קיין צופרידענער, וואָס זיין זון האָט אַזאַ נעגאַטיוון צוגאַנג צום דור, וואָס איז זיינער און איך האָב אים גע־טרייסט:

— מסתמא איז אויך אברהם וואָלקאָוויץ אין זיינע פריע יאָרן אַזוי אַנטאַגאָ־ניסטיש געווען צו זיין פריערדיקן דור, ווי אייער זון.

ד.

האָט דער יונגער האַוואַרד קאַנאָוויץ גאָרניט געלערנט פון זיינע פאָר־גייער?

זיכער האָט ער געלערנט, און לערנט נאָך פון זיי אויך איצט. דער רע־וואָלט אין אים צו זיי איז דער רעזולטאַט פון זייער פאַרמעגן, מיט וועלכן ער איז אָנגעפילט, און ווייל אין אים איז דאָ זיין אייגנס, איז דערפאַר דער געראַנגל פונעם אייגנס, וואָס וויל זיך נישט לאָזן איינשלינ־גען פון דעם אָנגעזאַמלטן, און ווייל אַזאַ געראַנגל — איז דערפאַר די פאַר־ניינונג.

איך שטעל זיך פאַר דעם געראַנגל אין אברהם וואָלקאָוויצן מיט דעם

פּאַרמעגן פון זײַנע פּראָנצויזישע פּאָרגײער, ווי אַ דעקאַס, אַ סעזאַן, וואָס זײַער השפּעה האָט אים אַ סך יאָרן געהאַלטן געפּאַנגען, און אים געשטערט צו דער־גײן צו דער איצטיקער באַזונדערקייט, וואָס איז דורכאויס זײַנע.

מיט אַ צײַט צוריק האָבן מיר זיך געטראָפן בײַם אַרײַנגאַנג צו אַן אונ־טערבאַן, און זיך אַזוי דערפרייט מיט דער באַגעגעניש, אַז איך שטעל זיך פאָר, אַז אויך ער, פּונקט ווי איך, האָט היפּש פאַרשפּעטיקט אַהין, וואוהין ער האָט זיך געאײַלט.

— ווי איר זעט, בין איך שוין אַ זקן! — האָט ער אין זײַן שטילן טאָן זיך פאַר מיר אַ פּיעשטשע געטאָן.

איך האָב געקוקט אויף זײַן קלײנגעוויקסיקער, דינער פיגור, וואָס האָט מיר אויסגעקוקט פּונקט אַזוי דשוואוויק און דראַמטיק, ווי אין די פריערדיקע יאָרן, ווען אונדזערע באַגעגענישן זײַנען געווען אָפטערע, ווי איצט, און זיך צעלאַכט:

— גייט שוין, גייט! וואָס פאַר אַ זקן זײַט איר! סײַדן די האָר אויף אײַער קאָפּ, וואָס איר האָט אַוודאי אוממיסטן אָפּגעזילבערט, ווײַל איר ווייסט, אַז עס פּאַסט אײַך צום פּנים.

— דער זעלבער זישע ווײַנפּער, ווי אין די פריערדיקע יאָרן! זאָגט מיר, ווי לאַנג, אַז מיר האָבן זיך ניט געזען? — האָט ער געפרעגט, און ניט וואַרטנ־דיק, איך זאָל אים זאָגן גענוי, וויפל יאָרן עס זײַנען אַוועק זינט אונדזער לעצ־טער באַגעגעניש, האָט ער זיך ווידער צעפּיעשטשעט:

— און אַז איך בין שוין אַ זיבעציקער, ווייסט איר?

דעם אמת געזאָגט, האָט דער פאַקט, וואָס ער איז שוין אַ זיבעציקער, מיך אַביסל געפּלעפט, ווארים אָט ערשט דאַכט זיך, איז ער נאָך געווען אַ יונגער.

— ניטאָ, ניטאָ שוין יענע יאָרן, — האָט ער באַטאָנט מיט נאָסטאַלגישקייט אין זײַן טאָן און בײַם געזעגענען זיך האָט ער מיך געטרייסט:

— נו, איר זײַט דאָך לגבי מיר נאָך גאָר אַ יונגערמאַן!

— אַ יונגערמאַן? — האָב איך זיך געפרעגט, ווען איך בין געבליבן מיט זיך אַליין, און מײַן געמיט איז אויך נאָסטאַלגיש געוואָרן.

— ניטאָ, ניטאָ שוין יענע יאָרן, — האָט מיר געקלונגען אין די אויערן, און ווי אַ טרייסט איז אויפגעגאַנגען פאַר מיר דאָס פאַרמעגן, וואָס איז פון יענע יאָרן געבליבן און איז דאָ.

שרײַבנדיק איצט אָט די שורות פאַלט מיר אײַן, אַז עס איז ניט אַזוי דאָס אויפגעזאַמלטע, ווי די צײַט, ווען דאָס פאַרמעגן האָט געיערט און איז אויפ־געגאַנגען אין דיר, און די פרייד, וואָס איז געווען, ווען דו האָסט דאָס מאָדע־לירט און געבראַכט צום לעבן.

איך דערמאָן זיך די צייט, ווען אברהם וואָלקאָוויץ האָט אָנגעהויבן דערזען צו ווערן ווייט און ברייט איבער די גרענעצן פון דער יידישער עמיגראַנטישער סביבה, וואו ער האָט געשאַפן און זיך אויסגעלעבט, און מיר האָבן געמיינט, אַז מיר פאַרלירן אים, וואָרום די דערפאַרונג האָט אונדז געוויזן, אַז ווען מען איז דערזען און דערהערט געוואָרן אַריבער דעם גרענעץ, האָט מען שוין אַליין זי איבערגעשפּאַנט זיך ניט אומצוקערן צוריק.

אָבער ער איז געבליבן מיט אונדז אפילו נאָכדעם, ווי זיינע איזאַדאָראַ דאַנקאַן צייכענונגען האָבן אים ווייט און ברייט באַרימט געמאַכט.

— וואָס האָט אים געהאַלטן ביי אונדז?

זיכער ניט די יידישע פיגורן, וואָס האָבן זיך פון צייט צו צייט געשטאַל־טיקט דורך זיין פּענדזל. וואָרים די געשטאַלטיקייט האָט ער סיי ווי ניט גע־נומען דירעקט פון דער סביבה, אין וועלכער ער האָט געלעבט. זיי זיינען געווען אין אים, און ער האָט ניט געדאַרפט אָנקומען צום דרויסן, ווי עס טוען די פּיאַיקע קאָפּירער ביי אונדז און אומעטום. זיין גאַנצער דרך איז ניט קאָ־פּירונג, נאָר אָנטפּלעקונג. אויך זיינע איזאַדאָראַ דאַנקאַן־צייכענונגען זיינען ניט קיין קאָפּירונג, נאָר אַנטפּלעקונג פון באַוועגונג און ריטם אין זיך גופא, וואָס די געניאַלע טענצערין האָט זיך מיט דעם איבערגערופן און אַזוי אַרום געהאָלפן קומען צום אויסדרוק.

זיין האַלטן זיך ביי אונדז איז געווען איבער דער גרויסער בענקשאַפט, וואָס ער האָט דערפילט אין אונדזער דעמאָלטדיקער יונגער יידישער ליטע־ראַטור, וואָס איז אויפגעגאַנגען דורך חלום אויפן וועג צו דער וואָר. ער האָט געזען אין איר די אַנטפּלעקונג פון גייסטיקייט אין דער גופיקייט, וואָס איז געווען אַזוי ענלעך צו דעם גאַנג פון זיין אייגענעם שאַפן.

וואָס איז זיין „נאַקעט קינד", וואָס ליגט מיט צונויפגעקרעמפּעוועטע פיס־לעך, און האַלט די געביילטע הענטלעך אין מיילעכל, בשעת די אויפגעריסענע אויגעלעך קוקן מיט געפּלעפטקייט אויף דער וועלט, אויב ניט דאָס פאַרגאַפטע ליד פון די יונגע יידישע דיכטער אין ניו־יאָרק פון יענעם פעריאָד?

איך געדענק די באַגייסטערונג, מיט וועלכער די יונגע יידישע דיכטער האָבן אַרויסגעוויזן צו זיין „קוש".

עס איז געווען, ווי מען וואָלט דורך אָט דעם בילד דערזען דעם אייגענעם דרך אין דער יידישער פּאָעזיע.

די אַנטפּלעקונג פון גייסטיקייט אין דער גופיקייט, וואָרים ניט די צווויי פיגורן — מאַן און פרוי מיט זייערע פיזישע באַגערן זיינען דאָ דער עיקר. אַזוינס וואָלט געווען שאַבלאָן. עס זיינען געווען די דינע, זינגענדיקע ליניעס, וואָס זיינען אויפגעגאַנגען, ווי די שטראַלן דורך כמאַרעס. עס איז געווען די

האַרמאָניע פון דער פאָרם, וואָס האָט דערהויבן דעם קוש איבער דער גופי־קייט צו דער גייסטיקייט, און גייט אויף דורך דעם מעדיום פון געלייטערטער שיינקייט.

אַזוי מיטן „קוש", אַזוי מיטן „באַקעטן קינד", אַזוי מיט זיינע פיגורן אויפן שויס פון דער נאַטור אין דעם ליכט, וואָס קאָן זיין אויפגאַנג און פאַרגאַנג צוזאַמען, אַזוי מיט זיינע יידישע פיגורן, ביי וועלכע די יידישקייט איז ניט דווקא געווען אין זייער אויסערלעכער באַזונדערקייט, נאָר אין זייער אינערלעכ־קייט, פון וועלכער עס האָט אויפגעשטראַלט די דורותדיקע פיינלעך־פריידיקע ירושה.

און עס איז געווען, אַז דווקא, ווען ער איז אַריבער די גרענעצן, איז אים די סביבה פון דער יידישער ליטעראַטור נאָך ליבער געוואָרן. זיינע אַרבעטן האָבן זיך מתיחד געווען מיט דעם יידישן וואָרט צווישן די הילעס פון דוד איגנאַטאָוס „שריפטן"־זאַמלביכער און זיין אָפּרו האָט ער זייער אָפט געפונען אָדער אין דעם קעלערדיקן רעסטאָראַנדל אויף איסט בראָדוויי, אָדער אין דעם „זינדאָרעסט" אויף צווייטער עוועניו, וואו עס זיינען געזעסן די בעסטע יידישע שריפטשטעלער סיי פון דעם יונגן און סיי אויך פון דעם עלטערן דור.

— ניטאָ, ניטאָ שוין יענע יאָרן, — קלינגט מיר אין די אויערן זיין באַדויער.

נו, יאָ, יענע יאָרן, ווען ער פלעגט זיצן ביי אַ טישל מיט יונגע, יידישע פּאָעטן און שווייגנדיק זיך צוהערן, ווי זיי אַמפּערן זיך איבער אַ וואָרט. זיין ברייט־צעפּלאָסענער ווינדזאָר־שניפּס, וואָס איז געווען אַזוי שוואַרץ, ווי די האָר אויף זיין קאָפּ, האָט זיך געקוואַליעט אונטער זיין קין, ווי די דינע עמאָ־ציעס איבער זיין טונקל־הויט, סענסיטיוו פּנים. זעלטן ווען האָט זיך מויל געלאָזט פאַלן פון זיך אַ וואָרט, און אַז עס איז געקומען, איז דאָס געווען אָנ־געלאָדן, ווי אַ קישעלע מיט ווייכן פוך, וואָס איז אי אָנזעענדיק, און איז אַזוי ווייך, כאָטש נעם און לייג אַוועק אויף דעם דיין אויפגעשרויפטן קאָפּ און באַ־רויִק זיך.

— טראַדיציע? נו, יאָ, זי איז אַוודאי וויכטיק. אָבער זי איז אויך אַ קייט, וואָס האַלט געפּענטעט דיינע פיס צו דעם פריערדיקן, און לאָזט זיי ניט פריי אין גאַנג צום פאָראויס, — האָט אַמאָל אַ זאָג געטאָן משה לייב האַלפּערן אין אויפרעגונג, און אברהם וואָלקאָוויץ האָט מיט אים מסכים געווען.

ה.

וואָס איז באַזונדערקייט אין דעם רינג, וואָס אברהם וואָלקאָוויץ האָט

אַריינגעלייגט אין דער קייט אויפֿן געביט פֿון דער פּלאַסטישער קונסט ?

איך זע אין אים דעם אומרו, וואָס איז אין גאַנג צו דער רו, און וואָס פֿאַרשפּילט זיך אויפֿן וועג צו איר מיט קאָלירן און מעלאָדישע טענער און קלאַנגען.

אפילו די באַוועגונג אין זיינע בילדער און צייכענונגען זיינען דאָך דורכ־אויס ריטמישדיק און האַרמאָנישדיק.

זיינע איזאַדאָראַ דאנקאַן־צייכענונגען, וואָס זיינען דורכאויס באַוועגונג פֿון דעם אומרו אין די לייביקע גלידער, גלעטן אייך מיט דער צוגעזאָגטער מנוחה, וואוהין אָט די אומרואיקע באַוועגונג פֿירט אייך.

עס האָט געדויערט אַ היפּשע צייט ביז די פּלאַסטישע קונסט־וועלט האָט אים דערזען. אָבער ווען מען האָט אים דערזען, האָט יעדער פּאָרטרעטן־מאָלער געמאָלן זיין פּאָרטרעט.

עס דערמאָנט זיך מיר דער אָוונט אין „זינדאַרעסט״, ווען דער דעמאָלט באַ־רימטער מאָלער יואל לעוויט האָט זיך צוגעזעצט צו אונדזער טיש און זיך געווענדט צו אים:

— זיצט אָט אַזוי, ווי איר זיצט, און איך וועל זיך באַמיען אייך צו ציי־כענען.

דער „זינדאַרעסט״ איז יענעם אָוונט געווען באַזונדער אָנגעפּילט. די שמאָלקייט פֿונעם עס־סאַלאָן האָט געהאַלטן אין זיך דעם רויך פֿון די ציגאַרעטן, ציגאַרן און ליולקעס, ווי אַ צוגעמאַכטער זודיקער קעסל האַלט אין זיך די פּאַ־רע, און די קולות אַרום די טישלעך האָבן זיך צונויפֿגעגאָסן אין איין צונויפֿ־געפּרעסט געברום.

— געבענטשטע מענטשן, — קאָנען זיך קאָנצענטרירן אין אַזאַ ברויזנדיקן האַרמידער — האָט אברהם וואָלקאָוויץ אַ מורמל געטאָן אין מיין אויער אַריין, בשעת איך האָב זיך געבאָדן אין דעם שיין פֿון יואל לעוויטס ברייט־צעעפֿנטע בלויע אויגן צו די אַרויסגעכישופֿטע ליניעס איבער דעם קאַרדאָן.

— נאָך אַ וואָלקאָוויץ־פּאָרטרעט אין דער קאָלעקציע,— האָט משה יונה חאַימאָוויטש באַמערקט.

און עס זיינען ווירקלעך אין יענע יאָרן אויפֿגעמאָלן געוואָרן פֿון אים אַזוי פֿיל פּאָרטרעטן, אַז אין עטלעכע יאָר שפּעטער איז דורכגעפֿירט געוואָרן אין ניו־יאָרק אַ ספּעציעלע אויסשטעלונג פֿון זיי אַלע אונטערן נאָמען: „אברהם וואָלקאָוויץ אין ליכט פֿון דער פּאָרטרעטן־קונסט״, און די אויסשטעלונג האָט געצויגן גרויס אויפֿמערקזאַמקייט.

ו.

— ניטאָ יענע יאָרן ?

זײ זײנען דאָ אין די קונסט־אַרבעטן פון די קינסטלער אין יענעם פּעריאָד, און זײ חזרן זיך איבער אין די אַטעליעס פון דעם ייִנגערן דור.

אין דער אַטעליע פון דעם יונגן האַוואַרד קאַנאָוויץ האָב איך געפילט אַט די איבערחזרונג סײ אין דער צאָל פיינע בילדער און סײ אין זײנע רייד, וואָס שלאָגן זיך מיט דער אַנגעקליבענער ירושה, כדי פון איר ניט פאַרטרונקען און אויסגעמישט צו ווערן אין איר.

אַט דאָס שלאָגן זיך איז גוט. עס באַווײזט, אַז עס קומט אָן אַ נײַ אײגנס, און איך שרעק זיך ניט, אַז דאָס וועט איבעררײַסן די קייט און ווערן אַ בראשית אײנגאַנצן אויפסנײַ. וואָס וועט גאַרניט האָבן צו טאָן מיט יענע יאָרן, נאָך וועלכע עס בענקט אַזוי אונדזער אברהם וואַלקאָוויץ, און מיר אַלע — פון יענעם דור.

איך לייג אַוועק די פען, און לאָז מײנע אויגן רוען אויף אברהם וואַלקאָוויצעס „מענטשן אויף אַפּרו אין שטאָט־גאָרטן", אַ גרויסער אויל־בילד, וואָס באַצירט אַ וואַנט אין אַ צימער פון מײן וואוינונג.

— וואו זײנען זײ איצט אַט די אַלע מענטשן ? — פרעג איך בײ זיך, און איך הער זײער ענטפער :

— מיר זײנען דאָ אין דער רו אויף שמעקנדיקן גראָז צווישן בוימער אין דעם גלי פון גאָלד און גרין פון דער אייביקייט צווישן אויפגאַנג און פאַרגאַנג.

איך מאַך צו די אויגן, און זע אברהם וואַלקאָוויצן אויף דער שוועל פון „קאַרנעגי־זאַל", וואו איך האָב אים ערשט לעצטנס באַגעגנט אָן אַלייניקן.

— דאַכט זיך, ווײנפּער, — האָט ער אַ ציטער געטאָן, און באַלד אין שטילער פרײדיקייט :

— יאָ, זיכער, טאַקע ווײנפּער, — די אויגן בײ מיר זײנען לעצטנס, — נו, יאָ, מען איז דאָך שוין אַ פינף־און־זיבעציקער, איז דאָס נאַטירלעך !

דער אָוונט איז געווען אַ נעפּלדיקער אין דרויסן, אָבער אינעווייניק איז געווען ליכטיק און מיר בײדע האָבן זיך דערפילט דערפרישט סײ פונעם גרויסן עולם און סײ פון פּאָול ראָבסאָנס זינגען און אפשר נאָך מער, וואָס מיר באַגעגענען זיך נאָך אַלץ און זיצן צוזאַמען.

איך האָב אים דערציילט וועגן מײן באַזוך בײַ דעם יונגן האַוואַרד קאַנאָוויץ, און ער האָט געשמייכלט :

— נו, יאָ, דור הולך ודור בא והוועלט לעולם קיימת, — האָט ער געמורמלט מיט גוטסקייט אין זײן קול.

.1954

# אברהם מאַניעוויטש

## א.

איצט האָבן מיר, אַ דאַנק דעם איקוף, אַ קאָלעקטיוו פון יידישע קינסטלער־פּלאַסטיקער, וואָס פירט דורך כסדרדיקע קונסט־אויסשטעלונגען און לעקציעס וועגן קונסט פאַר יידישע מאַסנמענטשן, און אַן אָנהויב פון אַ יידישן מוזיי איז שוין אויך דאָ.

ווער האָט סטימולירט, אַז יידישע קינסטלער זאָלן פּרובירן ברענגען זייער קונסט צום פאָלק ?

די קונסט־סעקציע ביים איקוף אין ניו־יאָרק איז סטימולירט געוואָרן פונעם איקוף, אין וועמעס פּראָגראַם פון יידישער קולטור־אַרבעט פאַרן פאָלק איז די פּלאַסטישע קונסט פונקט אַזוי וויכטיק, ווי ליטעראַטור, טעאַטער און מוזיק. אַדאַנק דער אַרבעט פון דער קונסט־סעקציע ביים איקוף זיינען די, וואָס קאָנצענטרירן זיך אַרום דער „ציקא" סטימולירט געוואָרן צו פירן קונסט־טעטיקייטן. איידער דער איקוף איז געקומען צום לעבן, איז קיין באַמיאונג אַזוינס צו באַשאַפן ניט געווען.

איצט ווען מיר באַמיען זיך דורכצוזיפּן דעם גאַנג פון יידישן לעבן פאַר די דריי הונדערט יאָר זינט יידן האָבן אָנגעהויבן קומען צו די ברעגן פון אונדזער לאַנד, איז כדאי צו כאַפּן אַ קוק אויך אויף דעם געביט פון דער פּלאַסטישער קונסט אין אונדזער אייגן יידיש לעבן.

ווען איך זאָג „יידיש לעבן" מיין איך די יידיש־רעדנדיקע און ניט יענע יידן, וואָס האָבן זיך אויסגעמישט מיטן אַלגעמיינעם לעבן און זיינען מיט דעם צונויפגעוועבט געוואָרן.

אויף וויפל איך געדענק, איז דער קינסטלער שאול ראַסקין געווען דער פּיאָנער אין אויפוועקן דעם אינטערעס ביים יידישן פאָלקס־מענטשן צו דער פּלאַסטישער קונסט.

ער האָט אין זיינע יונגע יאָרן, מיט אַ פערציק יאָר צוריק, ניט באַנוגנט זיך מיט פאַרעפנטלעכן זיינע צייכענונגען אין דער יידישער פּרעסע, נאָר ער האָט אויך געשריבן און געהאַלטן לעקציעס וועגן פּלאַסטישער קונסט. אין יענע יאָרן פלעגן דערשיינען נאָטיצן אין דער יידישער פּרעסע, אַז אין דעם און דעם טאָג, וועט שאול ראַסקין פירן אַ גרופּע פאַראינטערעסירטע אין שטאָטישן מוזיי און דערביי פאַרבעטן מיטצוגיין מיט אים.

שפּעטער האָט אויך דער קינסטלער אבא אָסטראָווסקי אָנגעהויבן עפּעס צו טאָן אויף דעם געביט מיט זײַנע קלאַסן אין דעם „עדיוקײשאַנאַל עלײַענס" אויף איסט בראָדוועי. אָבער מער פון זיי אַלע האָט אויפגעוועקט ביי יידישע פֿאָלקס־מענטשן דעם אינטערעס צו דער פּלאַסטישער קונסט דאָס בילד פון אַברהם מאַניעוויטש „אונטערגאַנג פון דער געטאָ".

## ב.

ער אַליין האָט קיין כוונה ניט געהאַט עמיצן צו וועקן. איך בין זיכער, אַז ער האָט קיינמאָל אַפילו ניט געטראַכט וועגן דעם, אַז עס איז געווען זיינס אַ בילד, וואָס האָט צעוואַכט דעם באַוואוסטזיין ביי יידישע פֿאָלקס־מענטשן צו דער פּלאַסטישער קונסט פיל מער, ווי אַלע זיינע פאָרגייער, וואָס האָבן געזוכט דאָס צו טאָן.

אַברהם מאַניעוויטש איז אַריבערגעקומען צו אונדז קיין ניו־יאָרק גלייך נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין דער זעלבער צייט, ווען עס זיינען צו אונדז אַריבערגעקומען אייניקע באַוואוסטע יידישע שריפטשטעלער, וואָס האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך דעם רויך פון ברענענדיקע האַלאָוועשקעס איבער די חורבות פון אַ שטיק יידיש לעבן אין אייראָפּע. גראַדע האָט אַ. מאַניעוויטש צווישן די צענדליקער לייוונטן זיינע געהאַט אַ לייוונט מיטן נאָמען „אונטער־גאַנג פון דער געטאָ", וואָס די זעלבע אַריבערגעקומענע יידישע שריפטשטעלער האָבן באַטראַכט, ווי אַ מאַלערישע אילוסטראַציע צו די שילדערונגען, וואָס זיי האָבן געגעבן אין דער יידישער פּרעסע.

אַט דאָס בילד איז אויסגעוואַקסן אויף די זייטן פון דער פּרעסע, ווי אַן עדות צו די געשריבענע שילדערונגען, און ווייל דער קינסטלער פון דעם האָט אויך געהאַט הינטער זיך אַ היפּשע צאָל דערפאָלגן מיט זיינע אויסשטעלונגען אין אייראָפּע, האָבן די אַריבערגעקומענע שריפטשטעלער באַלעבט יענע דער־פאָלגן אין זייערע אַרטיקלען, און מען האָט דערביי געבראַכט פאַר דער ברייטער עפנטלעכקייט די ציטאַטן פון דעם און יענעם באַרימטן אייראָפּייער וועגן אברהם מאַניעוויטשעס קונסט.

— אַ קליינינקייט, אפילו דער באַרימטער רוסישער א. לונאַטשאַרסקי האָט וועגן אים געשריבן אַזוי און אַזוי, — האָט מען געקאָנט הערן צווישן די, וואָס האָבן נאָך געלעבט מיטן אָטעם פון דער רוסישער ליטעראַטור.

עס קאָן געמאָלט זיין, אַז ווען איינער פון די ניו־יאָרקער יידישע קינסטלער וואָלט געוועזן אויפגעמאָלן אַזאַ בילד, וואָלט מען אַזאַ טומל ניט געווען געמאַכט. מען וואָלט דאָס אויפגענומען, ווי אַ נאַטירלעכע דערשיינונג פון אַ יידישן

קינסטלער אין די אייגענע יידישע רייען, וואָס האָט זיך אָפּגערופן אויף דעם חורבן פון זיין פאָלק. אָבער אַנדערש איז געווען מיט אברהם מאַניעוויטשעס בילד. אַ שטיק צייט איז געווען אין דער יידישער פּרעסע הימל און ערד אַרום זיין „אונטערגאַנג פון דער געטאָ".

די יידישע עפנטלעכקייט איז אַזוי אויפגעוועקט געוואָרן, אַז ניט נאָר האָט מען דורכגעפירט אויסשטעלונגען נאָך אויסשטעלונגען, נאָר מען האָט אויך צום ערשטן מאָל ביי אונדז רעפּראָדוצירט אַ קונסט־בילד אין פולע קאָלירן, און מען האָט געהאַלטן פאַר אַ חוב דאָס צו פאַרשפּרייטן וואָס מער צווישן יידישע פאָלקס־מענטשן, וועלכע זיינען פונעם אינטערעס צו אָט דעם ספּעציעלן בילד שוין אויך אויפגעוועקט געוואָרן צו דער פּלאַסטישער קונסט פון יידן פאַר יידן אין אַלגעמיין.

ג.

איז דאָס טאַקע געווען ניט מער, ווי איפּערזוכט ביי די יידישע קינסטלער אין ניו־יאָרק, וועלכע האָבן געזוכט צו מינימיזירן דעם קינסטלערישן ווערט פון אָט דעם בילד?

אַביסל פון אָט דעם איז אַוודאי אויך געווען. און געווען אַזוינע, וואָס האָבן שוין אויך געפּרובירט אַוועקצומאַכן מיט דער האַנט דעם גאַנצן אברהם מאַ־ניעוויטשן, ווי אַ קינסטלער פון באַדייטונג.

אָנגעהויבן די מינימיזירונג האָט מען, פאַרשטייט זיך, מיט דעם „אונטער־גאַנג פון דער געטאָ".

— געזען פון וואָס מען מאַכט אַזאַ טומל? — האָט איינער געפרעגט ביים אַנדערן אין אַ טאָן פון פאַרדרוס.

— אַן אָנגעהורבעטע מאַסע פון האַלב־חרובע יידישע שטיבלעך, און וואו איז די גרויסע קונסט אין דעם?

— שרעקט די געגנדז מיט דעם נעפּלדיקן בלוי־גרויען שלייער איבער זיי!

— נישט אַזוי דער שלייער, ווי די ציג!

— עך, נאָט אייך אַ גראָשן פאַר דעם גאַנצן אברהם מאַניעוויטשן, — מער, ווי די לאַנגע האָר זיינע זע איך ניט!

איך געדענק, ווי שטאַרק איך האָב זיך איינמאָל אויפגערעגט ביי אָט דער לעצטער באַמערקונג. כל־זמן די מינימיזירונג האָט זיך געהאַלטן בלויז ביי דעם „אונטערגאַנג פון דער געטאָ", האָב איך זיך צוגעהערט, און ביי זיך גע־טראַכט, אַז אפשר איז עפּעס דאָ אין זייערע באַמערקונגען. אָבער אַז מען האָט זיך שוין פאַרמאָסטן אויפן גאַנצן, בין איך אַרויס פון די כלים, און זיי געוואָרפן אין פּנים אַריין זייער איפּערזוכט.

ווי אַזוי עס איז געקומען דערצו, אַז איך זאָל ווערן אַ הײמישער מענטש בײַ די מאַניעוויטשעס אין שטוב, געדענק איך ניט אַקוראַט.

איך האָב זיך נאָר־וואָס געהאַט אומגעקערט פֿונעם ייִדישן לעגיאָן אין ארץ־ישראל, און ניט האָבנדיק קיין אײגענע משפּחה אין ניו־יאָרק, איז אַזאַ שטוב, ווי די מאַניעוויטשעס געווען פֿאַר מיר אַן אמתע מנוחה.

ניט קיין גרויסע וואוינונג. די צימערן געצײלטע, אָבער ציכטיק, גע־שמאַקפֿול, און די קונסט־בילדער אויף די ווענט!

פֿרוי מאַניעוויטש — אַ ליבע, אינטעליגענטע ייִדישע פֿרוי, האָט מאַמעדיק הײמיש געמאַכט. די צווײ מײדלעך, אַזוינע צאַרטע און דורכזיכטיקע, האָבן זיך צוינויפֿגעגאָסן מיט די געמעלן פֿון זײער פֿאָטער, און ער אַלײן מיט זײַן דין־גופֿיקײט, ציגײַנערישן פּנים און די קויל־שוואַרצע האָר אַרונטער צו די אַקסלען זײַנע, האָט שטענדיק דערמאָנט אין דעם בילד פֿון דעם באַרימטן רו־סישן קלאַסיקער גאָגאָל, וואָס איז אין מיר פֿאַרבליבן אין זכרון פֿון די רוסישע לערנביכער, מיט וועלכע איך האָב זיך באַשעפֿטיקט אין די פֿריע יאָרן מײַנע.

פֿון צײַט צו צײַט האָב איך זיך באַגעגנט אין אָט דער וואוינונג מיט באַ־רימטע רוסישע אינטעלעקטואַלן, וואָס האָבן זיך באַצויגן צו דעם קינסטלער מיט גרויס יראת־הכבוד.

ספּעציעל איז געווען רירנדיק די ליבשאַפֿט, וואָס דער רוסישער מאָלער און פּאָעט דאַוויד בורליוק האָט אַרויסגעוויזן צו אברהם מאַניעוויטשן.

— געניאַלני אַבראַם! — האָט ער אויסגערופֿן בײַ יעדער געלעגנהײט מיט אַזאַ ענטוזיאַזם אין זײַן קול, אַז עס וואָלט געווען פּשוט אַ געפֿאַר פֿאַר דעם, וואָס וואָלט געוואַגט ניט מסכים צו זײַן מיט אים.

אויסגעפֿינענדיק, אַז איך, דער יונגער ייִדישער פּאָעט, פֿאַרשטײ רוסיש, האָט ער אין אײנעם אַן אָונט פֿאַרגעלײענט מיט זײַן ברײטן קול אַ ליד אויף רוסיש וועגן אברהם מאַניעוויטשן, און דערבײַ גלײַך צוגעשטאַנען צו מיר, איך זאָל דאָס ליד איבערזעצן אויף ייִדיש.

— טו דאָס, ברודערל! — האָט ער זיך בײַ מיר געבעטן, און מורא האָבנ־דיק, אַז טאָמער וועל איך זיך, חלילה, אָפּזאָגן, האָט ער אַפּעלירט צו מיר אויפֿן הויכן קול:

— אויב ניט פֿאַר מיר, איז פֿאַר אונדזער געניאַלן אַבראַמען!

ד.

מיט די אויסשטעלונגען פֿון אברהם מאַניעוויטשעס בילדער אין ניו־יאָרק און איבערן לאַנד הויבט זיך אָן דער אינטערעס בײַ די ייִדישע פֿאָלקס־מענטשן אין אונדזער מדינה צו דער פּלאַסטישער קונסט. קײנמאָל ניט פֿריִער זײַנען

אַזעלכע אויסשטעלונגען באַזוכט געוואָרן פון אַזוינע גרויסע יידישע עולמס. אויב מען איז געקומען דער עיקר זען דאָס אַזוי־פּובליצירטע בילד דער „אונ־טערגאַנג פון דער געטאָ", האָבן די וועגן אין דער זעלבער צייט שוין געפירט צו דער פּלאַסטישער קונסט בכלל.

ווער געדענקט ניט דעם גרויסן דערפאָלג פון אברהם מאַניעוויטשעס אויסשטעלונג אין יענער צייט, וואָס דער ברוקלינער מוזיי האָט דורכגעפירט אין איינעם פון זיינע גרעסטע סאַלאָנען? איינער פון די אַנגעשטעלטע אין יע־נעם מוזיי האָט מיר געזאָגט, אַז אַדאַנק אָט דער אויסשטעלונג ווערט דער מוזיי באַזוכט פון גרויסע צאָלן יידן אויך ביי אַנדערע אויסשטעלונגען.

געקויפט האָט מען דווקא ניט, ווי מען האָט געמיינט, אַז מען וועט קויפן. די סיבה איז געווען אַ גאַנץ פאַרשטענדלעכע. דער מאַסן־מענטש האָט זיך ניט געקאָנט דערלויבן אַזאַ לוקסוס, און דער אויפגעקומענער מיטלקלאַס האָט נאָך ניט געהאַט קיין געשמאַק פאַר דער קונסט.

עס געדענקט זיך מיר אַזאַ מאָמענט, וואָס איז זייער כאַראַקטעריסטיש אין שייכות מיט דעם קויפן.

אַ נעט געקליידטע פרוי מיט אַ פיין ראַפינירט פנים האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ בילד, וואָס האָט געהאַלטן מיין אויפמערקזאַמקייט אַ לענגערע צייט. עס איז געווען אַ רויט הויז צווישן זילבערנע בערעזעווע בוימער. די גרינע בלע־טער אויף די צווייגן האָבן זיך געצויגן צום גרין פונעם גראָז אויפן גרונט, און דער הימל איבער אַלץ איז געווען אַזאַ דורכזיכטיקער.

— סאַראַ שיינקייט! — האָט די פרוי אויסגערופן מיט טיפן ענטוזיאַזם אין איר קול.

דער סאַלאָן פונעם ברוקלינער מוזיי איז געווען אָנגעפּילט, און מענטשן, — ווער ביחידות, און ווער אין אַ גרופּע זיינען געווען קאָנצענטרירט אויף די בילדער, און זעלטן זיך איבערגעוואָרפן מיט ווערטער.

— טשיקאַווע צו וויסן דעם פּרייז פאַר אָט דעם בילד, — האָט די פרוי אויסגערופן צו זיך, אָבער גענוג קלאָר, אַז איך זאָל דאָס הערן.

— מעג איך פאַר אייך אויסגעפינען? — האָב איך געפרעגט, און זי האָט אַ קוק געטאָן מיט וואַרעמקייט אויף מיר:

— איך וועל דאָס אָפּשאַצן.

גערעדט האָט זי אויף אַ ריינעם, קאָרעקטן ענגליש. אָבער, אַז זי איז אַ יידישע האָב איך געלייענט אויף איר אויסזען, און איך האָב זיך געלאָזט זוכן די מאַניעוויטשעס צווישן עולם.

— פרוי מאַניעוויטש! — האָב איך אויסגערופן אַן אויפגעשרויפטער, ווייל איך האָב געוואוסט, ווי שטאַרק מען נויטיקט זיך דאָרטן אין געלט, און זי האָט

איבערגעלאָזט אַ קרײַז, וואָס האָט איר געהאַלטן אַרומגערינגלט.

— יאָ, האָט זי פרײַנטלעך זיך אויסגעדרייט צו מיר.

איך האָב איר דערציילט, און מיט אַ פינגער אָנגעדייט אויפן פּלאַץ, וואו די פרוי איז געשטאַנען.

— די פרוי מוז האָבן אַ גוטן געשמאַק, — האָט זי שטיל געזאָגט, און זוכנ־דיק מיט די אויגן איר מאַן, האָט זי מיר געלאָזט וויסן:

— אַבראַם האָט קיין חשק נישט צו פאַרקויפן דאָס בילד, אָבער איך וועל אים פרעגן.

ווען מיר האָבן ביידע געזוכט מיט אונדזערע אויגן, האָט זי שמייכלדיק מיר דערציילט:

— עס איז מיט אַנדערע בילדער אויך אַזוי. שווער איז אים זיך צו שיידן מיט זײַנס אַ בילד, אָבער דאָס איז גאָר אַ ליבלינג ביי אים.

ווען מיר האָבן אים ענדלעך געפונען, און זי האָט אים איבערגעגעבן וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, האָט אַזאַ אומעט זיך אַ צי געטאָן פון זײַנע שוואַרצע אויגן. ער האָט אַ ווייל געקוקט אין יענעם ווינקל אָט אויפן בילד, און אָט אויף דער פרוי, און שטיל און סאַמעטיק־ווייך געגומען מורמלען צו מיר:

— אַ שאָד . . . איך ווייס ? . . . אויב זי וועט געבן דריי טויזנט, וועט מען מוזן. . .

— פאַר ווייניקער נישט ? — האָב איך געפרעגט.

ער האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר אַ דערשטוינטער, ווי ער וואָלט זיך גע־וואונדערט, הלמאי איך טראַכט, אַז דאָס איז צופיל.

ווען איך האָב אין אַ פאַר מינוט דערגרייכט די פרוי, און איר איבערגע־געבן וועגן דעם פרייז, האָב איך געמיינט, אַז זי וועט אָנשטעלן אויף מיר אירע אויגן פון פאַרוואונדערונג און איך בין געווען איבעררעאַשט, ווי זי האָט דאָס גענומען.

— איך האָב דאָס דערוואַרט, — האָט זי געזאָגט רואיק, און קוקנדיק אויפן בילד, האָט זי גערעדט צו זיך:

— נישט קיין פראַגע, אַז עס איז ווערט, אָבער אַזאַ סומע קאָן איך זיך נאָך דערווייל נישט דערלויבן.

זי איז נאָך אַ ווייל געשטאַנען, און ביים דערווייטערן זיך, האָט זי זיך געווענדט צו מיר:

— איך דאַנק אייך פאַר באַמיען זיך. אַ שאָד. אַ זעקס הונדערט דאָלאַר וואָלט איך פאַר דעם געגעבן.

שפּעטער, ווען איך בין געשטאַנען מיט די מאַניעוויטשעס, האָב איך זיי איבערגעגעבן, און דערזען אַן אומרו איבער זיין פּנים:

— זעקס הונדערט האָט זי געזאָגט ?

— יאָ, — האָב איך באַשטעטיקט.

ער האָט זיך איבערגעקוקט מיט זיין פרוי, און זיך געווענדט צו מיר:

— איר מיינט, אַז זי איז נאָך דאָ?

איינע פון די טעכטער האָט זיך אַ לאָז געטאָן מיט מיר איבערן סאַלאָן, אָבער מיר האָבן זי שוין נישט געפונען.

— אַזוי איז ער, דער פּאַפּאַטשקע. וויל זיך נישט שיידן מיט זיינע ביל־דער, אָבער אַז מען מוז...

— איר דענקט, אַז ער וועט זיך בעמען צום הארצן, וואָס מיר קאָנען נישט געפינען די פרוי? — האָב איך געוואָלט וויסן.

זי האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר מיט אירע שטילע, שוואַרצע אויגן, און זיך צעשמייכלט:

— די ערשטע מינוט יאָ, אָבער שפּעטער וועט ער זיך פרייען, וואָס דאָס בילד וועט בלייבן מיט אים.

ה.

אין דער יידישער פּרעסע איז אברהם מאַניעוויטש אויפגענומען געוואָרן אין יענער צייט נישט נאָר, ווי דער גרויסער קינסטלער, וואָס האָט פאַרפיק־סירט די יידישע טראַגיק, נאָר אויך ווי דער וואָס פון זיין פענזל רעדט די יידישע פאָלקסטימלעכקייט; געווען אַזעלכע ענטוזיאַסטן, וואָס האָבן אפילו געהערט דעם גאַנצן יידישן פאָלקלאָר אין זיינע יידישע מאָטיוון.

אויף מיר האָבן אָט די אַלע זאַגעכצן נישט געמאַכט קיין איינדרוק. אַוודאי האָב איך נישט מסכים געווען מיט יענע יידישע מאָלער, וואָס האָבן פּרובירט אים צו מינימיזירן, אָבער די פאַרפיקסירונג פון דער יידישער טראַגיק האָב איך נאָך אַלץ געזען אין דער וואָרט־קונסט פון אונדזערע גרויסע שריפט־שטעלער, און דאָס זעלבע מיט דער יידישער פאָלקסטימלעכקייט און דעם פאָלקלאָר.

אַ צאָל איינדרוקספולע בילדער אויף יידישע מאָטיוון, אָבער ניט דווקא אין זיי ליגט די באַדייטונג פון אברהם מאַניעוויטשעס קונסט, און וואָלט ער געווען געבליבן בלויז ביי דעם, וואָלט זיין ווערט געווען אַ פּיל קלענערער, ווי ער איז אין דער וועלט פון דער פּלאַסטישער קונסט.

אַוודאי איז דאָ טראַגיק אין זיינע געמעלן און פאָלקסטימלעכקייט אויך. אָבער ביידע זיינען ביי אים נישט קיין ספּעציפיש יידישע. די זעלבע טראַ־גיק, און פאָלקסטימלעכקייט קומען צום אויסדרוק אויך דורך זיינע אוקראַי־נישע און רוסישע מאָטיוון. דאָס איז דערפאַר, ווייל זיין רעאַליזם איז אַ שטימונגספולער, און ווי אַזעלכער דרינגט ער אַזוי אין געמיט אַריין. קוקנ־דיק אויף זיינעם אַ געמעל איז נישט נאָר, וואָס מען זעט אויף דעם, נאָר עס

איז די ווידערזעאונג, וואָס דאָס געזעענע רופט אַרויס, און עס איז עלעמענ־טאַר, אַז יעדע ווידערזעאונג איז געלייטערטער, ווי דאָס געזעענע, אַזוי ווי עס איז מיט דעם ווידערקלאַנג, וואָס איז שטענדיק געלייטערטער, ווי דער קלאַנג גופא.

די ווערטפּאָלקייט פון א. מאַניעוויטשעס קונסט איז ניט אין די סוזשעטן, נאָר אין דעם כוח פון דער שטימונג, וואָס גייט אויף פון זיינע ליניעס און קאָלירן. די זעלבע שטימונג גייט אויף און באַצווינגט אונדז אויך פון זיינע מאָנטרעאָלער און ניו־יאָרקער בילדער, פּונקט ווי זיי גייען אויף פון זיינע יידישע סוזשעטן, אוקראַינישע און רוסישע נאַטור־פּייזאַזשן און די בילדער, וואָס ער האָט געמאָלן פון די גאַסן אין פּאַריז.

זיין שטימונג האָט דעם טאָן פון טראַגישער פאַרלוירנקייט, וואָס ראַנגלט זיך כדי ניט אונטערגיין און ראַטעוועט זיך דערפאַר אין יעדער קלייניקייט, וואָס קומט איר אַנטקעגן. פון אַלע זיינע געמעלן גייט אויף אַ בענקשאַפט פון איין טייל אין דער קאָמפּאָזיציע צו דער אַנדערער, ווי זיי וואָלטן זיך געזוכט צו ראַטעווען איינע אין די אָרעמס פון דער אַנדערער, כדי זיך צו באַשיצן פון עפּעס אַ שונא, וואָס לויערט אויף זיי, כדי זיי אומצוברענגען.

זיינע בוימער ציען זיך איינע צו די אַנדערע און אפילו די צווייגן פון דעם זעלבן בוים ביי אים ציען איינע צו די אַנדערע, אַזוי די שטיבלעך פון זיין יידיש שטעטל, די כאַטעס פון זיין דאָרף און אפילו די שטיינערדיקע, הויכע געביידעס פון זיין פּרעכטיק מייסטער־ווערק „בראָנקס״ טוליען זיך איינע צו די אַנדערע אין מורא און אין פּחד. און טאָמער טרעפט איר ביי אים אַן איינציקע זאַך, צי אַן איינציקן מענטשן, איז דאָס אַ תּפילה ביחידות, וואָס איז צעציטערט פון גרויסן פּחד.

— מאַניעריזם, — האָב איך מיט יאָרן צוריק באַטראַכט אָט דעם שטריך אין זיין מאָלן.

איצט האָלט איך נישט, אַז דאָס איז מאַניעריזם, וואָס דאָס וואָלט גע־מיינט נישט מער, ווי אַ צוטראַכטונג, כדי צו געבן דעם איינדרוק פון אייגנ־אַרטיקייט.

דורכפירנדיק אין מיין דמיון די אומציילִיקע בילדער זיינע, וואָס איך האָב דורך יאָרן און יאָרן געזען, דערזע איך אויך אים אַליין, — זיין דין גופיקייט, די סענסיטיווקייט פון זיין טונקל־ציגיינערישן פּנים, זיין וויכן גאַנג איבער די גאַסן, זיין פאַרלוירנקייט צווישן מענטשן, און עס ווערט אַנזעענדיק דער שטענדיקער פּחד אין זיין געמיט און עס איז אָט דער פּחד, וואָס איז דער לייט־מאָטיוו אין כמעט אַלע זיינע בילדער.

איז אפשר טאַקע אָט־דער פּחד דאָס ספּעציפיש יידישע, וואָס אַנדערע זעען אין אים?

איז אָבער די מעשה, וואָס מיר, יידן, זיינען נישט די איינציקע, וואָס האָבן אַ חזקה אויף פחד.

עס האָבן געפילט דעם זעלבן פחד אַלע אַנדערע פעלקער, ווען זיי זיינען געלעגן אונטער דעם קנאַפּל פונעם צאַריזם. עס פילט דעם זעלבן פחד יעדער אונטערדריקטער, יעדער דיסקרימינירטער.

אין דער קאָנסטרוקציע פון זיינער אַ קאָמפּאָזיציע וועט איר געפינען די השפעה פון דעם רוסישן רעאַליזם, פראַנצויזישן שוועבנדיקן מאָדערניזם און זיי ביידע זיינען צונויפגעוועבט ביי אים דורך די דינע פעדים פון זיין איגענער טראַגישער פאַרליבטקייט, וואָס ציט זיך אין איר בענקשאַפט און זוכט אומעטום עפּעס מיט וואָס זיך צו באַהעפטן, כדי זיך צו ראַטעווען.

אַזוי אין זיין ליניע, אין זיין גאַנצער קאָמפּאָזיציע, און אַזוי אויך אין זיינע קאָלירן.

די איגנאַרטיקייטן אין זיינע קאָלירן זיינען נישט די קאָלירן גופא. אַזעלכע האָט מען שוין געזען פריער, אָבער איגנאַרטיק איז דער בלענד אין זיי, ווייל אין אים איז די שטימונג, וואָס איז דורכאויס זיינע.

ז.

אין מיינע וואַנדערונגען פאַר די לעצטע פופצן יאָר איבער פאַרשיידענע יידישע ישובים, טרעף איך דאָ און דאָרטן זיינס אַ געמעל אין אַ יידישער שטוב, און ווען איך קוק אויף דעם, האָב איך דאָס געפיל, אַז ווען איך וועל זיך אומקערן קיין ניו־יאָרק, וועל איך אים גאָר טרעפן אין איינער פון די קאַפע־הייזער, וואו מיר פלעגן זיך אַזוי אָפט באַגעגענען און רעדן אין די יאָרן, ווען זיינע האָר זיינען נאָך געווען קויל־שוואַרצע, און מיינע — ברוינ־לעך־בלאָנדע.

אין אַזוינע מאָמענטן פאַרגעס איך אינגאַנצן, אַז עס זיינען שוין מער נישטאָ יענע קאַפייען, ווייל אַ גרויסע צאָל פון יענע קינסטלער, שריפט־שטעלער און שוישפּילער, זיינען שוין נישטאָ און קאָנען שוין מער נישט אַריינקומען און זיצן אין זיי. עס איז געווען, אַפּנים, אַז אין אַט אַזאַ מאָמענט בין איך צוגעפּאַלן מיט דער פען צום ווייסן פּאַפּיר און זיך צעשריבן וועגן אברהם מאַניעוויטשן.

איצט לייען איך דאָס אויפגעשריבענע, און אַזאַ בענקשאַפט גייט אויף פון געמיט.

— ער איז דאָך שוין נישטאָ. נישטאָ איז אויך די ליבע פרוי זיינע. נישטאָ איז שוין איינע פון זיינע צוויי טעכטער.

— נישטאָ! נישטאָ! און איך, גולם איינער, צעחלום זיך, אַז באַלד, באַלד וועל איך אים באַגעגענען.

— „זדראַווסטוואי״! איז וואָס־זשע מאַכט מען עפּעס? — הער איך דאָך אויך איצט זיין באַגריסונג, און איך ענטפער:

— ווי איר זעט, ליבער פריינט. מען שלעפּט זיך אַרום איבער יידישע ישובים, און אַז מען איז מיט זיך אַליין שפּעט ביינאַכט, קוקט מען אַריין אין אַ ספר, צי מען שרייבט עפּעס, — אַ ליד, אַן עסיי, — אָט האָב איך גאָר זיך אַוועקגעזעצט און אָנגעשריבן וועגן אייך.

— וועגן מיר? — וואונדערט ער זיך.

— ווי איר הערט. מסתמא זיך פאַרבענקט, און די בענקשאַפט האָט זיך אַ לאָז געטאָן איבערן פּאַפּיר.

איז נישט די זעלבע בענקשאַפט איצט אין מיר, ווי די, וואָס איך פיל שטענדיק אין זיינע געמעלן?

.1954

# א. אַבראַמאָוויטש

## א.

אין דער קונסט־סעקציע ביים איקוף איז ער דער שטילער, פרומער מיטטוער, אָן פּרעטענזיעס אויף באַזונדערער אויפמערקזאַמקייט דערפאַר, וואָס ער איז אַ קינסטלער פון אָנגעזעענקייט שוין יאָרן און יאָרן אין דער אַלגעמיינער קונסט־וועלט, — קאָנצענטרירט אין אַ צאָל וויכטיקע מוזייען און דערצו אויך באַשאַפער פון אַ גרויסער צאָל ליטוגראַפן און האָלצשניטן, וואָס פאַרפיקסירן גאַנצע שטיקער פון אונדזער יידיש לעבן.

שוין באַלד זיבעצן יאָר, אַז ער דאַווענט בציבור מיט זיינע קאָלעגן יידישע פּלאַסטישע קינסטלער אין דעם תפילה־שטיבל פון דער קונסט־סעקציע ביים איקוף, און מיר איז ניט באַקאַנט, ער זאָל ווען ניט איז געווען האָבן אויף עמיצן תרעומות הלמאי אַזוי, צי אַזוי.

— אונדזער קונסט־סעקציע, — זאָגט ער שטענדיק ווען איר מיט אויפריכטיקער באַציאונג צו זיינע קאָלעגן, צי זיי זיינען קינסטלער מיטן פּענדזל, אָדער מיטן וואָרט.

איז טאַקע גאָר קיין חידוש ניט, וואָס אַז מען איז צופעליק געוואויר געוואָרן, אַז ער איז ביי אונדז קיין עין־הרע, אַ פינף־און־זיבעציקער, האָט מען אין אונדזער ליבשאַפט און דרך־ארץ צו אים זיך אַ רודער געטאָן.

— שוין טאַקע פינף־און־זיבעציק? — האָב איך זיך שטאַרק פאַרוואונדערט, ווען פרענק קוירק האָט עס מיר מיטגעטיילט:

— מיר אַלע וואונדערן זיך, — האָט פרענק קוירק שמייכלענדיק געזאָגט, און דערביי באַטאָנט:

— ער איז פאַר זיינע יאָרן סיי פיזיש, סיי שעפעריש — הלוואי אויף אונדז געזאָגט געוואָרן! אָבער אַ פאַקט איז דאָס, און עס איז בפירוש אַ יום־טוב, וואָס מיר פאַרמאָגן צווישן זיך אַזאַ קרישטאָל־ריינעם מענטשן, וואָס איז דורך און דורך אַ קינסטלער און אַזוי פרוכטבאַר.

— זיכער! זיכער! האָב איך מסכים געווען. אָבער זאָגנדיק דעם אמת, קאָן איך זיך ניט צוגעוואוינען צום געדאַנק, אַז ער איז שוין טאַקע ביי אונדז אַ פינף־און־זיבעציקער.

## ב.

אמת, עס איז שוין אַ יאָר פערציק, ווי איך קען אונדזער א. אַבראַמאָוויטשן, און אַז פערציק יאָר איז אַ גאַנץ היפּשער מהלך, איז זעלבסטפאַרשטענדלעך. אָבער האָט ער פאַר די פערציק יאָר אין זיין אויסערלעכקייט זיך דען געביטן?

די זעלבע דינע פיגור, דאָס זעלבע דורכזיכטיק ערנסט, אײדל פאַר־טראַכט פּנים. זאָל איך זאָגן, אַז די ענדערונג איז אינעם קאָליר פון זײַנע האָר איבערן קאָפּ? נו, יאָ. דעמאָלט — שוואַרץ, און הײַנט — זילבערדיק. אָבער מאָלע דאַרטן דאָס בײַטעניש פון קאָליר בײַ אַ קינסטלער, וואָס אָפּערירט מיט קאָלירן! אפשר האָט גאָר אָט די זילבערקייט פאַרבלאַנדזשעט פון זײַן פּאַלעטרע איבער זײַן קאָפּ, און ווײַל אים אַלײן געפעלט אָט דער קאָליר, האָט ער באַשלאָסן אים דאַרטן צו לאָזן אויף אַ ווײַל, ווײַל די באַבענדלדיקע פּענסנע איבער זײַנע אויגן בלאָנדזשען פון צײַט צו צײַט אַריבער אין אַ פּאָר פּשוטע רעמל־ברילן איבער זײַנע אויגן. אָבער די אויגן זײַנע זײַנען דאָך די זעלבע, ווי מיט פערציק יאָר צוריק. דער זעלבער דורכדרינגלעכער בליק, וואָס קוקט אויף אײַך דווקא פון אַ זײַט, אָבער נעמט אײַך דורך, און דאָס קול זײַנס אויך דאָס זעלבע, ווי מיט יאָרן צוריק. עס איז אַ קול, וואָס איז אָנגע־לאָדן מיט שליחות, און ווײַל עס איז שליחותדיק, איז דאָס זײַער פאַרזיכטיק און אחריותדיק בײַם דורכגאַנג פון זײַן מויל צום דרויסן אַרויס.

— איז וואָס־זשע זאָגט איר, האַ?

ווען איר פרעגט בײַ אים אַזוינס, טוט זיך זײַן פּנים אַ צעוויג. די אויסגע־בלײַכטע האַנט זײַנע באַרירט פאַרזיכטיק אַ גלעזל איבער אַן אויג, ווי ער וואָלט געוואָלט דאָס וואָרט זײַנס גוט אַרומקוקן אײדער ער לאָזט דאָס אַרויס פון מויל.

איצט, פּונקט ווי מיט פערציק יאָר צוריק. ניט מער, דעמאָלט איז דאָס גלעזל געווען דורך פּענסנע, און איצט איז דאָס מערסטנס דורך אַ פּשוטער געראַמטער בריל.

אין זײַן קונסט פּונקט אַזוי ווי אין זײַן לעבן!

רואיקע דורכגעטראַכטקייט ניט נאָר אין זײַן רעאַליזם, נאָר אויך אפילו, ווען ער לאָזט זיך פון צײַט צו צײַט שוועבן אויף די פליגל פון זײַנע וויזיעס. אויך זײַנע וויזיעס זײַנען בײַ אים רואיקע און דורכגעטראַכטע. ניט אויף קײן קאַפּריזנע ווינטן טראָגן זײ זיך, נאָר שוועבן געצוימטע דורך די לײצעס פון זײַן געדאַנק, און דערפאַר זײַנען אפילו זײַנע וויזיעס אָנגעלאָדן מיטן גע־ראַנגל פונעם לעבן. וואָס איז שווער און גרוי, צו אַ באַשטימטן ערגעץ, וואָס איז גרינג, באַזונט און דורכזיכטיק בלוי.

כאַראַקטעריסטיש פאַר זײַן וויזיאָנערישקייט איז זײַן בילד מיט דעם אימפּעטיקן ווײַסן פערד, איבער וועלכן דער פּרימיטיווער מענטש איז אײַנ־געקלאַמערט מיט ערדישער עקשנות.

דער פּרימיטיווער מענטש איז די לײַצע פון זײַן קלאָרן דורכגעטראַכטן געדאַנק, וואָס צווינגט דעם וויזיאָנערישן פערד מיט די פאָדערשטע פיס צו די הויכן, זיך קלאַמערן מיט די הינטערשטע צו דער ערד, כדי זיך ניט אָפּ־

רייסן פון איר, און אַוועקשווועבן אין דער לײדיקייט פונעם רוים.

ווי אין דעם בילד, אַזוי אויך אין אַלע זיינע אַנדערע וויזיאָנערישע בילדער, וואָס זיינען ביי אים קיינמאָל ניט קיין עסקעיפּיזם פון דער רויער, האַרטער ווירקלעכקייט, נאָר אַ דערמוטיקונג צו די געפּייניקטע, פאַרשעמטע, און באַעוולהטע, אַז נאָכן שווערן היינט קומט אַ גרינגערער מאָרגן, ווי ער ברענגט דאָס אַזוי קלאָר אַרויס אין זיין אויסגעצייכנטן אויל־בילד: „די רואינירטע״.

### ג.

עמעצער האָט אַמאָל געשריבן וועגן א. אַבראַמאָוויטשן, אַז אַ טיפע מעלאַנכאָלישקייט טראָגט זיך פון זיין קונסט.

איך האַלט ניט, אַז אָט די באַצייכענונג איז אַ ריכטיקע.

מעלאַנכאָליע איז קרענקלעכקייט, וואָס יאַטערט זיך אין דעם וואונד פון האָפענונגסלאָזיקייט. און צו זאָגן דאָס אויף א. אַבראַמאָוויטשן מיינט זיין טויב צו דעם קול, וואָס גייט אויף פון זיינע אַרבעטן, און בלינד צו זיינע קאָלירן.

אַוודאי קומט די טראַגיק פון אונדזער עפּאָכע צום אויסדרוק דורך אים. ער זעט זי אין איר שאַרפקייט און ווייזט זי אונדז דורך אַזוינע בילדער ווי דער „הקדיש״ און דאָס „שלאָף־ליד״, און אויך דורך זיינע בילדער „זאָרג״ און „הונגער״.

די יונגע מאַמע אין זיין בילד „שלאָף־ליד״ מיט די וואַנזיניקע אויגן און דעם אָפענעם מויל, דורך וועלכן עס שרייט דער גרויליקסטער צער אויף קולי־קולות איבער דעם טויטן קינד אין אירע אָרעמס, איז ניט קיין קרענקלעכע מעלאַנכאָליע, נאָר געזונטער, נאַטירלעכער פּראָטעסט אַנטקעגן דער גרויזאַמער און טרויעריקער ווירקלעכקייט, וואָס מוז פאַרמיטן ווערן, ווי עס מוזן פאַרמיטן ווערן די הקדשים, זאָרג און הונגער.

ניין, ניט מעלאַנכאָליע איז אין זיי. מעלאַנכאָליע איז שטום־לשון פאַרן אויער, — דינע פאַרנעפּלטע ליניעס, וואָס לאָזן זיך אַנען און ניט אָנזען, און ביי אַבראַמאָוויטשן זיינען זיי לשון אויפן קול, און די ליניעס זיינע זיינען בולטע אין די קאָנסטרוקציעס, וואָס צווינגען אייך זיי קלאָר צו דערזען.

### ד.

דורכלאָזנדיק פאַר די אויגן די אויל־בילדער און די האָלצשניטן פון א. אַבראַמאָוויטשן, גייען פאַר אייך דורך גאַנצע שטיקער געראַנגל פונעם לעבן אין אונדזער עפּאָכע. איר האָט אין זיי די פאַררעגיסטרירונג אויף אַ קינסט־

לערישן אופן דאָס דערזעענע און באַנומענע פון אַ קינסטלער מיט אַ געלײַי־טערט הארץ, וואָס לעבן־מיט דאָס לעבן פון דער צײַט, און ווי אַן אויפריכ־טיקער קינסטלער פון אונדזער צײַט פאַררעגיסטרירט ער אויך די שעה׳ן פון מנוחה, וועלכע אויך אפילו אונדזער גורלדיקע עפּאָכע פאַרגינט זיך פון צײַט צו צײַט. אָט די מנוחהדיקייט קומט צום אויסדרוק אין זײַנע לאַנדשאַפטן, ווען אפילו די ביימער אין זיי זײַנען נאַקעט, ווײַל דער פּראַסטיקער ווינטער פרעסט אומרחמנותדיק די בלעטער פון די צווײַגן, זײַנען אָבער די שטאַמען פון זיי אַזעלכע קרעפטיקע און אַנגעלאָדענע, און זיי באַרואיקן אײַך מיט דער האָפענונג אויף אַ נײַעם פרילינג. ביז גאָר מנוחהדיקע זײַנען אויך אַ צאָל פון זײַנע גרויס־שטאָט געמעלן און דער עיקר פון זײַן יוגנטלעכן פעריאָד, ווען ער האָט געלעבט און געאַרבעט אין פּאַריז.

ה.

די קונסט פון א. אַבראַמאָוויטש איז דער עיקר אַ רעאַליסטישע, אָבער עס איז רעאַליזם מיט בלענד פון חלום אין זיך, וואָס גיט אים דעם טעם פון פּאָעזיע.

אונדזער ייִדיש לעבן קומט דורך אים צום אויסדרוק דורך אַ היפּשער צאָל פון זײַנע אויסגעצייכנטע האָלצשניטן און דורך אַ ריי אויל־פאַרבן. די מאָטיוון זײַנען פאַרפיקסירונגען פון אונדזער ייִדישן פאָלקס־לעבן, וואָס איז איצט שוין ניט מער, ווי אילוסטראַציע פאַר אונדזער געשיכטע. זײַן האָלצ־שניט „ישיבה״ איז אָנגעפילט מיטן אומעט פון דער בין־השמשותדיקייט, וואָס פלעגט זיך פילן בין מנחה למעריב. זײַן אויל־בילד פון דעם יונגן למדן איז פול מיט דראַמאַטישער דינאַמיק.

אָט פאַלט מיר גאָר איצט אײַן, אַז לויטן סכום פון זײַנע אַרבעטן וואָלט ער שוין געדאַרפט זײַן עלטער פון זײַנע יאָרן.

אַזאַ שלל פון בילדער!

אין זײַן שייער, וואָס איז אונדזער אַלעמענס, איז דאָ אויף וואָס צו קוקן, פון וואָס צו געניסן.

איך געדענק, ווען ער האָט זיך באַוויזן אינעם קרייז פון די „יונגע״ ייִדישע שרײַבער אויף איסט בראָדוויי. דאָס איז געווען אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען אַ גאַנצע רייע ייִדישע שריפטשטעלער און פּלאַסטישע קינסטלער האָבן זיך אַריבערגעראַטעוועט פון דער אויפגעפלאַמ־טער שרפה אויף יענער זײַט ים, און געזוכט זיך צו באַרואיקן אין דער היי־מישקייט פון דער קונסט־סביבה, וואָס די יונגע ייִדישע פּאָעטן און באַוווּ־ליסטן האָבן זיך באַשאַפן.

אמת, די סביבה איז געווען דער עיקר אַ ליטעראַרישע, אָבער ווי ייִדישע

קינסטלער אַריינגעפאַלענע אין דער פרעמד, איז די יידישע ליטעראַטור געוועזן דעמאָלט פאַר איר אַ וואָרעם ווינקל.

אָפטמאָל האָבן זיי אַפילו אין דער סביבה פון די יידישע פּאָעטן אויסגעקוקט, ווי גרים, וואָס הערן זיך מער צו, ווי זיי ריידן, אָבער אין זייער אויסגעוואָרצלטקייט, האָט אין זיי געגליט אַ באַגער צום וואָרצל פון יידישקייט אין דער קונסט, וואָס איז געווען אין יענער צייט דער עיקר־טעמע פאַר דיסקוסיע.

די הויפּט־מדברים זיינען געווען די שריפטשטעלער, בשעת די פּלאַסטישע קינסטלער זיינען געווען גוואַלטיק נייגעריקע צוהערער, אָבער דער סאַמע שטאַרקסטער צוהערער איז געווען א. אַבראַמאָוויטש. בשעת אַנדערע האָבן דאָך פון צייט צו צייט געזאָגט אַ וואָרט, איז ער געווען דורכאויס אַ שווייגנדיקער.

איצט, נאָך אַזוי פיל יאָרן פון באַקענטקייט, ווייס איך, אַז ער איז בכלל אַ שווייגנדיקער, אָבער אין יענער צייט האָט ער אויף מיר געמאַכט דעם איינדרוק פון פאַרלוירנקייט, וואָס איז בפירוש געווען אַ פאַלשער איינדרוק.

א. אַבראַמאָוויטש איז שוין גאָרניט קיין פאַרלוירענער. זיינע ווערק לאָזן אונדז וויסן אויף דעם קלאָרסטן אופן, אַז ער ווייסט פון וואַנען ער קומט, וואוהין ער גייט, און וואָס ער שטעלט מיט זיך פאָר. אין זיין גאַנצער שטילקייט און באַשיידנקייט ווערט ער ניט געפירט פונעם לעבן אויף אַ שטריק, נאָר ער האַלט עס ביי די הערנער, און ראַנגלט זיך מיט דעם אויף זיין אופן, מיט די מיטלען פון זיין באַוואוסטזיניקייט אין זיין קונסט, און מיט די טוּאונגען פון זיין לעבן.

אָבער גאָר אַן אַנדער איינדרוק האָב איך געהאַט וועגן אים אין יענע יאָרן.

שטענדיק מיט דער האַנט ביי זיין אויער, כאָטש זיין געהער, ווי איך ווייס איצט, איז אַ געזונטער און אַ נאָרמאַלער, און דאָס מויל זיינס כמעט שטענדיק פאַרשלאָסן, כאָטש ער האָט אַזוי פיל צו זאָגן, און זאָגט דאָס דורך זיינע בילדער.

וועגן זיין פּריוואַט לעבן האָט מען ווייניק געוואוסט. קיין אַטעליע האָט ער ניט געהאַט, אין זיין היים ערגעצוואו אין ברוקלין מיט דער משפּחה זייַנער האָט אים קיינער ניט באַזוכט. זיין באַוועגן זיך אינעם קרייז פון די פּאָעטן און נאָוועליסטן איז מערסטנס געווען אין דער באַגלייטונג פון זיין יינגערער שוועסטער, וואָס איז געווען אַזוי שווייגנדיק, ווי ער און אַזוי דורכזיכטיק, ווי ער.

און דאָך האָט מען געוואוסט, אַז זיין געבוירן־אָרט איז געווען ריגע, וואו ער האָט יונגערהייט באַזוכט די דאָרטיקע קונסט־שול, אַז שפּעטער האָט ער

געלעבט און זיך געלערנט אין בערלין, און נאָך שפּעטער שוין ווי אַ קינסט־לער — אין פּאַריז, וואו ער האָט געצויגן אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט און איז אפילו באַלויבט געוואָרן מיט ספּעציעלע אויסצייכענונגען פאַר זיינע אַרבעטן אין דער קונסט־וועלט, אָבער דער עיקר איז געווען גוט באַקאַנט די שטאַרקע פּאַראינטערעסירונג אין אים פון דעם באַרימטן יידיש־ענגלישן שריפטשטעלער ישראל זאַנגוויל אין דעם פּעריאָד, ווען דער יונגער שוין אָנערקענטער קינסטלער א. אַבראַמאָוויטש האָט געלעבט אין לאָנדאָן.

ו.

— מאָדנע, מאָדנע! איז שוין טאַקע א. אַבראַמאָוויטש פולע פינף־און־זיבעציק יאָר? — הער איך זיך פונדעסטוועגן ניט אויף צו וואונדערן.

אין דעם רוישיקן געראַנגל פונעם לעבן פאַרגעסט מען זיך, אַז מען איז שוין אַליין אויך ניט קיין יינגעלע.

איז דאָך שוין באַלד פערציק יאָר, אַז מיר קענען זיך, און סאַראַ פערציק יאָר דאָס זיינען געווען!

פאַר אָט די יאָרן איז ער שוין עטלעכע מאָל געווען אין איראָפּע, און אפילו געלעבט אַ פּאָר יאָר אינעם סאָוועטן־פאַרבאַנד, וואו ער האָט געאַרבעט אין דער סביבה פון די דאָרטיקע קינסטלער אין לאַנד.

מיט עטלעכע יאָר צוריק האָב איך אים באַמערקט צווישן עולם ביי מיינער אַ לעקציע אין מעקסיקע.

— וויסן אונדזערע יידישע מענטשן דאָ ווער איר זייט? — האָב איך אים שפּעטער געפרעגט.

— ניין! — האָט ער געענטפערט אויף זיין שטילן און באַשיידענעם אופן און גענומען רעדן צו מיר וועגן דער מאַלערישקייט פון דעם לאַנד.

עס איז מיר ניט אָנגעקומען גרינג אים צו מאַכן אויפפּאַקן זיינע האַלצ־שניטן אויף די יידישע מאָטיוון, און היינט אַז איך באַזוך יענע מדינה איז פאַר מיר אַ פרייד צו זען אַ היפּשע צאָל פון זיי אויף די ווענט אין די דאָרטיקע יידישע היימען.

אין דער סביבה אַרום דעם איקוף, וואָס ער האָט אַזוי ליב איז ער דער זעלבער שטילער, באַשיידענער, ווי איך האָב אים געקאָנט מיט פערציק יאָר צוריק.

ער איז ביי אונדז דער זעלבער א. אַבראַמאָוויטש, פול מיט געהער, און פול מיט אָנשטרענגונג אין זיינע אויגן צו הערן און דערהערן, צו זען און דערזען, כדי דערנאָך דאָס דערזעענע און דערהערטע געבן צוריק דורכן מעדיום פון זיין קונסט.

.1954

# סעם אָסטראָווסקי

## א.

אַ מיטלוואוקסיקער, פעסט־געבויטער, באַברילטער יונגערמאַן האָט זיך דערנעענטערט צום טישל, ביי וועלכן מיר זיינען געזעסן אין אַ מסיבה. דער נאָוועליסט עוזר וואַרשאַווסקי האָט אויסגערופן צו מיר:

— אָט קומט אַ באַגאַבטער מאָלער, — אייערער אַ לאַנדסמאַן!

— מיין נאָמען איז סעם אָסטראָווסקי, — האָט דער יונגערמאַן זיך פאָרגעשטעלט און מיר אויסגעשטרעקט זיין האַנט.

— אַ ניו־יאָרקער?

— ניין, אַ שיקאַגער, — האָט ער געזאָגט, און חברה האָט זיך פאַנאַנדערגערוקט און געמאַכט אַן אָרט פאַר אים.

דער פּאַריזער אויגוסט־נאָכמיטיק איז געהאַנגען אַ בלענדיקער איבער דעם ברייטן „מאָנפּאַרנאַס״, און שעמערירט אין דער וואַרעמער לופט, ווי געשייערטער קופּער.

עוזר וואַרשאַווסקי, וואָס האָט נאָך זיין אויסגעצייכנטן, רעאַליסטישן ווערק „שמוגלאַרס״ זיך אַריינגעפּלאָנטערט אין דער פּאַריזער באָהעמע, און געהאַלטן, אַז זיין באַרוף איז גאָר ניט די פען, נאָר דאָס פּענדזל און פּאַלעטרע, איז געווען דער הויפּט־בעל־דברן ביים טישל, און זיין לענגלעך, אויסגעבלייכט פּנים האָט זיך געצונדן פון די ווערטער, וואָס זיינען געפאַלן פון זיין מויל:

— עס איז ניט די ליניע און ניט די קאָמפּאָזיציע, און אויך אַפילו ניט די קאָלירן, ווי עס איז דער שוועב פון די פּליגל אין זיך דורך זיי, — האָט ער זיך געקאָכט, און אַ דין יונג מיידל מיט צעקאָשמעטע, שוואַרצע האָר, וואָס זיינען איר געפאַלן צו די טונקעלע אויגן, האָט מסכים געווען.

— אַ שוועב וואוהין? — האָט סעם אָסטראָווסקי אַריינגעשטעלט אַ פראַגע, און געקומען איז זי פון זיין מויל אין אַ טאָן, וואָס האָט דערציילט, אַז ער איז שוין מיד פון אָט אַזוינע רייד־ערייען.

אין די עטלעכע וואָכן, וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין פּאַריז אין יאָר 1929, איז מיר אויסגעקומען זיך צו באַגעגענען מיט אָסטראָווסקין ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן. איך געדענק דעם אינטערעס, וואָס ער האָט געוועקט אין מיר צו זיך מיט זיין שטענדיקן שוויגן, אין דער צייט, ווען אַלע אַרום אים האָבן גערעדט און דיסקוטירט וועגן די נייעסטע דערשיינונגען אין דער וועלט פון דער פּלאַסטישער קונסט.

— פֿאַרוואָס איז ער אַזאַ שווייגנדיקער? — האָב איך זיך געוואונדערט, און דער וואונדער אין מיר איז געוואַקסן, ווייל לויט דעם קיילעכדיקן, ראַזעווען אָנגעפּילטן פּנים און דער גוטסקייט אין זיינע אויגן, וואָס איז געפּלאָסן אויף אַלץ און אויף אַלעמען אַרום זיך, האָט ער דווקא געמאַכט דעם איינדרוק פֿון אַ באַרעדעוודיקן מענטשן, און דאָ אַזאַ שוויגעניש. פֿאַרוואָס? אַז ער איז ניט מסכּים מיט די רייד, וואָס ווערן גערעדט, האָט מען געקאָנט זען אין דער שטילער איריטאַציע אין אים. אָבער מער ווי אַ צוק פֿון די שאַרפֿע אַקסל, האָט מען ניט באַמערקט. און טאָמער האָט זיך שוין יאָ אַמאָל דורכגעזיפּט אַ וואָרט דורך זיינע ליפּן, איז דאָס געווען אַ לאַקאָנישע באַמערקונג, וואָס איז פֿון די אַרומיקע ניט באַנומען געוואָרן און מען איז זי פֿאַרבייגעגאַנגען, ווי אינגאַנצן זי ניט דערהערט.

— אַ שוועב וואוהין? — האָט ער אַריינגעשטעלט אַ פֿראַגע צו עוזר וואַרשאַווסקין, און אויך זי האָט, אַפּנים, קיין איינדרוק אויף די אַרומיקע ניט געמאַכט. אָבער איך האָב שטאַרק פֿאַראינטערעסירט אויפֿגעהויבן אויף אים די אויגן.

ב.

איך געדענק ניט אַקוראַט צי עס איז געווען אויף עפּעס אַ קאָלעקטיווער אויסשטעלונג אין פּאַריז, צי אפשר גאָר אין אַ פּריוואַטער גאַלעריי, וואָס איך האָב באַזוכט פֿון צייט צו צייט. אָבער איך געדענק זייער גוט, ווי שטאַרק איך האָב זיך דערפֿרייט, ווען מיינע בליקן האָבן אויפֿגעכאַפּט די עטלעכע בילדער, וואָס זיינען דאָרטן געהאַנגען פֿון סעם אָסטראָווסקין.

איך האָב זיך איינגעגעסן אין זיי מיט די אויגן, ווייל דער אינטערעס אין מיר צו זיי איז אַפּנים געווען אַ טאָפּלדיקער. ערשטנס, איז טאַקע געווען אויף וואָס צו קוקן, און צווייטנס, האָב איך אַוודאי געזוכט דורך זיי די אינערלעכקייט פֿון דעם יידישן פיינעם קינסטלער, וואָס זיין געבורט־אָרט איז דאָס אוקראַינישע שטעטל מאָלין, זיין היים און משפּחה — אין שיקאַגאָ, און ער לעבט און אַרבעט דאָ אין פּאַריז.

— פיינע קאַליגראַפֿיע, — האָב איך פּלוצלינג דערהערט אַן אויסרוף לעבן זיך. איך האָב דערזען ביי מיין זייט איינעם פֿון די יונגע יידישע מאָלער, מיט וועלכן מיר האָבן זיך אָפּט באַגעגנט אויפֿן מאָנפּאַרנאַס.

בין איך איריטירט געוואָרן פֿון דער באַמערקונג? מסתּמא יאָ, ווייל מיין טאָן איז געוואָרן אַ שטעכיקער, און איך האָב געזאָגט:

— עס וואָלט כּדאַי געווען צו זען צי די אולטראַ־מאָדערניסטן קאָנען אַזוי גוט מאָלן, ווי סעם אָסטראָווסקי.

דער יונגער מאָלער מיט דעם בערעטל אין די הענט, וואָס האָט זיך גע־

גרויסט מיט זיין אולטרא־מאָדערניזם, איז גלייך צוריקגעקומען מיט נאָך אַ פאַרשאַרפטערער שטעכיקייט. זיינע שמאָלע וואַנצעלעך האָבן זיך צעצי־טערט איבער זיינע דינע, אויסגעבלייכטע ליפּן:

— און וואָס הייסט ביי אייך גוט מאָלן?

איך האָב זיך געכאַפּט, אַז עס האָט קיין זין ניט זיך צו קריגן מיט אַ יונגן קינסטלער, וואָס איז שטאַרק פאַרגליובט אין זיין אייגענעם דרך, און כ'בין איבערגעגאַנגען אין גוטמוטיקייט:

— אָ, צו וואָס זיך אַמפּערן? לאָמיר בעסער קוקן און זיך זעטיקן מיט דעם, וואָס ס'איז דאָ אין זיי.

דער יונגער מאָלער איז אַביסל ווייכער געוואָרן. די בלויע אויגן זיינע האָבן זיך מילד צעשמייכלט, אָבער אונטערגעבן זיך אינגאַנצן האָט ער פונ־דעסטוועגן ניט געוואָלט.

— פאַר ווענען דאָ איז שפּייז פאַראַן זיך צו זעטיקן, — פאַר מיר אַ ביישפּיל, ווי ניט צו מאָלן!

איך האָב זיך צעלאַכט, און ער האָט פונדעסטוועגן מיטגעלאַכט, און מיר האָבן שוין צוזאַמען, יעדערער אויף זיין אופן, באַטראַכט די אויסשטעלונג און נאָכגעקוקט די פאַרשיידענע בילדער.

ג.

— אַ באַגאַבטער קינסטלער! — האָט וועגן אים געזאָגט דער דערציילער עוזר וואַרשאַווסקי, אָבער איז באַגאַבטקייט אַליין דען גענוג

צו דער באַגאַבטקייט מוז אויך זיין אַ שליחות, וואָס דער קינסטלער טראָגט אין זיך און פון וועלכער ער ווערט געטריבן.

האָט סעם אָסטראָווסקי פאַרמאָגט אין זיך אַזאַ שליחות?

פון די פּאָר צענדליק בילדער זיינע, וואָס איך האָב געזען, האָב איך געקראָגן דעם איינדרוק, אַז אין אים האָט שטענדיק געגליט דער באַגער צו דערגאַנצן דאָס ניט־דערגאַנצטע, צו פאַרצעמענטירן דאָס לויזע און ניט צעמענטירטע. אַריינצוברענגען האַרמאָניע אין דעם, וואו זיין אויג האָט אויפגעכאַפּט דיסהאַרמאָנישקייט, און דעריבער האָט ער קיינמאָל ניט אַוועק־געשוועבט פון דער ווירקלעכקייט אַרום זיך, נאָר איר געגאַנגען אַנטקעגן מיט דעם וואונדערבאַרן געצייג, וואָס ער האָט פאַרמאָגט אין זיך, און זי גע־האַלטן אין איין פאַרריכטן, פאַרקעמען, און וואו מען האָט געדאַרפט, האָט ער צוגעטראָגן פון זיין אייגענעם פאַרמעג, און אַזוי־אַרום געוואָרן אַ שותף מיט דעם שאַפנדיקן כוח פון זיין דור פאַר דעם לעבן אַרום.

אויסטראַכטן אַן אייגענע וועלט האָט ער קיין באַגער ניט געהאַט, ווייל צו ליב איז אים געווען די וועלט, אין וועלכער ער האָט געלעבט, און עס איז

געווען אָט די ליבע צו דער אַרומיקער וועלט, וואָס האָט אין אים באַשאַפן אַ געוואַלדיקן ווידערווילן צו די, וואָס אַנטלויפן צו אויסטערלישקייטן און צו אַבסטראַקציעס.

זיינס אַ בילד, צי עס איז אַ שטיל לעבן, אַ נאַטור־לאַנדשאַפט, אָדער אַ געמעל פון גרויס־שטאָט, איז רעאַליזם פּלוס אידעאַליזם. דאָס הייסט, אַ רעאַליזם ניט ווי זיין אויג האָט געזען, נאָר ווי זיין אויג האָט געוואָלט, אַז עס זאָל אויסזען, און דערפאַר איז זיינס אַ געמעל שטענדיק אַזוי אויסגעפּילט, אַזוי אויסגערונדיקט אין דער קאָמפּאָזיציע, און די קאָלירן זיינע אַזעלכע וואַרעמע און האַרמאָנישע.

— דאָס סאַמע וויכטיקסטע, וואָס אַ קינסטלער דאַרף וועלן, איז קאָנען, — האָט ער צו מיר אומצאָליקע מאָל באַמערקט, און דערביי אָפטמאָל אויך צו־געלייגט מיט באַטאָנונג:

— די גרעסטע קונסט איז פּערפעקציע.

ד.

נו, יאָ, אַוודאי! אַז אַ קינסטלער פילט אין זיך די שליחות צו דערגאַנצן דאָס ניט־דערגאַנצטע, פאַרריכטן דאָס, וואָס דאַרף פאַרריכט ווערן, אָנפילן מיט האַרמאָניע אומעטום, וואו עס סטאַרטשעט ארויס די צעשויבערטקייט, די צעכראַסטעטקייט, איז גאַנץ נאַטירלעך, אַז אין אים זאָל זיין אַ שטענדיקער באַגער צו פּערפעקציע.

— בענקט איר גאָרניט קיין שיקאַגאָ? — האָב איך אים איינמאָל אַ פרעג געטאָן, ווען מיר זיינען צופעליק געזעסן אויג אויף אויג אין דעם קאַפע „דאָם“ ביי אַ טישל.

ער האָט זיך אַרומגעקוקט, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט איבערצייגן, אַז קיינער אַחוץ אונדז איז ניטאָ דערביי, און איז פּלוצלינג זייער באַרעדעוודיק געוואָרן:

— עס איז אַזוי גוט, וואָס מיר האָבן זיך צוגעזעצט אָט דאָ אין „דאָם“ און ניט אין דערבייאיקן קאַפע „קופּאָל“, וואו עס שוויבלט און גריבלט מיט דער חברה, צווישן וועלכער מען פאַרלירט דעם חשק אַ וואָרט אַרויסצורעדן, — האָט ער אָנגעהויבן, און קוקנדיק אויף מיר דורך זיינע דיקע גלעזער פון די ברילן, האָט ער געגומען טראַכטן אין דער הויך:

— בענקשאַפט איז אַ גרויסע ברכה פאַר אַ קינסטלער. איך האַלט, אַז די וויכטיקסטע דערגרייכונג אין מיינע בילדער איז די בענקשאַפט, וואָס איז אין זיי פאַראַן.

— האָט איר ניט געזען מיינע בילדער פון שיקאַגאָ? קוקט אויף זיי ביי אַ געלעגנהייט, און איר וועט אין זיי זען די בענקשאַפט.

— די בענקשאַפט פון שיקאַגאָ, נאָך אַ שיקאַגאָ, וואָס דאַרף ערשט ווערן אַ שיקאַגאָ? — האָב איך אים איבערגעשלאָגן מיט מיינער אַ פראַגע.

ער האָט זיך פריילעך צעלאַכט, און פון זיין געלעכטער האָט זיך אַ טראָג געטאָן אַ וויכע וואַרעמקייט צו מיר.

— איך האָב עפּעס אַ געפיל, אַז איר פילט זיך איינזאַם אָט דאָ אין פּאַריז, — האָב איך באַמערקט, און מיין באַמערקונג האָט אים אַ וויג געטאָן אויף זיין שטול.

— אייער איינדרוק נעמט זיך פון דעם, וואָס איר זעט מיך צום מערסטן צווישן אָט דער חברה, וואָס איז מיר ניט צום האַרצן, — האָט ער מיר דערקלערט.

— איר פאַרשטייט? די מערסטע פון זיי האָבן בעלמעס אויף די אויגן, און די הענט זיינען ביי זיי ליימענע. ניט מען זעט, און ניט מען קאָן, אָבער פרעגט ביי זיי, זיינען זיי געוואַלטיקע זעער און געוואַלטיקע קענער. וואָס זעען זיי, איך בעט אייך? אַז מען זעט, דאַרף מען דאָך ווייזן, און ווייזן ווייזן זיי ניט־געשטויגנקייט און ניט־געפלויגנקייט, — אַבסטראַקציעס, וואָס זיינען הוילע ליידיקייט און ליגן.

— איז דער גאַנצער מאָדערניזם ניט מער, ווי אַן אויסטראַאַכטעניש?

— עס ווענדט זיך, וואָס מען רופט מאָדערניזם! — האָט ער אויסגעשריגן אויף אַן אויפגערעגטן קול, און אין אויפריכטיקן ענטוזיאַזם גענומען מיט מיר איינטענהן:

— מיינע מאָדערניסטן זיינען סעזאַן, מאַטיס, לאַטרעק. אין זייער מאָדערניזם איז דאָ אַ ווירקלעכקייט, און געמאָלן איז זי מיט הענט, וואָס זיינען ניט קיין ליימענע.

— האָט איר געזען די אַרבעט פון פּאַסקינען? ניין? ניט געזען נאָך פּאַסקינס בילדער? איר מוזט זיך באַקענען מיט זיי. איר הערט? איר מוזט! ער איז אַ קינסטלער פון גרויסער פּערפעקציע, — ער איז אַ סך בעסער פון סוטינען.

ה.

מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער בין איך געזעסן אין אַ הייסן זומערדיקן אָוונט אַ פּאַרטראַכטער, מסתמא, ביי אַ טישל אין דער קאַפע „ראַיאַל" אויף צווייטער עוועניו אין ניו־יאָרק.

פּלוצלינג דערפיל איך אַ האַנט אויף מיין האַלדז, און עס שטייט לעבן מיר סעם אָסטראָווסקי.

— סעם?

דער אופן, ווי אַזוי איך האָב אַרויסגערעדט זיין נאָמען, איז געווען, ווי

מיר וואָלטן זיך ערשט נעכטן געזען און ניט — נאָך אַזאַ לאַנגער צייט. אַן אַנדערער אויף זיין אָרט וואָלט זיך אוודאי דערפילט אַביסל מאָדנע פון דער קילקייט מיינער און זיך מסתמא אַנגעבלאָזן.

— עפּעס איז ניט אין אָרדענונג אין אייער לעבן? — האָט ער אַזוי חבריש געפרעגט, און זיך צוגעזעצט לעבן מיר.

איך האָב אויפריכטיק אים געבעטן מוחל זיין, און גענומען זיך נאָכפרעגן אויף זיין לעבן.

— איך קום איצט פון שיקאַגאָ, וואו איך האָב געלעבט און געאַרבעט אַ ווייל, און אין צוויי טעג אַרום וועל איך שוין זיין צוריק אין מיין פּאַריז, — האָט ער מיר דערציילט, און ווידער איבערגעגאַנגען צום פריערדיקן: — איז עפּעס געשען מיט אייך? אַרום אייך? ניטאָ אין אייך די פריידיקייט, וואָס איך האָב אין אייך געפילט, ווען מיר האָבן פאַרבראַכט אין פּאַריז.

איך האָב זיך באַמיט אָפּצוציען זיין אויפמערקזאַמקייט פון מיר, און ביי אים געפרעגט, פאַרוואָס ער בלייבט ניט אַביסל לענגער אין ניו־יאָרק:

— עס איז שווער ביי אייך אין ניו־יאָרק. אַזוי שווער, ווי אין שיקאַגאָ. איך ווייס ניט, ווי אַנדערע קינסטלער, נאָר מיר פעלט די לופט פון פּאַריז.

— איר בענקט נאָך דער חברה אין קאַפע „קופּאָל“? — האָב איך אים אַ קיבעץ געטאָן, און ער האָט זיך פריילעך צעלאַכט און געזאָגט:

— צום גליק איז יענע חברה ניט פּאַריז!

עס זיינען צוגעקומען צום טיש באַענטע מענטשן. צווישן זיי אויך די די מאַלער אברהם מאַניעוויטש און בען־בען און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ דיס־קוסיע וועגן דער אַרכיטעקטאָניק פון ניו־יאָרק און פּאַריז.

אויף מאָרגן נאָכמיטיק האָט געקלונגען אין מיין טיר. ווען איך האָב זי געעפנט, איז געשטאַנען סעם אָסטראָווסקי.

— איר האָט מיך נעכטן איבערגעלאָזט מיט דער חברה, אָבער איך האָב אויסגעפונען אייער אַדרעס, און אָט בין איך דאָ, — האָט ער זיך גוטמוטיק צעבייזערט אויף מיר. באַטראַכטנדיק מיין צימער, האָט ער זיך געזעצט קעגנאיבער מיר, און אָנגעהויבן אַפּעלירן, איך זאָל מיט אים מיטפאָרן קיין פּאַריז.

—הערט, מען האָט מיר איבערגעגעבן, אַז איר גייט דורך אַ שווערן גע־מיט־פּעריאָד, איז פאָלגט מיך, אַ יאָר פּאַריז וועט אייך דערפרישן און באַ־נייען.

איך האָב געקוקט אויף אים אַ דערשטוינטער, און דאָך אַ גערירטער פון זיין אינטערעס. ער האָט ניט אויפגעהערט צו רעדן:

— איך ווייס, אַז איר האָט אוודאי ניט אויף הוצאות, איז הערט, איך האָב אַ פּלאַן.

— אַ פּלאַן אויך ? — האָב איך געפרעגט, און געקוקט אויף אים נאָך מער דערשטוינט.

ער האָט אַ צי געטאָן אַ בלאַט ווייס פּאַפּיר פון מיין אַרבעט־טיש, אויסגעצויגן דאָס איבער אַ טאָוול פון אַ בוך, און מיט אַ בלויען בלייער גענומען אַרבעטן, וואָרפנדיק דערביי פון זיין מויל ווערטער, וואָס האָבן קלאָר געמאַכט פאַר מיר זיין פּלאַן:

— ווען איר זייט נעכטן אַוועק, איז אַריינגעקומען אין קאַפע „ראַיאַל" וואַזשניק מיט זיין פרוי... זיצט אַזוי ווי איר זיצט, איך בעט אייך... איז יאָ, זאָגט צו מיר אָט־דער וואַזשניק, אַז ער וואָלט שטאַרק געוואָלט... אָט אַזוי... זיצט נאָך אַביסל... יאָ, אַז ער וואָלט שטאַרק געוואָלט — איך זאָל מאָלן זיין פרוי... זאָג איך אים, אַז איך פאָר אַוועק אין צוויי טעג אַרום... האַלט, זייט מוחל, אַ פּאָר רגעס אייער האַנט ביי דער ליולקע... זאָגט ער, מען קאָן אָפּלייגן די רייזע... ער וועט... נאָך אַ רגע, אָט אַזוי, די האַנט ביי דער ליולקע... יאָ, ער וועט צאָלן פאַר מיין האָטעל־צימער, און אַ פּרייז פאַרן פּאָרטרעט קאָן איך מאַכן, ווי גרויס איך וויל.

— איז וועט איר בלייבן ? — האָב איך געפרעגט.

— עס ווענדט זיך אָן אייך.

— אָן מיר ?

— יאָ. אויב איר פאָרט מיט מיר, בלייב איך אויף צוויי וואָכן. דאָס וועט אייך געבן צייט זיך צוצוגרייטן. און דאָס געלט פאַרן פּאָרטרעט וועט זיין פאַר אייער שיפסקאַרטע.

— נו, און אין פּאַריז גופא ? — בין איך דאָך געוואָרן אַביסל נייגעריק.

— איר וועט לעבן אין מיין סטודיאָ !

קיין פּאַריז בין איך ניט געפאָרן, און ער האָט דערפאַר דעם פּאָרטרעט ניט געמאָלן. אָבער געבליבן איז אויף אייביק אין מיין געמיט זיין גוטסקייט, — די זעלבע גוטסקייט, וואָס קוקט אַרונטער פון זיינע מייסטערהאַפטע ביל־דער, און פון דער פּרעכטיקער צייכענונג, פון מיר און מיין ליולקע, וואָס הענגט אין מיין שטוב, און דערמאָנט מיר אָן דעם וואונדערבאַרן קינסטלער, ליטערן מענטשן און גוטן איבערגעגעבענעם פריינט סעם אָסטראָווסקי, וואָס איז אַוועק פון אונדז, און איבערגעלאָזט הינטער זיך דאָס לעבן אויף אונדזער ערד, וואָס נויטיקט זיך איצט נאָך שטאַרקער, ווי פריער, אין אַזעלכע ווי ער איז געווען, צו פאַרריכטן, צו פאַרלאַטען און אַריינצובריינגען האַרמאָנישקייט, אין דער צעבראַסטעטער דיסהאַרמאָניע.

1955.

# מאָריס קאַלעם

## א.

אַז דער קינסטלער און איבערגעגעבענער איקוף־טוער מאָריס קאַלעם איז געשטאָרבן, האָב איך זיך דערוואוסט אין מיאַמי, פלאָרידאַ, ווען איך בין געזעסן צוזאַמען מיט זיין לאַנג־יאָריקן חבר פרענק קוירק און זיין פרוי ראָזע אויף אַ שמחה אין דעם דאָרטיקן יידישן קולטור־צענטער. אַז די שמחה איז גלייך אויסגערונען געוואָרן פון אונדזערע געמיטער, איז זעלבסטפאַרשטענד־לעך. צום ערשטן מאָל, ווי איך האָב געזען דעם שטענדיק קילן פרענק קוירק אין אַ צושטאַנד פון היסטעריקע...

— מען וואָלט אפשר באַדאַרפט כאַפּן אַן עראָפּלאַן און צופליען קיין ניו־יאָרק צו דער לוויה, — האָט פרענק קוירק עטלעכע מאָל איבערגעחזרט.

מיר זיינען קיין ניו־יאָרק ניט געפלויגן. ערשטנס, וואָלט מען אַפילו מיט אַן עראָפּלאַן שוין אויך געוועזן צו שפּעט צו דער לוויה, און צווייטנס, זיינען מיר געווען אין דער מיט פון וויכטיקער און פאַראַנטוואָרטלעכער טור־אונג. ער — מיט צוגרייטן אַן אויסשטעלונג פון זיינע בילדער פאַר דעם דאָר־טיקן קונסט־צענטער און איך — מיט לעקציעס וועגן ליטעראַטור, וואָס זיינען שוין אַנאָנסירט געווען און צוגעגרייט געוואָרן.

עס זיינען פאַרגאַנגען טעג ביז מיר האָבן זיך צוגעוואוינט צו דעם גרוי־ליקן פאַקט און זיך אָנגעהויבן צו באַפרייען פון דער טיפער צורודערונג אין אונדזערע געמיטער.

— ער האָט פאַרמאָגט אין זיך אַלע אייגנשאַפטן צו האָבן גרויס דער־פאָלג מיט זיין קונסט, — האָט פרענק קוירק צו מיר איין מאָל באַמערקט, און קוקנדיק פון דער באַזונטער האָטעל־וועראַנדע אויפן קאָליר־צעשפּילטן ים, האָט ער אין שטילער פאַרטראַכטקייט געפרעגט:

— פאַרוואָס איז ער טאַקע דאָס ניט געוואָרן?

## ב.

וועלכע אייגנשאַפטן האָט פרענק קוירק געמיינט אין מאָריס קאַלעם, וואָס וואָלטן אים באַדאַרפט פירן צו דערפאָלג? אַז אָט די אייגנשאַפטן זיינען נישט געלעגן אין דעם קינסטלערס פערזענלעכע פעיִקייטן זיך צו פאַרקויפן, איז דאָך קלאָר, ווארום ווער עס האָט אים געקענט, האָט אין אים געזען פונקט דעם היפּוך פון אָט אַזעלכע פעיִקייטן. ניט אין זיין יידישן אויסזען און ניט אין זיין כאַראַקטער איז געווען עפּעס אַזוינס, וואָס האָט געקאָנט אים ברענ־גען צו דער אויפמערקזאַמקייט און צו דערפאָלג.

אַ רירעוודיקע פיגור, וואָס האָט געגעבן דעם איינדרוק פון שטענדיקן קלעם אין דעם צוואַנג פון קרענקלעכקייט. און אַ קול, וואָס האָט געשלאָגן מערסטנס, ווי אַ בייטש און אָפטמאָל אַפילו, ווי אַן אָנגעגליטע שפּיז דווקא צו די, ביי וועלכע אַנדערע האָבן געזוכט דערפאָלג מיט ווייכע רייד.

פרענק קוירק האָט געמיינט זיכער מאָריס קאַלעמס אייגנשאַפטן אין זיין קונסט, וועגן וועלכער ער האָט גאָר אַ הויכע מיינונג. און דער עיקר האָט ער אַוודאי אינזינען געהאַט מאָריס קאַלעמס מייסטערשאַפט אויפן געביט פון דער פּאָרטרעטן־מאָלעריי, וואָס האָט, לויט אַלעמענס מיינונג, געקאָנט אים דערפירן צו גרויסע דערפאָלגן.

אויפן געביט פון פּאָרטרעטן־מאָלעריי איז מאָריס קאַלעם ווירקלעך געווען אַ ביז גאָר באַדייטנדיקער מייסטער.

די אַנטפּלעקונגען אין דעם כאַראַקטער פון זיינעם אַ מאָדעל האָט אים קיינמאָל ניט אָוועקגעפירט פון דער עקזאַקטקייט און דעם אויסזען, ווי עס טרעפט זיך ביי אַ סך אַנדערע קינסטלער אין דער פּאָרטרעטן־מאָלעריי. פאַר אים זיינען אַזעלכע אַנטפּלעקונגען קיינמאָל ניט געווען קיין באַזונדערקייטן, איבער וועלכע ער זאָל זיך לאָזן אָוועקרייסן פון זיין קעגנשטאַנד. זיי זיינען ביי אים צונויפגעוועבט מיט דעם אויסזען און דורך זיי ווערט דער אויסזען פון זיינעם אַ מאָדעל נאָך אויסזעעוודיקער.

מיט אָט דער אייגנשאַפט אין זיין פּאָרטרעטן־מאָלעריי, האָט מאָריס קאַלעם זיכער געקאָנט האָבן גרויס דערפאָלג, און ניט לעבן אין דחקות, ווי ער האָט געלעבט.

אָט האָט ער מיט עטלעכע יאָר צוריק קאָנטאַקטירט די „ניו־יאָרק טיימז" מיט זיינע פּאָרטרעטן פון פרענקלין דעלאַנאָ רוזוועלט, ווינסטאָן טשוירטשיל און יאָזעף סטאַלין, און זיי זיינען ניט נאָר גלייך אָנגענומען געוואָרן, נאָר אָפּגעדרוקט געוואָרן אויף אַ פּראָמינענטן אופן.

דאָס זעלבע איז שפּעטער געשען מיט זיין פּאָרטרעט פון דעם פּרעזידענט אייזענהאַוער.

פאַרוואָס האָט ער זיך ניט פאַרנומען אויף אָט דעם וועג, וואָס וואָלט אים און זיין משפחה געווען אַרויסגענומען פון דער אָרעמער וואוינונג, צו וועלכער ער האָט זיך יאָרן לאַנג געדאַרפט דערשלעפּן מיט זיינע שוואַכע פיס איבער דריי שטאָקן אויף די טרעפּ אַרויף?

דער ענטפער איז אין דעם טיף־ערלעכן און לויטערן מענטש, וואָס דער קינסטלער מאָריס קאַלעם איז געווען.

ג.

— אַן קונסט וואָלט דער מענטש ניט געקאָנט באַגרייפן דאָס לעבן אַרום

אים, — האָט ער געזאָגט אין זײן קרעדאָ, וואָס איז אָפּגעדרוקט אינעם איקוף־אַלבאָם פון די יידישע קינסטלער.

אין אָט דעם זאָג איז דאָ דער מענטש, וואָס ער איז געווען, און דער קינסטלער, וואָס ער איז געווען.

— קונסט לעבט נאָר דאַן, ווען זי איז אין באַרירונג מיט מענטשן, — זאָגט ער אויך אין דער זעלבער קרעדאָ.

בינדט צונויף אָט די ביידע אויסדרוקן, און פאַר אײך ווערט קלאָר, אַז פאַר אים איז זײן קונסט געווען די שליחות פון דעם מענטשן אין אים, און ווייל שליחות, איז זי קדושה, וואָס טאָר ניט פאַרשוועכט ווערן פון אייגננוציקייט.

זייער כאַראַקטעריסטיש איז דאָס, וואָס ער האָט מיר אַמאָל אין אַ שטאַרק אויפגערעגטן צושטאַנד דערציילט.

נאָכדעם, ווי עס זיינען דערשינען אין דער „ניו־יאָרק טיימז" זיינע פאָרטרעטן, האָט ער געקראָגן אַן איינלאַדונג פון אַ זייער רייכן און פּאָפּולערן וואָכנזשורנאַל צו ווערן אַ רעגלמעסיקער פאָרטרעטן־מאָלער פאַר דער הילע. ווען איך האָב ביי אים דערזען אָט־די איינלאַדונג, האָב איך זיך געוויצלט:

— באַלד, באַלד וועט איר שוין ניט וועלן זיך חברן מיט אונדז, קבצנים, אויף דער יידישער גאַס.

ער האָט זיך צעלאַכט מיט זיין כאַראַקטעריסטישן פאַלצעטישן געלעכטער, און זיינע גרויסע עקספּרעסיווע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן:

— אַ כאָליערע זאָל טרעפן דעם קאַפּיטאַליזם, וואָס קאָן דערפירן אַ מענטשן צו אָט אַזוינס! — האָט ער אויסגעשריגן, און באַלד גענומען חלומען אין דער הויך:

— אויב איך זאָל טאַקע אָנהויבן צו פאַרדינען גרויסע געלטער, וועל איך באַווייזן די נגידים אין אונדזער סביבה, ווי אַזוי אַ קינסטלער שטיצט אַזאַ יידישע קולטור־אינסטיטוציע, ווי אונדזער איקוף איז.

עטלעכע טעג שפּעטער איז ער געקומען צו מיר, און זיין מויל האָט געשאָסן מיט לאַווע:

— הערט אַ מעשה, זיי ווילן מיך דאָ פאַרוואַנדלען אין אַ שליח פאַר דער רעאַקציע!

— וועגן וואָס האַנדלט זיך? — בין איך געוואָרן נייגעריק.

— וועגן זיי, אַז די כאָליערע זאָל זיי נעמען!

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער קומט נאָר־וואָס פון יענעם רייכן און פּאָפּולערן וואָכנזשורנאַל.

— הינטערגרונטן גיב זיי! איר פאַרשטייט? ניט נאָר פאָרטרעטן, נאָר הינטערגרונטן לויט זייערע באַשטעלונגען!

ער האָט זיך פּלוצלינג צעלאַכט מיט אַ דריבנעם אייזיקן געלעכטער, און קוקנדיק אויף מיר, האָט ער געזאָגט:

— אפּנים, אַז אונדזער עשירות וועט שוין מוזן זיין פון גאָר אַן אַנדער סאָרט.

קאָן זיין, אַז ער האָט באַמערקט, אַז מיר איז ניט אינגאַנצן קלאָר דער ענין מיט די „הינטערגרונטן", און ער האָט זיך צערעדט:

— איר מיינט, אַז פּאָרטרעטן איז מיר צום הארצן פאַר זיי צו מאָלן? אין מיר איז אויך צו דעם דאָ אַ ווידערווילן. וואָרום, טאַקע וואָס? ווי קום איך, אַ סאָציאַליסט פון דער מאַמעס בויך, מיטצואַרבעטן פאַר זייערע אויסגאַבן, וואָס דינען דעם פאַרדאַמטן קאַפּיטאַליזם? אָבער, מילא, נו, אויף בלויזע פּאָרטרעטן, האָב איך אין זיך אָפּגעזוכט אַ שטיקל היתר. וואָרום אַ פּאָרטרעט איז דאָך נאָך אַלעמען ניט מער, ווי אַ פּאָרטרעט, און מייסטער פון אים בין איך אַליין. אָבער די הינטערגרונטן פון אָט־די פּאָרטרעטן, דאָס, זעט איר, מוז שוין זיין זייערס, און מיין פּענדזל מוז שטיין צו זייער דינסט, און אַזוי פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ פּראָפּאַגאַנדע שליח פאַר זייערע אינטערעסן.

— איר פאַרשטייט, וואָס זיי ווילן פון מיר? — האָט ער געפרעגט, און אַ ברום געטאָן:

— ניט דערלעבן וועלן זיי דאָס!

ד.

איך געדענק ניט אַקוראַט דעם איינדרוק פון זיינע בילדער אויף מיר אין די יאָרן איידער איך האָב אים געקענט פּערזענלעך. קיין סך פון זיי איז מיר אין יענע יאָרן ניט אויסגעקומען צו זען. דאָ און דאָרטן אַ לאַנדשאַפט און פון זיין פּאָרטרעטן־מאַלעריי האָב איך קיין אַנונג ניט געהאַט.

ערשט אין דער פאָרמירונג פון דער פּלאַסטישער קונסט־סעקציע ביים איקוף, האָב איך זיך באַקענט מיט זיין שאַפן און מיט אים פּערזענלעך.

וואָס מיך האָט דער עיקר אינטריגירט, איז געווען דער קאָנטראַסט פון זיין קונסט און אים אַליין.

אויף זיינע לייוונטן אַזעלכע פולע און מאַסיווע ליניעס און אַזאַ פאַר־ביקייט, און ער אַליין אַזאַ גרינג־וואָגיקער און אַזאַ דורכזיכטיקער.

אָבער אַ טעמפּעראַמענט האָט פון אים געשלאָגן, ווי פון אַ טיגער אין מאָמענטן פון הונגער.

אָנגעפילט מיט אַ גאָר טיפן מיטגעפיל צו אַלע באַעוולהטע, האָט ער שטענדיק געצאָרנט אויף די באַעוולהטע גופא, הלמאי זיי לאָזן זיך באַעוולהן:

— וואָס טוט מען מיט די שאָף, וואָס לאָזן זיך אַזוי הכנעהדיק שערן די וואָל, און דערלאַנגען ניט די שערער מיט זייערע קאָפּיטעס?

און ער אַליין איז טאַקע אַזאַ שאַף קיינמאָל ניט געווען. אַפילו צו די, וואָס זיינען אים אין תוך געווען נאָענט ביז גאָר, איז ער שטענדיק געווען קרײַ־געריש, אויב אים האָט זיך נאָר אויסגעדאַכט, אַז זיי האַנדלען ניט, ווי זיי דאַרפן האַנדלען.

ער האָט געמאָנט שליחות ביי דעם מענטשן און מענטשלעכקייט ביי דעם שליח.

ביי דער קונסט אויך דאָס זעלבע און ביי זיין אייגענער קונסט — אוודאי און אוודאי.

— אָן שליחות איז קיין קונסט ניטאָ, אָבער די שליחות טאָר ניט זיין אויפן חשבון פון דער קונסט, — האָב איך אים געהערט אויסרופן ביי פאַר־שידענע געלעגנהייטן.

ה.

איך בין אַמאָל געשטאַנען אויף אַ קאָלעקטיווער אויסשטעלונג אינעם איקוף־צענטער און לאַנג געקוקט אויף זיינער אַ נאַטור־מאָלעריי.

— איז דאָס די לאַנדשאַפט, צי גאָר אַנדערע מחשבות לעבן דער לאַנד־שאַפט? — האָב איך פלוצלינג דערהערט זיין קול.

איך האָב אַ קוק געטאָן אויף אים און זיך געוואונדערט, וואָס ער קוקט מיר אויס עפּעס גאָר אַן אַנדערער, ווי איך בין אים געוואוינט געווען צו זען. אויך זיין פראַגע גופא איז געווען גאָר אַנדערש, ווארום גיכער וואָלט געווען נאַטירלעך צו הערן פון אים ביינקייטן אויפן חשבון פון אַ צאָל אַנדערע בילדער.

— וואָס זאָגט צו אייך אָט די לאַנדשאַפט? — האָט ער געפרעגט אין אַ טאָן, וועלכן איך האָב געהערט בייגעריקייט.

— ביי אייך זיינען די גראָזן, די בלומען און די צמחים פון פאַרשיידענע מינים אַזעלכע פולע און רייפע, — האָב איך באַמערקט, און דערביי צוגעלייגט מיט אַ פראַגע:

— איז דאָס ניט ביי אייך די בענקשאַפט צו שלימות

— יאָ, דער קינסטלער איז אָנגעפּילט מיט דער בענקשאַפט צו שלימות, און ער רייסט זיך צו איר, — האָט ער געענטפערט.

— איז דאָס דען בלויז דער קינסטלער? — האָב איך געפרעגט אין מיין פאַרטראַכטקייט, און עס איז געווען, אַז אין דעם מאָמענט האָב איך זיך דער־מאָנט אָן זיין מייסטערהאַפטן פּאָרטרעט פון זיין אייגענער פרוי, וואָס איז אין פאַרגלייך מיט אים אַ גופיקע און אַ לייביקע.

— איז ניט די ליבשאַפט ביי אייך צו רייפער פולבלוטיקייט דערפאַר, ווייל די נאַטור האָט אייך פערזענלעך אין דעם הינזיכט באַעוולהט?

איך האָב אַרויסגעזאָגט אָט די ווערטער און גלייך חרטה געהאַט, ווייל

אַ כלל איז, אַז דורכשניטלעכע מענטשן האָבן ניט ליב, ווען מען רעדט צו זיי וועגן זייערע אייגענע פיזישע דעפעקטן, אָבער מאָריס קאָלעם איז דאָך ניט געווען קיין דורכשניטלעכקייט.

ער האָט זיך פריידיק און גליקלעך צעלאַכט אויפן הויכן קול, און אויסגערופן:

— אַן אַנטפּלעקונג!

שפּעטער האָט ער צו מיר לאַנג און אינטים גערעדט וועגן די סודות אין דעם מענטשלעכן כאַראַקטער, וואָס לאָזן זיך ניט אַזוי גרינג דערגרונטעווען און געהאַלטן אין איין איבערחזרן:

— אַן אַנטפּלעקונג!

און שטיל, ווי רעדנדיק צו זיך אַליין, האָט ער אין גרויס וואַרעמקייט צו מיר געזאָגט:

— מאָדנע, ווי איך האָב קיינמאָל ניט געטראַכט וועגן דעם, וואָס איר האָט אַזוי פּשוט דערזען.

ז.

מיטן טויט פון מאָריס קאָלעם איז איבערגעריסן געוואָרן אַ לעבן פון אַ לויטערן ערלעכן מענטשן און פון אַ באַדייטנדיקן קינסטלער.

זיין קונסט־ירושה איז פון גאָר אַ באַזונדערן און אייגנאַרטיקן כאַראַקטער אין דעם קולטור־שייער. מענטשן וועלן שטענדיק שעפּן גענוס פון זיינע אומציילקע לאַנדשאַפטן, אינטערעסאַנטע אַבסטראַקציעס, וואָס זיינען אין תוך שוין גאָרניט קיין אַבסטראַקטקייטן, און דער עיקר — פון זיינע וואונדערלעכע פּאָרטרעטן, וואָס צייכענען זיך אויס מיט גרויסער קונסט־מייסטערשאַפט.

# פרענק קוירק

## א.

הורך די פענצטער פון זיין וואוינונג, וואָס איז אויסער היים, אויך זיין אַטעליע, זעט מען דעם יוניאָן־סקווער, איבער וועלכן עס איז אַ שטענדיקע באַוועגונג. ווייל אויסער די אָפענע מיילער צו די שטאָטישע אונטערבאַנען, איז ער אַרומגערינגלט מיט גרויסע געשעפטן, באַנקען, רעסטאָראַנען, און מענטשן, מענטשן און מענטשן. אָבער אַז איר קומט צו אים אַרויף, באַדאַרפט איר ניט קוקן דורכן פענצטער, ווייל פרענק קוירק האָט דעם יוניאָן־סקווער אַריבערגעפירט אויף איינעם פון זיינע גרעסערע לייוונטן, און איר קאָנט זיך גאַנץ רויִק זיצן אויף אַ שטול און האָבן אים פאַר זיך.

אָפטמאָל, אַז איר זיצט דאָרטן, האָט איר גאָר דאָס געפיל, אַז דער קינסטלער האָט דאָס געטאָן צוליב זיין ראָזען, וואָס איז זייער אַ פאַרנומענע פרוי און האָט ניט גענוג צייט צו קוקן דורך די פענצטער צום דרויסן.

— נאָ, ראָזע, אָט האָסטו דעם דרויסן ביי זיך אין שטוב, און זאָל עס דיר וואויל באַקומען!

אָט־די וואוינונג אינעם סאַמע צענטער פונעם שטאָטישן גערויש, האָט אַ שטאַרקן צוציאונגס־כוח פאַר אנשי שלומנו, און ביי יעדער געלעגנהייט כאַפּט מען זיך אין איר אַריין.

די קליינקייט פון די אַנדערהאַלבן צימערן צעציט זיך, ווי גומעלאַסטיק, און אויסער אין דער געזעלשאַפט פון פרענק און ראָזע קוירק, איז מען שטענדיק אויך אין דער געזעלשאַפט פון אַ ריי חשובע פיגורן, ווי דער „וואַסערטרעגער פון קאַסטיליען", דער פאַרטראַכטער „דוליצקי" און אַ ריי אַנדערע, וואָס כאָטש זיי זעצן זיך ניט ביים טיש צום געשמאַקן טעפל קאַווע, נאָר קוקן בלויז אַרונטער פון די ווענט, גיבן זיי אייך דאָס געפיל, אַז זיי זיינען מיט אייך צוזאַמען.

ווי ענג עס איז ניט אין אָט דער וואוינונג, — ספּעציעל, ווען עס קומען זיך צונויף אַ סך געסט, פילט זיך דאָך אַ רחבותדיקייט. די רחבות קומט פון די פּרעכטיקע לאַנדשאַפטן, פּייזאַזשן, וואָס צעעפענען די ווענט אין ווייטע ווייטן, אין הויכע הויכן.

יעדעס מאָל, ווען איך געפין זיך אין אָט דער וואוינונג, וואו איך פיל זיך איצט ביז גאָר היימיש, דערמאָן איך זיך דעם ביז־גאָר מאָדנעם איינדרוק, וואָס

איך האָב געהאַט אין די ערשטע טעג פון מיין באַקאַנטשאַפט מיט פרענק קוירק.

ניט איינמאָל רעדן מיר אַפילו איצט פון יענעם איינדרוק. פרענק קוירק שמייכלט פאַרטראַכט:

— אַן איינפאַל צו האָבן אַזאַ מין איינדרוק!

ב.

דער נאָמען פרענק קוירק איז מיר געווען נאָענט פיל פריער, איידער מיר האָבן זיך פערזענלעך באַגעגנט.

איך געדענק ניט אַקוראַט, וואו און ווען איך האָב זיך אָנגעשלאָגן אויף עט־לעכע פון זיינע בילדער. איך געדענק אָבער זייער גוט דעם איינדרוק, וואָס זיי האָבן אויף מיר געמאַכט. ספּעציעל האָבן מיך שטאַרק צוגעצויגן די בילדער „זיין מאַיעסטעט דער האָרעפּאַשניק" און „דאָס אַלץ, וואָס ער האָט נאָך זיך גע־לאָזט".

דאָס ערשטע בילד, — אַן אַרבעטער פון קרעפּטיק־מוסקוליעזן אויס־זען, מיט אַ רידל אין דער האַנט פאַרוואָרפן שטאָלץ אַריבער דעם אַקסל, וואָס קוקט אין דער ווייטקייט אַריין מיט זיגערישקייט און חשיבות; און דאָס צווייטע בילד, — אַ פּאָר אויפגעשנירעוועטע אַרבעטער־שיך אויפן דיל, און האַרט הינטער זיי אַ פּאָר ווייכע, צעקנייטשטע אַרבעטער־הענטשקעס, קעגנ־איבער אַ רידל אָנגעשפּאַרט אויף אַ הילצערנער שטול, איבער וועלכער עס זיינען אָנגעוואָרפן אַלטע אַרבעטער־קליידער און מכשירים, און פון אַלץ קוקט אויף דיר מיט אַזאַ פאַרלאָזנקייט און פאַריתומטקייט.

איך געדענק דעם שטאַרקן איינדרוק, וואָס אָט־די צוויי בילדער האָבן אויף מיר געמאַכט.

— ווער איז אָט דער פרענק קוירק? — האָב איך זיך געפרעגט און ביי זיך באַשלאָסן, אַז ער איז אַן אַמעריקאַנער פון סלאַווישן, אָדער פון ענגלישן אָפּשטאַם.

פאַרוואָס בין איך עפּעס געקומען אַקוראַט אויף אַזאַ מין באַשלוס, און ניט קיין אַנדערן?

עס פאַלט מיר איצט איין, אַז מסתמא איז דאָס געווען דערפאַר, ווייל דער אויסזען פון זיינע אַרבעטער־טיפּן זיינען סלאַווישע, און וואָס שייך ענגליש — האָט געווירקט אויף מיר דער נאָמען „קוירק", וואָס קלינגט אַזוי ענגליש.

ווי איבערראַשט בין איך געוואָרן, ווען איך האָב צווישן די טוער, וואָס האָבן אין ניו־יאָרק צוגעגרייט דעם יידישן קולטור־קאָנגרעס אין פּאַריז, באַ־געגנט פרענק קוירקן.

— אַ ייד?

און עס איז ביז גאָר טשיקאַווע, וואָס אַפילו דעמאָלט בין איך נאָך אַלץ

נישט געווען זיכער, אַז ער איז טאַקע מאחינו בני ישראל. וואָרום זײַן קרעפּ־טיקע, אַנזעענדיקע פיגור מיט דעם ברייטן פעסטן קיזל־שטיינערדיקן פּנים האָט קיין שום סימן ניט געגעבן, וואָס זאָל זײַן כאַראַקטעריסטיש יידיש.

— אפשר גאָר אַ גר? — האָב איך ספּעקולירט.

— זיכער אַ גר, — האָב איך צו זיך געזאָגט, ווען איך האָב אים צום ערשטן מאָל דערזען מיט זײַן פרוי, וואָס כאָטש אין דער פיגור איז זי נישט אָפּגעשטאַנען פון איר מאַן, האָט זי אָבער מיט איר צאַרט, טונקל־הויטיק פּנים און דעם שײַן פון אירע גרויסע, שוואַרצע אויגן, אויסגעקוקט לעבן אים, ווי ברענענדי־קע שבת־ליכט דורך אַן אָפענעם פענצטער פון אַן אוקראַינישער, פּויערישער כאַטע.

— זיכער אַ גר! וואָס דען, ניט קיין גר?

דערווײַל איז מיר אויסגעקומען זיך אַנצושלאָגן אויף נאָך פון זײַנע בילדער.

סאַראַ פּראָטעסט־געשריי עס האָט אַ הילך געטאָן אין מײַנע אויערן פון זײַן „הואווערוויל"! פון זײַן פאַרמאַטערטן עלטערן אַרבעטער, וואָס הייסט טאַקע ביי אים „מיד"! און אַז מען זעט נאָך דערביי זײַן פּרעכטיקן פּאָרטרעט „עליזאַבעט", וואָס איז דער סינטעז פון דער אייביקער ווייבלעכקייט מיט דער אויפגעוואַכטער סאָציאַלער באַוואוסטזיניקייט פאַר דעם געראַנגל פון דער עפּאָכע, אין וועלכער מיר לעבן, איז דאָך גאָר קיין חידוש ניט, וואָס דער איינ־טערעס צו אָט־דעם קינסטלער וואַקסט אין דיר אויס.

— אָט איז אַ קינסטלער, וואָס האָט אין זיך דעם כוח צונויפצוגיסן די אַלע באַזונדערקייטן, וואָס ברויזן און שלאָגן זיך אין זײַן געמיט אין איין באַ־וואוסטזיניקער גאַנצקייט.

ג.

וואָס איז דער שאַרפסטער געראַנגל ביי אַ קינסטלער, אויב ניט אין דער צונויפוועבונג פון באַזונדערקייטן אין אַ גאַנצקייט?

יעדער אמתער קינסטלער ווייסט וועגן אָט דעם געראַנגל. וואָרום כאָטש יעדע באַזונדערקייט איז אין תוך אַ טייל פון דער גאַנצקייט, האָט אָבער יעדע באַזונדערקייט אַ טבע צו וועלן דאָמינירן איבער די אַנדערע.

אַזוי איז דער וואָרט־קונסט, אַזוי אין דער מוזיק, און אַזוי אויך אין דער פּלאַסטישער קונסט.

אָפטמאָל איז אַזאַ באַזונדערקייט געוואַלדיק עקשנותדיק. ניט נאָר לאָזט זי זיך ניט צונויפוועבן אין דער שלימות, צו וועלכער דער קינסטלער צילט, נאָר עס טרעפט זיך, אַז זי רייט גאָר אַרויף אויפן רוקן פונעם ווילן ביים קינסט־לער און דעמאָלט ווערט זי דער גאַנצער דאָמינירנדיקער כוח און פירט דעם קינסטלער צום היפוך פון דעם, וואָס ער האָט באַצוועקט.

פרענק קוירקס בילדער ווייזן, אַז ער פאַרמאָגט אין זיך דעם כוח צו צאַ־מען און צו באַהערשן אַלע באַזונדערקייטן אין זיך. מען זעט, אַז דער פענדזל אין דער האַנט גייט דעם גאַנג אַקוראַט אַהין, וואוהין דער מייסטער באַפעלט, און אַז דער באַפעל קומט פון אַ קלאָרן אויסגעקריסטאַליזירטן באַוואוסטזיין, זעט מען אין דער האַרמאָניע פון דער קאָנסטרוקציע, פון די קאָלירן און פון דער אידייע.

עס איז קונסט וואָס שטראַלט פון זיך אַרויס מיט אַ קלאָרער, באַוואוסטזי־ניקער אידייע, און עס איז אידייע, וואָס איז באַקליידט אין אַ מלבוש פון לוי־טערער קינסטלערישקייט.

— ליטעראַטור! — האָב איך דעמאָלט געהערט די באַמערקונג פון איי־נעם אַן עסטעטיקער, וועמעס פאַרגעניגן איז צו קלעטערן איבער הוילע לי־ניעס צו דער הויכקייט פון דער ליידיקייט און זיך באָדן אין קאָלירן גלאַט אַזוי פאַר שיינקייט וועגן.

איך געדענק, ווי שטאַרק איך האָב זיך צעלאַכט און ווי באַליידיקט ער איז געוואָרן פון מיין געלעכטער.

— איך זע, אַז איר האָט אַן אַנדערע מיינונג, — האָט ער אַ ברום געטאָן און זיך אָנגעבלאָזן.

— דאָס זעלבע, וואָס איר האָט ערשט געזאָגט, האָט אַמאָל געזאָגט סעזאַן וועגן גוסטאַוו דאָרען, — האָב איך געצויגן זיין אויפמערקזאַמקייט, און ער האָט זיך אַלץ געהאַלטן ביי זיינעם.

— ליטעראַטור!

— נו, אַז ליטעראַטור, איז וואָס? — האָב איך אים געענטפערט, און דאָ איז ער שוין אַנטשוויגן געוואָרן מיט אַ מינע איבער זיין גלאַט־אויסגעצערטלטן פנים, ווי ער וואָלט געזאָגט:

— נו, מילא, אַז איר טראַכט אַזוי, איז דאָך ניט שייך!

ד.

מאָדנע, ווי אַ געוויסער אויסדרוק עסט זיך אַמאָל איין אין דער אַרגומענ־טאַציע ביי געוויסע קרייזן, וואָס בשעת מען שיקט אים אַרויס פון מויל, מיינט מען בפירוש, אַז ער פאַלט, ווי אַ האַמער איבער אַ קאָוואַדלע. אָבער, ווען מען שטעלט אָן די לאָגיק אויפן זעלבן אויסדרוק, איז ער ניט מער, ווי אויסגעליי־דיקטע שטרוי.

— ליטעראַטור!

וויפיל מאָל האָב איך שוין געהערט צווישן פלאַסטישע קינסטלער אָט דעם אויסדרוק אויפן חשבון פון אַ בילד, וואָס האָט אין זיך אויסער דער שיינקייט

פון מאָלעריי, אויך דעם סטימול זיך צו פאַרטראַכטן און געפירט צו ווערן צו אַ באַשטימטן געדאַנק?

אויך איצט, ביים שרייבן אָט־די שורות, עכאָט אין מיינע אויערן אָט־דער אויסדרוק און איך פיל אַ טיפע באַפרידיקונג אין זיך צו קאָנען זאָגן מיטן פולן באַוואוסטזיין:

— נו, אַז ליטעראַטור, איז וואָס?

איז דאָס אַ מינימיזירונג, ווען מען שפירט אין איין געביט פון דער קונסט אויך די געביטן פון די אַנדערע קונסטן? איז עס אַ חסרון, ווען מען הערט אין אַ מוזיקאַליש ווערק אויך דאָס קול פון לעבעדיק לעבן? איז אַ חסרון, ווען מען דערהויבט זיך דורך דער וואָרט־קונסט צו מוזיקאַלישקייט און צו דער בילדערישקייט? איז פאַרוואָס־זשע זאָל זיין אַ חסרון, ווען מיר דערשפירן אין דעם פלאַסטישן בילד אויך דעם באַוואוסטזיניקן מענטשן אינעם לעבן פון זיין עפּאָכע?

— נאַרישקייט! — פּראָטעסטירט אין מיר די דערפאַרונג, וואָס האָט זיך אָנגעקליבן אין מיר.

ווען איך הער אַ מוזיקאַלישע קאָמפּאָזיציע, וואָס רופט ניט אַרויס פאַר מיינע אויגן קיין שום בילד, און רעגט מיך ניט אָן צו קיין שום געדאַנק, ווייס איך, אַז דאָס זיינען בלאָנדזשענדיקע קלאַנגען און טענער, וואָס קומען ניט פון ערגעץ און פירן ניט אין ערגעץ. דאָס אייגענע איז מיט יעדער אַנדערער קונסט. אַפילו אַזאַ, ווי דער טאַנץ. אויב אין אים איז ניטאָ קיין מוזיק, קיין פלאַסטיק, קיין אָנרעגונג זיך צו פאַרטראַכטן, איז ער ניט מער, ווי גימנאַסטיק, אָדער, אין בעסטן פאַל, אַקראָבאַטיק.

געהערט אַ מעשה! דערפאַר ווייל די בילדער פון פרענק קוירק האָבן אין זיך אויסער דער פּרעציזקייט אין דער קאָמפּאָזיציע און האַרמאָניע אין די קאָלירן, אויך די אָנגעלאָדנקייט פון אַ באַשטימטן סאָציאַלן וועלט־באַנעם, איז דאָס גאָר אַ חסרון?

אַ חסרון, וואָס די כלה איז, אויסער שיין אויפן אויסזען, אויך געראָטן און מענטשלעך.

## ה.

עס דערמאָנט זיך, ווען פרענק קוירק האָט צום ערשטן מאָל פאַר מיר אָן עפן געטאָן די טיר צו זיין אינערלעך לעבן, און איך געדענק, ווי שטאַרק איך בין פאַרוואונדערט געוואָרן פון דעם, וואָס איך האָב דערזען.

דאָס איז געווען ניינצן זיבן און דרייסיק אויפן ייִדישן קולטור־קאָנגרעס אין פּאַריז. איך בין געזעסן אויף דער פלאַטפאָרמע אינעם פּרעזידיום ביי איינער פון די זיצונגען און זיך צוגעקוקט צו די פּנימער פון די דעלעגאַטן, וואָס

האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט דאָס אויסדערוויילטסטע פון דעם יידישן קולטור־לעבן איבער אַ היפּשן שטח פון דער ערד. פלוצלינג וועקט מיך אויף פון מיין פאַרטראַכטקייט פרענק קוירק.

— קאָנט איר מיר געבן עטלעכע מינוט?

איך בין מיט אים מיטגעגאַנגען אין דעם זייטיקן צימער, וואו עס האָט געאַרבעט דער סעקרעטאַריאַט.

— טוט אַ טובה און כאַפּט אַ קוק אויף מיין רעדע, וואָס איך דאַרף היינט האַלטן, — האָט ער געבעטן און מיר דערלאַנגט אַ מאַנוסקריפּט.

ווען איך האָב פאַנאַנדערגענומען די בלעטלעך, האָב איך אים געפרעגט אין איבערראַשונג:

— איר קענט שרייבן יידיש?

ער האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן, זיך פאַררויטלט און זיך גענומען פאַר־ענטפערן:

— אַוודאי וואָלט איך געדאַרפט קאָנען בעסער, וואָרום אַז מען איז גע־בוירן געוואָרן אין זשיטאָמיר...

— אין זשיטאָמיר? — האָב איך אים געפרעגט, און אין מיין פאַרוואונ־דערונג האָב איך נאָכאַמאָל געפרעגט:

— איר מיינט צו זאָגן, אַז איר זייט אַ ייד פון זשיטאָמיר?

דעם זעלבן אָוונט האָבן מיר ביידע פאַרבראַכט אינאיינעם אין אַ קרייז פון יידישע אינטעלעקטואַלן, צווישן וועלכע עס זיינען געווען עטלעכע יידישע מאָ־לער, און פאַרענדיקט האָבן מיר ביי דעם קינסטלער יאַנקל אַדלער אין דער אַטעליע, וואָס האָט אפשר טאַקע ביי אָט־דער ספּעציעלער געלעגנהייט פאַנאַנ־דערגעהאַנגען זיינע בילדער פון יידישע מאָטיוון.

איך געדענק, אַז מיין מוח האָט זיך יענעם אָוונט שטאַרק באַשעפטיקט מיט פרענק קוירקן.

און אפשר איז דאָס דעמאָלט געווען נישט אַזוי פרענק קוירק גופא, ווי דער פאַקט, וואָס ער קומט פון זשיטאָמיר.

אַ קלייניקייט, זשיטאָמיר, — די באַרימטע הויפּט־שטאָט פון מיין וואָלין!

אמת, איך פערזענלעך האָב קיינמאָל ניט באַזוכט יענע שטאָט, אָבער דער נאָמען האָט אונדז, יוגנטלעכע אין די קליינע שטעטלעך פון וואָלין, שטאַרק גערעגט. דווייל געוואוסט האָבן מיר, אַז זשיטאָמיר איז, אויסער גלאַט אַ גרויסע שטאָט מיט אַ סך יידן, אויך די שטאָט פון דעם באַרימטן ראַבינער־סעמינאַר, דורך וועלכן עס זיינען דורכגעגאַנגען אַ רייע גרויסע יידישע פערזענלעכקייטן, ווי דער זיידע מענדעלע מוכר ספרים, אברהם יעקב פּאַפּערנאָ, חיים זעליג סלאָנימסקי, אברהם גאָלדפאַדען, און דערצו איז דאָך זשיטאָמיר עפּעס די

שטאָט, וואו עס איז אויסגעוואַקסן און רײַף געוואָרן דער גרויסער דיכטער חיים נחמן ביאַליק.

איך געדענק, אַז קוקנדיק אויף פֿרענק קוירקס אויסזען, האָב איך אַפֿילו אין דעם געזען אַ געוויסע ענלעכקייט צו דעם אויסזען פֿון חיים נחמן ביאַליק.

— איז פֿאַרוואָס ניט קיין סימן פֿון ייִדישקייט אין דער קונסט פֿון פֿרענק קוירק?

אָט־די פֿראַגע האָט מיך אַ לאַנגע צײַט שטאַרק באַשעפֿטיקט, און ניט איין מאָל האָב איך זי טאַקע געשטעלט דעם קינסטלער.

— פֿאַרוואָס אַזאַ גלאָריפֿיקאַציע פֿון דעם סלאַווישן קוילנגרעבער, און ניט פֿון דעם ייִדישן שנײַדער אין די שוויצפֿאַבריקן

אָט אַזוי האָב איך געפֿרעגט. און פֿרענק קוירק? ער האָט שטענדיק געענטפֿערט אויף מײַן פֿראַגע מיט אַ קוק פֿון אַ פֿאַרשולדיקטן, און געשמייכלט מיט דעם שמייכל, וואָס האָט געלאָזט וויסן, אַז ער אַליין פֿרעגט זיך אויך אָט די פֿראַגע, און אַז ער זוכט אויף איר אַן ענטפֿער.

ו.

מיט יעדן ווערק זײַנעם, וואָס מיר איז אויסגעקומען זיך צו באַקענען, איז אַלץ שטאַרקער אויסגעוואַקסן פֿאַר מיר דער קינסטלער פֿון ברייטן, אָפֿענעם דרך המלך פֿון אונדזער לעבן, אָבער פֿערזענלעך איז ער אַ לאַנגע צײַט געווען פֿאַר מיר אַ פֿאַרשלאָסענער.

און פֿרענק קוירקס פֿאַרשלאָסנקייט האָט מיך אַ לאַנגע צײַט גערעגט.

עס איז געווען, ווי איך וואָלט געשטאַנען פֿאַר אַן אָפֿענעם פֿינקלדיקן שטראָם, אָבער בשום אופֿן ניט געקאָנט זיך דערגרונטעווען צום קוואַל, פֿון וואַנען עס שלאָגט אָט־דער שטראָם.

סאַראַ פֿרייד עס האָבן אַרויסגערופֿן אין מיר זײַנע עטלעכע בילדער אויף ייִדישע מאָטיוון!

די ווייסבערדיקע ייִדן זײַנע אין די יאַרמולקעס און אין די טליתים איבער אָפֿענע ספֿרים זײַנען געמאָלן מיט אַזאַ פֿײַנער פּרעציזקייט, און די לופֿט אַרום זיי אין אַזאַ דורכזיכטיקע, אָבער ווען איך האָב אים קאָמפּלימענטירט פֿאַר אָט די ייִדן, האָט ער זיך אַנגעכמורעט:

— מאָלן ייִדן מיט בערד, מיינט נאָך ניט קיין ייִדישע קונסט, — האָט ער אַ ברום געטאָן, און עס וועט אפֿשר קלינגען ביז גאָר מאָדנע, ווען איך וועל זאָגן, אַז עס איז געווען אין יענעם מאָמענט, ווען עס האָט זיך אַן עפֿן געטאָן פֿאַר מיר די אינערלעכקייט פֿון פֿרענק קוירקן.

— —מאָלן ייִדן מיט בערד איז נאָך ניט קיין ייִדישע קונסט!

אָט אַזוי האָט ער זיך אויסגעדריקט, אָבער די אַנגעכמורעטקייט אין זײַן

טאָן וועגן זיינס אַן אייגן בילד האָט מיר בפירוש געלאָזט וויסן, ווי טיף ער ווערט געפּייניקט אין זיין זוכעניש פון דעם וועג צו יידישער קונסט.

איז אפשר אפילו אָט די זוכעניש אַליין ביי אים אויך מזל־ברכהדיק ?

אָט זע איך פאַר זיך זיינס אַ בילד פון אַ טלית, און איבער אים אַ פידל. עפּעס זאָגט מיר דאָס האַרץ, אַז אָט דאָס בילד איז ביי אים אַ רעזולטאַט פון זיין זוכעניש, און סאַראַ גליקלעכער רעזולטאַט דאָס איז !

אוודאי וועט פרענק קוירק ניט איינגיין, אַז דאָס איז יידישע קונסט, און איך וועל מיט אים אויך מסכים זיין, אַז ניט די טעמאַטיק און ניט דער מאָטיוו זיינען די, וואָס גיבן די סמנים פון נאַציאָנאַלער אידענטיטעט. אָבער אָט קוק איך אויף דער וואונדערלעכער פּרעציזקייט, מיט וועלכער יעדער טייל און יעדער קנייטש פון אָט דעם טלית זיינען געמאָלן געוואָרן, און איך טראַכט, אַז עס איז געווען אַ וואונדערלעכער איינפאַל אים משדך זיין מיטן פידל, וואָס באַטאָנט אויך די מוזיק פונעם טלית.

אויף אַ ווערבע־בוים, אַ שטומע
הענגט דער חלום פון מיין אומה.

פרענק קוירקס טלית מיטן פידל דערמאָנען מיך אָט די צוויי שורות פון מאָריס ראָזענפעלדס „מאַי־ליד".

דאָרט דער כינור איבער דער ווערבע, און דאָ דער פידל איבערן טלית.

— איז וואָס־זשע איז טאַקע יידישע קונסט ?

פרענק קוירקס פּנים צעשמייכלט זיך איראָניש פון מיין דערמאָנען זיך מאָריס ראָזענפעלדס שורות אין שייכות מיט זיין טלית און פידל, און ער זאָגט :

— עס ווענדט זיך, הפּנים, וואָס מען טייטשט אַריין !

ז.

נו, יאָ, די אַריינטייטשונג !

אין יעדן קונסט־ווערק פון באַדייטונג קאָן מען אַריינטייטשן, אָבער עס ווענדט זיך צו וואָס פאַר אַן אויסטייטש דער אַריינטייטש דערפירט.

אַזוי מיט קונסט־ווערק און אַזוי אויך מיט מענטשן פון באַדייטונג, און צו אָט דעם סאָרט מענטשן געהערט דער קינסטלער פרענק קוירק.

דורך די יאָרן, וואָס מיר קומט אויס צו אַרבעטן מיט אים אינעם איקוף, האַלט ער זיך אין איין אַנטפּלעקן, און דאָך קאָן קיינער ניט זאָגן, אַז ער האָט זיך דערגרונטעוועט צום מהות אין אים.

אָט איז ער אַן אָנגעלאָדענע שווערע כמאַרע, וואָס דראָעט מיט אַ שווערן שלאַגסרעגן צו פאַרשווענקען אַלץ און אַלעמען אַרום זיך, און באַלד איז ער שוין ווי אַ זוניקער טאָג. אָט קאַלט, אייזיק, פּראָסטיק און מאַכט דעם איינדרוק פון

שווערער מיזאַנטראָפּישקייט, און באַלד דערשײַנט ער גאָר ווי אַ מליץ יושר פֿאַר עמעצן אַנטקעגן וועמען עס ווערט, לויט זײַן מיינונג, באַגאַנגען אַן עוולה, און ער מאָנט גערעכטיקייט און פֿאַרגיטיקונג.

שטייענדיק אין דער שפּיץ פֿון דער קונסט־סעקציע ביים איקוף, קומט אים אָפּטמאָל אויס צו זײַן אַ שטרענגער שופט, וואָס גייט ניט איין אויף קיין שום קאָמפּראָמיסן. אָבער צו די, אין וועמעס אַרבעט ער דערזעט די גע־בענטשטקייט פֿון טאַלאַנט, איז ער פֿול מיט באַציאונג, אַפֿילו ווען זייערע דרכים זײַנען ניט זײַנע.

ניט נאָר איז ער אין זײַן באַציאונג צו זיי פּשוט און חבריש, נאָר אָפּטמאָל איז זײַן פּשטות און חברישקייט פֿאַר אַלעמען אַ בײַשפּיל.

זייטיקע מענטשן, וואָס קומען אַרײַן אין איקוף־צענטער ערב אַן אויס־שטעלונג פֿון דער פּלאַסטישער קונסט און זעען אָט דעם אָנגעזעענעם קינסט־לער מיט פֿאַרקאַשערטע אַרבל ביים זעגן ברעטער, ביים ציִען דראָטן, און הענ־גען און איבערהענגען די בילדער פֿון אַנדערע קינסטלער, אַזוי אַז קיינער זאָל, חלילה, ניט פֿאַרזעען ווערן, שמייכלען צו זיך, און ניט איין מאָל הערט מען:

— אַבי מען זאָגט, אַז פֿרענק קוירק איז אַ האַרטער!

און זאָגן זאָגט מען, ווײַל אַזאַ אײַנדרוק מאַכט ער פֿון אויבנאויף, און אַוודאי איז ער דאָס צילברעט פֿאַר פֿײַלן פֿון יענע, וועלכע ער וויזט צוריק מיט אַן עקשנות ניט איבערצוברעכן.

אָבער אַפֿילו צווישן די לעצטע איז דאָ אַ סך אַכטונג, באַוואונדערונג און אַ טיפֿע באַציאונג.

— אַ טיפֿע צוגעבונדקייט צום לעבן, און דערפֿאַר איז זײַן קונסט אָנגע־לאָדן מיט לעבן.

די לעצטע באַמערקונג האָב איך געהערט דווקא פֿון איינעם וועמעס בילד־דער זײַנען פֿרענק קוירקן ניט צום האַרצן.

און טרעפֿלעך איז זי, אָט די באַמערקונג, ווײַל זעלטן איז צו טרעפֿן ביי אַ קינסטלער, פֿון וועלכן געביט עס זאָל ניט זײַן, אַזאַ צוגעבונדטקייט צו געזעל־שאַפֿטלעכער אַרבעט, וואָס האָט דירעקט קיין שייכות ניט מיט זײַן קונסט.

פֿרענק קוירק איז ניט נאָר דער באַשאַפֿער און אָפּהיטער פֿון דער קונסט־סעקציע ביים איקוף, נאָר איז אויך איינער פֿון די טיכטיקסטע טוער אינעם שטאָט־קאָמיטעט פֿונעם איקוף אין ניו־יאָרק און איז אַ חשובֿער מיטגליד אינעם פּרעזידיום. אין אַלע אָפּטיילונגען פֿילט זיך זײַן ענערגיע און זײַן השפּעה.

— וואָס זאָגט חבר קוירק?

— זאָל חבר קוירק אַרײַן אין דער קאָמיסיע.

— עס ווענדט זיך, וואָס מען טײַטשט אַרײַן!

— נו יאָ. עס איז אָבער די אויסטייטשונג, וואָס איז דער עיקר סיי פון אַ קונסט־ווערק און סיי פון אַ מענטשן און די אויסטייטשונג אין דעם פאַל איז:

— פרענק קוירק — באַדייטנדיקער קינסטלער און זעלטענער מענטש.

ח.

— וואָס פאַר אַ היים איז געווען אייערע אין זשיטאָמיר? — האָב איך ביי אים איינמאָל אַ פרעג געטאָן.

— ווי אַלע יידישע, אָרעמע היימען, — האָט ער שטיל אַ ברום געטאָן, און לויטן אויסדרוק אויף זיין פּנים איז געווען קענטיק, אַז אים איז ניט ניחא צו רעדן וועגן דעם.

— פאַרוואָס זייט איר אַזוי קאַרג אויף אינפאָרמאַציע וועגן זיך? — האָב איך אים געפרעגט.

— קיין שום אויסערגעוויינלעכעס איז אין מיין לעבן ניט געשען, — האָט ער באַמיט זיך אויסצודרייען.

— און די מעשה, ווי אַזוי דער קיעווער גענעראַל גובערנאַטאָר, האָט איך פּערזענלעך באַפוילן זיך צו פאַרנעמען פון שטאָט?

— ווי אַזוי ווייסט איר דאָס?

— געלייענט אין דער פאָררעדע, וואָס איז אין אייער אַלבאָם.

— אָ, — האָט ער אַ מורמל געטאָן.

— וואָס איז געווען די טרייב־קראַפט, וואָס האָט אייך באַוואויגן צו מאָלן?

— איך האָב זיך קיינמאָל ניט געפרעגט די פראַגע, — האָט ער געענטפערט און דערביי צוגעלייגט:

— איך מאָל זינט איך געדענק זיך!

פרענק קוירק איז ניט פון די, וואָס רעדן גערן וועגן זיך פּערזענלעך:

— צו וואָס? וועמען גייט עס אָן?

און ניט פון באַשיידנקייט נעמט זיך דאָס ביי אים. ער איז צו־מענטשלעך ניט צו באַנעמען, אַז באַשיידנקייט איז בלויז אַ פּרעטענציע אונטער וועלכער עס באַהאַלט זיך דער היפּאָקריט, און עס איז די פּרעטענציעזקייט, וואָס איז אים טיף דערווידער, און מהאי טעמא זיין אויפריכטיקייט סיי אין זיין קונסט און סיי אין זיין פּערזענלעכן צוגאַנג צו מענטשן.

אַ כאַראַקטעריסטישע דערפאַרונג האָב איך געהאַט מיט אים אין שייכות צו מיין בוך „פּאָעמען וועגן די נביאים".

הערנדיק, אַז איך גרייט צו דאָס בוך צום דרוקן, איז אים געגאַנגען אין לעבן, אַז די פּאָעמען זאָלן באַצירט ווערן מיט בילדער און צייכענונגען. ניט נאָר האָט ער געווירקט אויף קאָלעגן זיינע זיך נעמען צו דער אַרבעט, נאָר ער

האָט מיר געבראַכט די אָפּדרוקן פון לעסער אורי, וואָס האָבן זיך געפונען אין זײַן פּריוואַטער קאָלעקציע.

— און וואָס הערט זיך מיט אײַערער אַן אײגענער? — האָב איך בײַ אים געפרעגט.

— נישט גוט מיט מיר, — האָט ער מיר געלאָזט וויסן, און זײַן קול האָט געקלונגען פאַרצווייפלט.

שייך צו זאָגן? — האָב איך זיך געוואונדערט, און דאָ האָט ער מיר אויפ־ריכטיק דערציילט:

— געפּרובירט עטלעכע מאָל אַרבעטן אויף ישעיהן, און דער גוטער יאָר ווייסט, פאַרוואָס עס קומט ניט אַרויס דאָס, וואָס איך וויל.

ט.

אָט דאָס איז פרענק קוירק!

זײַן פּענדזל טונקט זיך ניט נאָר אין די פאַרבן איבער זײַן פּאַלעטרע, נאָר דורך זיי אין זײַן אינערלעכקייט. און וואָס זאָל דער פּענדזל טאָן, ווען די אי־נערלעכקייט פונעם מײַסטער איז אָנגעפּילט מיט דער נביאות פון דער היינט־צײַטיקייט, וואָס געשטאַלטיקט זיך גיכער דורך די פּנימער פון די קוילנגרע־בער אין פּענסילווייניע איידער אין די פּנימער פון די נביאים אין תנ״ך?

די סיבה דערפון?

אַ טייל פון אָט דער סיבה אַנטפּלעקט זיך אין די עטלעכע דעטאַלן פון זײַן ביאָגראַפיע, וואָס מיר איז געלונגען אַרויסצוקריגן פון אים.

די קינדער־יאָרן אין אַן אָרעם יידיש הויז, וואָס איז קיינמאָל ניט באַזוכט געוואָרן פון אליהו הנביא צו פאַרגרינגערן די בויט מיט איינעם פון זײַנע ניסים. נאָך גאָר יונג איז ער שוין אַן אַרויסהעלפער בײַ אַ דעקאָראַטאָר, כדי צו האָבן אַ שטיקל ברויט פאַר זיך. זײַן דערפאַרונג אין קיעוו, פון וואַנען מען האָט אים אַרויסגעיאָגט, האָט גיכער אויפגעוועקט אין זײַן יונגן געמיט רעוואָלט קעגן דער אַלגעמײַנער אומגערעכטיקייט, איידער צו דעם ספּעציפישן גורל פון זײַן יידישקייט. דערנאָך, די יאָרן פון שלעפּעניש און וואָגלעניש איבער שטעט פון אייראָפּע, איז זײַן סביבה געווען מער אַן אַלגעמײַנע, ווי אַ יידישע, און נויט און אומגערעכטיקייט האָט דאָרט אויך ניט געפעלט. ווען ער דערגרייכט אין עטלע־כע יאָר אַרום פילאַדעלפיע, וואוהין זײַן משפּחה האָט איבערגעוואַנדערט, איז ווידער דער זעלבער גרעאַנגל פאַר עקזיסטענץ, וואָס ברענגט דעם יונגן פרענק פּנים אל פּנים מיט די שווערע האַרעפּאַשניקעס און די פּענסילווייניער קוילנ־גרעבער. דער דראַנג צו געשטאַלטיקן דאָס שווערע לעבן אַרום זיך טרײַבט אים קיין פּאַריז זיך צו באַקענען מיט די גרויסע ווערק פון די מײַסטער אויף דעם געביט, וואָס זײַנען דאָרט קאָנצענטרירט. אָבער איבער די שוועלן פון

דאַרטיקע קונסט־אַקאַדעמיעס און דעם לוּוואַר וואַקסן ניט קיין ברויטן, און אַן אויסגעצערטער קערט ער זיך אום צוריק קיין פילאַדעלפיע, וואו עס גע־לינגט אים ענדלעך אָנגענומען צו ווערן, ווי אַ סטודענט אין דער אַקאַדעמיע.

דער געראַנגל פאַר עקזיסטענץ איז נאָך אַלץ דאָ. מען מוז געבן צייט און ענערגיע צו פשוטע אַרבעטן, אָבער די שעה׳ן אין דער אַקאַדעמיע פאַרגיטיקן אַלע שווערקייטן. ער ווערט באַמערקט פון זיינע פראָפעסאָרן, — מען גיט אים אויך פריוואַטע לעקציעס, און ווען ער קריגט די ערשטע אויסצייכענונג מיט אַ מעגלעכקייט צו באַזוכן דאָס צווייטע מאָל פאַריז און אַנדערע אַקאַדעמיעס אין איראָפּע, איז דער וועג שוין פאַר אים אַן אָנגעצייכנטער.

י.

אַ שווערער וועג געווען, אָבער געגאַנגען איז ער אים עקשנותדיק. און ווייל אַזוי שווער, איז די שווערקייט געוואָרן דער שאַרפשטיין, וואָס האָט אויס־געשאַרפט אין אים נישט נאָר די פּרעציזקייט פון זיין טעכניק, נאָר אויך זיין מענטשלעכן באַוואוסטזיין פאַר דעם לעבן, וואָס מוז באַפרייען פון אָט דער שווערקייט.

כוח האָט ער געפונען אין זיין צוגעבונדנקייט און ליבשאַפט צום לעבן, און אָט־די צוגעבונדנקייט און ליבשאַפט צום לעבן האָבן אים געפירט אויפן ברייטן דרך המלך פונעם לעבן, און דערפון זיין געזונטער רעאַליזם, וואָס איז דער נאַ־טירלעכער אויסדרוק פונעם לעבעדיקן לעבן.

פרענק קוירקס שאַפן ציט זיך דורך אַלע זיינע יאָרן אויף דעם זעלבן בריי־טען וועג, און ניט צו פאַרזינדיקן, — מען קומט אים אַנטקעגן.

זיינע בילדער זיינען איצט אין די פיינסטע פריוואַט־קאַלעקציעס ,און אין צענדליקער מוזייען, און זיין נאָמען איז אַן ערן־נאָמען אין אַ היפשער צאָל קונסט־אַקאַדעמיעס איבער דער וועלט.

.1952

# פעני ראַבעל

## א.

איך בין געזעסן מיטן באַרימטן מעקסיקאַנער קינסטלער דיעגאָ ריווערא בײַ אַ געדעקטן טיש אין זאַל פון דער ייִדישער „פאָלקס־ליגע“ אין מעקסיקע. דער עולם אַרום די איבעריקע טישן האָט זיך משמח געווען און מיטגעזונגען פאַרשיידענע האַרציקע פאָלקס־לידער אונטער דער אָנפירערשאַפט פונעם ייִדישן קולטור־טוער ל. גרינבערג. ער פאַרמאָגט אין זיך אַ שלל פון אַלטע ייִדישע פאָלקס־לידער, וואָס פאַרכאַפּן שטענדיק מײַן געמיט. אָבער דאָס מאָל בין איך געווען אינגאַנצן פאַרשלונגען פון דער מעכטיקער דיעגאָ ריווערא־פיגור, וואָס האָט געהויערט איבער מיר, ווי אַן אויפגעלויכטענער טורעם, און באַזונדערס פון זײַנע רייד וועגן דער ייִדישקייט, וואָס איז אין אים דאָ.

— הייסט עס, אַז אײַער פאָטער איז געווען אַן אָפּשטאַם פון די שפּאַנישע מאַראַנען, וואָס זײַנען אַריבערגעקומען קיין מעקסיקע מיט קורטעסן.

— ניט נאָר גלאַט אַ מאַראַנען־משפּחה, — האָט ער באַטאָנט, און מיט אויפגעלויכטענעם שטאָלץ אין זײַן געדיכטן קול האָט ער פאַרזיכערט:

— עס איז געווען די משפּחה פון אוריאל אַקאָסטאַ.

דאָס ליכט פון די שײַנענדיקע עלעקטרישע לאָמפּן האָט זיך געשפּילט אויף דעם גרויסן מייסטערס ברייטן, ברוינעם פּנים, און זײַנע גרויסע גלאַנציק־שוואַרצע אויגן האָבן געבליצט פון זיך מיט ליכט, וואָס האָט שטאַרק קאָנקורירט מיט דעם שײַן פון די לאָמפּן.

פּלוצלינג זײַנען זיי נאָך שײַנענדיקער געוואָרן. ער האָט אַ הויב געטאָן זײַן מעכטיקע פיגור פון דער שטול:

— העי, פעני!

פון דער צעפּראַלטער טיר האָט אַ שוועב־געטאָן די שלאַנקע, קליינגע־וויקסיקע פיגור פון דער יונגער מאָלערין פעני ראַבעל:

— אָ, מאַעסטראָ!

דיעגאָ ריווערא האָט זי אַ הויב געטאָן אין זײַנע מעכטיקע אָרעמס, ווי אַ פאָטער הויבט אויף זײַנס אַ באַליבט קינד, און קושנדיק זי, האָט ער זיך פאַר־ענטפערט, הלמאי ער האָט ניט באַוויזן בײַצווזײַן בײַ דער אויפדעקונג פון אירן אַ מיוראַל.

שפּעטער, ווען פעני ראַבעל איז שוין געזעסן בײַם טיש מיט אירע עלטערן

בעטי און לייב ראַבינאָוויטש, האָט דיעגאָ ריוועראַ זיך געווענדט צו מיר מיט אַ סך וואַרעמקייט אין קול:

— אַ זייער טאַלאַנטירטע, אונדזער פעני! אַ שאָד, וואָס איך האָב ניט באַוויזן צו זיין ביי דער אויפדעקונג פון איר מיוראַל.

## ב.

די געשעעניש מיט דער מיוראַל־אויפדעקונג, צו וועלכער דיעגאָ ריוועראַ האָט ניט באַוויזן צו קומען, איז זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר מעקסיקע, וואָס איז אויפן גאַנצן אַמעריקאַנעם קאָנטינענט ניט נאָר דאָס לאַנד פון אַזעלכע ריזן אויפן פלאַסטישן קונסט־געביט, ווי אָראָסקאָ, סעקיראָס, דיעגאָ ריוועראַ און אַנדערע, נאָר אויך דאָס לאַנד, אין וועלכן די פשוטע און אַפילו די באָרוועסע פאָלקס־מאַסן האָבן אַ לעבעדיקן אינטערעס צו בילדער־אויסשטעלונגען פון זייערע גרויסע קינסטלער.

וואָס איז די סיבה פון אָט דעם אינטערעס ביי די פשוטע און אָרעמע פאָלקס־מאַסן אין מעקסיקע?

אייניקע האַלטן, אַז דאָס איז אַ נאַטירלעכע אייגנשאַפט ביי דעם פאָלק אין מעקסיקע. עס זאָל הייסן, אַז דאָס פאָלק איז פשוט געבענטשט מיט אַרטיסטישקייט. אַ סימן, די זינגעוודיקייט און שפּילעוודיקייט פונעם פאָלק. קאָן זיין, אַז עפּעס איז דאָ אין דער מיינונג. אָבער מיר דאַכט זיך, אַז די הויפּט־סיבה פון דעם אינטערעס ביים פאָלק אין מעקסיקע צו דער פּלאַסטישער קונסט נעמט זיך הויפּטזאַכלעך פון דעם אינטערעס ביי די גרויסע קינסטלער צום לעבן פון די מאַסן, וואָס קומט צום אויסדרוק דורך זייערע לייוונטן.

מיר איז ניט באַקאַנט קיין קינסטלער פון אַן אַנדער לאַנד, וואָס זאָל אין זיין שאַפן זיין אַזוי נאָענט צום לעבן פון די אָרעמע פאָלקס־מאַסן, ווי עס זיינען די גרויסע קינסטלער פון מעקסיקע.

אַזוי אָראָסקאָ, אַזוי סעקיראָס און אַוודאי דיעגאָ ריוועראַ. אויף וועמעס לייוונטן, מאַלערייען עס שפּיגלט זיך אָפּ ניט נאָר דאָס לעבן פון די פאָלקס־מאַסן פון זיין לאַנד, נאָר אויך זייער געראַנגל קעגן די אָפּעטיטן פון די שטאַרקע צו לעבן אין רחבות אויפן חשבון פון די שוואַכע.

איז דערפאַר ניט קיין חידוש דער אינטערעס ביי דעם פאָלק צו דער פּלאַסטישער קונסט. און ווייל עס איז דאָ אַזאַ אינטערעס, איז דערפאַר שוין גאַראַנטירט אַזוי אויסטערליש, וואָס ניט נאָר מלוכה־אַנשטאַלטן, שטאָט־פּאַלאַצן, קולטור־אינסטיטוציעס זאָלן באַצירן זייערע ווענט מיט קונסט־בילדער און מיוראַלס, נאָר אַפילו אַזאַ פשוטע געשעפט־אינסטיטוציע, ווי אַ דרוקעריי זאָל

אָנשטאָט אַ שילד, בעסער אָפּגעבן די גאַנצע וואַנט ביים אַריינגאַנג פאַר אַ מיוראַל, געמאָלן פון אַן אָנגעזעענעם קינסטלער.

אַזאַ מיוראַל האָט די יונגע קינסטלערין פעני ראַבעל אויסגעמאָלן איבער דער וואַנט ביים אַריינגאַנג צו דער נייער דרוקעריי־געביידע, וואָס די קינדער פון דעם יידישן קולטור־טוער קראַזע, האָבן אויפגעבויט. און זייער כאַראַקטעריטמיש איז געווען דאָס איינלאַדונג־קאַרטל. ניט קיין איינלאַדונג צו אַ חנוכת־הבית איז דאָס געווען, נאָר אַן איינלאַדונג צו דער אויפדעקונג פון פעני ראַבעלס מיוראַל איז דאָס געווען.

און געווען איז דאָס אין אַ זוניקן זונטיק־פרימאָרגן, פאַר דעם אַריינגאַנג צו דער נייער דרוקעריי־געביידע האָט זיך פאַרקליבן אַ גרויסער עולם פאָרשטייער פון פאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס, — יידישע און ניט־יידישע. געווען קולטור־טוער, שריפטשטעלער, קינסטלער, אַ בענד־מוזיק אין דער מעקסיקאַנער נאַציאָנאַלער טראַכט, און קיין געדעקטע טישן מיט פיינע שפייזן און משקאות האָבן אויך ניט געפעלט.

איך האָב געקוקט אויף דער וואַנט, איבער וועלכער עס איז געקומען צום אויסדרוק אַ מעקסיקאַנער דאָרף ביי דער ערשטער באַגעגעניש מיט אַ לערערין, וואָס איז אַריבערגעקומען דערציען דאָס יונגוואַרג. דאָס בילד האָט געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק סיי מיט דער קאָמפּאָזיציע און קאָלירן און סיי מיט דעם סאָציאַלן אינהאַלט אין דעם, אָבער איך האָב זיך אין יענעם מאָמענט ניט געקאָנט באַפרייען פון גאָר אַן אַנדער וואונדער.

איך האָב געקוקט אויף דער קליינגעוויקסיקער, צאַרטער פעני און געזוכט אין איר דעם מעכטיקן כוח, וואָס האָט געשלאָגן פון דער וואַנט אין די אויגן און אין געמיט אַריין.

ג.

און ניט נאָר אָט דער מיוראַל וואָס האָט געגעבן דער יונגער יידישער קינסטלערין פעני ראַבעל די אַנערקענונג אין דער קונסט־וועלט פון מעקסיקע, נאָר אויך אירע בילדער, וואָס איך האָב געזען אין די היימען פון די יידישע קולטור־טוער, — די גרינבערגס, הייבלומס, מאַגידינס און אַנדערע.

עס זיינען ניט גלאַט אַזוי שיינע, טאַלאַנטפולע געמעלן, — זיי זיינען פיל מער ווי דאָס.

יעדעס בילד וויזט, וועקט און מאָנט.

דאָס איז אין די טריט פון די וויכטיקסטע פּלאַסטישע קינסטלער אין מעקסיקע. ניט נאָר איז פעני ראַבעל אין איר סטיל און אירע קאָלירן אַ גע־

טרייע תלמידה פון אירע גרויסע רביים אַראַסקאַ, סעקיראַס, און דער עיקר — דיעגאָ ריוועראַ, נאָר אויך אין איר אינהאַלט איז זי אַ געזונטער המשך פון זיי.

עס איז קונסט מיט אַ מיסיע אין זיך, און עס איז אָט די שליחות, וואָס דערהויפּט פּעני ראַבעלס קונסט פון נאַטוראַליזם צו הויכן קינסטלערישן רעאַליזם.

די געמעלן פון פּעני ראַבעל צייכענען זיך אויס ניט נאָר מיט זייער פּרעציזקייט, נאָר אויך מיט גבורה, און ווער עס קען פּערזענלעך די קליינגעוויקסיקע, צאַרטע פּעני, וואונדערט זיך:

— פון וואַנען אַזאַ כוח?

ד.

דאָס מעקסיקאַנישקייט אין אירע בילדער איז זעלבסטפאַרשטענדלעך און נאַטירלעך. דער פּייזאַזש און די מענטשן זיינען אירע. זי לעבט אין מעקסיקע פון אירע סאַמע פּריסטע יאָרן, אָבער אַ וואונדער איז פונדעסטוועגן, וואָס אויך יידיש לעבן קומט ניט דורך איר צום אויסדרוק. איז זי דאָך אַ קינד פון בעטי ראַבינאָוויטש, וואָס איז אַ טאָכטער פון דעם באַרימטן יידישן שוישפּילער און טעאַטער־פּיאָנער אַבאַ קאָמפּאַנייעץ, און דער פאָטער לייב ראַבינאָוויטש אויך.

בעטי און לייב ראַבינאָוויטש, וועלכע זיינען מיט אַ פערטל־יאָרהונדערט צוריק אַריבערגעקומען קיין מעקסיקע פון וואַרשע, האָבן ניט נאָר מיטגענומען מיט זיך דאָס יידישע וואַרשע, ווי אַן אָנדענק בלויז, נאָר ווי אַ לעבן, וואָס זיי זיינען ממשיך אויך אויף דער ערד פון מעקסיקע ביי זיך אין שטוב און אין דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט פון מעקסיקע, מיט וועלכער זיי האָבן זיך פאַרבונדן.

איז ניטאָ קיין באַדן אין מעקסיקע ממשיך צו זיין פּראָפעסיאָנעל די קאָמפּאַנייעץ טעאַטער־טראַדיציע, ציט מען פּרנסה פון אַ געשעפט, און מען איז ממשיך יידיש־טעאַטער שפּיל אַרום דער יידישער פאָלקס־ליגע, אינעם דראַמאַטישן איקוף־קרייז, ווי אַ יידישע קולטור־טוּאונג.

און אין דער דערציאונג פון די צוויי שיינינקע מיידעלעך, וואָס מען האָט מיט זיך מיטגעבראַכט, איז דאָך אויך געווען שטענדיק דאָס יידישע וואַרשע.

איך געדענק דעם ערשטן באַזוך ביי די ראַבינאָוויטשעס אין שטוב. ניט נאָר האָט דאָס יידישע לשון געקלונגען פריי און נאַטירלעך אין די מיילער פון די קינדער, נאָר טיפע, איינגעוואָרצלטע יידישע פאָלקס־טראַדיציע האָט זיך געפילט אין יעדן ווינקעלע פון דער שטוב און דאָך . . .

די עלטערע טאָכטער מלכה ראַבעל איז איצט אַן אָנגעזעענע נאָוועליסטקע

אויף שפּאַניש, און די ייִנגערע פּעני איז אַן אָנגעזעענע מאָלערין פון דעם אַל־געמיינעם לעבן אין מעקסיקע.

— געדענקסטו נאָך דעם ייִדן? — האָב איך געפרעגט ביי פּענין אויף מיין לעצטן באַזוך אין מעקסיקע.

אירע אויגן האָבן אויפגעשיינט, ווי אָנגעצונדענע שבת־ליכט, און זי האָט לאַנג גערעדט צו מיר וועגן איר ייִדע־באָבע, — געמאָלן פאַר מיר זייערע אויסזענס אין אַזוינע ליכטיקע פאַרבן און איבערגערעדט צו מיר זייערע רייד מיט טיפער בענקעניש אין איר טאָן.

— פאַרוואָס ברענגסטו זיי ניט אַרויס אין דיינע געמעלן? — האָב איך ביי איר געפרעגט.

איר קליין, צאַרט פּנים האָט זיך איבערגעצויגן מיט אַ שטילער פאַר־קלערטקייט:

— זייערע אויסזענס?

— ניט נאָר זייערע אויסזענס, נאָר זייער לעבן, זייער סביבה, — האָב איך געזוכט זי אויפצוועקן.

— יאָ, יאָ, — האָבן אירע ליפּן געמורמלט, און איך האָב געהאַט דעם איינדרוק, אַז מיינע רייד זיינען געפאַלן, ווי רעגן אויף פריש אויפגעאַקערטער ערד.

ה.

און ווירקלעך איז זי דאָך ערשט פריש־אויפגעאַקערטע ערד דערוויילע.

איר גאַנג הויבט זיך ערשט איצט אָן, און ווייל דער אָנהויב איז ביי איר וואָס איז נאָך ניט אינגאַנצן קלאָר פאַר דעם יונגן קינסטלער אַליין, און בשעת אַנטקעגנקומען ניט אייך בראשית, וואָרים, וואָס איז דען אמתע קונסט אויב ניט שטענדיקער בראשית?

— פּעני ראַבעל איז זייער אַ טאַלאַנטפולע מאָלערין, — האָט צו מיר גע־זאָגט וועגן איר דער גרויסער דיעגאָ ריוועראַ, און אַזוי פיל שטאָלץ האָט זיך געהערט אין זיין טאָן, ווען ער האָט גערעדט וועגן איר.

דיעגאָ ריוועראַס שטאָלץ האָב איך באַנומען. עס איז דער שטאָלץ פון אַ רבין מיט זיין גראָטענער תּלמידה, און עס איז אויך דער שטאָלץ פון אַן עלטערן, וואָס זעט אין דעם ייִנגערן דעם המשך פון זיך.

עס ווילט זיך מיר האָפן, אַז די יונגע פּעני ראַבעל וועט דורך אירע לייוונטן אויך געבן דאָס ייִדישע, וואָס איז אין איר, אַז אויך מיר זאָלן האָבן די זכיה שטאָלץ צו זיין, ווי ייִדן.

פּעלט דען יידיש לעבן אין מעקסיקע ?

אמת, דער ישוב איז נאָך אַ נייער, אינגאַנצן איז ער אַלט אַ פערטל יאָר־הונדערט, אָבער דווקא, ווייל ער איז נאָך אַזאַ פרישער, איז נאָך דאָ אויף אים דער קאָליר, וואָס שיידט אים אָפּ פון דער אַרומיקייט. איז פאַרוואָס ניט פאַר־פיקסירן, ווי עס האָבן געטאָן ביי אונדז אין די שטאָטן אַזעלכע קינסטלער, ווי פ. קוירק, מאָריס קאַלעם, שאול ראַסקין, ב. גאָלאָס, א. אַבראַמאָוויטש, זוני מאָוד, משה קיש, לאָלאַ און אַנדערע ?

ווער זאָל עס טאָן אין מעקסיקע, אויב ניט אַזאַ טאַלאַנטירטע קינסטלערין, ווי עס איז די יונגע פעני ראַבעל, אין וועמענס געמיט עס איז זיכער דאָ די קולטור־ירושה, וואָס אירע עלטערן בעטי און לייב ראַבינאָוויטש האָבן מיט זיך מיטגעבראַכט ?

.1953

# די ערשטע צוועלף יאָר

ווי דער גענעראַל־סעקרעטאַר פונעם איקוף קום איך אייך אַ באַריכט וועגן דעם מצב פון איקוף. איך דאַרף אָנווייזן אויף די דערגרייכונגען, אויס־לייגן פאַר אייך דאָס פאַרמעגן, וואָס מיר פאַרמאָגן, און, זעלבסטפאַרשטענדלעך, נישט דורכלאָזן אויך די דורכרייסן און די בלוויזן.

דער איקוף האָט אין לויף פון די צוועלף יאָר פון זיין טעטיקייט באַוויזן אויפצואוועקן צו זיך אַן אומגעהויערע ליבשאַפט און געטריישאַפט ביי יענעם עלעמענט פון אונדזער פּראָגרעסיווער יידישער באַוועגונג, וואָס זעט אין דעם פּראָגרעסיוון יידישן שאַפן די גאַראַנטיע פאַר אונדזער קיום. דער איקוף האָט דערצו מיט זיין ערנסטער אַרבעט באַוויזן אויפצואוועקן צו זיך דרך־ארץ און באַוואונדערונג אויך ביי יענעם שיכט, וואָס איז ניט פאַרבונדן מיט דער פּראָגרעסיווער באַוועגונג און שאַצט דאָך אָפּ אונדזער אַרבעט.

אָט־די אויפגעוועקטע ליבשאַפט און געטריישאַפט קומט צום אויסדרוק דורך די אויסגעפאָרמירטע לייען־קרייזן, לייען־קלובן, שטודיר־גרופּעס, שטאָט־קאָמיטעטן פונעם איקוף ביי אונדז אין לאַנד, אין קאַנאַדע און אין די אַנדערע לענדער אויף אונדזער אַמעריקאַנעם קאָנטינענט. ווען מיר זאָלן צו־נויפנעמען אָט־די אַלע קרייזן און גרופּעס, וועלן מיר האָבן פאַר זיך אַ היפּשע און קאָלירפול־יידישע איקוף־מאַסע, — אַ מאַסע, וואָס איז אַ כבוד פאַר דעם יידישן פאָלק, און פאַר דעם פּראָגרעסיוון טייל פון אונדזער לאַנד אַמעריקע.

עס קומען צו די אומצייליקע יחידים, וואָס באַטש זיי זיינען טעטיק אויף פאַרשיידענע פעלדער פון דער פּראָגרעסיווער יידישער באַוועגונג, זיינען זיי אָבער דורכגעדרונגען מיטן גייסט פונעם איקוף.

איר וועט געפינען אָט־די אומצייליקע יחידים צווישן אַקטיוויסטן פונעם יידישן פאָלקס־אָרדן, פּראָגרעסיווע צווייגן פונעם אַרבעטער־רינג, אַמביד־זשאַן, צווישן די טוער אין די אָרדן־שולן, העכערע בילדונג־אינסטיטוציעס, דראַמאַטישע־גרופּעס, געזאַנגס־פאַראיינען, פּראָגרעסיווע יוניאָנס, אַ צאָל לאַנדסמאַנשאַפטן, א. אַז. וו.

דאָס אַלץ איז אונדז נישט אַזוי גרינג אָנגעקומען. דער לאָזונג פאַר איי־ביקייט אויפן געביט פון יידישער קולטור, וואָס מיר האָבן ביים אָנהויב גע־

---

רעפעראַט פון ז. ווײַנפּער, געהאַלטן אויפן איקוף־צוזאַמענפאָר, שבת, דעם 28טן יאַנואַר, 1950.

וואָרפֿן, איז אויפֿגענומען געוואָרן ערנסט בלויז ביי דעם פּראָגרעסיוון טייל פֿון דער דעמאָלטדיקער איקוף־פֿירערשאַפֿט, און דער אַנדערער צד, וואָס האָט זיך אין יענער צייט מיט אונדז מתחתן געווען, האָט שוין דעמאָלט געפֿירט זיינע אייגענע חשבונות, און האָט ניט נאָר ניט געהאָלפֿן דער איניקייט, נאָר זי גע־זוכט צו צעשטערן.

אייער סעקרעטאַר איז אַ לעבעדיקער עדות פֿון יענעם פּעריאָד, ווען ער איז צום ערשטן מאָל אַרויסגעגאַנגען אין דעם יידישן לעבן אַריין מיט דער שליחות פֿונעם איקוף.

אַ שווערער פּעריאָד געווען, — אַ פּעריאָד פֿון גרויסער אָנשטרענגונג, פֿון צער, און — אָפּטמאָל פֿון בזיון. ווארום ווען מ׳קומט מיט אַ טיף־באַגייס־טערטער שליחות צו וועלכער מען דערוואַרט וואַרעמקייט, און עס טוט אַ בלאָז אויף דיר מיט ווינט און מיט פֿראָסט, איז ניט נאָר צער, נאָר אויך בזיון.

אויך אין אונדזערע אייגענע פּראָגרעסיווע יידישע רייען איז מען די ערשטע צייט ניט אַנטקעגן געקומען דעם איקוף ווי מען האָט דערוואַרט. זייער ווייניק האָבן געענטפֿערט „נעשה ונשמע״. מען האָט געמוזט זייער שווער אַר־בעטן, ביז מען האָט צונויפֿגענומען דאָ און דאָרטן אַביסל עולם, וואָס האָט גע־ענטפֿערט: „נשמע ונעשה״! (מיר וועלן אַפֿריער הערן און נאָכדעם — טאָן).

סאַראַ מהלך עס איז פֿון יענעם פּעריאָד ביז דעם היינטיקן צוזאַמענפֿאָר, וואָס שטעלט מיט זיך פֿאָר די פֿאָרשטייערשאַפֿט פֿון אַ גרויסער, פֿאַרביקער איקוף־באַוועגונג!

אין יענעם ערשטן פּעריאָד, — אַן עלטערער יידישער שוסטער אין זיין קעלער־ווערקשטאַטל מיט אַ פּייערטאַפּ אין זיינע פֿאַרהאָרעוועטע הענט זיך צו דערוואָרעמען פֿון דער מוראדיקער פֿראָסטיקער קעלט, וואָס האָט אין יע־נעם ווינטער געהערשט ניט נאָר אינעם וועטער, נאָר אויך אין דער באַציאונג צום איקוף. ער איז שוין נישטאָ צווישן די לעבעדיקע, — אָט־דער ליכטיקער שוסטער. דאָך שטייט פֿאַר מיר זיין צעגאָלדיקט פּנים, ווען ער האָט מיט זיין באַבערדלדיקטן מויל מיך אויך איינגעלאַדן אַ בלאָז צו טאָן אין דעם פּייער־טאָפּ אַריין, און דערביי מיך געמוטיקט, אַז באַלד, באַלד וועלן קומען חברים און פֿאַרשרייבן זיך ווי מיטגלידער פֿון איקוף. אָט־יענער שוסטער איז געווען דער ערשטער איקוף־בויער אין דעם שטעטל סטעמפֿאָרד. אין באָסטאָן איז דער ערשטער געווען דער אומפֿאַרגעסלעכער חיים שאַפּיראָ, און באַלד נאָכ־דעם, אויף לאַנגע יאָר, יוסף מאָרגענשטערן אין קליוולאַנד, וועלכער האָט גע־נומען אַ זאַל אויף זיינע אייגענע הוצאות און איז געזעסן מיט מיר צווישן די יידיקע בענקלעך אַזוי לאַנג, ביז עס האָט זיך ענדלעך באַוויזן אַ דריטער, און דער דריטער איז געווען ניט קיין אַנדערער, ווי אונדזער אייגענער ח׳ נחמן מייזיל, וועלכער איז דעמאָלט צופֿעליק דורכגעפֿאָרן די שטאָט אויף זיינעם

אַ טור. און אַזוי שטאָט נאָך שטאָט, אין דעטראָיט, שיקאַגע, לאָס־אַנדזשעלעס.

אַ שווערער אָנהויב געווען, און דאָך האָט מען זיך אַנטקעגנגעשטעלט אַט־די שוועריקייטן און מען האָט אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן דעם חודש־זשורנאַל די „יידישע קולטור", וואָס איז שוין איצט אַריין אין צוועלפטן יאָרגאַנג, שפּאַרט זיך שוין צום זיבעטן טויזנטער פון זיין פאַרשפּרייטונג, און איז היינט אַזאַ וויכטיקייט אין אונדזער פּראָגרעסיוו־יידיש לעבן, אַז די טויזנטער אָפּנעמער זיינע, קאָנען שוין אָן אים פּשוט ניט אויסקומען.

האָט נישט קיין פּאַראיבל, חשובע דעלעגאַטן, וואָס רעדנדיק וועגן זשורנאַל „יידישע קולטור", ווער איך אַביסל אויפגעשרויפּט און עמאָציאָנעל.

עס גייען אויף פאַר די אויגן מאָמענטן, וואָס זיינען באמת היסטאָרישע דאַטעס אינעם גאַנג פונעם איקוף.

דאָס קליין, קאַלט צימערל אויף בראָדוויי ביי דער 24טער גאַס, אינעם בלאַסן ליכט פון צוויי קליינע עלעקטרישע לעמפּלעך שיינען די געשטאַלטן פון יענע, וואָס כאָטש זיי זיינען שוין איצט מיט אונדז פיזיש ניטאָ, ליכטיקט זיך זייער ליכט אין אונדז.

ד"ר חיים זשיטלאָווסקי, יעקב מילך, מ. אָלגין, פּרץ הירשביין, לעאָן קאָב־רין, יואל סלאָנים, ל. שאַפּירע און א. ראַבאָי, — אָט־די הערלעכע, אומפּאַר־געסלעכע געשטאַלטן און מיט זיי, אויף לאַנגע יאָרן, אַלע די וואָס שטייען ביז היינט אין אונדזער איקוף־פירערשאַפט.

אין קאַסע איז געווען אַ דעפיציט פון פערצן הונדערט דאָלער, וואָס איז אין יענעם פּעריאָד פון גרויסן עקאָנאָמישן קריזיס געווען אַ גוואַלדיקע סו־מע. אַרום אונדז אַ שווערער עקאָנאָמישער קריזיס, און אין אונדזער פירער־שאַפט אַן עלעמענט, וואָס האָט שוין אין יענער צייט געזוכט פאַר זיך אַ הינ־טער טיר, דורך וועלכער זיך אַרויסצושאַרן.

— מען דאַרף אויפלייזן ! אויפלייזן ! — האָט זיך געהערט פון יענעם צד און ד"ר חיים זשיטלאָווסקי האָט סאַרקאַסטיש געפרעגט :

— איז ווער־זשע וועט האָבן דעם מאָראַלישן כוח צו מאַכן אַזאַ דירעקטן פאָרשלאָג ?

— מען דאַרף צוטרעטן אַרויסצוגעבן אַ חודש־זשורנאַל און טאָקע אַ גרויסן !

— איז געווען אונדזער ענטפער.

אין אַ זונטיק פרימאָרגן האָט זיך פאַרזאַמלט אַ ריזיקער פאָלקס־עולם אין דעם גרויסן זאַל פון דער „צענטראַל־פּלאַזאַ" און אין ענטפער אויף די אַפּעלירנדיקע ווערטער פון מ. אָלגין, קלמן מרמר, משה כץ, ראובן זאַלצמאַן, נחמן מייזיל, און מיין ווייניקייט, האָט מען צוגעטראָגן קליין־געלט און זילבער.

יאָ, פון אָט־דעם קליין־געלט איז געבאָרן געוואָרן דער זשורנאַל די „יידי־שע קולטור".

דעם אָנהויב האָט געמאַכט ניו־יאָרק און באַלד נאָכדעם איז געקומען צו הילף דאָס לאַנד, איבער וועלכן איך האָב זיך אַרויסגעלאָזט, און זאַמלונגען פאַר דעם זשורנאַל זיינען אָנגעגאַנגען אויף לעקציעס אין אָרדן־צענטערס, אין די קלאַס־צימערן פון די קינדער־שולן, ביי רעפּעטיציעס פון אונדזערע כאָרן און ביי קליינע צונויפקומס אין די היימען פון איקופישע פריינט.

ווי מיטן זשורנאַל אַזוי מיטן פאַרלאַג, וואָס גייט איצט אַריין אינעם אַכטן יאָר פון זיין טעטיקייט, און האָט שוין אויף זיין חשבון אַ ביינציק וויכטיקע יידישע ביכער פון אַ זעכציק באַדייטנדע יידישע עלטערע און יינגערע שריפט־שטעלער איבער דער גאָרער וועלט, און דעם וואונדערבאַרן קונסט־אַלבאָם „הונדערט יידישע קינסטלער", אַרויסגעגעבן מיט דער הילף פון דער איקו־פישער קונסט־סעקציע, און דעם וויכטיקן אַלמאַנאַך פון דער יידישער ליטע־ראַטור אין סאָוועטן־פאַרבאַנד.

אַ גרויסע ראָלע האָט געשפּילט די הילף פון יחידים אין אָט־די דער גריי־כונגען. דער צעטל פון אָט־די יחידים־ביישטייערער איז גרויס. אין דער „יידישער קולטור" האָבן מיר בישט איין מאָל דערמאָנט זייערע נעמען. זאָל פון דער טריבונע קומען אַ דאַנק די אַלע ביישטייערער און מיטהעלפער פונעם איקוף־פאַרלאַג.

די אַלע איקוף־פריינט פון ניו־יאָרק און אַנדערע שטעט האָבן צוגעטראָ־גען דירעקטע ביישטייערונגען אין דעם בויען פונעם פאַרלאַג. זייער צושטיי־ער ווערט שטאַרק אָפּגעשאַצט, אָבער ווען מען נעמט אין אַכט, אַז די ביינציק ביכער־אויסגאַבן, וואָס שטעלן מיט זיך צונויף אַ גאַנצן פערטל מיליאָן גע־בונדענע עקזעמפּלאַרן, פאַר וועלכע מיר האָבן געדאַרפט אויסצאָלן די דרו־קערס, די איינבינדערס, קאָרעקטאָרס און טיילווייז אויך האָנאָראַר, די סומע פון אַרום דריי הונדערט טויזנט דאָלער, ווערט קלאָר, אַז די סאַמע גרעס־טע הילף האָט דאָך געמוזט קומען פון דער יידישער פאָלקס־מאַסע, וואָס נעמט אָפּ, פאַרשפּרייט און געניסט פון דעם אויפגעבויטן פאַרלאַג.

אַ פערטל מיליאָן ביכער און איבער אַ האַלבן מיליאָן נומערן „יידישע קולטור", וואָס יעדער נומער איז פאַר זיך אַליין אויך אַ בוך, האָבן מיר פאַר זיך די צאָל פון איבער דריי־פערטל מיליאָן ליטעראַרישע אויסגאַבן, ניט רעכענענדיק דערביי די קליינע בראָשורן, וואָס זיינען פון צייט צו צייט מיט זיי מיטגעגאַנגען.

מ'דאַרף צוגעבן, אַז די אָפיס־אויסגאַבן, שכירות, דירה־געלט, עקספּעדי־ציע, מאַרקעס און די אַלע אַנדערע קלייניקייטן האָבן אונדז געקאָסט די מי־נימאַלסטע סומע.

אונדזער איקוף־צענטער האָט אין איצטיקן מאָמענט חובות איבער צוואַנ־ציק טויזנט דאָלער. מיר פאַרמאָגן פופציק טויזנט ביכער, וואָס ווען זיי וואָלטן

פאַרקויפט געוואָרן, וואָלטן מיר זיך באַפרייט פון די חובות, און עס וואָלטן געבליבן געלט־מיטלען אויף נייע פאַרמעסטן.

אָט־די חובות ליגן שווערלעך אויפן אַפּאַראַט פון אונדזער אָרגאַניזאַציע, אָבער ווען מען נעמט עס אין ליכט פון דעם האַלבן־מיליאָן אומזאַץ דורך די צוועלף יאָר פון אונדזער עקזיסטענץ, איז נישטאָ פאַרוואָס זיך צו שרעקן, ווייל עס איז דאָ אין אונדז דער צוטרוי, אַז מיט אַ קליינער אָנשטרענגונג מצד די טויזנטער פריינט וואָס מיר פאַרמאָגן, קאָן אָט־דער באַלאַסט אָפּגעווישט ווערן.

יאָ, אַ היפּשער מהלך איז דאָ צווישן אונדזער „בראשית" ביז דעם איצטיקן מאָמענט.

דעמאָלט — יחידים דאָ און דאָרטן, און היינט — ברייטע קרייזן, וואָס ציען זיך פון ניו־יאָרק ביז איבער דעם גאַנצן קאָנטינענט. דער איקוף אין קאַנאַדע אַרבעט אין פולסטער האַרמאָניע מיטן צענטער אין נין־יאָרק. און עס איז דערפאַר נאַטירלעך, וואָס דער איקוף פון קאַנאַדע איז אַ באַשטאַנדטייל פון דעם היינטיקן צוזאַמענפאַר. צום וואוקס פון דעם צענטער אין ניו־יאָרק טראָגט צו יערלעך פאַר די לעצטע צען יאָר אויף אַ ברייטן חברשן אופן דער פּראָגרעסיווער יידישער ישוב אין מעקסיקע. עס טוט אויך אַלץ, וואָס איז אין זיינע מעגלעכקייטן דער ישוב אין האַוואַנאַ, קובאַ. אַ באַדייטנדיקע הילף איז געקומען פון די יידישע ישובים אין דרום־אַמעריקע. ספּעציעל פון אַרגענטינע, טשילי, אורוגוואַי און בראַזיל, וואו אייער סעקרעטאַר איז באַגעגנט געוואָרן דורך די דאָרטיקע יידישע מאַסן פון פאַרשיידענע ריכטונגען אויף דעם האַרציקסטן אופן.

עס איז היינט אויף אונדזער קאָנטינענט ניט מער קיין זוכעניש דורך געדיכטן נעפל אַ טיר, אין וועלכער אָנצוקלאַפּן, נאָר עס זיינען דאָ העל־באַלויכטענע שוועלן און ברייט־צעעפנטע טירן, ביי וועלכע דער איקוף ווערט אומעטום באַגעגנט מיט אויפגעלויכטענער וואַרעמקייט און ליבשאַפט.

דאָס איז די דערגרייכונג פון די צוועלף יאָר אַרבעט. עס איז נישט נאָר דער איינגעוואָרצלטער זשורנאַל, דער פאַרלאַג, נאָר עס איז באַזונדער דער וואונדערבאַרער פאָלקס־מאַטעריאַל, וואָס האָט זיך דורך די יאָרן צונויפגעקליבן אַרום דעם איקוף.

הלוואי וואָלט איך געהאַט צייט אַ שילדער צו טאָן פאַר אייך די גרויסע צאָל טוער און טוערינס אַרום דעם איקוף. די פשוטע, טייערע, האַרציקע חברטעס און חברים, אָבער בלויז אויסצורעכענען זייערע נעמען וואָלט איך דאָך געדאַרפט האָבן אַ גאַנצן ספר.

אָט־דער טייערער פאָלקס־עולם איז אונדזער גרעסטער פאַרמעגן, — אַ פאַרמעגן וואָס איז ניט אָפּצושאַצן.

אַדאַנק אָט־די טײַערע פרײַנט און טוער האָט דער איקוף באַוויזן דורכ־צוגײן אַלע שטורעמס.

דער גרויסער וועלט־געראַנגל, אין וועלכן עס איז אומגעקומען אַ דריטל פון אונדזער פאָלק, האָט געדראָעט, מען זאָל אַרונטערלאָזן די הענט. „צו וואָס יידישע קולטור, ווען דאָס גאַנצע פאָלק גייט אויף אין פלאַמען?" די איבער־לויפער צו דעם צד פון אונדזערע שונאים, האָבן אונדז אויך קיין גוטס ניט געטאָן. דער כּסדרדיקער קאַמף קעגן אונדז מצד די רעאַקציאָנערע עלע־מענטן, די איזאָלאַציע, מיט וועלכער מען האָט אונדז געזוכט און מען זוכט נאָך איצט אַרומצורינגלען דעם איקוף. און דאָך זײַנען מיר דאָס אַלץ בײַגע־שטאַנען, און דער הײַנטיקער צוזאַמענפאָר באַווײַזט, אַז מיר זײַנען דאָ! מיר זײַנען דאָ געשטאַרקטע אין צאָל, אין כּוח און אין ווילן אויף נײַע פאַרמעסטן.

אמת, נישט אַלע אָנגעצייכנטע אויפגאַבן האָבן מיר באַוויזן צו רעאַ־ליזירן.

מיר האָבן זיך פאַרמאָסטן צו שאַפן אַ רײ סעקציעס פון יידישע שעפערי־שע כּוחות. עס האָט זיך אונדז געוואָלט האָבן אַ סעקציע פון אָרגאַניזירטע יידישע שרייבער, צום באַדויערן האָט זיך עס אונדז ניט אײַנגעגעבן. עס זײַ־נען דאָ סיבות. איך האָף, אַז אויפן ליטעראַטור פאַנעל פון הײַנטיקן צוזאַמענ־פאָר וועלן אָט די סיבות אויפגעקלערט ווערן. מיר האָבן געוואָלט אַ רײ אַנ־דערע סעקציעס, — זיי האָבן זיך ביז הײַנט ניט אײַנגעגעבן. איין סעקציע איז אויפגעבויט געוואָרן און איז אַ שטאָלץ פאַר דעם איקוף. דאָס איז די סעקציע פון די פּלאַסטישע קינסטלער. אַדאַנק אָט־דער סעקציע זײַנען דורך די צוועלף יאָר דורכגעפירט געוואָרן צענדליקער קונסט־אויסשטעלונגען פאַרן פאָלק סײַ אין ניו־יאָרק סײַ איבערן לאַנד. אַדאַנק אָט־דער סעקציע איז ניט ניט נאָר די „יידישע קולטור" באַצירט יעדן חודש מיט אָפּדרוקן פון פײַנע יידישע קינסטלער, נאָר אויך אונדזער ביכער־פאַרלאַג איז באַצירט געוואָרן מיט דעם קונסט־אַלבאָם, וואָס רופט זיך „הונדערט יידישע קינסטלער".

די יידישע קינסטלער בראש מיט פרענק קוירק קומט אָנערקענונג פאַר אָט־די גאָר פײַנע קונסט־און קולטור־צוגרייטונגען.

צו די גרויסע דערגרייכונגען פונעם איקוף דאַרף צוגערעכנט ווערן די היפּשע הילפס־אַרבעט, וואָס מיר האָבן געטאָן אין די ערשטע פאַר יאָר נאָך דער מלחמה פאַר די צענדליקער יידישע ישובים, וואָס זײַנען געבליבן נאָכן גרויסן פייער־מבול.

נישט געווען קיין איין „די. פּי."־קעמפּ, וואוהין דער איקוף האָט ניט גע־שיקט קיין ביכער און זשורנאַלן. מיר האָבן דאָס געטאָן אויך דורכן „יידישן וועלט־קאָנגרעס", דורך דעם „ראַשיען וואָר רעליף", דורך פאַרשיידענע פאַר־באַנדן, מערסטנס אָבער דירעקט דורך אונדזער אייגענעם אַפּאַראַט. נישטאָ

קיין איין ווינקל אויפן ערד־קיילעך, וואו נאָר עס געפינען זיך יידיש־רעדנדיקע יידן, וואָס זאָל ניט שטאָלצירן מיט די איקוף־אויסגאַבן, וואָס זיינען געשיקט געוואָרן צו זיי.

די איקוף־מתנות זיינען געגאַנגען קיין פראַנקרייך, בעלגיע, האָלאַנד, רו־מעניע, שוועדן, פוילן, נאָרוועגיע, אין צענדליקער שטעט וואָס זיינען אין סאָ־וועטן־פאַרבאַנד, ווי ווילנע, קאָוונע, ריגע, טשערנאָוויץ, בערדיטשעוו, מאָס־קווע, קיעוו, כאַרקאָוו, טאַשקענט, אלמא־אטא ביז קיין ביראָבידזשאַן. אַזעלכע ביכער־מתנות זיינען אויך געשיקט געוואָרן מיט דער ברייטער האַנט קיין ישראל. ערשט לעצטנס האָט דער איקוף אונטער דער אויפזיכט פון דער פלאַסטישער קונסט־סעקציע אַוועקגעשיקט, אויסער פיל יידישע ביכער, אויך בילדער און סקולפּטורן צום מוזיי קיין עין־חרוד אין ווערט פון איבער צוואַנ־ציק טויזנט דאָלער.

איך האָב באַמערקט וועגן געביטן, אויף וועלכע מיר האָבן נאָך ביז היינט ניט באַוויזן זיך צו פאַרמעסטן, און געמיינט האָב איך מיט אָט־דער באַמערקונג, אַז דער היינטיקער צוזאַמענפּאַר זאָל אויפנעמען אָט־די געביטן און זיך באַמי־ען צו געפינען די נויטיקע מעטאָדן און מיטלען אָנצוהויבן נייע פאַרמעסטן.

דער איקוף מוז האָבן אַרום זיך אַ גאַנצע ריי סעקציעס, — אַ טעאַטער־סעקציע, אַ סעקציע פון אונדזער יוגנט איז אומבאַדינגט נויטיק. אָן דער יוגנט האָבן מיר נישט קיין מאָרגן. אַ סעקציע פאַר פּראָגרעסיווער יידישער דערציאונג, וואָס זאָל פאַרבינדן דעם איקוף מיט אונדזערע פּראָגרעסיווע יידי־שע קינדער־שולן.

וואָס זיינען די סיבות, וואָס אָט־די געביטן זיינען ביז היינט ווייניק באַ־רירט געוואָרן פון איקוף? איך וויל היינט הויפּטזעכלעך זיך אָפּשטעלן אויף אייניקע סיבות, וואָס זיינען געשטאַנען דעם איקוף אין וועג זיך צו פאַרבינדן מיט די יידישע קינדער־שולן.

לויט די סטאַטוטן פונעם אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס אין פּאַ־ריז, וואו דער איקוף איז געבאָרן געוואָרן, האָבן מיר באַדאַרפט ווערן דער קאָאָרדינירער־אַפּאַראַט פון די שוין־עקזיסטירנדיקע יידישע קולטור־אינסטיטו־ציעס און אָרגאַניזאַציעס און זיין דער סטימול צו באַשאַפן נייע.

דער איקוף האָט טאַקע געזוכט צו ווערן דער קאָאָרדינירער־אַפּאַראַט פון אַלע טיפּן שולן, וואָס האָבן שוין פונקציאָנירט. ניט באַווייזנדיק צו ווערן אָט־דער פּלאַנירטער קאָאָרדינירער־קאָמיטעט אויפן אַלגעמיינעם פעלד, האָט ער זיך אָביסל צו־לאַנג געהיט אַריינצוואַרפן זיין ענערגיע אין די רייען פון יענעם צד, וואוהין ער האָט יאָ געקאָנט צוקומען. די פּאַרזיכטיקייט איז געווען, מען זאָל נישט זאָגן, אַז דער איקוף איז אויסגעשפּראָכן בלויז פאַר דעם צד און ניט פאַר דעם אַנדערן.

מען האָט געהאָפֿט, אַז עס וועט זיך אײַנגעבן צונויפֿצובריענגען אַלע צדדים אין אײניקייט אויפֿן געביט פֿון ייִדישער קולטור־בויאונג בכלל און ייִדישער קינדער־דערציִאונג בפרט.

די צעטיילונג און באַזונדערקייט איז אָבער איצט נאָך שאַרפֿער ווי אין די פֿריערדיקע יאָרן. דער איקוף קאָן ניט וואַרטן ביז די אײניקייט וועט קו־מען. דער איקוף מוז זיך אַרײַנוואַרפֿן אומעטום, וואו עס לאָזט זיך יאָ און בויען, אַנשטאָט אָפּקומען מיט פּראָפּאַגאַנדע פֿאַר בויאונג.

אינגאַנצן אָן אַ זײַט איז דער איקוף קיינמאָל ניט געשטאַנען. די אָרגאַ־ניזירטע לייען־קרײַזן, די איקוף־אַקטיוויטעטן ווי אויך די איקופֿישע יחידים, זײַנען קיינמאָל ניט געשטאַנען אָן דער זײַט פֿון די כאָרן, טעאַטער־גרופּעס, פֿון אַלע קאַמפּאַניעס פֿאַר דער פּראָגרעסיווער באַוועגונג, און אַוודאי ניט פֿון דער הילף פֿאַר די פּראָגרעסיווע ייִדישע קינדער־שולן פֿונעם ייִדישן פֿאָלקס־אָרדן.

דער איקוף וואָלט אַוודאי געוואָלט זײַן דער קאָאָרדינירער־אַפּאַראַט פֿון דער גאַנצער ייִדישער קולטור־בויאונג אין אַלע ריכטונגען פֿון אונדזער לעבן, קאָן ער אָבער דאָס ניט באַווײַזן, מוז ער דאָס טאָן אין דער ריכטונג וואו ער איז ווילקאָמען.

דער איקוף דאַרף זיך אָבער ניט פֿאַרנעמען מיט קיין דובליקאַציע.

עס וואָלט געווען אָן אומזין צו בויען אײגענע איקוף־כאָרן, ווען עס איז דאָ אַ קייט פֿון ייִדישע פֿאָלקס־כאָרן אונטער דער פֿירערשאַפֿט פֿון דעם מוזיק־פֿאַרבאַנד. דאָס אײגענע מיט די טעאַטער־גרופּעס אין אונדזער פּראָ־גרעסיווער באַוועגונג, און אַוודאי און אַוודאי מיט דעם פֿאַרצווײַגטן ייִדישן שול־וועזן פֿון ייִדישן פֿאָלקס־אָרדן.

ניט בויען קיין נײַע, ווײַל אָט־די עקזיסטירנדיקע ייִדישע קולטור־אינ־סטיטוציעס זײַנען סײַ ווי אײגענע, — איקופֿישע. דער איקוף דאַרף זיך ענ־גער מיט זיי צונויפֿבינדן, זוכן זיי צו פֿאַרשטאַרקן, זיך מער אויסצושפּרייטן און שטעלן זיך מיט זיי צוזאַמען אין קאַמף קעגן די רעאַקציאָנערע כוחות אינעם ייִדישן לעבן, וואָס זוכן צו שטערן אונדזערע פּראָגרעסיווע ייִדישע קולטור־אינסטיטוציעס, ווי זיי האָבן דאָס געטאָן מיט זייער מסירה קעגן אונדזערע אָרדן־שולן ביי דער „באָאַרד אָף עדיוקיישאָן“ אין ניו־יאָרק, ווי זיי האָבן דאָס געטאָן קעגן דעם איקוף אין דער שטאָטישער „פּאָבליק לײַברערי“ אין לאָס־אַנדזשעלעס.

דער איקוף, מיט זײַן ליבשאַפֿט און אַנגעלאָדענער ענערגיע, וועט אַ סך צוטראָגן סײַ אין ממשותדיקער הילף און סײַ אין השפּעה צו דער פֿאַרשטאַר־קונג פֿון אַלע אונדזערע ייִדישע פּראָגרעסיווע קולטור־אינסטיטוציעס. דאָס

וועט ברענגען צו אַ גאַנצקייט אין דער פּראָגרעסיווער יידישער קולטור־בוי־אונג.

אין פאַל מיט די יידישע קינדער־שולן ביים פאָלקס־אָרדן, וואָלט די קאָ־אָרדינאַציע אויפגעעפנט ברייטערע מעגלעכקייטן פאַר פאַרלאַגס־אַרבעט אויפן געביט פון יידישער קינדער־ליטעראַטור, און ווען דאָס רעאַליזירט זיך, וואָלט די פּראַגע וועגן אַרבעט אויף ענגליש פאַר אונדזער יידישער יוגנט אויך געקאָנט געפינען פאַר זיך אַ גרינגערן וועג.

אָט־דאָס זיינען די פּראָבלעמען, וואָס מוזן אויפגענומען ווערן אויף דעם שול־פּאַנעל פון אונדזער היינטיקן צוזאַמענפאָר, און איך בין זיכער, אַז דער פּאַנעל וועט ברענגען אַ קלאָרן פּלאַן צום היינטיקן צוזאַמענפאָר וועגן אַזאַ קאָאָרדיניר־טעטיקייט.

אַזוי דער שול־פּאַנעל, אַזוי דער מוזיק־פּאַנעל, דער טעאַטער־פּאַנעל און אַזוי אויך דער שרייבער־פּאַנעל.

פאַרזעט ניט דאָס באַלדיקע צוליב דעם ווייטערדיקן. מיר בויטיקן זיך אין עטלעכע טויזנט נייע אָפּנעמער פון אונדזער זשורנאַל און אונדזערע ביכער. איבער דער פאַרשטאַרקטער רעאַקציע אין אונדזער לאַנד, מיט וועלכער עס גייט אויך מיט אַ טייל פון אונדזער יידישן לעבן, און אויך איבער דער געבי־טענער עקאָנאָמישער לאַגע, זיינען די זאַמלונגען פאַרן איקוף לעצטנס פאַר־קלענערט געוואָרן. ניט די אָפּנעמער זיינען קלענער געוואָרן, נאָר דיביישטיי־רונגען זיינען קלענער געוואָרן. כדי צו באַלאַנסירן דעם בודזשעט פונעם אי־קוף, איז דאָ איין מיטל, און דער מיטל איז נייע אָפּנעמער, וואָס וועלן פאַרגי־טיקן. דער געווינס וועט זיין אַ טאָפּלטער: ערשטנס, וועלן עטלעכע טויזנט נייע יידישע משפחות באַזעלט ווערן מיט אונדזער פּראָגרעסיוון יידישן וואָרט, און צווייטנס, וועט דאָס אויסגלייכן אונדזער בודזשעט.

זאָל מיר דערלויבט זיין ביים סוף צו זאָגן עטלעכע פּערזענלעכע ווער־טער, וואָס רייסן זיך איצט פון מיין געמיט.

אין דעם צוועלף־יאָריקן גאַנג זיינען געווען היפּשע שוועריקייטן, — ניט איינמאָל אַ פאַרכמאַרעטער הימל, אַ קאַלטער ווינט אין פּנים, אַ שטיין אויפן וועג. אָבער די פרייד פון דער אַרבעט האָט אַלץ איבערגעשטיגן. די שטענדיקע קאָנטאַקטן מיט דעם לעבעדיקן לעבן פון אונדזערע יידישע פאָלקס־מאַסן זיינען פאַר מיר ריזיקע קוואַלן פון וועלכע איך טרינק און ווער ניט מיד צו טרינקען.

עס איז גוט געווען און עס איז איצט אויך גוט צו גיין מיטן אַקער און זען, ווי רוי־ערד רייסט זיך אויף. אַוודאי איז אַ וואונדערלעכע פרייד די זריעה צו וואַרפן. און וואָס קאָן נאָך זיין שענער און פריידיקער, ווי צו זען דעם אויפ־גאַנג פון געוויקסן?

1950.

# צום יום־טוב פון דער אַנטאָלאָגיע
# „אַמעריקע אין יידישן וואָרט"

חשובע טוער און בויער פון אונדזער איקוף:

היינט איז דער יום־טוב פון אונדזער גרעסטער דערגרייכונג. און ניט בלויז דערפאַר, ווייל מיר האָבן באַוויזן אַרויסצוגעבן אַ בוך פון קאַרגע טויזנט זייטן, וואָס אַזוינס האָבן מיר ביז איצט נאָך ניט באַוויזן. עס איז דער יום־טוב פון אַ ספר, דורך וועלכן עס קומט צום אויסדרוק אונדזער תפילה־בציבור, אין וועלכער עס הערן זיך די טענער און קלאַנגען צוזאַמען מיט די איבער צוויי הונדערט יידישע וואָרט־קינסטלער, אויך אַ צאָל פּלאַסטישע יידישע קינסטלער, און מיט זיי אויך די טייערע יידישע פאָלקס־מענטשן, וואָס האָבן געהאָלפן אויפבויען דעם היכל פאַר אָט־דער תפילה־בציבור.

בלעטערנדיק דעם גרויסן וואונדערלעכן ספר, הער איך כסדר דעם וואַרעמען, האַרציקן ענטפער מיט „אמן" צו די תפילות פון די שליחי־ציבור, וואָס שטייען ביי דעם עמוד.

עס איז אויך דער יום־טוב פון אונדזער גרויסן כאָר־געזאַנג, וואָס ברענגט צום אויסדרוק דעם געראַנגל און די דערגרייכונג פון אונדזער דריי הונדערט־יאָריקן לעבן אויף דער ערד פון אונדזער באַליבטן לאַנד, אַמעריקע.

סאַראַ וואונדערלעך געזאַנג עס טראָגט זיך פון אָט־דעם היכל, וואָס מיר רופן אָן „אַמעריקע אין יידישן וואָרט"!

סאַראַ פיל־טאָניקייט, פיל־קלאַנגיקייט עס טראָגט זיך פון דעם כאָר, און דאָך — אַזאַ האַרמאָניע!

שוואַכערע טענער און קלאַנגען גיסן זיך צונויף מיט די שטאַרקערע און עס גייט אויף אַ גרויס און מעכטיק געזאַנג, וואָס כאָטש עס איז אויף אונדזער יידיש לשון, איז דאָס אויך דאָס געזאַנג פון אַלע אַנדערע פעלקער אין דעם גאַנג באַרג אַרויף אויף דער ערד פון אונדזער אַמעריקע.

און ניט קיין חידוש. די זעלבע שיפן איבער די אָקעאַנען, וואָס האָבן אונדז געבראַכט אַהער, האָבן אויך געבראַכט די אַנדערע פעלקער אין „קעסל־גאַרדן". און דאָס טרערן־אינדזל „עליס איילאַנד", וואָס קומט אַזוי קלאָר צום אויסדרוק דורך אונדזער יידיש וואָרט, איז אויך דאָס טרערן־אינדזל פון אַלע

---

רעדע, געהאַלטן אויף דער פייערונג שבת, דעם 19טן נאָוועמבער, 1955 אין ניו־יאָרק.

אַנדערע פּעלקער. מאָריס ווינטשעווסקיס ליד פונעם לוין־שקלאַף איז דאָס ליד פון אַלע לוין־שקלאַפן, און דער מאַרטירער דזשאָן בראַון, וואָס האָט אָפּ־געגעבן זיין לעבן פאַר דער באַפרייאונג פונעם נעגער פאָלק איז דאָס געזאַנג פון אונדזער דוד עדעלשטאַט אויף יידיש, ווי עס זיינען געזאַנגען אויף אונדזער יידיש די מאַרטירער פון דער „הײמאַרקעט־טראַגעדיע".

דאָס געזאַנג פון די אירלענדישע טעכטער אויף אַ שיף איבערן האַדסאַן אין משה לייב האַלפּערנס פּאָעמע „אין דער פרעמד" רופט זיך איבער מיט שלום אַשס געזאַנג וועגן די „ניאַגאַראַ־פאַלן", משה יונה כאַימאָוויטשעס גע־זאַנג פונעם „איסט־ריווער", י. י. שוואַרצס „קענטאַקי", אב. וויקטאָרס מי־שיגען דורך זיינע לידער „דעטראָיט", ל. מאַטעס' „קאָלאָראַדאָ", אייזיק ראַ־באָיס „דאַקאָטאַס", מ. גיציס' „ניו דזשוירזי", ל. מילערס קאַליפאָרניע דורך סאַן־פראַנציסקאָ, ל. גאַרעליקס אילינאָי, מיין „גרענד־קעניאָן", — און זיי אַלע גיסן זיך צונויף מיט דעם געזאַנג פון מאַני לייבס „אויף דער עוועניו", ב. י. ביאַלאָסטאָצקיס „לודלאָו סטריט", אהרן קורצס „די גאָלדענע שטאָט", י. י. סיגאַלס „בראָנזוויל־כנען", משה קישס „וואַשינגטאָן־סקווער" און נאָך און נאָך געזאַנגען פון אונדזער אַמעריקע.

אַזוי פייזאַזשיש, און נאָך שטאַרקער — אונדזער סאָציאַלער גערעאַנגל אינם לעבן דאָ הי, וואָס ציט זיך אויף דעם פאַרביקסטן אופן ביי אונדזערע קלאַסי־קער ווינטשעווסקי, עדעלשטאַט, באָוושאָווער דורך מ. ראָזענפעלדס „בלייכן אַפּערעיטאָר" און דער „רויטער בהלה" ביז אונדזער צייט צו דעם געזאַנג פון אַ מ. א. סול, אַ בער גרין און די פיל אַנדערע פון די איצטיקע טעג.

אברהם רייזען און י. א. ראָנטש, אברהם ליעסין, יהואש, ה. רויזנבלאַט און משה שיפריס, מאַרטין בירנבוים, חנה סאַפראָן און שרה באַרקאַן.

עס איז אַ כאָר פון אַלערליי טענער און קלאַנגען, און אַלע צוזאַמען אין אונדזער גרויסער אַנטאָלאָגיע „אַמעריקע אין יידישן וואָרט" מיט דער באַצי־רונג פון אַ צאָל וויכטיקע יידישע פלאַסטישע קינסטלער און די נעמען פון אי־בער טויזנט יידישע טייערע פאָלקס־מענטשן, וואָס האָבן צוגעטראָגן די ציגל מיט אַזוי פיל ליבשאַפט, אַז די גרויסע געביידע זאָל געבויט ווערן.

סאַראַ מהלך פון אליקום צונזער דורך שמ"רן, זייפערט, שלום עליכם, יעקב גאָרדין, ז. ליבין, לעאָן קאָברין דורך ל. שאַפּיראָ, יוסף ראָלניק, יונה ראָזענפעלד, דער לעבעדיקער, נפתלי גראָס, משה אָלגין, א. ניסנזאָן, י. י. שוואַרץ, ב. לאַפּין, יעקב מעסטל, צו אַ סעם ליפּצין, אַ שלום שטערן און אַהרן קרישטאַלקע, וואָס איז ביי אונדז איצט אין דעם עלטער פון פופצן יאָר!

אָט דעם לאַנגן וועג האָט, ווי אַ געניטער קאַפּיטאַן, אונדז דורכגעפירט אונדזער נחמן מייזיל.

סאַראַ גליק, וואָס מיר האָבן מיט זיך אָט־דעם קאַפּיטאַן דורך די אַלע יאָרן פון אונדזער איקוף־לעבן!

איך קאָן זיך גאָרניט פאָרשטעלן קיין אַנדערן אין אונדזער ליטעראַטור־פאָרשונג, וואָס וואָלט געקאָנט באַוויזן אָט די גרויסע דערגרייכונג אונדזערע.

זיין גאַנץ פרוכטבאַר לעבן איז דאָך געווידמעט אונדזער יידישן ליטע־ראַטור־שאַפן, ווי אַ פאָרשער, אַ זאַמלער און אָפּקלייבער.

ניט נאָר איז ער איינער פון די אָנגעזעענסטע קריטיקער פון אונדזער יידישער ליטעראַטור, נאָר איינער פון די וויכטיקסטע, וואָס גייט איר נאָך זיין גאַנצן לעבן טריט ביי טריט, און ציטערט איבער איר, ווי אַ טאַטע איבער זיין געראָטענעם בן־יחיד.

ווער נאָך איז ביי אונדז אַזוי באַוואוסטזיניק אויף די השפעות פון אַלע וועגן און שטעגן אין אונדזער שאַפן, ווי ער? ער איז דאָס וואַכזאַמסטע אויג אויף די איינפלוסן פון איינעם אויפן אַנדערן אין אונדזער ליטעראַטור גופא, און ער אַליין איז מיט זיין גרויסן וויסן און טיפער ליבשאַפט צו אונדזער יידישן קולטור־שאַפן איינער פון די דינאַמישסטע איינפלוסן אויף דעם גאַנג פון אונדזער יידישן שאַפן.

און ניט נאָר די שאַפנדיקע כוחות פילן אויף זיך זיין השפעה, — עס פילן זי אויך די טוער און די בויער, וואָס זיינען די געניסער. אַ סימן, די אומגעהויערע ליבשאַפט צום איקוף, וואָס איז אויך די ליבשאַפט צו אים. אַ סימן, די פרייד מיט דעם ווערק, וואָס מיר יום־טובן היינט דאָ, און די יום־טובים אומעטום איבערן לאַנד און אין אַנדערע לענדער.

אַז ווי און ווינד, וואָס אַזעלכע, וואָס האַלטן ביי אונדז אין איין קרעכצן און זיפצן אויפן גורל פון דעם יידישן שאַפן, האָבן געוואָגט שטערן נחמן מייזילן אין בויען אָט־דעם פרעכטיקן בנין און זיינען אויף אים אַזוי אָנגעפאַלן.

אפילו איצט, ווען אַזוי פיל יידישע פאָלקס־מענטשן זיינען אַנטציקט און מאַכן אַ ברכה, איז אָט דער שיינער און הייליקער בנין זיי גרויס אין די אויגן.

אָבער לאָמיר זיי לאָזן, ווי זיי זיינען. מיר באַדויערן זייער בלינדקייט און טויבקייט, זייער שנאה צו די שאַפנדיקע כוחות, ווייל פון זיי, די קדיש־זאָגער, האָט זיך אָפּגעטאָן די האָפענונג אויף דעם גאַנג פון דער געשיכטע, און במילא די ליבשאַפט צו דעם אויפגעזאַמלטן אין אונדזער שייער.

דער היינטיקער יום־טוב איז דער יום־טוב פון דער פאַרביקער תפילה־בציבור, וואָס אונדזער איקוף האָט ביים סאַמע בראשית פראָקלאַמירט, ווייל די תפילה בלחש, פאַר זיך ביחידות, וואָלט קיינמאָל ניט באַוויזן אויפצובויען אַזאַ פרעכטיקן היכל פאַר זיך, ווי עס איז די אַנטאָלאָגיע „אַמעריקע אין יידישן וואָרט“.

ווי גוט איז צו זען אַזאַ גרויסן און וואַרעמען ציבור פאַר די אויגן בײַם היינטיקן יום־טוב דאָ אין ניו־יאָרק.

אַזוינע יום־טובים זײַנען דורכגעפירט געוואָרן מיט אונדזער נחמן מײַזיל אויך אין פילאַדעלפיע, מאָנטרעאָל, לאָס אַנדזשעלעס, פּעטאַלומאַ, דעטראָיט און קליוולאַנד, און אַזעלכע יום־טובים וועלן צוגעגרייט אויך אין פיל אַנדערע שטעט.

זאָל לעבן דער גרויסער ציבור אונדזערער, וואָס איז דער כאָר פון דעם סאַמע בעסטן אין אונדזער לעבן!

די טוער, די בויער, די אָפּהיטער, צוזאַמען מיט די שאַפער מכל המינים, די מוזיקער, די שוישפילער, די פלאַסטישע קינסטלער און די קינסטלער פון אונדזער וואָרט, וועלכע שטעלן צונויף אונדזער וואונדערלעכן כאָר.

זאָלן לעבן אונדזערע אָנפירער, צווישן וועלכע עס בלענדט מיט אַ באַזונדער שײַן דער הויפּט־אינזשינער, דער צונויפשטעלער און דער רעדאַקטאָר פון אונדזער אַנטאָלאָגיע „אַמעריקע אין יידישן וואָרט" — נחמן מײַזיל.

זאָל לעבן דער איקוף אין זײַן גליאיקער ליבשאַפט צום יידישן שאַפן, און לאָמיר זוכה זײַן צו אַרבעטן אינאיינעם מיט נחמן מײַזיל אין אַ וועלט פון שלום און מנוחה.

.1955

# דער גאַנג פֿונעם איקוף

חשובע דעלעגאַטן און געסט:

אַ גוט יום־טוב אונדז אַלעמען מיט די ניינצן יאָר אַקערן, זייען און שניט, וואָס איז אַ גרויס פֿאַרמעגן אין אונדזער יידישן קולטור־שייער!

אויף אונדז איז בפירוש געזאָגט געוואָרן דער פסוק: „הזורעים בדמעה ברינה יקצורו". מיר האָבן געזייט מיט טרערן, און מיר שניידן מיט פֿרייד. אין אונדזער פֿאַל זיינען די טרערן געווען די עקשנותדיקע אָנשטרענגונג, וואָס האָט זיך גענומען פֿון אונדזער גלויבן און ליבשאַפֿט, און דאָס געזאַנג איז אין דעם פֿאַרמעג, וואָס מיר האָבן אָפּגעשפּאָרט.

די גרויסע צאָל לייען־קרייזן איבערן לאַנד, די שטודיר־גרופּעס, די שטאָט־קאָמיטעטן און די יחידים אומעטום, וואָס שטייען מיט און אַרום דעם איקוף, זיינען אונדזער געזאַנג.

אַוודאי איז דאָ איצט טרויער אין אונדזער געזאַנג, ווען מען נעמט אין אַכט די דערשיטערנדיקע געשעענישן פֿון דעם לעצטן יאָר, וואָס זיינען געקומען, ווי אַ צוגאָב צו די גרוילן פֿון די פֿריערדיקע יאָרן. דער צוגאָב איז נאָך פֿיל פּיינלעכער, ווייל אויף דעם לעצטן האָבן מיר זיך בשום אופן נישט גערעכנט, און עס האָט זיך פּשוט נישט געלייגט אויפֿן שכל, אַז אַזוינס זאָל קאָנען געשען.

איז אַוודאי דאָ טרויער אין אונדזערע געמיטער, — אַ טרויער דורכגע־ווייקט מיט טיפֿן ווייטיק און שווערן בזיון. אין פּנים פֿון דעם, וואָס עס איז געשען, וואָלטן מיר געקאָנט ווערן צעשטויבטע און צערודערטע, און ווייל מיר זיינען דאָס נישט געוואָרן, און מיר זיינען דאָ מיט אונדזער זיין, מיט אונדזער טואונג, איז דאָס דער יום־טוב פֿון אונדזער גרויסער ליבשאַפֿט צו אונדזער פֿאָלקס־המשך, וואָס קיין ווינט אין אונדזער דורותדיקן גאַנג האָט נישט געקאָנט אויסלעשן.

איך באַטאָן דאָס מיט דעם פֿולן באַוואוסטזיין אין די אינטערעסן פֿון אונדזער זיין, און פֿון אונדזער המשך, ווייל אין דעם צעפּייניקטן געמיט אונד־זערן איז דאָ אַ געפֿאַר אַריינצופֿאַלן אין עצבות, און עצבות האָט אַ טבע צו זען מער די בלויזן, ווי די דערגרייכונגען, און דערמיט פֿאַררויכערן דעם בלענד פֿון דער יום־טובדיקייט, וואָס איז אונדז אין די איצטיקע גורלדיקע טעג אַזוי נויטיק אויף זיך צו דערהאַלטן.

---

רעדע, געהאַלטן דורך ז. וויינפּער אויף דער איקוף־קאָנפֿערענץ אין ניו־יאָרק, שבת, דעם 27טן אָקטאָבער, 1956.

אַ צוויי הונדערט לייען־קרייזן, שטודיר־גרופּעס, שרייבער־סעקציעס — איינע אין ניו־יאָרק, אַ צווייטע אין לאָס אַנדזשעלעס, די פּלאַסטישע קונסט־סעקציע, אַדאַנק וועלכער יידישע פאָלקס־מענטשן האָבן אָנגעהויבן זיך אינ־טערעסירן מיט קונסט בכלל און מיט יידישער בפרט, די אומאויפהערלעכע לעקציע־פאָרומס איבערן גאַנצן לאַנד וועגן אַלע געביטן פון יידישער גאונות.

דאָס איז אַ שלל פון יידישן קולטור־אויפטו פאַר די ניינצן יאָר איקוף־אַרבעט.

דער הויפּט־סטימולירער איז אונדזער חודש־זשורנאַל „יידישע קול־טור", וואָס הערט נישט אויף צו וועקן און רופן, און זייט־ביי־זייט מיט דעם זשורנאַל — דער האַלבער מיליאָן וויכטיקע יידישע ביכער, וואָס זיינען פאַר־שפּרייט איבער דער וועלט.

סאַראַ פאַרביקייט עס איז אין דעם ביכער־אויסוואַל פון דעם איקוף!

אויפן געביט פון דערציילונג און ראָמאַן אַזעלכע שריפטשטעלער, ווי אונדזערע קלאַסיקער: מענדעלע, קאָברין, בערדיטשעווסקי, אַש, דער נסתר, בערגעלסאָן, ב. עפּעלבוים, ברייניז, ש. גאָדינער, מ. גאָלדשטיין, אייזיק ראַ־באָי, און שפּעטערדיקע, ווי ש. אַפּטער, יהושע אלקאָן, אברהם ביק, א. מייזעל, וויינפּערס צוויי ראָמאַנען, אסתר מילער, בעלאַ גאָלדווירט און אַ צאָל אַנדערע. אויפן געביט פון פּאָעזיע: ב. לאַפּין, יוסף ראָלניק, יצחק קאַצענעלסאָן, דוד האָפשטיין, אי. פעפער, פּ. מארקיש, חנה סאַפּראַן, דאָרע טייטעלבוים, ל. מילער, ש. בודין, ח. גראַדע, א. סוצקעווער, ז. וויינפּער א. אַנ. אויפן געביט פון קול־טור־פאָרשונג, ליטעראַטור־קריטיק: ח. זשיטלאָווסקי, יעקב מילך, ק. מרמר, ב. ריווקין, משה אָלגין, מאיר ווינער, אבאַ גאָרדין, נחמן מייזיל. טעאַטער־קריטיק און זכרונות: דר. א. מוקדוני, נ. בוכוואַלד, יעקב מעסטל, בועז יאָנג, רפאל פאָזנער, אַלעקסאַנדער גראַנאַך, אהרן גאַרעליק, שלום לעווין, ראַז שאַ־מער, אברהם טייטלבוים, שלום פערלמוטער; דראַמען פון לעאָן קאָברין און ח. סלאָוועס און אַנדערע. מוזיק — חיים קאַטילייאַנסקי און נחמן מייזיל. דער קונסט־אַלבאָם „הונדערט יידישע קינסטלער", און דער אַלבאָם פון פרענק ס. קוירק; דאָס מאָנומענטאַלע ווערק, די אַנטאָלאָגיע „אַמעריקע אין יידישן וואָרט". באַלד דערשיינט אַ ניי ווערק פון דעם נסתר, אַ באַנד געשיכטע פון דר. רפאל מאַהלער, און דאָס שלום־עליכם־בוך פון י. ד. בערקאָוויטש. ניש־קשה פון דערגרייכונגען! מיר מעגן זיך פאַרגינען צו פאַרקוקן די בלויזן, וואָס זיינען זיכער דאָ.

אַז מען וויל קאָן מען בכלל אַלע בלויזן צושרייבן צו דער שווערער ווירק־לעכקייט, פאַר וועלכער דער איקוף איז געשטאַנען די גאַנצע צייט פון זיין עקזיסטענץ.

מאַלע וואָס דער קאָנגרעס אין פּאַריז האָט אין זיין ענטוזיאַזם פאַר אונדז דעמאָלט צוגעטראַכט און אויסגעלייגט. עס איז געווען דער ענטוזיאַזם פון טייערע יידישע מענטשן, וואָס זיינען זיך צונויפגעקומען פון אַלע ווינקעלעך אויף דער ערד און זיך געלאָזט שוועבן אויף די פליגל פון אַ וואונדער־שיינעם חלום, און דערביי נישט געזען די שווערקייטן פון דער ווירקלעכקייט, און קיין אָנונג נישט געהאַט וועגן די ביטערע סורפּריזן, וואָס דאָס לעבן האָט אין די פאַלדן פון זיינע טונקעלע פאַלעס געהאַט פאַרבאָרגן פאַר די ווייטערדיקע טעג און יאָרן.

מען האָט געחלומט אין פּאַריז וועגן איינקייט צווישן אַלע שאַפנדיקע כוחות אויפן געביט פון דער יידישער קולטור, אָבער וואָס האָט געקאָנט טאָן דער איקוף אין אַמעריקע, ווען דער גרעסערער טייל פון די יידישע שאַפנדיקע כוחות האָט זיך נישט נאָר נישט געוואָלט פאַראייניקן אונטער זיין עמבלעם, נאָר, אדרבה, אים גאָר דערקלערט די ביטערסטע מלחמה?

און וואָס האָט דער איקוף אין אַמעריקע געקאָנט טאָן, ווען אין זיין שווערן געראַנגל אויפצוטרייסן דאָס ערשטע ביסל רוי־ערד פאַר זיין געדאַנק פון געאייניקטער יידישער קולטור־אַרבעט, האָבן שאַפנדיקע כוחות, וואָס האָבן לכתחילה געהאָלפן אויספאַרמירן דעם איקוף, אים גאָר איבערגעלאָזט און אַריבער אין קעגנערישן לאַגער?

און וואָס האָט דער איקוף געקאָנט טאָן, ווען אפילו דער פאַרשמעלערטער שטח, אין וועלכן ער איז איזאָלירט געוואָרן, איז אויך נישט אַנטקעגנגעקומען מיט יענער וואַרעמקייט, וואָס האָט געדאַרפט דעם איקוף דערמוטיקן און געבן כוח?

געווען קינדער־שולן מיט פאַרוואַלטונגען אַרום זיך, וואָס האָבן געדאַרפט פאַראייניקן זייער אַרבעט מיט דער אַרבעט צו בויען דעם איקוף, — נו, האָבן זיי דאָס געטאָן? בלויז יחידים פון אָט־די אָרגאַניזירטע שול־טוער זיינען אַנטקעגנגעקומען און צוגעלייגט אַ האַנט. ווי אָרגאַניזירטע גרופּעס איז מען נישט געקומען. געווען אַ ווירקזאַמער לערער־ראַט איז ער אויך געשטאַנען פונדערווייטנס. דאָ און דאָרט אַ יחיד פון די לערער — יאָ, אָבער דער לערער־ראַט אין זיין גאַנצקייט ווי אַן אָרגאַניזאַציע — נישט. תירוצים זיינען געווען, און גאַנץ לאָגישע תירוצים. געהאַט אַ שווערן געראַנגל אויסצוהאַלטן די שולן, און וואו זאָל מען נעמען ענערגיע און צייט זיך אָפּצוגעבן מיט בויען ספּעציעלע איקוף־קרייזן? אַליין זיך פאַרוואַנדלען אין איקוף־קרייזן? און שאַפן הילף אויפצובויען אַ זשורנאַל, אַ פאָלקס־פאַרלאַג וועט דאָך נישט קלעקן קיין כוח אויפצוהאַלטן די שולן גופא. דאָס זעלבע איז געווען מיט די כאָרן. און וואָס שייך די צווייגן פון דעם אָרדן — איז געווען נאָך ערגער. קודם איז מען געווען אַליין באַלאָדן מיט אייגענע טעטיקייטן אויף פאַרשיידענע געביטן,

און צווייטנס, איז ייִדישע קולטור־אַרבעט אויך געווען די אַרבעט פונעם אָרדן, און דערפאַר איז דער איקוף ביי אַ צאָל אָרדן־טוער גאָר באַטראַכט געוואָרן ווי אַ מין דובליקאַציע פון דער אייגענער ייִדישער קולטור־אַרבעט.

איז וואָס־זשע האָט טאַקע דער איקוף געקאָנט טאָן אין אַזאַ לאַגע?

און דאָך האָט ער געטאָן און באַוויזן צו קומען צום 20טן יאָר מיט אַזאַ לעבן אין אַמעריקע געווען אַ מדבר אָן אַאַזיסן, וואו דעם אָטעם אָפּצוכאַפּן.

אָט־דאָס טייערע ייִדישע פאַרמעגן איז געשאַפן געוואָרן פון עקשנותדיקע יחידים, וואָס האָבן אין לויף פון 19 יאָר זיך גרופּירט אין ענטוזיאַסטישע גרופּעס, — שטודיר־קלובן און לייען־קרייזן; זיי זיינען מיט דער צייט געוואָרן אַן אומגעהויערער ייִדישער קולטור־כּוח, וואָס אָן אים וואָלט אונדזער ייִדיש לעבן אין אַמעריקע געווען אַ מדבר אָן אַאַזיסן, דעם אָטעם אָפּצוכאַפּן.

אָט־די אַאַזיסן האָבן זיך צעגרינט אַדאַנק די 19 יאָר איקוף־אַרבעט, און אַדאַנק אָט־די אַאַזיסן איז דער איקוף גופא געוואָרן אַ דינאַמישער ייִדישער קולטור־כּוח, וואָס קומט איצט מיט אַ פאַרמעגן וואָס איז כּולו יום־טוב.

אַ יום־טוב איז דער חודש־זשורנאַל אונדזערער און אַ יום־טוב איז דער איקוף־פאַרלאַג.

ווען די געשיכטע וועט געשריבן ווערן וועגן די געבורט־ווייען פון דעם זשורנאַל און די ביכער, וועט פאַר די אויגן פונעם לייענער אויפגיין אַ הערלעך בילד פון אייניקייט צווישן דעם פאָלק און זיינע שאַפער אויפן געביט פון אָט־די אוצרותדיקע ווערק.

ווען איך האָב מיט יאָרן צוריק אויפמערקזאַם געמאַכט די טוערינס פון די לייען־קרייזן אין דעטראָיט, אַז עס איז אפשר נישט ראַטזאַם פאַר זיי צו שטיצן דאָס אַרויסגעבן פון מאיר ווינערס „געשיכטע פון דער ייִדישער ליטעראַטור אין 19טן יאָרהונדערט", ווייל דאָס איז אַ ווערק, וואָס איז נישט צוגענגלעך פאַר די לייען־קרייזן, האָט די דאָרטיקע טוערין חיה גאָלדע עסטרין געהאַט אויף דעם אָט־וואָס צו זאָגן:

— נישט אַלע אונדזערע עלטערן האָבן פאַרשטאַנען די תורה, אָבער גלויבנדיק אין איר, האָבן זיי געהאָלפן זי איבערצושרייבן וואָס מער און מער, כּדי זי זאָל זיך שטענדיק געפינען פאַר די אויגן פון דעם פאָלק.

אָט־דאָס איז געווען דער הינטערגרונט פונעם „בראשית" אין דער איקוף־אַרבעט אין אַמעריקע: ענטוזיאַסטישע יחידים, וואָס האָבן זיך גרופּירט אַרום איקוף, און געשאַפן אַן עדה פאַרן ייִדישן וואָרט.

היטלערס אָנצינדן די וועלט, אין וועמעס זשאַר עס איז פאַרברענט געוואָרן אַ דריטל פון אונדזער פאָלק, האָט איינגעשפּאַנט דאָס גאַנצע ייִדישע מאַסן־לעבן אין אַ מעכטיקער הילף־קאַמפּאַניע פאַר די קרבנות. זעלבסטפאַרשטענדלעך איז ייִדישע קולטור־אַרבעט פאַר יענער צייט געוואָרן אַן ענין

פון צווייטער וויכטיקייט. עס האָט זיך געפאָדערט פיל כוח אָנצוהאַלטן די יידישע קולטור־פּאָזיציע, זי זאָל אינגאַנצן, חלילה, נישט פאַרווישט ווערן. דאָן איז געקומען דער היטלער און סטאַלין־פּאַקט, וואָס האָט אונדז נאָך שטאַרקער איזאָלירט. די שנאה האָט געברענט אונדזערע טריט, פּונקט ווי מיר וואָלטן געווען די שולדיקע אין אָט־דער געשעעניש. צוגעלייגט קוילן צום פייער האָבן, פאַרשטייט זיך, אויך די אַוועקגעגאַנגענע.

בלויז אונדזער טיפע ליבע צום יידישן שאַפן און דער קלאָרער באַוואוסטזיין, אַז אויפגעבן די אויפהאַלטונג און די ווייטערדיקע בויאונג פון אונדזער יידישער קולטור פאַרן פאָלק, וועט מיינען נאָך אַ קבר אין אונדזער גרויסן חורבן, האָט אונדז געגעבן כוח און מוט זיך נישט צו פאַרלירן, און די אַרבעט איז אָנגעגאַנגען להכעיס דעם פאַרמעסט פונעם נאַציזם אָפּצואווישן אונדז פון דער ערד.

ווי אומגערעכט און ווי בלינד און טויב עס איז געווען אין יענעם פעריאָד די שנאה פון אונדזערע קעגנער צו אונדז! אָן אַ פאַרוואָס האָבן זיי געשאָטן זשאַריקן פּרייסיק אונטער אונדזערע טריט פאַר טאָן די הייליקע פאָלקס־אַרבעט, וואָס האָט אַלעמען געדאַרפט זיין ליב און טייער. אין דער זעלבער צייט זיינען געקומען שווערע קלעפּ איבער אונדז, וואָס האָבן שיטערער געמאַכט אונדזערע שאַפנדיקע כוחות. עס זיינען אַרויסגעריסן געוואָרן פון אונדזערע רייען גרויסע ליכטיקע פערזענלעכקייטן, אויף וועלכע מיר האָבן זיך אָנגעשפּאַרט.

דער גרויזאַמער טויט האָט אָנגעהויבן צונעמען פון אונדז אין ריז נאָכן אַנדערן: משה אַלגין, דר. חיים זשיטלאָווסקי, א. ראַבאָי, לעאָן קאָברין, ראובן ברייינין, יואל סלאָנים, ב. עפּלבוים, יעקב מילך און פיל, פיל לויטערע יידישע פאָלקס־מענטשן, וועלכע האָבן, נישט געקוקט אויף זייערע פאַרשיידענע אידעאָלאָגישע אָנשויאונגען, געהאַט אין זיך דעם כוח זיך צו דערהויבן איבער דער פּאָליטיק, און אַרבעטן צוזאַמען אין דעם איקוף פאַר דער אויפהאַלטונג און המשך פון אונדזער יידישער פאָלקס־קולטור.

דאָס אַוועקגיין פון יעדן איינעם פון זיי אין אַ צייט, ווען מ׳האָט זיך אַזוי שטאַרק גענויטיקט אין זייערע כוחות, איז געווען פאַרן איקוף אַ שווערער קלאַפּ. מיר האָבן אויך אָט־די קלעפּ איבערגעלעבט. געהאָלפן האָט אונדז די ליכטיקע ירושה, וואָס זיי האָבן נאָך זיך געלאָזט. אָט־די ירושה איז פאַר אונדז געוואָרן אַ גליענדיקער עמוד־אש, וואָס האָט אונדז באַלויכטן אין דער פינצטערניש.

הלוואי וואָלטן זיי נאָך געווען געלעבט אין דעם שפּעטערדיקן נאָך־פינצטערערן פעריאָד, וואָס האָט זיך אָנגערוקט אויף אונדז. אפשר וואָלטן מיר נישט

באַגאַנגען דעם טעות, װאָס האָט זיך געצויגן באַלד 8 יאָר, ביז ער איז ענדלעך פֿון אונדז דערזען געװאָרן.

אַז זײ װאָלטן ניט געװען איבערגעלאָזט דעם איקוף, בין איך זיכער. צו טײער איז געװען זײ די איקוף־אידײע, אַז זײ זאָלן אים איבערלאָזן. אָבער די שטעלונג פֿון שװײַגן און װאַרטן װאָלטן זײ אפֿשר געװען שאַרפֿער באַקעמפֿט װי מיר. אמת, אינגאַנצן געשװיגן האָבן מיר נישט. מיר האָבן אין אונדזער אומרו געקלאַפּט טרעװאָגע און געמאָנט, װאָר־נאָר מיר האָבן געקאָנט, אָבער איצט זעען מיר איין, אַז מיר האָבן געמאָנט נישט גענוג שטאַרק.

מיר האָבן זיך געלאָזט פֿאַרפֿירן פֿון עפּעס אַ פּסוק אין אַ קאָנסטיטוציע, דיקטירט דורך עמעצן, װאָס איז סוף־כּל־סוף געװען פֿון די, בײַ װעלכע טעאָריע איז אײן זאַך און פּראַקטיק עפּעס אַנדערש. אַ װיכטיקע ראָלע האָט אױך געשפּילט דער װידערװילן זיך אָנצושליסן, אין דעם געװאַלד־געשרײ פֿון יענע עלעמענטן, אױף װעלכע מען האָט געהאַט אַלע סיבות צו גלױבן, אַז דאָס פּלוצימדיקע פֿאַרשטומט װערן פֿונעם יידישן שאַפֿן אין דעם סאָװעטן־פֿאַרבאַנד איז בײַ זײ נישט מער, װי אַ נײַער אױסרײד פֿאַר אַטאַקעס.

האָבן מיר געדאַרפֿט זיך לאָזן פֿירן פֿון אָט־דעם װידערװילן אין אונדז?

איצט װײסן מיר, אַז דאָס איז געװען אַ שװערער טעות. מיר האָבן נישט באַדאַרפֿט זיך באַנוגענען מיטן װײנען בלחש. מיר האָבן געדאַרפֿט געװאָלדעװען, אױף אונדזער אופֿן, אױף קולי־קולות. מיר האָבן נישט געדאַרפֿט מורא האָבן אַרײַנצושפּילן אין עמיצנס הענט. מיר האָבן נישט געטאָרט זיך לאָזן פֿאַרװיגן פֿון דער זיכערקײט, אַז קײן אומרעכט קאָן נישט געשען. מיר האָבן געדאַרפֿט געדענקען פּרענסיס בעקאָנס גרױסן אמת, אַז דער װאָס הױבט אָן זײַן װעג מיט זיכערקײט, מוז דערגײן סוף־כּל־סוף צו טיפֿע ספֿקות.

װען איך בין לעצטנס אַרױסגעפֿאָרן אױף מײַן לעקציע־טור איבערן לאַנד, איז מײַן געמיט געװען קראַנק פֿון אָט־די ספֿקות. איך האָב זײ נישט באַהאַלטן, איך האָב זײ אַרױסגעבראַכט פֿרײ און אָפֿן פֿאַר מײַנע צוהערער, און מערקװירדיק: קומענדיק פּנים אל פּנים מיט די טױזנטער איבערגעגעבענע איקוף־פֿרײַנט, איז מײַן געמיט ביסלעכװײַז אָנגעפֿילט געװאָרן מיט באַנײַטע האָפֿענונגען.

אין אײן שטאָט האָט מיך אָפּגערופֿן אַן אַלטער איקוף־טוער, אַז ער װיל מיך קומען זען, אָבער איך זאָל אױף אים קײן פֿאַראיבל נישט האָבן, װען ער װעט קומען מיט אַ זעקל אַש אױף זײַן קאָפּ.

—— ברענגט מיט אַ גרעסער זעקל אַש, װײַל אױך מײַן קאָפּ װיל פֿילן דאָס אַש אױף זיך, — האָב איך אים געבעטן.

אונדזער באַגעגעניש איז געװען אײַנגעטונקען אין אבֿלות. נאָך אַ לאַנגן װײטיקדיקן שמועס זײַנען מיר בײדע דאָך אַרױסגעקומען געשטאַרקטע, געמו־

טיקטע, מיט אַ באַנייטן ווילן ממשיך צו זיין אונדזער יידישע קולטור־אַרבעט.

— נו, וואָס וואָלטן מיר געהאָלפן, ווען מיר וואָלטן געוועזן צווישן די גע־וואַלד־שרייער? — האָט ער טרויעריק געפרעגט און אין אַ טיף־ביטערן טאָן אַ קרעכץ געטאָן: — דער רעזולטאַט וואָלט דאָך סיי ווי געווען דער זעלבער.

איך האָב אָנגעהויבן אַרויסזאָגן מיינעם אַ געדאַנק, האָט ער מיך איבער־געשלאָגן, ווייל ער איז געווען, אַפנים, איבערגעפולט מיט זיינע אייגענע גע־דאַנקען, וואָס האָבן זיך ממש געשפּאַרט פון זיין מויל.

איצט האָט ער גערעדט מער צו זיך ווי צו מיר, און די רייד זיינע זיינען געווען אַזעלכע, ווי ער וואָלט געוואָלט טרייסטן זיך אַליין.

— דער פאַקט, וואָס גראַדע דעמאָלט, ווען דאָרטן איז פאַרשטאָפּט גע־וואָרן דאָס מויל פון דעם יידישן שאַפן, האָט אונדזער איקוף דאָ דווקא פאַנאַנ־דערגעוויקלט זיין יידישע קולטור־אַרבעט אין אַ פיל שטאַרקערן טעמפּאָ! — האָט ער אויסגערופן און דערביי ווייטער געצויגן:

— נו, און איליא ערענבורגס, מ׳שטיינס געזאָגט, „טעאָריע״, אַז מיר יידן זיינען קיין פאָלק נישט, — אַז יידן פון איין לאַנד האָבן מיט די יידן פון אַנדערע לענדער קיין שייכות נישט, האָב מיר דאָך אומעטום צוריקגעוואָרפן!

ער האָט געקוקט אויף מיר מיט אַ ווייכן שיין אין זיינע אויגן און גערעדט מיט סאַטיספאַקציע אין זיין טאָן:

— ווי גוט וואָס אונדזער זשורנאַל „יידישע קולטור״ האָט דורך די אַלע יאָרן געדרוקט די שאַפונגען פון יידיש־סאָוועטישע שרייבער און דעם נאָמען פונעם אַסימיליאַטאָר איליא ערענבורג אינגאַנצן אויסגעלאָזט.

אָט אַזוי האָט גערעדט צו מיר דער טייערער יידישער פאָלקס־מענטש, און איז ער דען געווען דער איינציקער?

אומעטום האָב איך אָט אַזעלכע באַגעגנט, און יעדער פון זיי האָט צו מיר גערעדט אויף דעם זעלבן אופן.

פּלוצלינג האָב איך זיך געכאַפּט, אַז אין דעם קאָנטאַקט מיטן פאָלק הויבן אָן מיין ספקות צערינען, און די זיכערקייט וואַקסט זיך פאַנאַנדער.

סאַראַ מהלך די יידישע פאָלקס־מענטשן אַרום דעם איקוף זיינען דורכ־געגאַנגען מיט אים דורך די 19 יאָר! סאַראַ אויסגעוואַקסנקייט און סאַראַ דער־וואַקסנקייט!

נישט קיין חידוש, וואָס די אַלע אַטאַקעס אויף מענטשן, וואָס שטייען אין דער איקוף־פירערשאַפט,האָבן נישט נאָר נישט דערווייטערט דעם עולם פון זיי, נאָר אדרבא, — אים נאָך שטאַרקער דערנעענטערט. עס איז די אויס־געוואַקסנקייט פון דעם עולם, וואָס ווייסט קלאָר ווער איז ווער און וואָס איז וואָס אין אונדזער יידישן קולטור־לעבן.

איז וואָס־זשע לערנען מיר פון דעם אַלעם?

מיר לערנען פֿון דעם, אַז דער איקוף האָט געשלאָגן טיפֿע וואָרצלען, אַז זיי האָבן זיך פֿאַנאַנדערגעבליט אין מחיהדיקע, געזונטע און וויטאַמינישע קולטור־געוויקסן, און אַז מיר קאָנען אַ גיי טאָן מיט זיי אויף אַ פּיל ברייטערן וועג.

סימנים, אַז אונדזער עולם איז גרייט פֿאַר אַ ברייטערן פֿאַרנעם, האָבן מיר געהאַט דורך די לעצטע פֿאַר יאָר אין אַלע יידישע קולטור־אַקציעס, וואָס זיינען דורכגעפֿירט געוואָרן דורך אונדזער איקוף.

אַ וואונדערבאַרער ביישפּיל זיינען געווען די פייערונגען פֿון די „דריי הונדערט יאָר יידיש לעבן אין אַמעריקע".

אמת, די פייערונגען זיינען דורכגעפֿירט געוואָרן פֿון אַ ספּעציעלן קאָמי־טעט, וואָס איז פֿאַר אָט־דעם צוועק אָרגאַניזירט געוואָרן פֿון נאָך יידישע פּראָ־גרעסיווע קולטור־אָרגאַניזאַציעס, אָבער אַלע די, וואָס זיינען געשטאַנען נאָ־ענט צו דער אַרבעט, ווייסן, אַז דער הויפּט־כוח סיי אין דער איניציאַטיווע, און סיי אין דער דורכפֿירונג איז געווען דער איקוף.

איך באַטאָן דאָס ניט כדי, חלילה, צו מינימיזירן די כוחות פֿון די אַנדערע אָרגאַניזאַציעס און די יחידים דאָ און דאָרטן, וואָס האָבן געטאָן די גוטע אַר־בעט. אָבער אָן די באַגייסטערטע און אָפּפֿערווילִיקע כוחות פֿונעם איקוף, סיי אין ניו־יאָרק און סיי איבערן לאַנד, וואָלטן די פייערונגען נישט געווען געהאַט דעם פֿאַרנעם וואָס זיי האָבן געהאַט, און דער רושם וואָס זיי האָבן אי־בערגעלאָזט נאָך זיך וואָלט געווען אַ סך אַ קלענערער.

ווער געדענקט נישט די דינאַמישע כוחות, וואָס די איקוף־טוער אין ניו־יאָרק האָבן אויסגעגעבן פֿאַר דער היסטאָרישער אויסשטעלונג פֿון די דריי הונדערט יאָר? די אויסשטעלונג, ווי באַקאַנט, איז געווען טאַקע אין די צי־מערן פֿון דעם ניו־יאָרקער איקוף.

אין דער זעלבער צייט איז דאָס געווען דער איקוף, וואָס האָט געשטעלט דעם ווירדיקסטן מאָנומענט אָט־דער היסטאָרישע דאַטע פֿון אונדזער לעבן אין אַמעריקע. עס קומט גרויס אָנערקענונג אונדזער נחמן מייזיל, פֿאַר דער ריזן־אַרבעט, וואָס ער האָט אַריינגעלייגט, אין אַזאַ קורצער צייט, ביים צונויפֿ־מענשטעלן די גראַנדיעזע אַנטאָלאָגיע „אַמעריקע אין יידישן וואָרט". אָבער אויך ער וואָלט דאָס נישט געקאָנט באַווייזן אָן דער אינספּיראַציע און אָן דער הילף פֿון דעם גאַנצן איקוף.

די אַנטאָלאָגיע איז נישט דער איינציקער ביישפּיל. אויף אַן ענלעכן אופֿן איז דאָך אויך געקומען צום לעבן דאָס גרויסע ווערק „מיינע אני מאמינס" פֿון אונדזער אומפֿאַרגעסלעכן דר. חיים זשיטלאָווסקי. אַזוי אויך — דער פּרעכטיקער קונסט־אַלבאָם פֿון פּרענק ס. קוירק, און איצט קומט צום לעבן דאָס באַרימטע „שלום־עליכם־בוך" פֿון י. ד. בערקאָוויטש, מיט דער הילף פֿון די

איקוף־פריינט ש. בראַון, — לאָס־אַנדזשעלעס, נחום גאַגעליק און יוסף מאָר־גענשטערן — קליוולאַנד, ווי אויך אַ היפּשע צאָל פאָלקס־מענטשן איבערן לאַנד.

עס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר אונדזער איקוף־עולם אין די לעצטע יאָרן זיך צו באַטייליקן אין די ווערק פון אונדזערע גרויסע שאַפער. אַט האָט ל. פעלד מעגלעך געמאַכט, אַז פּרץ מאַרקישעס גרויס ווערק „מלחמה" זאָל גע־בראַכט ווערן צו די לייענער. באַלד ווען מיר האָבן אַ וויכטיקן באַנד יידישע געשיכטע פון דר. רפאל מאַהלער, מיט דער הילף פון יוסף מאָרגנשטערן, אייזיק קעסלער און אברהם בערניקער. אויף אַ פּיל גרעסערן פאַרנעם הויבט איצט אָן דער איקוף אַ נייע טעטיקייט צו געבן ברייטע ביכער־הילף פאַר יידישע קולטור־אינסטיטוציעס איבער דער וועלט און באַזונדערס פאַר מדינת ישראל אַדאַנק דער הילף פון איקוף־פריינט איבערן לאַנד.

אָט־די אַרבעט האָבן מיר אייגנטלעך געטאָן די גאַנצע צייט, אָבער איצט הויבן מיר זי אָן אויף אַ ברייט־אָרגאַניזירטן און סיסטעמאַטישן אופן.

---

הכלל, חשובע דעלעגאַטן און געסט צו דער היינטיקער קאָנפערענץ, — די 19 יאָר הינטער אונדז זיינען אָנזעענדיק אין אַ גאַנצער רייע וויכטיקע דערגרייכונגען; זיי שטעלן מיט זיך פאָר אַ ביז גאָר פיינעם סך־הכל, מיט וועלכן מיר האָבן די פולע רעכט זיך צו פרייען און אַפילו זיך איבערצונעמען.

עס איז יום־טוב ביי אונדז. לאָמיר אויפנעמען אָט דעם יום־טוב להכעיס דעם גרויסן צער אין אונדז, וואָס די רשעות מיט אַלע אירע אויסדרוקן האָט דורך די אַלע יאָרן געהאַלטן אין איין דריקן אונדזערע געמיטער.

זאָל אָט־דער יום־טוב אויפגיין אין אונדז, ווי אַ טרייסט און זאָל ער זיך פאַרוואַנדלען אין אַ היילונג פאַר אונדזערע וואונדן.

די היילונג דאַרף קומען דורך אויסגעברייטערטע מעשים. דורך די מעשים פאַר דער אויפהאַלטונג און דעם המשך פון אונדזער יידישער קולטור, וועט קומען די רפואה אין אונדזערע אויפגערודערטע און צעפייניקטע געמיטער.

די מעשים און אויפגאַבן טיילן זיך אין אין באַלדיקע און אין וויט־גיי־ענדיקע.

די באַלדיקע זיינען די, וואָס האָבן צו טאָן מיט די נויטן אין וועלכע אונדזער איקוף געפינט זיך אין דעם איצטיקן מאָמענט.

מיר מוזן אומבאַדינגט אַרויפשטעלן אויפן סדר־היום פון דער היינטיקער קאָנפערענץ דאָ ביי אונדז אין ניו־יאָרק און אויך די קאָנפערענצן, וואָס וועלן אָפּגעהאַלטן ווערן אין די נאָענטע חדשים איבערן לאַנד, די שווערע פינאַנצי־עלע לאַגע, מיט וועלכער דער איקוף ראַנגלט זיך איבער זיינע כוחות.

דורך די 19 יאָר פון אונדזער טעטיקייט האָט זיך אַנגעקליבן אַ חוב פון אַ

20 טויזנט דאָלער, װאָס הענגט װי אַ שװערע לאַסט אויף אונדז. די בעלי־חובֿות זײַנען: דער דרוקער, אײַנבינדער, עטלעכע פּריװאַטע באַקאַנטע פֿרײַנט און די אָנגעשטעלטע.

איך װיל נישט פֿאַר אײַך, חשובֿע דעלעגאַטן און געסט, באַריכטן אויף װי װײַט מען איז הינטערשטעליק אין שׂכירות צו די אָנגעשטעלטע. דער אײַקויף װעט, איבער דער הינטערשטעליקייט פֿון שׂכירות, ניט פֿאַרשמעלערן זײַן אַרבעט. די אָנגעשטעלטע זײַנען טיף־באַזעלטע אײַקויף־מענטשן, אָבער אָט־די שװערע לאַגע מוז געענדערט װערן.

אַ פֿאַרבעסערונג אין דער פֿינאַנציעלער לאַגע װעט זיך גלײַך אָפּרופֿן אויף דער אויסברייטערונג פֿון אונדזער פֿאַרלאַגס־טעטיקייט.

מיר דאַרפֿן פֿאַרענדיקן די אויסגאַבע פֿון מענדעלע מוכר ספֿרים. די ערשטע 5 בענד זײַנען פֿאַרשפּרייט געװאָרן בכל תּפֿוצות ישׂראל. מיר מוזן באַלד אַרויסגעבן דעם 6טן, און זיך נעמען צום 7טן א. אַז. װ. זאָל דער אײַקויף ענדלעך האָבן אַ פֿולע אויסגאַבע פֿון אונדזער גרויסן זיידן אין אונדזער ייִדישער ליטעראַטור.

און נישט נאָר מענדעלע, — עס װאַרטן אויך אַנדערע פֿון אונדזערע װיכטיקע שרײַבער, און עס װאַרטן אויך די הינטערשטעליקע אַרויסצוגעבן צו װערן און געבראַכט װערן צו אונדזערע לייענער.

װי אַזוי זאָלן מיר די פֿינאַנציעלע לאַגע פֿאַרבעסערן?

קודם כּל דאַרפֿן מיר אָנהייבן אַן אינטענסיװע קאַמפּאַניע צו פֿאַרגרעסערן די צאָל אַבאָנענטן פֿון אונדזער זשורנאַל און פֿון אונדזערע ביכער־אויסגאַבן. אַ צװיי טויזנט נײַע אַבאָנענטן װאָלטן געװאָרן אַ טאָפּלדיקער געװינס. מער ייִדישע פֿאָלקס־מענטשן װאָלטן באַזעלט געװאָרן מיט דעם ייִדיש־שעפֿערישן װאָרט, און די הכנסה װאָלט געװאָרן גרעסער. די זעלבע קאַמפּאַניע קאָן און דאַרף פֿאַרבונדן װערן מיט באַשאַפֿן נײַע לייענער־קרייזן, שטודיר־גרופּעס און דערמיט אויסברייטערן אונדזער ייִדישע קולטור־סבֿיבֿה. אַז אַזוינס קאָן דערװיזן װערן האָב איך געלערנט פֿון מײַן לעצטן טור. נישט נאָר האָבן די גרויליקע געשעענישן נישט דערװייטערט פֿון אונדז די באַקאַנטע און אײַבערגעגעבענע פֿון יאָרן, נאָר אַפֿילו צוריקגעבראַכט אַזעלכע, װאָס זײַנען געשטאַנען אָן אַ זײַט. דאָס געפֿיל איז אומעטום, אַז דװקא איצט, װען אונדזער ייִדישע קולטור איז אַזוי פֿאַרשעמט געװאָרן, מוזן מיר זי פֿלעגן נאָך מער װי פֿריער.

עס איז אינטערעסאַנט: כאָטש געװיסע פֿירער פֿון אונדזער צד שכּנגד זײַנען איצט נאָך ביטערער װי פֿריער אין זייער פּראָפּאַגאַנדע קעגן אונדז, װאָס דערגייט ביז חרם און אָפּטמאָל ביז צו פּשוטער מסירה, איז דער פֿאָלקס־מענטש דװקא איצט אָנגעפֿילט מיט אַ באַגער פֿאַר פּראָגרעסיװער ייִדישער

קולטור־אַרבעט. אַפּנים, אַז דאָס האַרץ פונעם אָרנטלעכן יידישן פאָלקס־מענטשן איז שוין מיד פון דער שנאה, און אַוודאי איז מען באַאומרויקט, וואָס מען האַלט אין איין באַפאַלן אַזאַ יידישע קולטור־באַוועגונג, ווי דער איקוף איז.

עס איז ביי מיר קיין ספק נישט, אַז דווקא איצט איז נויטיק ביי אונדז אַ פאַרשטאַרקטער רוף פאַר אייניקייט אויף אַלע געביטן פון יידישער קולטור־אַרבעט. דער באַגער אינעם האַרצן פון די יידישע פאָלקס־מאַסן קומט שוין אפילו אויך צום אויסדרוק דאָ־און־דאָרטן.

די איצטיקע קאָנפערענץ דאַרף אַרויסלאָזן אַ פייערלעכן רוף צו באַ־שאַפן די עקסטראַ דרינגענדיקע סומע פון 20 טויזנט דאָלער, וואָס זאָל נישט גיין אויפן חשבון פון די רעגולערע הכנסות, פון באַנייען אַבאָנענטן א. אַז וו. איך בין זיכער, אַז אָט־דער רוף וועט געענטפערט ווערן פון די איקוף־פריינט איבערן גאַנצן לאַנד, און אַזוי־אַרום פאַרוואַנדלען דאָס 20טע יאָר אין אַ גרויסן יום־טוב.

מיר וועלן אָט־דאָס יובל יאָר פאַרפיקסירן אין אַ גרויסן וויכטיקן אַל־מאַנאַך, ווי מיר האָבן פאַרפיקסירט די דריי הונדערט יאָר יידישן לעבן אין אַמעריקע אין אונדזער גרויסער אַנטאָלאָגיע.

דער אַלמאַנאַך דאַרף זיין אַ מאָנומענטאַל ווערק, אין וועלכן עס וועלן קומען צום אויסדרוק אונדזערע טואונגען, אויפטוען און פאַרמעסטן אויף ווייטער.

דאָס זיינען די באַלדיקע מעשים, מיט וועלכע אונדזערע איקוף־טוער דאַר־פען זיך גלייך פאַרנעמען, און דאַן קומען די ווייט־גייענדיקע, וואָס זיינען דאָך ענג צונויפגעבונדן מיט די באַלדיקע און טאָרן דערפאַר נישט אָפּגערוקט ווערן אָן אַ זייט.

וואָס זיינען די ווייט־גייענדיקע מעשים?

זיי זיינען קלאָרקייטן, וואָס קומען פון 19 יאָר זוכעניש און פאַרשטענדע־ניש איבער אַ שווערן וועג, וואָס איז די מערסטע צייט געווען פאַרוויקלט אין נעפּלען.

אָט־די קלאָרקייטן האָבן אין זיך אַ גאַנצע רייע אַספּעקטן, און יעדער אַס־פּעקט איז פון גרויס וויכטיקייט פאַר אונדזער המשך.

מדינת ישראל און עם ישראל.

זיי זיינען געבונדן איינס מיטן אַנדערן, ווייל עס קאָן נישט זיין קיין מדינת ישראל אָן דעם עם ישראל. היות דער רוב מנין ובנין פון עם ישראל איז אין די תפוצות, איז דערפון געדרונגען, אַז דער איקוף דאַרף האַלטן זיינע פאַר־בינדונגען מיט דער יידישער קולטור־שאַפונג אומעטום, ווייל אונדזער יידישע קולטור איז דאָס אייגנטום פון דעם גאַנצן יידישן פאָלק.

יידיש־העברייאיש און העברייאיש־יידיש:

ביידע לשונות זיינען אונדזערע. זיי זיינען דאָס אייגנטום פון פאָלק, זיי זיינען די אינסטרומענטן, אויף וועלכע מיר האָבן אויסגעשפּילט און שפּילן אויס ביז היינט די אייגנאַרטיקע טענער פון אונדזער רייך און קאָלירפול פאָלקס־לעבן. די אינסטרומענטן אַליין זיינען פון אונדז געשאַפּענע, און זיינען דער־פאַר אַליין פאַר זיך אַ גרויס אייגנטום אין אונדזער קולטור־אוצר. העברייאיש און יידיש אין ישראל, יידיש און העברייאיש אין די תפוצות. יעדער טייל פון דעם יידישן פאָלק איז, פאַרשטייט זיך, צוגעבונדן מיטן וועזן און מיטן האַרצן צו דעם לאַנד, וואו עס לעבט. דערפון איז געדרונגען, אַז מיר דאַרפן שטיין מיט אונדזער פּנים און מיט אונדזער פולן האַרצן צו אונדזער באַליבט לאַנד אַמעריקע, צו די דעמאָקראַטישע איינשטעלונגען, וואָס זיינען אויסגעפּאַרמירט געוואָרן פון לינקאָלן, דזשעפערסאָן און איז אַזוי הערלעך באַ־זונגען געוואָרן פון אונדזער גרויסן וואָלט וויטמאַן.

דער איקוף, ווי אַ יידישע קולטור־באַוועגונג, אידענטיפיצירט זיך שטענ־דיק מיט די דעמאָקראַטישע כוחות פון אונדזער אייגן לאַנד, וואָס קעמפן צו דערהאַלטן אונדזערע דעמאָקראַטישע טראַדיציעס, — זיי נעמען אין זיך אַריין דאָס רעכט פון גלויבן, דאָס רעכט פון תפילה. דער איקוף איז אונדזער גלויב־בען, אונדזער תפילה בלשון יידיש, וואָס איז אויך פאַר זיך אַליין שוין אַ שיינע טראַדיציע אין אונדזער פרייער דעמאָקראַטישע אַמעריקע. עס איז שוין צייט, אַז דאָס ענגליש־רעדנדיקע אַמעריקע זאָל זיך באַקענען מיט אַ היפּשער צאָל גרויסע דיכטער, וואָס האָבן געזונגען און זינגען אויך איצט די ליבשאַפט צו אַמעריקע בלשון יידיש, ווי עס האָבן געזונגען די וויטמאַנס, די פּאָוס און די לאָנגפעלאָוס אויף ענגליש. דער איקוף־פאַרלאַג דאַרף דעריבער אויך אָנהויבן אַן אַרבעט אויף דעם לשון פון לאַנד. איבערזעצונגען פון וויכטיקע ווערק אין אונדזער היגער יידישער ליטעראַטור אויף דעם ענגלישן לשון, וואָלט דערנענטערט צו אונדז די ענגליש־רעדנדיקע יידן, וואָלטן דערנענ־טערט צו אונדז די ענגליש־רעדנדיקע יידן, און דער עיקר — אונדזער יוגנט. אַזוינס וואָלט אויך געוואָרן אַ סטימול צו לערנען יידיש. מיר זעען שוין סי־מנים. אָט איז אונדזער יידיש דערהויבן געוואָרן אין וזשיבות ביים קאָלאָמ־ביאַ אוניווערסיטעט און אויך ביי דעם קאָלעדזש אין ברוקלין. אַז אָט־די אַרבעט טאָר נישט זיין אויפן חשבון פון אונדזער יידישער אַרבעט איז זעלבסטפאַרשטענדלעך. אין אונדזער יידישער אַרבעט מוזן מיר זיין אין ענגער פאַרבינדונג מיט אונדזערע דערציאונגס־אינסטיטוציעס נישט נאָר ווי סימפּאַטיקער און אַרויסהעלפער, נאָר טאַקע ווי דירעקטע אַרויסהעלפער, נאָר טאַקע ווי דירעקטע מיטבויער און דעה־זאָגער. דאָס אייגענע מיט אונ־דזערע כאָרן, דראַמאַטישע גרופּעס און פּלאַסטישע קונסט־גרופּעס, וועלכע זיינען ענג פאַרבונדן מיט מאַסן־לעבן פון דעם יידישן פאָלק סיי ביי אונדז

דאָ אין אַמעריקע און סיי מיט דעם יידישן לעבן, וואָס איז שעפעריש אומעטום, און אין דעם דאַרף באַשטיין אונדזער אַלעוולטלעכקייט.

נישט קיין פּאָליטישע פאַרבינדונגען, נאָר יידישע קולטור־פאַרבינדונגען מיט אַלעמען. דאָס איז, אייגנטלעך, געווען דער איקוף פון שטענדיק אָן, אָבער כדי אָפּצושלאָגן די וויסטע בלבולים אויף דעם איקוף, מוז מען דאָס שטאַרק באַטאָנען.

אונדז גייט אָן דאָס יידישע קולטור־לעבן אין אַלע לענדער, אָפּגעזען צו וועלכע געטער זיי דינען. די איקוף־אַרבעט דאַרף דערמוטיקן יידיש שאַפן אומעטום, — קעמפן פאַר דעם פרייען אויסדרוק פון אָט־דעם יידישן שאַפן. מיר טאָרן מער נישט איבערחזרן דעם טעות צו פאַרשווייגן, ווי מיר האָבן דאָס געטאָן אין די יאָרן, ווען דאָס יידישע שאַפן איז פאַרשטומט געוואָרן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד. מיר טאָרן זיך מער נישט לאָזן פאַרפירן פון אַזעלכע ענטפערס ווי נאַטירלעכע אַסימילאַציע. דער איקוף דאַרף זיך אַנטקעגנשטעלן יעדן סאָרט אַסימילאַציע און אוודאי אַזאַ, וואָס קומט דורך דעקרעטן און איז אַזוי־אַרום דער רעאַקציאָנערסטער און גרויזאַמסטער מין פון גייסטיקן אימפּעריאַליזם.

דער זעלבער צוגאַנג דאַרף אויך זיין צו אונדזער מדינת ישראל. . .

העברייאיש איז אונדזערס און יידיש איז אונדזערס. ווען נישט דער נס יידיש, וועד וויסט צי העברייאיש וואָלט זיך געווען דערהאַלטן. עס איז געווען אונדזער פאָלקס־לשון יידיש, וואָס האָט דורך די אַלע דורות געטראָגן דאָס העברייאישע לשון אין איר שויס און דאָס אָפּגעהיט ווי אַ קדושה.

אַ קלייניקייט — אונדזער לשון קודש! — האָט אונדזער יידיש־לשון גערעדט וועגן העברייאיש, און אַזוי־אַרום זיך אַליין דערהויבן צו קדושה דורך די אוצרות, וואָס איז אין דעם יידישן לשון געשאַפן געוואָרן און איז געוואָרן דער יום־טוב פון פאָלק — דער יום־טוב פון אונדזער איקוף.

איז אַ גוט יום־טוב אונדז אַלעמען! לאָמיר אָט־דעם יום־טוב טראָגן אויך אין אונדזערע וואָכעדיקע טעג, און אַזוי־אַרום זיי אויך פאַרוואַנדלען אין יום־טוב.

דער יום־טוב פון דערגרייכונג זאָל זיין דער יום־טוב אין אונדזער ווייטערדיקן גאַנג.

און צו גיין איז דאָ אַזוי פיל! עס איז אַ גאַנג פון שטענדיקן באַנייטן „בראשית", אין ליכט פון די גרויסע ענדערונגען און די וועלט־געשעענישן, פון וועלכע מיר זיינען אַ טייל, איז אָט דער בראשית טאָפּלדיק וויכטיק.

עס איז דער „בראשית" פון אַ נייעם צוגאַנג צו אונדזער לעבן, וואָס האָט געענדערט דאָס פּנים.

.1956

# מיין טאַטע

איך בין אַלט געווען דרייצן מיט אַ האַלב יאָר, ווען מיין טאַטע איז פון אונדז אַוועק. אַזוי ווי מיר זיינען אַלע יאָרן געווען געוואוינט, אַז דער טאַטע פאַרלאָזט די היים אויף אַ לענגערער צייט און קומט דערנאָך צוריק, איז ביי אונדז פאַראַן אַ געפיל, אַז אַט, — און ער וועט זיך צוריק אומקערן.

זינט איך געדענק זיך, האָט דער טאַטע זיך שטענדיק געפונען אין וועג, אַרומגעפאָרן אין שליחות פון איקוף. עס קומען אויף אין מיין זכרון די מאָמענטן, ווען דער טאַטע האָט באַדאַרפט קומען אַהיים פון זיינע רייזעס. מיר האָבן שוין געוואוסט באַצייטנס, מיט אַ וואָך אַפריער, ווען ער באַדאַרף קומען אַהיים, און עס געדענקט זיך שטאַרק דאָס וואַרטן, דאָס אַרויסקוקן אויף אים. עס איז שוין געווען איינגעפירט, אַז די מאַמע, נחמן און איך זיינען אים געפאָרן באַגעגענען ביי דער באַן. איך געדענק זייער גוט די מינוטן, ווען די באַן האָט באַדאַרפט אָנקומען. אַז די לאַנג־דערוואַרטעטע מינוט איז געקומען און איך האָב דערזען זיין שיינענדיקן פּנים, האָב איך זיך גלייך אַרויפגעכאַפּט אויף זיינע הענט, און לאַכנדיק און קרימענדיק זיך, האָבן מיר זיך פעסט אַרומגענומען מיט די אָרעמס.

און אַט זעצן מיר זיך אַריין אין אַ טאַקסי, אַלע פיר מיט די שווערע פּעק, וואָס ער האָט געבראַכט, און דער טאַטע הויבט אָן זיך טיילן מיט זיינע איינדרוקן פון דעם טור. אָבער דאָס אמת־וויכטיקסטע פאַר מיר איז געווען, ווען מען איז אַריין אין שטוב: דער טאַטע האָט מיט פאַרגעניגן טיף אָפּגעזיפצט און מיט ליבשאַפט אַדורכגעפירט מיט זיינע בלויע אויגן די שטוב, אונדזער זיסע היים. און איך בין שוין געווען זייער געשפּאַנט, נייגעריק צו זען די מתנות, וואָס דער טאַטע האָט פאַר מיר געבראַכט. איך האָב זיך נישט געקאָנט דערוואַרטן, אַז דער טאַטע זאָל וואָס־גיכער צוטרעטן אויסצופּאַקן זיינע „וואַליזעס" און אַרויסנעמען די אַלע שיינע זאַכן, וואָס ער האָט געבראַכט מיט זיך פאַר דער מאַמע, פאַר אַלע גוטע פריינט און דער עיקר — פאַר מיר. דער טאַטע איז גליקלעך געווען, ווען אַ געשאַנק איז אונדז געפעלן געוואָרן, ער איז געווען שטאָלץ און געקוקט ווי אַ זיגער אויף אונדז.

גאָר אַנדערש איז געווען די שטימונג, ווען דער טאַטע האָט זיך געלאָזט ווידער אין ווייטן וועג אַריין. ער האָט נישט געשיינט און געשטראַלט, נאָר עפּעס ווי אַ כמאַרע איז געלעגן אויף זיין פּנים, כאָטש ער האָט זיך געדרן געריסן אין וועג אַריין, אין די פאַרשיידענע שטעט, וואָס האָבן שוין געוואַרט אויף זיין קומען צו זיי פאַר דעם איקוף. מיר זיינען אויך געווען טרויעריק,

אָבער מיר האָבן זיך באמת נישט אַרויסצואווייזן פֿאַר אים אונדזערע גע־פילן, כדי עס זאָל אויף אים שלעכט נישט ווירקן און עס זאָל אים נישט זיין שווער דאָס שיידן זיך.

פריילעכער און לעבעדיקער איז געווען, ווען ער איז געווען אין ניו־יאָרק און מיר האָבן יעדן פֿאַרנאַכט געוואַרט אויף זיין קומען פון אָפיס. מיר פלעגן זיך זעצן צום שיין־געגרייטן טיש און געגעסן די געשמאַקע עסנס, וואָס די מאַמע האָט מיט דער פולער האַנט צוגעגרייט. מיר האָבן הנאה געהאַט צו זען, ווי דער טאַטע האָט אָנגעקוואָלן פון די מאכלים, און דערביי, אַן אויפגעלייגטער, האָט ער דערציילט זיינע טשיקאַווע מעשהלעך, — די איינדרוקן און באַגעגענישן פון זיין רייזע. ער האָט געקאָנט זייער לעבעדיק מאָלן און שילדערן מענטשן און נאָכמאַכן זייערע רייד.

דער טאַטע פלעגט זיצן לאַנגע שעה׳ן ביי זיין שרייב־טיש, פאַרטיפט אין שרייבן. אין די גאַר יונגע יאָרן, פלעג איך שטילערהייט צוגיין און פרעגן ביי אים, צי ער וויל זיך מיט מיר שפילן. ער איז געווען שטאַרק פאַרטיפט און פאַרנומען מיט זיין שרייבן, — און אפשר האָט ער געהאַט פאַראיבל אויף מיר, וואָס איך שטער אים, — אָבער ער האָט זיך גענומען מיט מיר זיך שפילן, ווייל ער האָט נישט געקאָנט מיר ווי טאָן און אָפזאָגן מיר.

יעדעס מאָל, ווען דער טאַטע האָט פאַרענדיקט עפּעס אַ זאַך, אַ ליד אָדער אַרטיקל, האָט ער עס גלייך איבערגעלייענט פאַר דער מאַמע, — זי איז געווען די ערשטע לייענערין פון זיינע זאַכן. שפּעטער פלעג איך שוין אויך זיך צוהערן ווי ער לייענט. איך געדענק גוט, ווי ער פלעגט אָננעמען די באַמערקונגען, וואָס די מאַמע האָט אים געמאַכט. דאָס איז מיר שטאַרק געפעלן געוואָרן, וואָס דער טאַטע פאָלגט דער מאַמע.

דער טאַטע האָט שטענדיק געזען צו קומען אַהיים צו זיין געבוירנטאָג, וואָס פאַלט אויס פּסח, דעם צווייטן סדר. מיר האָבן יעדעס יאָר געפייערט זיין געבוירנטאָג זייער יום־טובדיק. עס זיינען געקומען אַ סך מענטשן און דאַן האָט דער טאַטע באַזונדערס געשיינט. ער האָט ליב געהאַט אַרום זיך מענטשן און אוודאי אין אונדזער הויז, ער איז געווען זייער גאַסט־פריינד־לעך. ספּעציעל האָט ער ליב געהאַט צו האָבן אַרום זיך אונדזער נחמן מייזיל. זיי פלעגן שטענדיק רעדן און רעדן, זיך טיילן מיט מעשיות און גע־שיכטן און זיך זאַט נישט געקאָנט אָנרעדן.

אין מיינע גאַר יונגע יאָרן, האָט דער טאַטע, ביים לייגן מיך שלאָפן, מיר דערציילט שיינע מעשיות, וואָס זיינען פאַר מיר געווען די שענסטע מעשיות אין דער וועלט. שפּעטער האָט ער מיר שוין גענומען דערציילן מעשיות וועגן שרייבער, קינסטלער און מוזיקער און אויך מעשיות וועגן זיין אייגענעם לעבן. און ווען אפילו עס איז געווען אין פּראָזע, זיינען זיינע רייד

געווען פּאָעטיש. ער האָט ליב געהאַט דערציילן מיר וועגן דעם טריסקער רבין און וועגן זיך, ווי ער האָט געזונגען יונגערהייט ביים רבין. ער האָט מיר אויך דערציילט, ווי ער האָט געפּאַרבט דאָ, אין ניו־יאָרק, הייזער, און ער איז געווען שטאָלץ דערמיט. ער האָט אויך דערציילט אייניקע מעשיות וועגן זיין לעצטן באַזוך אין זיין היים, אין זיין שטעטל, — דאָס האָט ער שפּעטער אַזוי שיין באַשריבן אין זיין בוך „אַ גאַסט פון אַמעריקע". גאָר רירנדיק האָט ער גערעדט וועגן זיין מוטער, וואָס ער האָט אַזוי שטאַרק ליב געהאַט, און וואָס ער פלעגט זי שטענדיק דערמאָנען.

עס איז געווען נאָך אַ געבוירנטאָג, צו וועלכן ער פלעגט יעדעס יאָר איילן אַהיים, — דאָס איז מיין געבוירנטאָג, וואָס פאַלט אויס זומער, דעם 6טן אויגוסט. ער האָט זיך געגרייט און שוין אַזוי געמאַכט, ער זאָל אָנקומען אין צייט אַהיים. און אויך מיר האָבן זיך שטאַרק געגרייט צו זיין קומען. מיר פלעגן אין די זומער־טעג גיין צוזאַמען זיך באָדן, און ער האָט זיך באַ־רימט פאַר מיר, וואָס ער שווימט גוט. איך האָב אים באמת מקנא געווען דערויף. שפּעטער האָב איך זיך שוין אויך אויסגעלערנט גוט צו שווימען, און מיר פלעגן זיך שוין פאַרמעסטן, ווער עס מאַכט עס בעסער.

דער טאַטע איז געווען אַ שטאַרקער ליבהאָבער פון קונסט, פון בילדער. דאָס זעט מען פון דעם, ווי אונדזערע ווענט אין הויז זיינען באַצירט מיט שיינע קונסט־ווערק. ער האָט טאַקע געהאַט נאָענטע פריינט צווישן קינסט־לער. די לעצטע יאָרן האָט ער געלייענט פיל ווערק איבער קונסט און קינסט־לער און מיט ליבשאַפט געשריבן וועגן דעם. ער האָט מיך אַמאָל אויסגע־נומען אין מעטראָפּאַליטן מוזיי, איך בין דאַן אַלט געווען אַ צען־עלף יאָר, און איך בין געווען גערן צו זען, ווי ער האָט הנאה געהאַט פון שיינע בילדער. ער האָט זיך באַמיט צו אַנטוויקלען אין מיר ליבע און פאַרערונג פאַר קונסט.

און אויך מוזיק איז אים נאָענט און טייער געווען. אויב איר ווייסט, שפּיל איך פּיאַנאָ. דער טאַטע, ווי אַ פּאָעטישער מענטש, האָט שטאַרק ליב געהאַט צו הערן מיך שפּילן, כאָטש מיר איז נאָך פיל אָפּגעגאַנגען צו שפּילן גוט. ווען איך האָב געשפּילט, איז ער געזעסן מיט פאַרמאַכטע אויגן, און מיט אַ זייער ערנסטן פּנים. אים איז באַזונדערס נאָענט געווען בעטהאָווען. די ליבשאַפט צו מוזיק און באַזונדערס צו יידישער מוזיק, — אויך רעליגיע־זער, — האָט זיך אויסגעדריקט ביי אים, ווען ער האָט אָנגעשטעלט די יידישע רעקאָרדס און געהערט די גוטע חזנים. ער האָט ליב געהאַט זיי נאָכזינגען. און ווען נחמן מייזיל איז געווען, האָבן זיי ביידע אָפּגעגעבן קאָנצערטן, גע־זונגען חזנישע שטיקלעך מיט אַלע דריידלעך, און מיר אַלע זיינען געווען גליקלעך.

**איך וויל נאָך דערציילן, ווי מיר פלעגן אָפט ביים טיש אָדער דערנאָך**

נאָכן עסן אין צימער זיצן און זיך שפּילן אין מאַכן גראַמען. איך און נחמן האָבן שנעל געמאַכט שטראָם־גראַם־פערזן און האָבן אָפּט איבערגעיאָגט דעם טאַטן. דער טאַטע האָט דערביי פריידיק געלאַכט און געווען צופרידן, וואָס מיר יאָגן אים אַריבער.

צו דעם טאַטע־מאַמעס יאָרטאָג פון זייער חתונה, ווען דער טאַטע איז נאָר געווען אין דער היים, האָבן מיר זיך מיטן טאַטן, מיט עפּעס אַן אויסרייד, זיך אַרויסגעכאַפּט פון שטוב אין גאַס און אַנגעקויפט פיינע זאַכן און שיינע בלומען, און דערמיט איבערראַשט די מאַמע.

דער טאַטע האָט זייער ליב געהאַט זיין שרייב־טיש. ער פלעגט צו אים צוגיין ווי צו עפּעס אייגנס און טייערס. געקומען אַ מידער, נאָך אַ גאַנצן טאָג אַרבעט, האָט ער דאָך נישט פאַרפעלט צו זיצן עטלעכע שעה ביים שרייב־טיש, און איבערהויפּט אין די שפּעטע אָונט־שעה'ן. די מאַמע האָט אים דערפאַר אָפּט געשטראָפט, און ער, ווי אַ קינד, האָט זיך פאַרענטפערט. עס האָט אים אָבער געצויגן צום שרייב־טיש. שרייבן האָט ער ליב געהאַט. ער האָט שטענדיק געשריבן. און אַזוי אויך אין די שבת און זונטיק־טעג, ווען ער איז אין אָפיס נישט געגאַנגען. עס איז אים ווייניק געווען די אַלע, אַלע אַרבעטן, און עס האָט זיך אים געוואָלט נאָך און נאָך אַרבעטן, רעדן, שרייבן.

יאָ, אַט ווערט שוין אַ יאָר, — און עס גלויבט זיך אַלץ נישט, אַז ער וועט מער נישט קומען, ווי ער פלעגט עס טאָן אַלע מאָל נאָך אַ לאַנגער רייזע — צו קומען מיט זיין שיינענדיקן פּנים און מיט די פולע פּעק מיט מתנות און מיט די פולע פּעק איינדרוקן וועגן זיינע באַגעגענישן מיט אַלערליי מענטשן איבער די וועגן.

**נחמה וויינפּער**

# פילאַדעלפיער איקוף
# און לייען־קרייזן

אין אונדזער ווייטערדיקן גאַנג פון דעם איקוף־בוי און פון אונדזערע קולטור־טעטיקייטן טראָגן מיר כסדר דעם אָנ־דענק פון די קולטור־טוער, וואָס זיינען אַוועק אין דער אייביקייט. די יידישע קולטור איז זיי געווען הייליק און טייער, און דאָס בויען פונעם איקוף האָט פאַר זיי געמיינט הויבן דאָס חשיבות פונעם יידישן שאַפן און דאָס חשיבות פון מענטשן.

ב. עפּעלבוים
מאַקס קאַצמאַן
דר. א. מאַסקאַליק
ל. פּרוכט
משה כאַסיד
י. סימקין
פעני סאָבעל
ענאַ וואַלדאָרף
י. גלוזמאַן
סעם ליפשיץ

דער פילאַדעלפיער איקוף און די לייען־קרייזן האָבן ביי־געשטייערט פאַר דעם דאָזיקן ז. ווײנפּער־בוך אין אָנדענק פון די דערמאָנטע חברים און חברטעס, וועלכע האָבן טיף פאַר־ערט און ליב געהאַט ז. ווײנפּערן, וואָס זיין גייסט שוועבט צווישן אונדז אַלעמען, די ליבהאָבער פונעם יידישן שאַפן.